נ. מ. סידאָ

# די דיאַלעקטיק

פון

# געפיל און געדאַנק

ISBN:0-657-12162-2



1941

פאַרלאַג און דרוקעריי פון
י. נאַראַדיצקי, 131-129 קאַוועל סטריט, איסט 1.

נ. מ. סידאָ

# די דיאַלעקטיק פון געפיל און געדאַנק

1941

פאַרלאַג און דרוקעריי פון
י. נאַראָדיצקי, 131־129 קאַוועל סטריט, איסט 1.

# פאַרוואָרט

ליבע, צופרידנקייט און ווילטאָג זענען, לויט די מיינונגען פון אַ געוויסער שיטה, די הויפּט באַדינגונגען פאַר דער אַנטוויקלונג און פאַר דעם פאַרוואָרצלען זיך פון פוילקייט, פון אינערטישקייט און פון אַפּאַטיע; ד.ה. פאַר דעם פונאַנדערבליען זיך פון יענע עלעמענטן, וואָס טויטן אָפּ יעדע שאַפערישע איניציאַטיוו און ברענגען דעם מענטשן פאַמעלעך אַריין אין אַן אַטמאָספערע פון גייסטיקער און אַמאָל אויך פון פיזישער דעגענעראַציע.

האַס, אומצופרידנקייט און נויט ווערן, ווידער, געהאַלטן פאַר די סטימולן פון אָנשטרענגונג, פון קאַמף און פון שאַפונג.

אָט די מיינונגען פאַרמאָגן אין זיך אַ האַלבן אמת, וועלכער פאַרוואַנדלט זיך אָבער אין אַ גאַנצן ליגן ווייבאַלד מ'הויבט אָן, אויף אַ סטאַטישן אופן, אים אָנצונעמען פאַר דעם פולן אמת.

דורך נויט, אומצופרידנקייט און שנאה ווערט טאַקע דער מענטש געקאָוועט, ער ווערט אָנגערעגט צו קעמפן און צו שאַפן; — די סיבה און ציל פון דעם אמתן שאַפן זענען ביי אים אָבער שטענדיק ליבע און פרייד. און נאָר וויל ליבע און פרייד זענען דאָס די יעניקע עלעמענטן, וועלכע ווערן דורך דעם קינסטלער, וויסנשאַפטלער, פילאָסאָף און רעוואָלוציאָנערן קעמפער פאַרלאַנגט אין אַ שטאַרקערער און אין אַ גרעסערער מאָס, ווי דורך דעם דורכשניט מענטש; און נאָר וויל דער קינסטלער, וויסנשאַפטלער, פילאָסאָף און רעוואָלוציאָנערער קעמפער שטרעבן מיט אַלע כחות צו דערגרייכן; נאָר וויל זיי שטרעבנגען זיך אָן ביז צום העכסטן צו געפונען און צו ברענגען ליבע און פרייד, שאַפן זיי.

אין דעם פראָצעס פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג (אָנגעהויבן פון די פרימיטיווסטע שטופן, ביז צו דער העכסטער מדרגה פון קולטור) איז ליבע, אין ברייטסטן און אַרומנעמנדיקן זין פון וואָרט, (ד. ה. אין דעם זין וואָס שליסט אין זיך איין די פאַרשידנסטע פאָרמען פון סאָציאַלישקייט סיי אין די ענגע און סיי אין די ווייטסטע און טיפסטע מענטשלעכע באַציונגען) שטענדיק געווען בלויז אַ מיטל צו דערגרייכן פרייד (פרייד, ווידער, נעמט אַריין אונטער איר באַגריף די פאַרשידנסטע פאָרמען פון מאַכט, לוסט און ווילטאָג, סיי אין זייערע נאַקעטע געשטאַלטן און סיי אין זייערע סובלימירטע, פאַראיידלטע און סובטעלסטע אויסדרוקן). אָט דאָס מיטל איז אָבער פון דעם חאַנג פון אַ sine qua non. ליבע און פרייד, דאָס מיטל און דער ציל זענען דערפאַר אַן אָרגאַניש אומצוטיילבאַרע איינהייט.

אַזוי ווי אין לעבן איז נישטאָ קיין גאַנץ פרייד און ס׳עגזיסטירט נישט קיין ליבע אָן קיין האַס צו אַלעמען וואָס שטערט אָט דער ליבע, זענען פאַלגלעך די מענטשן וואָס פאַרגלאָצן טאָג ווי נאַכט די בוימלדיקע אויגן און פּלאַפּלען אייביק די אַלגעמיינע פראַזעס וועגן „ליבע״, „לעבנס פרייד״ און „שאַפונגס פרייד״ און אַלע וואָס ווייזן נישט אַרויס קיין האַס און פאַרביטערונג קעגן דעם צעשטערערישן, זיי זענען דאָס יענע, וואָס פאַרמאָגן אַמווינציגסטן פון דער אמתער, גרויסער און טיפער ליבע און עכטער פרייד. זיי זענען אַממערסטן באַגרעניצט אין זייערע געפילן און קענען קיין גרויס נישט שאַפן.

דאָס לעבן באַשטייט פון אָנשטרענגונג, קאַמף און שאַפונג, און נאָר אין אָנשטרענגונג, קאַמף און שאַפונג באַשטייט די אמתע ליבע, אָן וועלכער מ׳קען קיין עכטע פרייד נישט דערגרייכן. ס׳איז נישט אמת אַז מ׳קען שאַפן אָן ליבע, דאָס איז קיין שאַפונג נישט. און ס׳איז אַ ליגן אַז מ׳קען ליב האָבן און נישט שאַפן, דאָס איז קיין ליבע נישט.

ווען אַ מענטשנס ליבע איז באַשרענקט בלויז אויף איינעם, אָדער אַ פּאָר געשטאַלטן איז ער אויך דעמאָלט פּעאיק אין אַ באַשרענקטער פאָרם צו שאַפן. ווען באַשטימטע געשטאַלטן פון אַ פרוי, אַ מאַן, אַ קינד א.אַ.וו., דינען דעם קינסטלער אַלס די קאָנקרעטע סימבאָלן פון מיליאָנען, אַלס די אַסאָציאַציע פון מענטשן און פון לעבן אין אַלגעמיינעם, אָדער בעסער געזאָגט, פון דעם שענסטן און העכסטן אין מענטשן און אין לעבן, דעמאָלט דינען זיי, ווידער, בלויז אויף צו פאַרשטאַרקן, אויף צוצוגיבן אַ באַזונדערן לעבעדיקן אָטעם און פאַרביק בילד צו דעם אומבאַגרעניצטן געפיל פון ליבע צו דעם לעבן און צו די לעבעדיקע וועזן, צו די מענטשן און צו דער וועלט.

אויב דער ציל פון אַ עכטער שאַפונג ווערט אפילו דורך נויט און האַס אָנגעגורט, אונטערגעהיצט און צעפלאַקערט, ווערט ער אָבער דורך ליבע און פרייד רעאַליזירט; נאָר אין ליבע און פרייד דערגרייכט ער זיין קולמינאַציע פונקט און נאָר דורך זיי ווערט ער געבוירן.

דאָרט ווו ס׳פעלט גרויסע און טיפע ליבע, ווערט געשאַפן בלויז קליינס, נישטיקס און מיטלמעסיקס, מען מעג זיך דערביי אַרומטראָגן מיט אַ גאַנצן מאָגן מיט האַס און מיט אַ פולן בויך מיט אומצופרידנקייט און פאַרביטערונג.

ליבע און פרייד זענען די איינהייט פון די פאַרשידנאַרטיקסטע אַנדערשקייטן אין די טויזנטפאַכיקע פאָרמען פון קונסט און שאַפן.

אָט דעם טיפן געדאַנק האָב איך דערפילט אין זיין גאַנצער פשוטקייט, ווען דער דאָזיקער בוך „די דיאַלעקטיק פון געפיל און געדאַנק״

(דער בוך וואָס איז אַ פּראָדוקט פון פופצן יאָר נישט דירעקטן, אָבער האַרטן גייסטיקן קאַמף און אַרבעט און פון אַכט יאָר דירעקטער און אַקטיווער גייסטיקער אַרבעט און אָנשטרענגונג), האָט שוין געהאַלטן ביי די לעצטע זייטלעך פון דרוק און אין דרויסן האָט עס געוואָרפן מיט באָמבעס. ווען די שרעק פון טויט, פון הונגער און צעשטערונג האָבן געליווערט דאָס בלוט אין די אָדערן, ווען מיין נאָענטסטער פריינט, מיין מאַן און חבר י. א. ליסקי האָט יעדע מינוט ריזיקירט מיט זיין לעבן אין לאָנדאָן, ווו דער בוך האָט זיך געדרוקט (צוליב די אומשטענדן פון דער מלחמה האָט דער בוך נישט געקענט אַרויסגעגעבן ווערן אין אַמעריקאַ, ווי דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן האָט באַשטימט); אָפּגעריסן פון מיר און פון אונזער אַנדערטהאַלבן יאָריקן זון, מיט וועלכן איך האָב געמוזט, צוליב דעם קינדס זיכערקייט, פאַרוואָרפן ווערן און אין איינזאַמקייט לעבן ערגעץ אין אַ קליין, פאַרשטופּט שטעטל אין וועלס.

אַ בוך אויסטראָגן איז אַ סך אַ לענגערער און אפשר אויך פונקט אַזאַ שווערער און שמערצלעכער פּראָצעס פון שאַפן, ווי האָבן אַ קינד. (אָט דער באַגריף איז צום באַדויערן זער באַנאַליזירט געוואָרן און מ'האָט אים אָפט אָנגעווענדעט אַלס אַ פאַרגלייך ביי אַזעלכע נישטיקע פאַלן, אַז אפילו דער רעאַלער פיזיאָלאָגישער פּראָצעס אַליין האָט זיך שוין אין אונזער פאַרשטעלונג אויך אויסגעליידיקט פון זיין אמתער, טיפער און גראַנדיעזער באַדייטונג). אָבער די הויפּט עלעמענטן, וואָס זענען אַזוי, מער פון אַלעמען, ענלעך אין ביידע פּראָצעסן זענען ס'ערשטע די פּאַזן פון אַ שרעקלעכער איבלדיקייט. די איבלדיקייט וואָס אַ אומדערפאַרענער, יונגער מענטש דערפילט, ווען ער הויבט זיך צום ערשטן מאָל אויף אויף אַ געפערלעכער הויך, אויף אַ הויך, פאַר וועלכער אפילו די דערפאַרנסטע פּילאָטן שרעקן זיך. בלויז אָט די איבלדיקייט האָט עפּעס געמיינזאַמעס דערמיט. די דאָזיקע גייסטיקע איבלדיקייט, וואָס גייט צוזאַמען מיט די „שמערצן" פון וואַקסן און רייפן, איז דער איבערגאַנג פון מוראַ צו וואַגעניש, פון אומדערפאַרנקייט און אומבאַהאָלפנקייט צו אָנשטרענגונג און פאַרמעסט. דערנאָך קומען די פּאַזן פון קאַמף און ווייען, וואָס מען מוז אַדורכמאַכן. אויב נאָך זיי קומען אָבער נישט די עטאַפּן פון ליבע און פרייד; און נישט נאָר די פּערזענלעכע שאַפונגס פרייד, וואָס ס'קען עמפפינדן אפילו אַ פאַרברעכער ביי זיין צעשטערערישער אַרבעט, נאָר די גרויסע פרייד פון ברענגען פרייד, די גרויסע פרייד פון אַ גרויסער און טיפער ליבע, איז דאָס קינד געבוירן געוואָרן טויט.

דער דיאַלעקטישער מאַטעריאַליזם פאַרלייקנט נישט די ליבע און פרייד, ווי אַ סך פון זיינע קעגנער מיינען, נאָר פאַרקערט, ער דער־

גרונטעוועט זייער מהות און דורך דעם פאַרטיפט ער זיי און גיט זיי צו קראַפט. אין קעגנזאַץ צו דער רעליגיע און צו דעם פילאָסאָפישן אידעאַ־ליזם, אין וועלכע די ליבע ווערט באַטראַכט אַלס אַ סטאַטישע און אי־זאָלירטע דערשיינונג, וואָס „נידערט אַראָפּ אויף דעם מענטשן" ווייזט הער דיאַלעקטישער מאַטעריאַליזם אָן איר אָרגאַנישע פאַרוועבטקייט מיט דעם מענטשנס אַקטיוויטעט און לעבן, מיט זיין קאַמף און שטרעבן צו פרייד.

„יעדע נייע אידעע האָט דורכצוגיין פיר עטאַפּן", ציטירט קאַנט פון בערטא פאָן סוטנער. „אין ערשטן עטאַפּ", זאָגט בערטאַ פאָן סוטנער, „באַמערקט מען זי נישט, אין צווייטן עטאַפּ לאַכט מען זיך פון איר אויס, אין דריטן קעמפט מען קעגן איר, און אין פערטן עטאַפּ זאָגט מען, אַז זי איז אַריין אין אָפּענע טירן".

יעדער קינסטלער ווייסט דאָס, ער דערוואַרטעט עס, אָבער אַז דאָס קינד לעבט, אַז ס'אָטעמט און שרייט, ווערן מילדער די מיאוסע פנימער פון די קראַנקן שוועסטער און הייבאַמס, און אַריבער איבער זיי איז פאַר דעם עכטן קינסטלער און אמתן שאַפער דאָ אַ וועלט מיט מענטשן, אַ וועלט מיט ליבע און פרייד.

**נ. מ. סידא.**

לענדיסול, יאַנואַר 1941.

געווידמעט דעם קליינעם ליבן און צאַרטן ערווינג.

קאַפּיטל 1

# דאָגמע און טעאָריע

די דאָגמע איז דער טויטער קערפּער פון דער טעאָריע. אַזוי ווי יעדער טויטער קערפּער איז די אַנטיטעזע, די פאַרניינונג און דער פולער קאָנטראַסט פון דעם פריערדיקן לעבעדיקן אָרגאַניזם, אַזוי ווערט אויך די דאָגמע פאַרוואַנדלט אין דעם פולן היפּוך און פאַרניינונג פון דער טעאָריע.

די אַבסטראַקטע סיסטעמאַטיזירונגען פון יעדער טעאָריע קענען געשאַפן ווערן נאָר דעמאָלט, ווען מען געפינט אויס די אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן, וועלכע האָבן זייער פּאָזיטיווע עגזיסטענץ אין די פאַרשידענע קאָנקרעטע קעגנשטאַנדן און דערשיינונגען.

אָט די אַבסטראַקטע באַגריפן, וועלכע זענען די סובסטאַנץ פון אַלע טעאָריעס, ברענגען אַרויס און דעקן אויף די געמיינזאַמע אומקלאָרע, ד.ה. טיילווייז אומבאַקאַנטע אייגנשאַפטן פון די באַזונדערע דערשיינונגען און געשעענישן, כדי אַזוי אַרום זיי צו דערקלערן.

אַזוי זענען די סטודיעס איבער די עקאָנאָמישע געזעצן, איבער געזעלשאַפטלעכע כאַראַקטעריסטיקעס און איבער דער פּסיכאָלאָגיע פון גאַנצע שיכטן און קלאַסן, בלויז אַבסטראַקטע סיסטעמאַטיזירונגען, זיי העלפן אונז אָבער צו דערגרונטעווען און דערקלערן דאָס לעבן פון יעדן מיטגליד, די אייגנשאַפטן פון יעדן אינדיווידואום.

אַלע טעאָריעס און אַבסטראַקציעס קענען פון זייער זייט אויס־געפּרווט און באַשטעטיקט ווערן, נאָר דעמאָלט ווען מען פאַרגלייכט זיי מיט די איינצעלנע קאָנקרעטע דערשיינונגען און געשעענישן, פּונקט ווי די ריכטיקייט פון אַ מאַטעמאַטישן חשבון קען אויסגעפּרווט ווערן, נאָר דעמאָלט ווען מיר קאָנטראָלירן די באַזונדערע ציפערן דורך דעם צעטיילן די סומע, און די פּונקטלעכקייט פון דער סומע קענען מיר אַרויסבאַקומען, נאָר דורך דעם מולטיפּליצירן די באַזונדערע ציפערן.

מיט דער הילף פון דער זעלבער טעאָריע, וואָס איז אַליין באַזירט אויף דער רעאַליטעט, דערקענען מיר שפּעטער די קאָנקרעטע אייגנשאַפטן פון נייע, נאָך נישט אויסגעפאָרשטע דערשיינונגען, — פּונקט ווי נייע אומבאַקאַנטע פאַקטאָרן ווערן אויסגעפונען דורך דעם צעטיילן דעם רעזולטאַט פון פריערדיקע מולטיפּליקאַציעס.

אין קעגנזאַץ צו דער לעבעדיקער טעאָריע, קען די דאָגמע נישט פאַרטראָגן קיין געזונטן קאָנטראָל, זי רייסט זיך אָפּ פון דעם קאָנקרעטן ממשותדיקן לעבן, באַזירט זיך נישט אויף דעם פאַרשטאַנד און אירע אַבסטראַקציעס ווערן געמאַכט נישט כדי אויפצוקלערן זאַכן, נאָר כדי צו פאַרדרייען און פאַרטומלען דעם מח.

אין דער צייט ווען די טעאָריע פאַרקערפּערט די שטרעבונג פון מענטשן צו דערגרייכן די גרעסטע קלאָרקייט און איר העכסטער ציל איז די מאַטעמאַטישע פּונקטלעכקייט, — איז די גרעסטע דערגרייכונג פון דער דאָגמע פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ קולט, אין אַ רעליגיע.

אָבער פּונקט ווי אונטער דעם באַגריף מאַטעמאַטיק דאַרף מען זיך נישט פאָרשטעלן דאָס פּשוטע אַריפמעטישע צונויפרעכענען אויבנאויפיקע פאַקטאָרן, נאָר מען דאַרף פיל גיכער אונטער דעם פאַרשטיין דעם מעטאָד פון אויסגעפינען און אַריינגעמען אין חשבון די גרויס פון פאַרבאָרגענע כחות און טיף פאַרבאַהאַלטענער ענערגיע, און מען מוז באַגרייפן אַז די וואָגיקייט וואָס די געשעענישן באַקומען פון פאַרשידענע עמאָציעס, געפילן און געדאַנקען דאַרף אויך געמאָסטן און געוואויגן ווערן, — פּונקט אַזוי דאַרף מען אונטער דעם באַגריף רעליגיע נישט זען בלויז די בוכשטעבלעכע אַלטע געטלעכקייט, נאָר אויך די פאַר־קערפּערונג פון נייע רעליגיעס אין מער ראַפינירטע פאָרמען: ווי די רעליגיע פון דער אייביקייט אין שאַפן, אָדער פון דער הייליקייט פון קונסט, ווי דער קולט פון אינטואיציע א.א.וו.

יעדער דאָגמע האָט געמוזט אַמאָל לעבן אַלס אַ טעאָריע,* ד.ה. אַז אין אַ געוויסער צייט האָבן אין איר וויברירט די קלאַנגען פון די אַרומיקע אומשטענדן און געשעענישן, זי האָט זיך אויך געמוזט אין געוויסע ראַמען אַנטוויקלען און סיסטעמאַטיש ענדערן. דעמאָלט האָט זי זיך אויך אומבאַדינגט באַזירט אויף דעם פאַרשטאַנד פון די מענטשן און זי האָט זיי געהאָלפן דערקלערן די דערשיינונגען, וועלכע זיי האָבן געדאַרפט באַהערשן צוליב זייער עגזיסטענץ.

אָבער אויף וויפיל די אומשטענדן האָבן זיך געענדערט קעגן די אינטערעסן פון די טרעגער פון דער אונטערגייענדיקער טעאָריע, אויף אַזויפיל זענען אירע גייסטיקע ווערטן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פעטישן און אירע טרעגער אין פחדנים, וואָס האָבן מורא אויסצופּרווון, וואָגן נישט צו מאַכן די אויטאָפּסיע און קענען נישט באַגראָבן דעם טויטן קערפּער כדי זיך צו באַפרייען פון אים, ווייל אָט דער טויטער קערפּער איז דער סימבאָל פון זייער מאַכט.

---

*) דאָס מיינט נאָך בשום אין איין אופן נישט, ווי מיר וועלן דאָס אויך זען אין די קומענדיקע קאַפּיטלען, אַז יעדע טעאָריע מוז פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ דאָגמע. אויף יעדן פאַל מוז די פאַרקערטע פּראָפּאָזיציע, סיי ווען מען איז פאַר, אָדער קעגן איר, ערשט באַזונדער דערוויזן ווערן. אָבער אַלס אַ דעדוקציע, פון דער מאַרקסיסטישער פּראָפּאָזיציע „יעדע דאָגמע איז אַמאָל געווען אַ טעאָריע“, איז דער באַשלוס וואָס ווערט אָפט געמאַכט, אַז יעדע טעאָריע מוז פאַרוואַנדעלט ווערן אין אַ דאָגמע, פּונקט אַזוי פאַלש, ווי צו מאַכן דעם אויספיר פון דער פּראָפּאָזיציע „יעדער בער איז אַ חיה“, אַז יעדע חיה איז אַ בער.

פונקט ווי דער ריח פון מת איז אָבער דער איינציקער באַווייז, אַז עס איז פאַראַן אַ מעטאַפיזיש לעבן נאָך דעם טויט, אַזוי זענען די פראַזעס וועגן „הייליקייט“, „געטלעכקייט“, „אומדערקלערבאַרקייט“ און אַלע איבעריקע סענטימענטאַלע און מיסטיפיצירנדיקע דבורים, וואָס באַגלייטן יעדע דאָגמע, דער איינציקער אַרגומענט מיט וועלכן מען קען באַווייזן אַז זי האָט אַ זין, אַז זי קען האָבן עפּעס אַ קאָנטאַקט מיט דעם פאַרשטאַנד, און אַז זי איז נאָך פעאיק צו לעבן.

דאָס שטודירן דעם טויטן קערפּער איז פאַרבונדן מיט גרויסע אָנשטרענגונגען מצד יענע וועלכע פאָרשן אים, ווייל מען מוז דערביי קעמפן מיט דעם גלויבן און מיט דעם גאָטפאָרכטיקן קולט מיט וועלכן די קולטורלאָזיקייט, שוואַכקייט און מורא רינגלען אַרום דעם מת; איינצייטיק מוז מען אויך איבערוועלטיקן דעם אייגענעם ווידערווילן צו דער קליניק אַטמאָספערע, וועלכע אַנטשטייט ביים סיצירן טויטע קערפּערס.

די זעלבע שוועריקייטן שאַפן זיך אויך ביי דעם אויספאָרשן אַלטע דאָגמעס און ביי דעם צעשטערן דעם קולט אַרום זיי.

נאָר ספּעציאַליסטן און רעוואָלוציאָנערן אין גייסט קענען ביישטיין דעם אומגעהוירן אינערלעכן און אויסערלעכן קאַמף, אָבער די אַרבעט איז נויטיק, און זי מוז אונטערגענומען ווערן דורך דעם קלאַס וועמען די צוקונפט געהערט.

נאָר נאָך דעם באַהערשן אַלע אָנשטרענגונגען אין דער לאַבאָראַטאָריע קען דער מעדיק אָפּשאַצן דעם לעבעדיקן קערפּער און אים ריכטיק פאַרשטיין און נאָר דעמאָלט ווייסט ער ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיט אים. ערשט דעמאָלט ווען מען פאָרשט אויס די דאָגמעס און מען פאַרגלייכט זיי מיט די לעבעדיקע טעאָריעס קען מען פאַרשטיין, אַז די טעאָריע איז דער פּראָדוקט, דערביי אָבער אויך דאָס אומבאַדינקטע מיטל פון געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן; ערשט דעמאָלט דערזעט מען אַז אָן אַ געזונטער און ריכטיקער טעאָריע איז דאָס לעבן בלינד, גרויזאַם און שרעקלעך.

כדי די טעאָריע זאָל אָבער קענען ברענגען דעם ריכטיקן נוצן אין לעבן מוז זי פון דעם לעבן קאָנטראָלירט ווערן און שטיין אין אַן אומאויפהערלעכן קאָנטאַקט מיט אַלע באַוועגונגען און געשעענישן. דער עיקר איז, אַז די טעאָריע זאָל זיך באַזירן אויף געזונטער קריטיק און זעלבסט קריטיק.

יעדע נייע אויסבעסערונג פון דער טעאָריע, יעדעס אָפּפרעגן און קריטיקירן מוז אָבער זיין פאַר אַלעמען געבויעט אויף דעם טיפן פאַרשטיין דעם אָביעקט וועלכן מען קריטיקירט, און זי מוז זיך שטיצן אויף גרויסער ערודיציע און אַ סך עקספּערימענטן, ווייל די אויבער־

פלעכלעכע מיינונגען און די קולטורלאָזע קריטיק שפייזן זיך מערסטנ־טיילס מיט די כאָאָטישע רעשטלעך פון געדאַנקען און פאָרשטעלונגען, וואָס הערשן אויף דער גאַס, וועלכע האָבן שוין אָבער אָבגעלעבט אין דער וויסנשאַפטלעכער וועלט און מען האָט אָפט אפילו, שוין פון לאַנג, דערוויזן זייער פאַלשקייט און זיי באַקעמפט.

ווען מען קומט מיט מיינונגען, וועלכע באַשטייען פון אַזאַ מין עקלעקטישן געדאַנקלעכן אָפפאַל און מען וויל אַזוי אַרום קריטיקירן ערנסטע טעאָריעס, מוז דאָס אומבאַדינגט פירן צו רעאַקציע און צו אַ מין גייסטיקן טאָפּטשען זיך אויף איין אָרט.

אומפאַראַנטוואָרטלעכע קריטיק איז פונקט אַזוי ווערטלאָז ווי קריטיק־לאָזיקייט.

איבערפלעכלעכע טעאָריעס און לייכטזיניקע קריטיק, וואָס ווערן געבוירן אין איין טאָג מוזן, פונקט ווי דער אומנאָרמאַל שטאַרקער בלוט דרוק און דאָס צו שנעלע קלאַפּן פון האַרץ, פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ טויטער אומבאַוועגלעכקייט (טויטע אומבאַוועגלעכקייט דאַרף נאַטירלעך פאַרשטאַנען ווערן בלויז אַלס אַ רעלאַטיוועד באַגריף, ד.ה. אין באַצוג צום מענטשלעכן לעבן, אַן און פאַר זיך אַליין שטעלט זיך אָבער די באַוועגונג נישט אָפּ, נאָר זי נעמט אָן אַ פרעמדע, קעגנגעזעצטע ריכטונג, וועלכע צעשטערט דעם געזונטן אָרגאַניזם אַלס אַזעלכן) און פונקט ווי קריטיק־לאָזיקייט, אַזוי פירט אויך דער לייכטזיניקער אויפן פון קריטיקירן סוף כל סוף צו דאָגמע.

זער אָפט מישט מען אויס לאָגישע אויסגעהאַלטנקייט און טעאָרע־טישע קאָנסעקווענץ מיט דאָגמאַטישקייט, דאָס איז אָבער גרונט פאַלש, ווייל די דאָגמע באַזירט זיך נישט אויף דעם פאַרשטאַנד, זי האָט פאָלגלעך גאָרנישט צוטאָן מיט קיין לאָגיק און קען אויך נישט זיין קאָנסעקווענט, זי מאַכט דעם מענטשן פאַר אַ גייסטיקן קאַסטראַט, — די טעאָריע דאַקעגן מאַכט דעם מענטשן באַוווסטזיניק, שטאַרק און פריי, ווייל פרייהייט, ווי ענגעלס האָט געזאָגט, הייסט קענען און פאַר־שטייען די נויטווענדיקייט.

דורך דער טעאָריע געווינט דער מענטש די קראַפט צו ווערן דער „אינזשיניער״ נישט נאָר פון די נאַטור קראַפטן, נאָר אויך פון זיין אייגענעם גייסט און פון דעם געזעלשאַפטלעכן שאַפן.

די דאָגמע איז באַשרענקט צו דער מער אויסערלעכער, פאָרמעלער זייט פון זאַכן, וועלכע האָבן שוין אָפּגעלעבט אין דעם מענטשנס באַוווסט־זיין, נאָר לעבן נאָך אַלץ אין זיינע געפילן און זענען טיף פאַרוואָרצעלט אין דער מורא אָנצורירן אָנגענומענע מיינונגען און פאָרשטעלונגען און צוצושטערן די אינערטישע געוווינהייטן און דעם אָנגענומענעם, אַזוי גערופענעם, „גלייכגעוויכט״.

קאַפיטל 2

## די מעטאדען פון אינדוקציע און דעדוקציע

דער מעטאָד פאַרויסצוזעצן פאַרטיקע אָנגענומענע באַהויפּטונגען און צו דרינגען אַלע אַנדערע טעאָריעס, בלויז אַלס קאָנסעקווענצן און שלוסן פון אָט די פאַרויסזעצונגען, ווערט אין דער פילאָסאָפיע געוויינט־לעך באַצייכנט אַלס די דעדוקטיווע סיסטעמע פון דענקען.

סיסטעמעס וואָס זענען געבויעט אויף שלוסן וועלכע מיר ציען פון פאַרשידענע דערפאַרונגען און פּרווון, ווערן פון דער אַנדערער זייט אָנגערופן, דער אינדוקטיווער מעטאָד פון פאָרשן. דער ערשטער מעטאָד ווערט צוגעשריבן צו דער מיטלאַלטערלעכער, סכאָלאַסטישער און רעליגיעזער פילאָסאָפיע, און דער צווייטער צו דער מאַטעריאַליסטי־שער און וויסנשאַפטלעכער טעאָריע.

אין אַן אמת זענען אָבער די אויבן דערמאָנטע דעפיניציעס ריכטיק בלויז אין די גרעניצן פון אַן אויבנאויפיקער דיפערענצירונג, ד.ה. נאָר אויף וויפיל זיי זענען דאָס איינע רעלאַטיוו צו דער צווייטער.

אַן און פאַר זיך אַליין זענען נישטאָ קיין ריין אינדוקטיווע, אָדער בלויז דעדוקטיווע סיסטעמעס.

יעדער דעדוקטיווער מעטאָד איז אין דער זעלבער צייט אויך אַן אינדוקטיווער און פאַרקערט.

אַלע פאַרויסזעצונגען (צי ריכטיקע, צי פאַלשע) אויף וועלכע אַ דעדוקטיווע סיסטעמע איז געבויט, און אפילו אַזעלכע ווי די באַהויפּטונג אַז ס׳איז פאַראַן אַ גאָט אויף דער וועלט, (וואָס איז אין דעם מענטשנס פאָרשטעלונג שטענדיק געשטאַלטעט געוואָרן לויט דעם מאָדעל פון זיינע ערדישע הערשער) האָבן אַמאָל געמוזט אַרויסגעדרינגען ווערן אָדער פון אַסאָציאַציעס, (ווי אין דעם געגיבענעם פאַל) אָדער פון דעם דירעקטן קאָנטאַקט מיט רעאַלע דערשיינונגען און אַקטועלע געשעענישן אין לעבן און פון געוויסע, אפשר אומבאַהאָלפענע און פאַרדרייטע, אָבער אין די גרעניצן פון אַ באַשטימטער היסטאָרישער און עקאָנאָמישער פאַזע פון אַנטוויקלונג, דאָך קאָנקרעטע לעבנס דערפאַרונגען.

יעדע אינדוקטיווע סיסטעמע, שוין דערמיט אַליין, וואָס זי איז אַ סיסטעמע, מוז זיך ווידער אין דעם לעצטן סך הכל שטיצן אויף שלוסן וועלכע זענען אַרויסבאַקומען און דעדוקטירט געוואָרן פון די טיפערע און מער אַלגעמיינע דערפאַרונגען פון צווישן אַן אומבאַגרעניצטער צאָל פון מער און ווייניקער וויכטיקע, ווערטפולע, אָדער ווערטלאָזע, אַלגע־מיינע, אָדער זעלטענע, ווייל ס׳זענען דאָך פאַראַן גאַנצע מענגעס פון

כלערליי דערפאַרונגען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן אונטער די פאַר־שידענסטע באַדינגונגען; אייניקע פון זיי דורך נישט נאָרמאַלע, קרענק־לעכע, נישט ציוויליזירטע מענטשן, אַנדערע ווידער דורך וויסנשאַפטלער, פילאָסאָפן א.א.וו.

די דערפאַרונגען פון אַ קאָפּערניקוס און זיין באַאָבאַכטן די זון, צום ביישפיל, קען בשום אופן נישט איינשטימען מיט די דערפאַרונגען און באַאָבאַכטונגען פון אַ געוויינטלעכן פויער.

אַן אינדוקטיווע סיסטעמע מוז דערפאַר אויסקלויבן צווישן די קעגנגעזעצטע און פאַרשידנאַרטיקע סעריעס פון דערפאַרונגען, יענע, וועלכע ווייזן זיך אַרויס צו זיין טיפער און צו האָבן אַ מער אַלגעמיינעם ווערט.

אָבער צי זיי ווערן אָפּגעקליבן דורך וויסנשאַפטלער, צי דורך פרימיטיווע מענטשען, אין יעדן פאַל מוזן באַשטימטע דערפאַרונגען אָנגענומען ווערן אַלס פעסטע גרונטזאַצן און זעלבסט־פאַרשטענדלעכע פאָרויסזעצונגען, (ס׳בלייבט דערביי נישט מער קיין פלאַץ פאַר ווייטער־דיקע פרווון און ס׳קען שוין מער נישט נוצן קיין שום פילאָסאָפישער צווייפל) כדי ווען ס׳איז נישט איז צו דערמעגלעכן אויפצושטעלן סיי אַ פשוטע און פרימיטיווע, סיי אַ קאָמפּליצירטע און וויסנשאַפטלעכע טעאָריע, און צו שאַפן אַ מעטאָד (יעדער אמת׳ע טעאָריע דינט אין דער זעלבער צייט אויך אַלס אַ מעטאָד פון ווייטערדיקן פאָרשן) פאַר דעם דערקענען, אויספרווון און קלאַסיפיצירן נייע דערפאַרונגען.

ווי שוין געזאָגט קענען די דערפאַרונגען געווינען ווערן אויף אַ טיפערן, און אויף אַ מער אויבערפלעכלעכן אופן, מיט אָרימערע און מיט רייכערע באַגריפן, אפילו איבער דעם זעלבן אָביעקט. אָבער די נייע און רייכערע באַגריפן קענען דערגרייכט ווערן נאָר דעמאָלט ווען ס׳ווערט פריער דערוואָרבן אַ טעאָריע, וועלכע איז באַזירט אויף די פריערדיקע דערפאַרונגען; און פונקט ווי די פריערדיקע דערפאַרונגען האָבן געדינט אַלס פאַרטיקע פאָרויסזעצונגען פאַר דעם אויפשטעלן פון אַ טעאָריע, אַזוי מוז יעדע טעאָריע דינען אַלס אַ אומבאַשטרייטבאַרע פאָרויסזעצונג, אויף וועלכער ס׳זאָל זיין געבויעט די דערקענטעניש פון ווייטערדיקע דערפאַרונגען.

די ניי־געווונענע דערפאַרונגען ווערן דעמאָלט ד י  ג ע ג י ב ע נ ע  פ אָ ר ו י ס ז ע צ ו נ ג ע ן , פון וועלכע מיר ציען ווייטערדיקע שלוסן און שאַפן נייע טעאָריעס.

און נאָר רעלאַטיוו צו די לעצטע טעאָריעס קענען מיר ריכטיק קאָנטראָלירן די פריערדיקע און זיי איבעראַנדערשן, אָדער פאַרטיפן, וואָס מיינט, אין ביידע פאַלן, זיי אַנטוויקלען.

מיט אַנדערע ווערטער: ווען מיר שטעלן אויף אַן אינדוקטיווע

טעאָריע באַנוצן מיר דערביי רעלאַטיוו צו אונזערע דערפאַרונגען אַ ד ע ד ו ק ט י ו ו ע ס י ס ט ע מ ע , און ווען מיר ווענדן אָן אונזער טעאָריע אויף אַ דעדוקטיוון אופן, כדי דורך איר צו דערקלערן די נייע דערפאַרונגען, בויען מיר אויס דורך דעם, רעלאַטיוו צו אונזערע דערפאַרונגען, אַ א י נ ד ו ק ט י ו ו ע ס י ס ט ע מ ע .

אָבער כאָטשע די אינדוקטיווע און דעדוקטיווע סיסטעמעס באַזיצן איינע דער צווייטערס אייגנשאַפטן, זענען זיי אָבער דאָך נאָך ווייט נישט איינס און דאָס זעלבע, דער אונטערשיד צווישן זיי באַשטייט אָבער נאָר אין ד ע ם א י ב ע ר ג ע ו ו י כ ט פון דערפאַרונגען און דעם שטענדיק פונסניי איבערפּרוּוון דורך ווייטערדיקע דערפאַרונגען אין דעם ערשטן מעטאָד, — און אין ד ע ם א י ב ע ר ג ע ו ו י כ ט פון פאָרטיקע (רעליגיעזע, קאָנווענציאָנעלע, אָדער שמאָל עמפּירישע) גרונט־זאַצן און פאָרויסזעצונגען, וואָס ווערן זעלטן קאָנטראָלירט אין דער אַנדערער סיסטעמע.

דורך דער אַנטוויקלונג פון קולטור, דורך דער פאַרצווייגטקייט פון וויסן און דעם וווקס פון דער וויסנשאַפט, איז דעם איינצעלנעם פאַרשער אוממעגלעך געוואָרן אַרומצונעמען דאָס גאַנצע וויסן און אויסצופּרוּוון יעדן וויסנשאַפטלעכן אמת.

דאָס באַנוצן, מיט אַ מין מעכאַנישער פּעדאַנטישקייט, די אינדוק־טיווע סיסטעמע אַליין, (כאָטשע דאָס קען במילא אויסגעאיבט ווערן בלויז אין אַ רעלאַטיוון זין) מוז דערפאַר פירן צו דעם טאָפּטשען זיך אויף איין פלאַץ, פונקט ווי דאָס דאָגמאַטישע אָנווענדן בלויז דעם דעדוקטיוון מעטאָד.

ביידע מעטאָדן ווען זיי זענען אָפּגעטיילט, האמעוען זיי דעם מענטשענס גייסטיקע אַנטוויקלונג, פירן צו אַן אומפּרוכטבאַרן אַרומ־דרייען זיך אַרום יעדן ענין און קיינמאָל נישט קומען צו קיין אויסוועג, צו דער סטאַגנאַציע פון יעדער דרייסטער איניציאַטיווע און צו פאַר־האַרטעוועטע גייסטיקע באַוועגונגען.

אין דער לעצטער סיסטעמע טויטן די פאָרויסזעצונגען און די טעאָריע, וואָס ענדערן זיך צו לאַנגזאַם, יעדע באַוווסטזיניקע אַקטיוויטעט אין דעם מענטשנס פּראַקטיק און יעדן ווייטערדיקן פּראָגרעס אין זיינע טעאָריעס. אין דעם ערשטן מעטאָד מוזן די דערפאַרונגען זיך האַלטן אין איין נודנע איבערחזרן, שטערנדיק דעם דרייסטן שוווּנג און אַנט־וויקלונג פון דער טעאָריע, און אַזוי אַרום אינדירעקט אויך פון דער ווייטערדיקער פּראַקטיק, ווייל ס׳איז נישט מעגלעך ס׳זאָל זיך אַנטוויקלען אַ טעאָריע אָן פּראַקטיק און אַ פּראַקטיק אָן טעאָריע.

פאַר עמפּיריקער, אָדער אַזוי גערופענע „עמפּיריאָ־קריטיקער" (וועלכע פּרעטענדירן שטענדיק אַז זיי ווענדן אָן אַ ריין אינדוקטיווע

סיסטעמע פון דענקען) וואָלט עס צום ביישפיל אויסגעזען דאָגמאַטיש אָנצווענדן צו נײַי געפאָרשטע דערשיינונגען די עקאָנאָמישע געזעצן, וואָס זענען אַנטדעקט געוואָרן דורך מאַרקסן מיט דער הילף פון זיינע ברייטע און טיפע דערפאַרונגען, גענײַלע עקספּערימענטן און גרויסן וויסן.

כדי צו פאַרבלייבן אינדוקטיוו, הויבט דער עמפּיריקער אַלעמאָל פונסנײַי אָן צו דערווייזן, די זעלבע, שוין דערוויזענע, (צי ריכטיקע צי פאַלשע מאַרקסיסטישע, אָדער אַנטי־מאַרקסיסטישע) גרונטזאַצן, אָבער אויף אַ בלייכן, צעדרייטן, און באַשטימט מער פלאַכן אופן ווי זיינע פאַרגעגנער און דאָס אַלעס בלויז דערפאַר וואָס ער וויל זיי באַשטעטיקן דורך זיינע אייגענע אָרימע און באַשרענקטע מיטלען, זיי באַזירן אויס־שליסלעך אויף זיינע פערזענלעכע שמאָלע דערפאַרונגען און אויף זיין דירעקט קאָנטראָלירטן אומבאַדייטנדיקן וויסן.

אין יעדן אמת־וויסנשאַפטלעכן צוגאַנג צו זאַכן ווערןביידע מעטאָדן שטענדיק (באַוווסטזיניק, אָדער נישט באַוווסטזיניקערהייט) אָנגעווענדעט אין אַ דיאַלעקטישער סינטעזע.

אָבער אויך דאָ מוזן מיר אונטערשיידן צווישן דעם איבערגעוויכט פון דער אינדוקטיווער, אָדער דעדוקטיווער סיסטעמע.

אין דעם דיאַלעקטישן אידעאַליזם איז דער איבערגעוויכט אויף דער זייט פון דעם דעדוקטיוון מעטאָד, — אין דעם דיאַלעקטישן מאַ־טעריאַליזם, וועלכער איז דער מעטאָד פון דעם מאַרקסיזם, איז דער איבערגעוויכט אויף דער זייט פון דער אינדוקטיווער סיסטעמע.

און טאַקע צוליב דעם וואָס דער מאַרקסיזם איז פאַרבונדן מיט די דערפאַרונגען פון דערווירקלעכער, מאַטעריעלער וועלט, צוליב דעם וואָס ער איז מאַטעריאַליסטיש און איינצייטיק אויך דיאַלעקטיש, פאַרמאָגט ער די אייגנאַרטיקע וויטאַליטעט, די מעגלעכקייט פאַר אומ־ענדלעכער און אומאויפהערלעכער אַנטוויקלונג און די אייגנשאַפט אויס־צואיבן סטימולירנדיקע ווירקונגען אויף דער דרייסטער אַקטיוויטעט און שאַפערישער אונטערנעמערישקייט פון מענטשן (אָט די אייגנשאַפטן זענען אַליין אויך אַ פּראָדוקט פון די עקאָנאָמישע אומשטענדן און פּאָליטישע שטרעבונגען פון דעם פּראָלעטאַריאַט וועמענס אידעאָלאָגיע דער מאַרקסיזם פאַרטרעט).

די מיינונג אַז אַ סיסטעמע וואָס איז באַזירט אויף אינדוקציע קען קיינמאָל נישט זיין אינגאַנצן ריכטיק און לאָגיש, דערפאַר וויל ס׳מוז שטענדיק פאַרבלייבן אַ תהום צווישן די איינצעלנע דערפאַרונגען, אפילו ווען זיי הזרן זיך אָפּט איבער און זענען אַ סך מאָל אויסגעפּרווט גע־וואָרן, — און צווישן די טעאָרעטישע פאַראַלגעמיינערונגען, וועלכע מיר שאַפן זיך פון אונזערע דערפאַרונגען, אָט די „עמפּיריאָ“־מעכאַנישע

מיינונג, פאַרזעט דעם דיאַלעקטישן שפּרונג, וועלכער איז אַן אָרגאַנישער טייל פון אונזער אַקטיוויטעט, פּונקט ווי ער איז אַ נויטיקע שטופע אין דער אַנטוויקלונג פון אַלע אַנדערע לעבנס דערשיינונגען.

און פּונקט ווי אין יעדן פּראָצעס פון אַנטוויקלונג גייט קוואַנטיטעט איבער אין קוואַליטעט דורך אַ רעוואָלוציאָנערן שפּרונג, וועלכער איז נישט ווייניקער רעאַל ווי אַלע אַנדערע איבערגאַנג־שטופן, אַזוי פאַר־וואַנדלט זיך די קוואַנטיטעט פון אונזערע איינצעלנע דערפאַרונגען (די דערפאַרונגען ווי מיר וועלן דאָס דערווייזן אין די שפּעטערדיקע קאַפּיטלען פאַרקערפּערן פון זייער זייט די קעגנזייטיקע באַציונג וואָס איז פאַראַן צווישן די אָביעקטיווע דערשיינונגען און אונזערע עמפּפינדונגען, ווי אויך צווישן דעם איבערגאַנג פון אָט די עמפּפינדונגען אין געדאַנק, געפיל און טאַט) אין אַן אָביעקטיוו ריכטיקן באַגריף פון דעם אַלגעמיינעם געזעץ, וועלכער אַנטשפּרעכט דער זעלבער מאַטעריעלער עגזיסטענץ און האָט די זעלבע לאָגישע באַדייטונג ווי אַלע דירעקטע דערפאַרונגען.

אונזער גייסטיקע אַקטיוויטעט גייט נישט אָן אויף קיין סטאַטישן, איזאָלירטן און אַבסאָלוטן אופן, נאָר זי איז, ווי יעדער דערשיינונג אין דער אָביעקטיווער וועלט, דינאַמיש, פאַרבונדן מיט, און רעלאַטיוו צו די אַנדערע דערשיינונגען; און פּונקט ווי יעדער ווערט פון אַ זאַך קען אָפּגעשאַצט ווערן, נאָר אין פאַרגלייך מיט אַן אַנדערער זאַך, אַזוי קענען די פאַראַלגעמיינערונגען, אָדער אונטערשיידונגען וועלכע מיר שאַפן (מיט דער הילף פון דעם אינדוקטיוון, אָדער דעדוקטיוון מעטאָד) באַצייכנט ווערן אַלס אַזעלכע, נאָר רעלאַטיוו צו אַ באַשטימטן פאַל אויף וועלכן מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט. אָבער אָט די רעלאַטיוויטעט איז נישט קיין ריין סוביעקטיווע גייסטיקע קאָנסטרוקציע, ווי די סוביעקטיוויסטן פון אַלע מינים שטעלן זיך דאָס פאָר, ווייל די אַנטוויקלונג פון אונזער גייסט און די ריכטונג פון אונזער דענקען ווערט אַליין פאַראורזאַכט און באַשטימט דורך די אָביעקטיווע אומשטענדן, ענדערנדיק זיך רעלאַ־טיוו צו אַנדערע דערשיינונגען און ענדערנדיק זיי פון זיין זייט צוריק.

און אין דעם פּראָצעס פון פאַרבינדונג און אויפלעזונג אין וועלכן אונזערע גייסטיקע ווערטן ווערן געשאַפן, אַנטפּלעקן מיר די ריכטיקע אייגנשאַפטן פון די אָביעקטן, וועלכע זענען אין דער רעאַליטעט דינאַמיש און נישט סטאַטיש.

קאַפּיטל 3

# דער דיאַלעקטישער מאַטעריאַליזם אַלס די אַנטיטעזע און סינטעזע פון דער סוביעקטיוויסטישער און אָביעקטיוויסטישער פילאָסאָפיע

ווען מ׳הויבט נאָר אָן צו באַקעמפן פאַלשע דאָקטרינעס און אומ־לאָגישע טעאָריעס, איז מען דערביי מערסטנטייל פאַראינטערעסירט זיי צו פאַרגלייכן מיט די רעאַלע פאַקטן, כדי צו דערווייזן ווי ווייט נישט באַגרינדעט אָט די טעאָריעס זענען.

זייענדיק דערביי אימגאַנצן פאַרנומען מיט אָט דער אויפגאַבע, געלונגט עס נאָר זעלטן איינצייטיק אויסצוגעפינען די אָביעקטיווע סיבות, וואָס האָבן די דאָזיקע טעאָריעס פאַראורזאַכט און נאָך וויניקער גיט זיך עס איין אויסצופאָרשן דעם אינערלעכן פראָצעס פון זייער גייסטיקער אַנטוויקלונג.

אָבער אין די וויטערדיקע עטאַפּן, ווען מיר פּרוּוון שוין יאָ צו דערקענען אָט דעם פּראָצעס, אָן וועלכן אונזער אַנאַליז קען נישט פאַר־פאָלקאָמט ווערן און דער גייסטיקער קאַמף מוז בלייבן אומבאַהאָלפן, דערזעען מיר ערשט דעמאָלט, אַז יעדע פאַלשע דאָקטרינע האָט נישט נאָר אירע סיבות, נאָר אויך אַ געוויסע, כאָטש מערסטנטייל שמאָלע לאָגיק און אָפט באַגרעניצטע, אָבער נישט אימגאַנצן קיין אומגערעכטע, מאָטיוון.

נאָר דורך דעם אָפּשאַצן דעם פאַרנעם פון אָט דער לאָגיק, קענען מיר געווינען די ריכטיקע פאָרשטעלונג איבער איר רעלאַטיוון, אָבער דערפאַר טאַקע, בלויז אין דעם זין, איינציק ריכטיקן ווערט אירן.

אַזוי ווי דער אונטערשיד צווישן די צוויי קוואַליטעטן „פאַלשע לאָגיק" און „געזונטע לאָגיק" איז בלויז אַ קוואַנטיטאַטיווער און דער חלוק באַשטייט נאָר אין דער צאָל פון די ריכטיקע אָביעקטיווע סיבות וואָס יעדע פון זיי האָט באַגריפן און איינגעשלאָסן אין איר אופן פון אורטיילן, איז מוזען דערפאַר אין יעדן ריכטיקן אַנאַליז, וועלכער שטייט קוואַליטאַטיוו העכער, אָט די באַגריפן זיין אויך קוואַנטיטאַטיוו איבער־וועגנדיקער און פאָלגלעך אויך אַנטהאַלטן אין זיך די קלענערע קוואַנטי־טעט; ד.ה. אַז דער אַנאַליז מוז אויך איינשליסן און פאַרמאָגן אין זיך די רעלאַטיוו שמעלערע ווערטן און באַגריפן פון יענע דאָקטרינעס, וואָס ער באַקעמפט. (כאָטש אָט די דאָקטרינעס אויף וויפיל זיי ווידער־שפּרעכן איינצייטיק די ברייטערע פאָרשטעלונגען, וואָס האָבן אַ מער אַלגעמיינעם ווערט, זענען זיי פאַלש און אַנטי־סאָציאַל און מוזן, אַלס אַזעלכע, אויך באַקעמפט ווערן).

דורך דעם איבערגעוויכט פון די אַרגומענטן און אין דעם ליכט פון דער דערקענטעניש איבער די ווייטערע, ברייטערע און מער אַרומ־נעמענדיקע אָביעקטיווע סיבות, וועלכע מיר דערזעען דערביי, ווערט אונז קלאָר די באַגרעניצטקייט פון די געגנערישע טעאָריעס און דערפאַר אין אַ געוויסער מאָס אויך די פאַלשע אויספירן, וואָס זענען אין זיי געמאַכט געוואָרן, ווען מען האָט געפרוווט (ווי דאָס איז לויט דער אָביעקטיווער נויטווענדיקייט דער שטייגער אין יעדער טעאָריע) צו דערקלערן מיט דער הילף פון דעם באַקאַנטן, דאָס אומבאַקאַנטע (קוואַנ־טיטעט קען נאַטירלעך איבערגיין סיי אין העכערער, סיי אין נידעריקער קוואַליטעט, אָבער נאָר רעלאַטיוו צו די באַשטימטע אומשטענדן, וועלכע ווערן, אין דעם פאַל פון ווערטן, פאַרקערפערט אין אונזערע אינטערעסן, קען די קוואַליטעט אַזוי צי אַזוי אָפּגעשאַצט ווערן. אין ביידע פאַלן דאַרף די קוואַנטיטעט דערגרייכן אַ געוויסע מאָס, ווייל ווען אָט די מאָס ווערט איבערגעכאַפּט גייט די געגיבענע קוואַליטעט אָפּט פונסניי איבער אין דעם קעגנזאַץ פון איר ערשטער פאַרוואַנדלונג. אויב דאָס שטייגן פון דער קוואַנטיטעט האָט אין ערשטן פאַל געבראַכט אַ העכערע קוואַליטעט, קען דאָס אין צווייטן פאַל זיין אַ נידריקערע און פאַרקערטע, אַזוי געשעט צום ביישפּיל מיט דעם פאַרלענגערן די צייט און פאַר־גרעסערן די סומע פון היץ, וועלכע מיר ווענדן אָן אויף צו פאַרוואַנדלען געוויסע שטאָפן אין מער אַפּעטיטלעכער און מער פאַרדייילעכער שפּייז, וואָס מאַכן אָט די שטאָפן אוממעגלעך צו געניסן, ווען די היץ און צייט כאַפּן איבער די מאָס. אין דעם פאַל פון אונזער דערקענטעניש וואָס איז אָן און פאַר זיך אַליין אוממענדלעך, פירט דאָס איבערטריבענע זוכן פון אַרגומענטן, אויב מ׳גייט פון זיי נישט איבער צו קיין שלוסן, אויך צו אַ קעגנגעזעצטן רעזולטאַט, לויט וועלכן מיר דערגרייכן נישט קיין העכערע שטאַפּלען, נאָר בלייבן ביי אַ מין פּרוכטלאָזער, סקעפּטישער אומבאַווועגלעכקייט, מ׳קען דערביי נישט פאַרוואַנדלען דאָס וויסן אין פּראַקטיק און ס׳איז דערפאַר אויך אוממעגלעך ווייטער צו אַנטוויקלען די טעאָריע, אויסצופּרווון אירע פעלערן פונקט ווי אירע רעלאַטיווע ווערטן).

דער שאַפערישער מעטאָד פון דעם דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם באַשטייט טאַקע אין אָט דעם אויבן דערמאַנטן אופן פון אַנאַליזירן, לויט וועלכן ער איז די אַנטיטעזע און פאַרקערפערט מיט זיך איינצייטיק אויך די סינטעזע פון אַ סך טעאָריעס, וואָס באַזונדער גענומען זענען זיי שמאָל, באַגרעניצט און דערפאַר טאַקע פאַלש, אָבער אויף וויפיל זיי דערגענצן איינע די אַנדערע און ווערן נאָך דערביי פאַרפאַלקאָמט דורך ווייטערדיקע וויסנשאַפטלעכע אויספאָרשונגען און אַנטדעקונגען, פאַר־וואַנדלען זיי זיך אין ווערטפולע באַשטאַנדטיילן פון אַ ברייטערער און

דערפֿאַר אויך ריכטיקערער און געזונטערער טעאָריע (דער ברייטערער פֿאַרנעם באַשטייט אָבער נישט אין דעם אומיסטנע פֿאַלשן איבערטרייבן דעם ממשותדיקן ווערט פֿון דעם געפֿאָרשטן קעגנשטאַנד, ווי דאָס ווערט געמאַכט דורך געוויסע אַזוי גערופֿענע אידעאַליסטן און ראָמאַנ־טיקער, נאָר אין דעם פּילזייטיקן דערגרונטעווען דעם ריכטיקן ווערט פֿון דעם מאַטעריאַל וואָס ווערט באַהאַנדעלט).

אויף דעם זעלבן אופֿן שטעלן די מאַרקסיסטישע פּרינציפּן וועגן דער איינהייט פֿון סוביעקט און אָביעקט מיט זיך פֿאָר די סינטעזע פֿון דער סוביעקטיוויסטישער און אָביעקטיוויסטישער פֿילאָסאָפֿיע, כאָטש זיי זענען אין דער זעלבער צייט די אַנטיטעזע סיי פֿון דער אידעאַליסטיש־סוביעקטיוויסטישער און סיי פֿון דער דאָגמאַטיש־אָביעקטיוויסטישער (ד.ה. אַבסאָלוט־אידעאַליסטישער) שולע באַזונדער.

דאָס איז אויך די סיבה פֿאַרוואָס די אָביעקטיוויסטן און סוביעק־טיוויסטן ווידערשפּרעכן זיך אַזוי שאַרף אין זייערע קריטיקן איבער דעם מאַרקסיזם און פֿאַרניכטן איינער דעם צווייטנס אַרגומענטן.

די אָביעקטיוויסטישע ריכטונג וואָס האַלט אַז אונזערע אינדיווידועלע און סאָציאַלע, פֿיזישע און גייסטיקע ווערטן זענען געשאַפֿן דורך גאָט, אָדער דורך דער „געטלעכער נאַטור", און עגזיסטירן דערפֿאַר אַלס זעלבסטשטענדיקע און אומפֿאַרענדערלעכע דערשיינונגען, זיי וואַרפֿן פֿאָר דעם מאַרקסיזם, אַז ער איז אַ „פּרינציפּלאָזע, סוביעקטיוויסטישע דאָק־טרינע, וואָס אנערקענט נישט קיין פֿעסטע מאָראַל, לייקנט אָפּ די אייביקע ווערטן פֿון עסטעטיק, פֿאַרוואָרפֿט די מיינונג אַז ס'עגזיסטירט אַ אָביעק־טיווע, אומפּאַרטייאישע און ריינע קונסט, וועלכע שטייט העכער פֿון צייט און רוים און איז נישט אָפּהענגיק פֿון קיין קלאַסן אינטערעסן, אַ דאָקטרינע וואָס לייקנט אָפּ אַלעס וואָס איז אַבסאָלוט, גרויס און דער־הויבן" א.א.וו. „אָבער פּונקט ווי צוויי מאָל צוויי וועט שטענדיק בלייבן פֿיר, אַזוי מוז הרגענען אַ מענטשן", אַרגומענטירן זיי, „אומעטום און שטענדיק פֿאַרבלייבן אַמאָראַליש, סיי ווען דאָס פֿאַרברעכן ווערט באַ־גאַנגען דורך אַ קאַפּיטאַליסט, סיי ווען דאָס ווערט געמאַכט דורך אַ פּראָלעטאַריער".

מיט אָט די מיינונגען האָבן זיי נישט נאָר אינדירעקט פּראָפּאַגאַנדירט פֿאַר דעם סטאַטוס קוואָ פֿון דער עגזיסטירענדיקער געזעלשאַפֿט אָרדנונג, נאָר אומבאַוווסטערהייט פֿאַרקוקט אויך די מאַסן מאָרדן, וואָס ווערן דורכגעפֿירט אין דער צייט פֿון מלחמות, די פֿאַרשידענע פֿאָרמען פֿון עקספּלאָאַטאַציע א.א.וו., ד.ה. די באַזונדערע סוביעקטיווע קלאַסן מאָראַל לויט וועלכער הרגענען און אַנדערע פֿאַרברעכנס ווערן ביי געוויסע אומשטענדן געהייליקט.

זיי פֿאַרזעען אויך דעם פֿאַקט אַז אָט די מאָראַל איז אַ פּראָדוקט

פון אַ באַשטימטער היסטאָרישער אַנטוויקלונג און פריער פאַר איר האָבן עגזיסטירט אַנדערע עטאַפּן, וואָס האָבן אויף פאַרשידענע אופנים באַ־רעכטיקט געוויסע פאָרמען פון מאָרד און גנבה.

די פאָרשטייער פון דער סוביעקטיוויסטישער פילאָסאָפיע, וועלכע האַלטן, אַז אַלעס איז סוביעקטיוו, אַז מיר קענען נישט וויסן צי די אָביעקטיווע וועלט עגזיסטירט, צי נישט און אַז מיר קענען נאָר אונזערע איינדרוקן פון זאַכן, אָדער אין בעסטן פאַל נאָר דאָס, וואָס מיר נעמען דירעקט אויף דורך אונזערע חושים, זיי דאָקעגן (אָנגעהויבן פון די עמפּיריסטן און סקעפּטיקער ביז די סאָליפּסיסטן) האָבן אַלע פאָרגע־וואָרפן דעם מאַרקסיזם אַז דאָס איז אַ דאָגמע וואָס האַלט פון „אָביעקטיווע געזעצן".

אין דער טעאָריע פון רעלאַטיוויטעט האָבן זיי געפונען אַ געווער קעגן יעדן פעסטן, וויסנשאַפטלעכן צוגאַנג צו זאַכן, און האָבן אָנגעהויבן צו אַרגומענטירן, אַז „אויב די עגזאַקטע וויסנשאַפטן קענען אפילו אין דער נאַטור נישט אויפווייזן קיין אָביעקטיווע געזעצן וואָס זאָלן שטענדיק גילטן, איז דאָך נאָך וויניקער מעגלעך אַזעלכע געזעצן צו געפינען אין דער אינדיווידועלער און געזעלשאַפטלעכער וועלט".

אויב אָט די אידעאָלאָגיע (וואָס איז געווען רעוואָלוציאָנער רעלאַטיוו צו דער אָביעקטיוויסטישער שולע, וועמענס אַנטיטעזע זי שטעלט מיט זיך פאָר) אונטערשטיצט נישט דירעקט דעם הערשנדיקן קלאַס, דער־מוטיקט זי אָבער אויך נישט די אונטערדריקטע קלאַסן און ווי יעדער „לעסע פער" טעאָריע לאָזט זי נאַטירלעך אַזוי אַרום זיגן דעם שטאַרקערן, אָדער דעם וואָס זיצט ביים רודער און איז שוין במילא דערוויילסטאַרקער.

ווי מיר האָבן שוין געזאָגט פאַרמאָגן אָבער אָט די ריכטונגען אויך זייערע פּאָזיטיווע ווערטן. ס'איז טאַקע ריכטיק, ווי דאָס האַלט די אָביעקטיוויסטישע שולע, אַז ס'עגזיסטירן אייביקע געזעצן, אָבער דאָס זענען בלויז די געזעצן פון אייביקער באַוועגונג און ענדערונג אין דעם מענטשלעכן זיין און באַוווסטזיין, פונקט ווי אין דער גאַנצער נאַטור. דורך דער באַוועגונג און ענדערונג שאַפן די אָביעקטיווע געזעצן יענע באַזונדערע, סוביעקטיווע פאַראַנלאַגעניש און איינשטעלונג פון אונזער פיזיאָלאָגיע און פּסיכאָלאָגיע, וועלכע האָט אין איר אַנטוויקלונג אַ סך געמיינזאַמעס מיט, און איז בלויז אַ ספּעציפישע פאָרם פון דער אַנט־וויקלונג פון אַנדערע לעבעדיקע אָרגאַניזמען; די לעצטע פון זייער זייט זענען בלויז אַ וואַריאַציע פון די פּראָצעסן פון באַוועגונג און ענדערונג וואָס קומען פאָר אין דער נישט אָרגאַנישער וועלט.

די סוביעקטיווע איינשטעלונג דורך וועלכער מיר נעמען אויף אַ באַזונדערן אופן אויף די נייע אָביעקטיווע דערשיינונגען און געשעענישן

מיט וועלכע מיר שטויסן זיך צונויף, וואַריאירט רעלאַטיוו צו די אומ־שטענדן פון יעדן אינדיווידואום. אין אַ קלאַסן געזעלשאַפט, איז די איינשטעלונג פון די מיטגלידער אָפּהענגיק אויך פון דער פּאָזיציע וואָס זייער קלאַס פאַרנעמט אין דער דאָזיקער געזעלשאַפט.

די מיינונג אַז הרגענען איז געווען און וועט שטענדיק זיין אַ פאַר־ברעכן איז אויך אין געוויסע גרעניצן אמת, אָבער דאָס איז נישט דערפאַר וואָס גאָט, אָדער די געטלעכע נאַטור, האָט אַזוי געוואָלט, נאָר דערפאַר וואָס אין דעם קאַמף פאַר עגזיסטענץ, וועלכער האָט זיך געהאַלטן אין איין ענדערן און אין איין אָננעמען אַלעמאָל נייע פאָרמען, האָט די מענטשהייט שטענדיק געמוזט קאָאָפּערירן מיט איין צד כדי בייצושטיין אַ צווייטן צד, זי האָט געמוזט פארווערן צו טויטן אין איין ריכטונג, כדי זיגרייך צו טויטן אין אַ צווייטער, — אָדער דאָס זעלבע גענומען פאַרקערט: זי האָט געמוזט קעמפן אין איין ריכטונג כדי צו קענען קאָאָפּערירן אין אַ צווייטער, ס'איז געווען אַ נויטווענדיקייט צו טויטן אויף איין זייט כדי צו קענען אויף אַווירקזאַמען אופן פאַרביטן דאָס הרגענען אין אַ צווייטער זייט, און אַזוי אַרום אויך צו פאַרהיטן די אייגענע לעבנס מעגלעכקייטן. ביידע ווערסיעס זענען עקוויוואַלענט, וויל ביידע באַצייכענען נישט דעם אַנטגילטיקן ציל, נאָר מיטלען וואָס זיינען אין דעם קאַמף פאַר עגזיסטענץ היסטאָריש גלייך נויטווענדיק. און נאָר אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט ווו די קאָאָפּעראַציע פון די מענטשען אין זייער געמיינזאַמען קאַמף צו באַהערשן די נאַטור, צוליב זייער געמיינזאַמער עגזיסטענץ, דערגרייכט אַ אידעאַלע שטופע, קומט דער דיאַלעקטישער שפּרונג פון דעם עוואָלוטיוון ענדערן זיך צו אַ נייער רעוואָלוציאָנערער פאַרוואַנדלונג, אין וועלכער גנבה און מאָרד אַלס סאָציאַל־געהייליקטע אינסטיטוציעס פאַרשווינדן אימגאַנצן.

די באַוועגונג און ענדערונג פון די אָביעקטיווע אומשטענדן שאַפט סוביעקטיווע געפילן און באַגריפן פון געזעלשאַפטלעכקייט, מאָראַל און עסטעטיק.

מיט אָט דעם סוביעקטיוון מאַסשטאַב גייען די מענטשן צו אויפ־צונעמען און צו ענדערן די אָביעקטיווע וועלט אַרום זיך און ווייטער דורך איר פאַרענדערט צו ווערן ד.ה. אַז מיר זענען טאַקע סוביעקטיוו אין אונזער באַציונג צו זאַכן, אָבער אָט די סוביעקטיוויטעט אונזערע איז אַליין אַ פּראָדוקט פון פריערדיקע אָביעקטיווע באַדינגונגען.

די לעצטע וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן דורך דער רעלאַטיוויטעט טעאָריע, דערווייזן טאַקע, אַז פונקט ווי אַלעס איז סוביעקטיוו אין די מענטשלעכע באַציונגען, אַזוי איז אין דער נאַטור אַלעס רעלאַטיוו; אָבער שטענדיק איז אָט די רעלאַטיוויטעט אָפּהענגיק פון דער צייט און פון דעם עלעקטראָ־דינאַמישן רוים, דאָס

הייסט, מיט אַנדערע ווערטער, פון דער אָביעקטיווער היסטאָרישער אומגעבונג.

סוביעקט און אָביעקט זענען נישט קיין איזאָלירטע און זעלבסט־שטענדיקע דערשיינונגען, יעדער סוביעקט איז איינצייטיק אויך אַן אָביעקט און פאַרקערט. די איינהייט פון סוביעקט און אָביעקט מיינט אָבער אויך נישט קיין איין פאַרגליווערטע מאָסע; דאָס וואָס איז אין איין פאַל סוביעקט, קען אין אַ צווייטן פאַל זיין אָביעקט און פאַרקערט, אָבער שטענדיק ווערט דאָס איינע, צי דאָס אַנדערע באַשטימט רעלאַטיוו צו דעם באַזונדערן ענין וועלכן מיר באַהאַנדלען דעמאָלט, ד.ה. אָפּהענגיק פון דעם ספּעציפישן געדאַנקלעכן צייט־רוים וועלכער אַנטשפּרעכט פון זיין זייט צו דעם עלעקטראָ־דינאַמישן צייט־רוים פון דער אָביעקטיווער רעאַליטעט. מיט אַנדערע ווערטער, די מענטשלעכע סוביעקטיוויטעט שטעלט מיט זיך פאָר די באַציונג צווישן דער ווירקונג וואָס ס'האָבן אויף אים אויסגעאיבט די פריערדיקע אָביעקטיווע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע באַדינגונגען און צווישן דער ווירקונג פון די שפּעטערדיקע אומשטענדן.

קאַפּיטל 4

# די איינהייט פון טעאָריע און פּראַקטיק אלס א פארמולע וואס שליסט אין זיך איין דעם באגריף פון רעלאַטיוויטעט

ווי מיר האָבן דערוויזן אין דעם פריערדיקן קאַפּיטל, מוז יעדער ריכטיקער אַנאַליז, ד.ה. יעדע פּרוכטבאַרע אַנטיטעזע, ווערן די סינטעזע פון די אַנאַליזירטע דאָקטרינעס. דאָס זעלבע איז אויך פאַרקערט; יעדע שאַפערישע סינטעזע מוז פריער מיט זיך האָבן פאָרגעשטעלט די אַנטיטעזע פון יענע טעאָריעס, וואָס ווערן אין איר פאַראייניגט, אויף ווי ווייט זיי האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אָפּגעזונדערטע און קעגנגעזעצטע פּרינציפּן.

דאָס מעכאַנישע פאַראייניקן פאַרשידענע טעאָריעס מיט אַלע זייערע קעגנגעזעצטע מיינונגען אין איין ווידערשפּרוכפולער קאָמבינאַציע, וואָס ווערט פּראַקציפּירט אין די דואַליסטישע סיסטעמען, שטעלט מיט זיך פאָר אַ ווידערשפּרוך, צו יענעם פּרוכטבאַרן אינערלעכן דיאַלעקטישן ווידערשפּרוך, וואָס אַנטוויקלט זיך אין די רעאַלע דערשיינונגען, דורך

דעם פּראָצעס פון זייער באַוועגונג און ענדערונג, און איז אַלס דער ווידערשפּרוך פון אַ ווידערשפּרוך סטאַטיש רעלאַטיוו צום ווירקלעכן לעבן.

אַלס אַ בולטער ביישפּיל קען אונז דאָ דינען דער בוך „פּרויד און מאַרקס" פון דעם ענגלישן שרייבער ס. אָסבאָרן, וועלכער פּרוווט צו פאַרייניקן די פּסיכאָאַנאַליזע מיט דעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם און רייניקט דערביי נישט אָפּ זייערע קעגנזייטיקע ווידערשפּרוכן, באַקעמפּט נישט אפילו טיילווייז דאָס איינע און געפינט נישט קיין שום חסרונות ביים צווייטן, די סינטעזע איז דערפאַר פאַרביידע טיילן נישט קיין לאָגישע נויטווענדיקייט.

פון אַזאַ מעכאַנישער פאַרייניקונג באַקומט זיך נישט, ווי אָסבאָרן מיינט, קיין היפּער דיאַלעקטישער שוווּנג (אַ ריכטיקער דיאַלעקטישער מעטאָד שפּיגלט אָפּ בלויז די ר ע אַ ל ע  ו ו י ד ע ר ש פּ ר ו כ ן, וואָס אַנטוויקלען זיך אין די אָביעקטיווע דערשיינונגען און געשעענישן) נאָר אַן אַנאַלאָגיע, וואָס נעמט אויף אָט די דערשיינונגען אויף אַ סטאַטישן און דערפאַר טאַקע באַגרעניצטן און פאַלשן אופן. (דער אונטערשיד צווישן אַ סטאַטישער און צווישן אַ דינאַמישער, ד.ה. דיאַ־לעקטישער וועלט אָנשויאונג באַשטייט בלויז אין דעם אונטערשיד פון דער ברייטקייט און טיפקייט פון דעם מאסשטאַב, מיט וועלכן מ׳שאַצט אָפּ די אָביעקטיווע ווירקלעכקייט. קיין אַבסאָלוט סטאַטישע מיינונגען, פונקט ווי קיין סטאַטישע דערשיינונגען אין אַלגעמיין, עגזיסטירן נישט).

אין קעגנזאַץ צו די אויבן דערמאָנטע מעטאָדן פאַרקערפּערט מיט זיך די דיאַלעקטיש־מאַטעריאַליסטישע קאָנצעפּציע וועגן דער איינהייט פון טעאָריע און פּראַקטיק אַ סינטעזע, וועלכע דרינגט אַרויס פון די אַנטיטעזעס וואָס זי האָט פאַרגעשטעלט, סיי רעלאַטיוו צו דעם וווּלגאַר מאַטעריאַליזם, וואָס שאַצט איבער דעם ווערט פון פּראַקטיק און מיינט, אַז זי קען זיך באַגיין אָן טעאָריע, און סיי צו דעם פילאָסאָפישן אידעאַ־ליזם, וואָס טרייבט איבער דעם ווערט פון טעאָריע און האַלט, אַז זי קען זיך אַנטוויקלען און לעבן אָן פּראַקטיק.

„ד י  א י י נ ה י י ט  פון טעאָריע און פּראַקטיק" מיינט אָבער נישט, אַז זיי, אָט די פאַרשידענע דערשיינונגען, אונטערשיידן זיך לויטן מאַרקסיזם אימגאַנצן נישט איינע פון דער אַנדערער. אין אַזאַ פאַל וואָלטן מיר אָפּגעלייקנט, נישט נאָר די פילפאַכיקייט פון די אָביעקטן, נאָר זיי שטעלן מיט זיך פאָר פאַרשידענע פאַזן פון מענטשלעכן טוען און ווירקן און זענען איינע אַ פּראָדוקט פון דער צווייטער אין דעם דיאַלעקטישן פּראָצעס פון אַנטוויקלונג.

טעאָריע און פּראַקטיק זענען נישט קיין אָפּגעזונדערטע זעלבסט־שטענדיקע זאַכן, אָבער זיי זענען אויך נישט איינס און דאָס זעלבע,

נאָר זיי שטעלן מיט זיך פאָר איינע אַ פּראָדוקט פון דער צווייטער אין דעם דיאַלעקטישן פּראָצעס פון אַנטוויקלונג.

יעדע טעאָריע איז אַ פאָלגע פון פריערדיקער און אַ סיבה פון ווייטערדיקער פּראַקטיק. אַזוי ווי יעדע פאָלגע אַנטשפּרעכט איר סיבה, אַזוי שטעלט מיט זיך יעדע טעאָריע פאָר אַ פאָרם פון פּראַקטיק, און יעדע פּראַקטיק אַ פאָרם פון טעאָריע.

אַזוי איז צום ביישפּיל אפילו דאָס טעאָרעטישע דענקען, דאָס ליינען, שרייבן א.ז.וו. נישט נאָר די גייסטיקע אָפּשפּיגלונג פון דער פּראַקטיק, נאָר איינצייטיק אויך די דירעקטע אַקטיוויטעט פון אונזער מח און אַנדערע אָרגאַנען, ד.ה. אַ באַשטימטע פאָרם פון פּראַקטיק; פון דער אַנדערער זייט איז אין דעם אופן פון אַרבעטן מיט דעם האַמער, אָהל, נאָדל, ביי דער מאַשין א.א.וו. פאַראַן טעאָריע. און נאָר רעלאַטיוו צו אונזערע אינטערעסן און צילן, וועלכע זענען פון זייער זייט אַ פּראָדוקט פון די אָביעקטיווע אומשטענדן, אין וועלכע מיר געפונען זיך, אונטערשיידן מיר די מער פּראַקטישע פון דער מער טעאָרעטישער זייט אין אונזער אַקטיוויטעט.

דער טעאָרעטישער כאַראַקטער פון אונזער אַקטיוויטעט באַשטייט אין די אַקומולירטע, ד.ה. ברייטערע דערפאַרונגען, אויף וועלכע מיר בויען צילן פון דער ווייטערער צוקונפט, — די פּראַקטישע זייט באַשטייט דאַקעגן אין די מער מאָמענטאַנע צילן צוליב וועלכע ס׳ווערן באַנוצט רעלאַטיוו שמעלערע און נענטערע דערפאַרונגען.

אָבער שוין אין דעם אופן אַליין ווי אַזוי מיר באַנוצן די שמעלערע דערפאַרונגען שטעקט אויך פון פריער דערוואַרבענע און אינערלעך אַסימילירטע טעאָריע, ד.ה. אַז פונקט ווי די איצטיקע טעאָריע אַנטהאַלט אין זיך פריערדיקע פּראַקטיק — אַזוי שליסט אין זיך די איצטיקע פּראַקטיק איין די פריערדיקע און פאַרקערפּערט מיט זיך די צוקונפטיקע טעאָריע.

אויסגעדרוקט אין די טערמינען פון דער טעאָריע פון רעלאַטיוויטעט קען דער כאַראַקטער פון טעאָריע און פּראַקטיק באַשטימט ווערן נאָר רעלאַטיוו צו אַ געגיבענעם צייט רוים, אָדער בעסער געזאָגט נאָר רעלאַטיוו צו די באַזונדערע דערשיינונגען וואָס געפונען זיך אין אַ ספּעציפישן צייט רוים, וועלכער פאַרקערפּערט מיט זיך פון זיין זייט שטענדיק אַ באַשטימטע באַציונג צווישן פאַרשידענע מאַטעריע־ענערגיע צושטאַנדן, אָט דער צייט־רוים, אָדער מאַטעריע־ענערגיע צושטאַנדן זענען אין אונזער פאַל פאַרבונדן מיט, און באַשטייען אָפּט טאַקע דירעקט אין די באַזונדערע אינטערעסן און צילן, וואָס באַרירן אונז, ווייל ס׳איז נישטאָ קיין פוסטער און אומבאַוועגלעכער ד.ה. צייט־לאָזער רוים.

קאַפּיטל 5

# די מארקסיסטישע טעאריע אלס א רעוואלוציאנערער מעטאד

די מאַרקסיסטישע טעאָריע שטעלט פעסט, אַז אַלע געזעלשאַפט־לעכע דערשיינונגען, אַלע מענטשלעכע געדאַנקען און געפילן, אַלע פילאָסאָפישע סיסטעמעס ווערן אין דער לעצטער אינסטאַנץ באַשטימט דורך עקאָנאָמישע און פאָליטישע סיבות און אַנטוויקלען זיך דיאַלעקטיש לויט דער פאָלגענדיקער געזעצמעסיקער אָרדנונג: *) — ווען די פילאָ־סאָפישע סיסטעמעס און אַלע איבריקע גייסטיקע ווערטן געפינען זיך אין דער אָפּאָזיציע און געהערן צו אַן אונטערדרדיקטן קלאַס, וועלכער קעמפט מיט זיינע אונטערדריקער פאַר דעם באַזיץ פון די פּראָדוקציע מיטלען, זענען אָט די סיסטעמען רעוואָלוציאָנער, וויטזיכטיק און זעלבסטבאַוווסטזיניק; זיי פאַרמאָגן אין זיך דרייסטע קריטיק איבער די מאַכטהאָבער און געזונטע אויטאָ־קריטיק. וויבאַלד דער קלאַס זיגט אָבער, ד.ה. אבי ער באַהערשט נאָר די מיטלען פון פּראָדוקציע, פון וועלכע די גאַנצע מלוכה מאַשין איז אָפּהענגיק, דעמאָלט ווערן זיינע סיסטעמעס מיט די אַלע אידעאַלן, וואָס ער האָט אַרויסגערוקט, פאַר־גליווערט; ס'קומט מער נישט פאָר אין זיי קיין פּראַצעס פון גייסטיקער רעספּיראַציע, עס פאַרשווונדעט די אויטאָ־קריטיק און דער זעלבסט־באַוווסטזיין גייט איבער אין זעלבסטפארליבטקייט, אין רוטינערישקייט און רעאַקציע. ס'הויבט זיך אָן אַ לאַנגזאַמער פּראָצעס פון צופוילונג

*) כדי קלאָר צו מאַכן די פאַלשע אויספירן וואָס פאַרשידענע רעאַק־ציאָנערן האָבן געמאַכט און מאַכן פון דער מאַרקסיסטישער קאָנצעפּציע איבער דער דיאַלעקטישער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט, וועלן מיר פּרוּוון אויפצושטעלן די גאַנצע טעאָריע און אָנצווייזן ווי אַזוי נישט נאָר די באַזונדערע פאַזן, נאָר אויך דער גאַנצער דיאַלעקטישער פּראָצעס אַלס אַזעלכער, גייט איבער אין דעם קעגנזאַץ פון דעם וואָס ער איז געווען אין די פריערדיקע עפּאָכעס, דעמאָלט ווען ער דערגרייכט זיין קלימאַקס (סאָציאַליזם) אין דער מענטשלעכער געשיכטע און אַנשטאָט זיך צו פאַר־וואַנדלען אין אַ נייער פאָרם פון אונטערדריקונג פון איין קלאַס (דעם זיגער) איבער די אַנדערע ווערט ער געריכטעט צו אַ מער פּערפעקטער, ראַציאָנעלער און סאָציאַלער פאָרם פון באַהערשן די נאַטור, דאָס הייסט אַז דער זעלבער פּראָצעס פון אַנטוויקלונג, אַלס אַ גאַנצער, מוז פאַרוואַנדלט ווערן אין דער אַנטיטעזע פון דעם וואָס ער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אין די פריערדיקע עפּאָכעס.

און דעגענעראַציע, (כאָטש די פאַזע פון רעאַקציע איז דורכגעפלאָכטן מיט פעריאָדן פון אידעאָלאָגישן אויפשטייג און גייסטיקן אויפבלי, די טיפישע אייגנשאַפט פון וועלכע ס'ווערט פאַרקערפערט אין די פאַר־שידענע רעפאָרמיסטישע שטרעמונגען, איז אָבער רעלאַטיוו צו זיינע רעוואָלוציאָנערע עטאַפּן, אָט די פאַזע פון דעם פּראָצעס וואָס ציט זיך דורך דעקאַדן און יאָר־הונדערטער, אַלס אַ גאַנצע, דאָך קאָנסערוואַטיוו און דערפאַר אויך דעגענערירנדיק) ביז ס'מערקט זיך אין דער געזעל־שאַפט אַ שטאַרקע אונטערערדישע שפּראָצונג, אַ נייע אָפּאָזיציע.

דער הערשענדיקער קלאַס שטייט איבערראַשט און פאַרוואונדערט און ווייסט נישט פון וואַנען אָט די נייע געפאַר האָט גענומען איר קראַפט און באַוווסטזיין, אָבער זי איז שוין אויסגעוואַקסן אויף דעם חשבון פון איר געגנערס גייסטיקער צעפאַלונג, צוזאַמען מיט דער אַנטוויקלונג פון די מיטלען פון פּראָדוקציע, מיט וועלכע דער הערשנדער קלאַס קען נישט מער האַרמאָנירן. אין אירע אָרעמס ברענגט די אָפּאָזיציע פרישע און געזונטע אידעען, ברייטע פּערספּעקטיוון און דרייסטע געדאַנקען. אָבער דער דיאַלעקטישער פּראָצעס אַנטוויקלט זיך ווייטער און ווי נאָר דער צווייטער קלאַס דערגרייכט די מאַכט און באַפרייט זיך פון אונטער־דריקונג הויבן אָן די נייע דעראָבערער צו אונטערדריקן די איבעריקע קלאַסן, וואָס זענען קעגן זיין הערשאַפט, וועלכע ער האָט אַזוי שווער דערוואָרבן, ער ווערט שוין איצטערט רעאַקציאָנער און זיינע אידעאָלאָ־גיעס, וואָס פאַרמאָגן נאָך אַ געוועגנדיקע מאָס עלאַסטישקייט בויגן זיך אַקראָבאַטיש לויט אַלע ריכטונגען, וועלכע זענען פאַר אים, אין זיין נייער לאַגע, געוווּנטשן, זיי קענען אָבער נישט פאַלקאָמען באַהערשן די נייע אומשטענדן און דינען נאָר אויף אַ מער אָדער ווייניקער קונציקן אופן צו פאַרדעקן דעם אייגענעם באַנקראָט. ווען דער הערשנדיקער קלאַס מאַכט זיך שוין גאַנץ באַקוועם, דערזעט ער ערשט דעם אומדער־וואַרטעטן געוווקס, וועלכער האָט אומבאַמערקט פאַר דעם פאַרטראַגענעם בליק פון די מאַכטהאָבער אָנגענומען כחות, געוואָרן זאַפטיק און פריש, געקומען מיט נייע, ברייטע פּערספּעקטיוון גרייט צו קעמפן פאַר זייער עגזיסטענץ און פרייהייט.

דער אונטערגייענדיקער קלאַס מעג זיך אָבער טרייסטן „סיק טראַנזיט גלאָריאַ מונדי" ווייל אויך ביי זיין באַקעמפער וועט דאָס ווירקלעכע לעבן דויערן אַזוי לאַנג ביז יענער וועט דערגרייכן די מאַכט. די לעצטע וועט שוין ברענגען אַ גיכע דעגענעראַציע, די סיסטעמעס וועלן אויך דאָרט פון אונטערדריקטע זיך פאַרוואַנדלען אין אַן אַפּאָלאָגיע פון די פריש־געבאַקענע אונטערדריקער, זייער געזונטער צוגאַנג, וואָס דערנענטערט זיך אַלץ מער און מער צו דעם פילאָסאָפישן מאַטעריאַליזם, (ווי דאָס איז געווען די אידעאָלאָגיע פון דעם אַכצנטן יאָר הונדערט),

וועט זיך פאַרוואַנדלען אין אַן אידעאַליסטישער קריטיקלאָזיקייט.*)

די מורא צו פאַרלירן די הערשאַפט וועט אַנטוויקלען פּחדנותדיקייט און צעקראָכנקייט, גרויסקייט־וואנזין און נישט רעאַליסטישקייט וועלן דערנענטערן דעם סוף און באַפרייען דאָס פּלאַץ פאַר דעם פאָלגנדיקן.

אויך דער מאַרקסיזם איז די פילאָסאָפישע סיסטעמע פון אַן אונ־טערדריקטן קלאַס, אויך זיינע טעאָריעס זיינען ביז גאָר רעאַליסטיש (דער היסטאָרישער און פילאָסאָפישער מאַטעריאַליזם), אויך ער ברענגט דרייסטע פּערספּעקטיוון, גרויסע מעגלעכקייטן, די געוואגטסטע געדאַנקען און געזונטסטע אידעען, וואָס זיינען פול מיט זעלבסטבאַוווסטזיין און זעלבסט־קריטיק; מיט דרייסטער אָפּשאַצונג און קריטיק איבער דעם שונא און מיט ניכטערער און איינצייטיג ענטוזיאַסטישער אונטער־נעמערישקייט.

דער קלאַס וועמענס אינטערעסן דער מאַרקסיזם פאַרטרעט, דער פּראָלעטאַריאַט, אונטערשיידעט זיך אָבער פון די אַנדערע קלאַסן דער־מיט וואָס ער האָט נישט קיין שום אויסזיכטן צו ווערן אַ קלאַס פון אונטערדריקער. די עקאָנאָמישע אומשטענדן אין וועלכע ער געפינט זיך, די פּראָדוקציע מיטלען וועלכע ער דאַרף איבערנעמען ווי אויך זיינע אייגענע אינטערעסן פאָדערן קאָלעקטיווע און אָרגאַניזירטע אַרבעט אויף דער באַזע פון געזעלשאַפטלעכער גלייכהייט און פרייהייט, (אין קעגנזאַץ צו דער אינדיווידועלער פרייהייט וואָס די בורזשואַזיע האָט פּראָקלאָמירט). זיין טעאָריע דער מאַרקסיזם קען אויף אַזאַ אופן קיינמאָל נישט ווערן די אַפּאָלאָגיע פון אונטערדריקער און זיין קלאַסן קאַמף ווערט דערפאַר פאַרוואַנדלט אין אַ קאַמף קעגן קלאַסן בכלל, קעגן אונטערדריקונג אין אַלגעמיין.

אויך נאָך דער דעראָבערונג פון מאַכט דורך דעם אונטערדריקטן פּראָלעטאַרישן קלאַס בלייבט זיין סיסטעמע קעמפעריש און רעוואָלו־ציאָנער. די גאַנצע ענערגיע ווערט דערביי געווענדעט פון איין זייט צום אייביקן קאַמף מיט דער אויסערלעכער נאַטור און איר עקספּלאָאַ־טירונג צום גונסטן פון אַן אידעאַלער געזעלשאַפט, און פון דער צווייטער זייט צום קאַמף מיט דעם מענטשנס אָפּגעשטאַנענע היהשע אינסטינקטן, וועלכע ווערן אָפט צעשטערעריש דורך זייער בלינדקייט. די אַנטוויקלונג פון די עקאָנאָמישע מיטלען פון פּראָדוקציע, וועלכע שליסט שוין איין אין זיך די ענדערונג פון די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע סטרוקטורן, דערגרייכט דאָ אַ פּונקט, ווו ס׳קומט פאַר אַ רעוואָלוציאָנערער שפּרונג

---

*) ווי דאָס איז געשען מיט דער אַלט קלאַסישער, פעאַדאַלער און אַנדערע סאָציאַלע סיסטעמען.

פון דער קוואַנטיטאַטיווער ענדערונג צו אַ נייער קוואַליטאַטיווער פאַרוואַנדלונג, נישט נאָר אין דער סאָציאַלער אָרגאַניזאַציע פון, און אין דעם אופן ווי אַזוי, נאָר אויך אין דער דירעקציע אין וועלכער די מיטלען פון פּראָדוקציע ד.ה. די מיטלען פון אונזער קאַמף פאַר עגזיסטענץ ווערן אָנגעווענדעט. קאַמף פאַר עגזיסטענץ איז אַ זער ווייט אַרומנעמענדיקער באַגריף, ער באַציט זיך צום קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון קלאַסן (קלאַסן־קאַמף), צו דעם קאַמף פאַר דער זעלבסט־באַשטימונג פון אונטערדריקטע פעל־קער, ווי אויך צו דעם מענטשלעכן קאַמף קעגן די האַרטע נאַטור־כחות. אין אַט די אַלע פאָרמען פון קאַמף איז איינגעשלאָסן, ס'ווערט באַשטימט, געפאָרמט און פאַרענדערט דעם באַזונדערן אינדיווידואומס קאַמף פאַר זיין אייגענער עגזיסטענץ. עגזיסטענץ מיינט אָבער נישט אין דעם פאַל דאָס בלויזע דערהאַלטן דעם פאַרגליווערטן „סטאַטוס קוואָ", נאָר אויך די מעגלעכקייט פאַר ווייטערדיקער פיזישער און גייסטיקער עקספּאַנסיע, פאַר דער אויסברייטערונג פון די ווירקונגען וואָס מען קריגט און פאַר דער מעגלעכקייט וואָס מער און ווייטער זיי אויסצואיבן איבער די אַרומיקע דערשיינונגען און געשעענישן.

די ליקווידאַציע פונ'ם קלאַסן שונא איז נישט דער העכסטער ציל וועלכן דער פּראָלעטאַריאַט וויל דערגרייכן, זי איז בלויז אַן אומפאַר־מיידלעכע פאָרבאַדינגונג פאַר אַ פיל העכערער און מער דויערהאַפ־טיקער פאָרם פון קאַמף; פאַר דעם קאַמף צו באַזיגן און אויסצונוצן די אָביעקטיוו־אויסערלעכע און די אינערלעך־מענטשלעכע נאַטור אין נאָמען פון אַ העכערער מענטשלעכער אַנטוויקלונג.

אָבער דער ריכטיקסטער מעטאָד ווי אַזוי צו באַזיגן און עקספּלאָ־אַטירן די אַרומיקע נאַטור און ווי אַזוי צו פאַרפאָלקאָמען און פאַר־בעסערן די אינעווייניקסטע מענטשלעכע וועלט און צו שאַפן אַ אידעאַלע לאַגע פאַר דעם מענטשלעכן לעבן, באַשטייט אין דעם אומדערשראָקענעם און אומברחמנותדיקן אַראָפּרייסן אַלע שלייערס און צודעקן; און אין דעם באַטראַכטן דעם מענטשן אַזוי ווי ער איז, ד.ה. מיט זיין גאַנצן עגאָאיזם, מיט זיין אָפּהענגיקן ווילן און דענקען.

נאָר דורך אַזעלכע מיטלען קען מען שאַפן אַ פּראַקטיש־אידעאַליס־טישן און געזעלשאַפטלעך פרייעם מענטשן, ווייל די איינציק דענקבאַרע און מעגלעכע פרייהייט איז נאָר אין דער ראַציאָנעלער און אויפריכטיק באַוווסטזיניקער זעלבסטבאַהערשונג.

קיין אַנדערע פרייהייט עגזיסטירט נישט, און אויב מען מיסברויכט דאָס וואָרט אין אַן אַנדערן זין, מוז עס באַצייכנט ווערן פון וויסנשאַפט־לעכן שטאַנדפּונקט אַלס אַן אַבסורדה, און אין געזעלשאַפטלעכן זיך אַלס אַן ערנלאָזע, אומפאַראַנטוואָרטלעכע פלאַפלעריי.

נישט דאָס פאַלשע אידעאַליזירן די מענטשלעכע נאַטור, נאָר די ריכטיקע און דרייסטע פאָרשונג און דערקענטעניש, וועלכע דער מאַ־טעריאַליזם גיט, קען דינען אין אַ אידעאַלער געזעלשאַפט אַלס אַ מיטל פון קאַמף מיט די אומפאָלקאָמענע מענטשלעכע אייגנשאַפטן.

און פונקט ווי דעם גערטנערס דערקענען אַלע אינטימיטעטן פון דעם לעבן און וואַקסן פון די פלאַנצן, וועלכע ער ציכטעט, פאַרמינערט נישט זיין באַוואונדערן זייער ערדישע, און דאָך פראַכטפולע עגזיסטענץ, אַזוי קען אויך די מאַרקסיסטישע דערקענטעניש נישט פארמינערן די אַכטונג פאַר דער מענטשלעכער נאַטור. דורך דעם וואָס דער מאַרקסיזם סטימולירט אונז צו שטודירן די רויע מענטשלעכע און אַרומיקע נאַטור ברענגט ער אויך נישט די אַנטוישונג אין לעבן, ווי קורצזיכטיקע קריטי־קער באַהויפטן, ווייל די ליבע צום לעבן, וועלכע איז נישט צוטיילבאַר פון יעדן געזונטן לעבעדיקן וועזן, קען נישט פאַרשווינדן ווען מען זעט דאָס לעבן נאַקעט, אַזוי ווי עס איז, אָן די ביליקע אידעאַליסטישע באַפוצונגען.

דער מאַרקסיזם קלויבט נאָר אויס גיכער צו בויען אויף שטיינער איידער אויף זאַמד.

דורך דעם וואָס די מאַרקסיסטישע טעאָריע באַנוצט זיך מיט דעם מעטאָד פון אָפּענעם און רעאַליסטישן באַקענען די זאַכן העלפט זי דעם מענטשן צו פאַרמיידן דאָס אומבאַהאָלפענע נישט צוגעגרייט זיין צום לעבן און די שפּעטערדיקע אַנטוישונג.

אויך די אייגנשאַפט צו זיין אַ סיסטעמע פון אינדוקטיווער פילאָ־סאָפיע (פונקט ווי זיין באַזונדערע קלאַסן־באַדינגטקייט) פירט דערצו ער זאָל קיינמאָל נישט פאַרגליווערט ווערן, און וויפיל מען זאָל נישט פּרעטענדירן אויף מאַרקסיזם, בלייבט מען דאָך זיין געגנער כל זמן מען וויל אים אָננעמען דאָגמאַטיש ווי דאָס טוען צום ביישפּיל די סאָציאַל דעמאָקראַטן.

דעדוצירן דאַרף מען (ווי דאָס האָט לענין געטאָן) הויפּטזעכלעך דעם מעטאָד, דעם געזונטן און קריטיקירנדיקן צוגאַנג צו זאַכן, און אָם דער מעטאָד דאַרף דינען אַלס אַ בוסאָל (קאָמפּאַס), אַלס אַ לויכט טורם ביים פאָרשן אַלע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען, וואָס האַלטן זיך אין איין אומאויפהערלעכן אַנטוויקלען.

דער לענינסטישער סטאַליניסטישער מאַרקסיזם איז דאָס אייביקע געוועער פאַר דעם פּראָגרעס, וואָס באַשטייט אין דעם באַהערשן די נאַטור, פאַר דער פרייהייט וואָס עגזיסטירט נאָר אין דעם באַהערשן זיך, און פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם מענטשלעכן זשעני און זיין גליק, וועלכע זענען פאַר אַלעמען מעגלעך נאָר דורך דעם דערקענען דעם אַרום און זיך. דערקענען און באַהערש!

## קאַפיטל 6

# די זוכענישן פון גייסטיקע קאַסטראַטן

אַזוי ווי די גאַנצע וועלט און מיט איר די מענטשלעכע געזעלשאַפט האַלטן זיך אין איין באַוועגן און ענדערן, מוזן זיך ענדערן אויך די מענטשלעכע באַדערפענישן און שטרעבונגען.

כדי צו באַפרידיקן די אַלעמאָל נייע באַדערפענישן און שטרעבונגען דאַרפן זיך די מענטשן געפונען אין אַ צושטאַנד פון אומאויפהערלעכן זוכן. דערפאַר זענען זוכענישן אויף יעדן געביט פון מענטשלעכן ווירקן אַ סימן פון לעבן, פון פּראָגרעס פון אָרגאַניזירטער, צוועקמעסיקער און האַרמאָנישער אַנטוויקלונג.

יעדע נייע אַנטדעקונג, יעדע געזעלשאַפטלעכע, אָדער אינדיווידועלע שאַפונג, איז אַ פּראָדוקט פון לאַנגן זוכן און שטעלט מיט זיך פאָר בלויז אַ נייעם עטאַפּ אין דעם ווייטערדיקן זוכן.

ווי פאַרשידנאַרטיק עס זאָלן אָבער נישט זיין די אָביעקטען פון דעם זוכן און די צילן וואָס מען שטרעבט דורך דעם צו דערגרייכן, ווערט דערמיט דאָך שטענדיק פאַרקערפּערט בלויז דאָס זוכן פון נייע מיטלען אין דעם קאַמף פאַר עגזיסטענץ.

די ריכטונג אין וועלכער עס ווענדעט זיך דאָס זוכן די נייע מיטלען איז אָפּהענגיק פון דער עקאָנאָמישער סטרוקטור און פון די טעכנישע דערגרייכונגען, וואָס זענען דורך דער פריערדיקער אַנטוויקלונג מעגלעך געוואָרן; ז י י גיבן דאָס דעם מענטשן די פיזישע און גייסטיקע קראַפט, די איבערצייגונג און זיכערקייט צו זוכן אויף ד ע ם ו ו ע ג פ ו ן נ י י ע אַ נ ט ד ע ק ו נ ג ע ן און דערגרייכונגען.

די אַנטדעקונגען ווערן אָבער אָנגעווענדעט אויסשליסלעך כדי צו באַפרידיקן די באַדערפענישן פון דעם קלאַס מאַכטהאָבער, די באַדערפענישן, וואָס וואַקסן רעלאַטיוו צו זייערע פאַרגרעסערטע פאָדערונגען און מעגלעכקייטן. אָבער די נויטן פון די אונטערדריקטע קלאַסן קענען נישט האָבן קיין שום ווירקונג אויף דעם כאַראַקטער פון די אָנגעווענדעטע זוכענישן און די שטרעבונגען פון אָט די קלאַסן ווערן דערשטיקט, אַזוי לאַנג ביז וואַנען זיי שטעלן מיט זיך נישט פאָר קיין שטאַרקן עלעמענט (דורך זייער אָרגאַניזירטקייט) אין דעם פּראָצעס פון פּראָדוקציע און ביז זיי באַקומען נישט די מאַכט צו דיקטירן זייער אייגענעם ווילן און צו פאָדערן די באַפרידיגונג פון זייערע באַדערפענישן.

אויב דער אונטערדריקטער קלאַס באַקומט געוויסע הנחות פון זיינע אונטערדריקער, ווערן זיי געמאַכט מיט דעם ציל צו דערהאַלטן די אַרבעטס־קראַפט, אין וועלכער דער הערשנדיקער קלאַס נויטיקט

זיך, דערביי איז אויך פאַראַן די אבזיכט לייכטער צו באַהערשן די אונטערדריקטע; מיט אַנדערע ווערטער, דער פאַקט אַז דער אונטער־דריקטער קלאַס קאָן דערהאַלטן כאָטש אַ וואָס פאַר אַ נישט איז קאַרגע עגזיסטענץ, ווערט אויך דערמעגלעכט נאָר צוליב די אינטערעסן פון די מאַכטהאָבער.

אַזוי האָבן די זוכענישן, אויף יעדן געביט פון געזעלשאַפטלעכן שאַפן, אין דער בורזשואַזער אָרדנונג, באַפרידיקט בלויז די אינטערעסן פון דעם בורזשואַזן קלאַס און אַבסאָלוט נישט גענומען אין אַכט די נויטן פון דעם פראָלעטאַריאַט.

אָבער וואָס מער דער פראָלעטאַריאַט הויבט אָן אויסצוקעמפן זיינע פּאָזיציעס אין דעם פּראָצעס פון פּראָדוקציע און וואָס מער עס וואַקסט זיין פּאָטענציעלע קראַפט, אַלץ מער ווירקן זיינע שטרעבונגען אויף דעם אינהאַלט און כאַראַקטער פון דעם זוכן און אַלץ מער קומט צור געלטונג און עס וואַקסט די קוואַנטיטעט און קוואַליטעט פון די זוכער, וואָס שטרעבן צום פּראָלעטאַרישן אידעאַל, אָבער דאָס ריכטיקע פאַר־מעסטן זיך, די עכטע דינאַמיק פון שאַפערישן זוכן קומט נאָר דעמאָלט ווען דער פּראָלעטאַריאַט נעמט איבער די מאַכט און הויבט אָן בויען דעם סאָציאַליסטישן שטאַאַט.

מיר זעען ווי אין אַ קלאַסן געזעלשאַפט טראָגן די זוכענישן אַ קלאַסן כאַראַקטער און דער דערפאָלג פון דעם זוכן פון איין קלאַס, איז אָפט געווענדעט קעגן דעם דערפאָלג פון דעם זוכן פון דעם אַנדערן קלאַס און ווייל די זוכענישן ווערן אָנגעווענדעט אויף צו באַפרידיקן די פאַר־שידענע קלאַסן אינטערעסן, מוזן די זוכענישן פונקט ווי די קלאַסן אינטערעסן זיך צונויפשטויסן און באַקעמפן. פאַר דעם זיג פון אַ קלאַס, באַזונדערס ווען אָט דער קלאַס איז אימגאַנצן, אָדער טיילווייז אונטער־דריקט, אָדער ווען ער איז נאָך יונג ביי דער מאַכט, איז דערפאַר זער וויכטיק באַוווסטזיניק צו פירן די זוכענישן אין אַ באַשטימטער ריכטונג און אויסגעהאַלטן נאָכצופאָלגן דער קלאָרער ליניע, וואָס פירט צו זיין ציל.

יעדער נייע פאַרנונפטיק זוכן שטיצט זיך אויף די דערפאַרונגען וואָס זענען פריער דערוואָרבן געוואָרן אין אָט דער ריכטונג און נעמט אָן, אַלס געווער, די פריער אויסגעפרווטע עקספּערימענטן, שטודירנדיק אפילו די פעלער פון די פאַרגענגער, כדי צו וויסן ווי אַזוי זיי אויסצו־מיידן, כדי נישט איבערצוחזרן דאָס, וואָס איז פאַר דעם געטאָן געוואָרן און כדי נישט צו בלייבן שטיין אויף איין אָרט.

דאָס פּרוכטבאַרע זוכן מוז אויך זיין באַוווסטזיניק אָרגאַניזירט, עס מוז געפירט ווערן לויט אַ באַשטימטן פּלאַן און מעטאָד; אַ פּלאַן און אַ מעטאָד וועלכע זענען באַזירט אויף לאַנג יאָריקע פאָרשונגען און אויף

אַ דערגרייכטן טיפן וויסן, אין קעגנפאַל איז דאָס נישט קיין באַוווסטזיניק זוכן, נאָר אַן אומבאַהאָלפן בלאָנדזשעניש.

דער זיכערער מעטאָד און דער צילבאַוווסטער פלאַן פון זוכן איז ענלעך צו אַן ערענסטער עקספעדיציע, וואָס לאָזט זיך אין וועג אַריין נאָר דעמאָלט ווען זי איז אויסגעריסטעט מיט אַלע פריערדיקע דערפאַרונגען, וועלכע זענען אויף דעם געביט געמאַכט געוואָרן, און וועלכע דערמעגלעכן צו פירן ווייטער די אייגענע דערפאַרונגען, כדי אויסצופאָרשן נייע געגנדן און צו געפינען נייע פלעצער.

די זוכענישן וואָס האָבן אָבער נישט קיין מעטאָד פלאָנטערן זיך ווי אַן עקספעדיציע, וואָס האָט פאַרלוירן איר פלאַן, וואָס וואַנדערט אַרום די גאַנצע צייט אַרום איר אייגענעם באַשרענקטן קרייז און קערט זיך אום, נאָך לאַנגע מאַטערנישן, אָן דערפאָלג צו דעם זעלבן פונקט.

כדי צו זיין שאַפעריש דאַרף יעדער ניי זוכן, פונקט ווי יעדע נייע עקספעדיציע, רעאַליסטיש אַנאַליזירן, אויספרווון און פאַרנונפטיק אָפּקלויבן, אָבער נישט אינגאַנצן פאַרלאָזן די סמנים און וועגן וואָס זענען געבליבן פון די פאָרגענגער. מען דאַרף פאַרפאָלקאָמען די אינסטרומענטן, וואָס זענען שוין פריער אַנדעקט און דערוואָרבן געוואָרן און נישט אויסמיידן אבזיכטלעך דעם שוין אַוועקגעלייגטן וועג, ווי דאָס טאָען אויבערפלעכלעכע אַוואַנטוריסטן, וועלכע ווילן זיין אָריגינעל.

יענע אַוואַנטוריסטן און דעקאַדענטן, וואָס האַלטן אין איין פאָרויסשטופן די פוסטע אידעאָלאָגיע וועגן דעם אַז יעדער איינער דאַרף „אַליין זוכן" און גיין אין „זיינע אייגענע וועגן".

אָט די קליינבירגערלעכע „רעוואָלוציאָנערן" טאָפּטשען זיך אויף איין פלאַץ, און ווייל אונטער זייער באַרימען זיך מיט דער כלומרשטער זעלבסטשטענדיקייט און אָריגינאַליטעט שטעקט די ספּעציפיש קנעכטישע פּחדנות, וואָס איז שטענדיק פאַרבונדן מיט אָט דעם סאָרט פון אָנשטעל און געמאַכטער העלדישקייט, דערפאַר האַלטן זיי זיך מערסטנטייל נישט ווייט פון דעם אויסגעטראָטענעם וועג, לעגן דורך דעם זעלבן מהלך, נאָר אויף אַ זייטן שטעגל, אָדער זיי מאַכן בלויז אַ קליינעם אומוועג. מיט אַזעלכע אויפטוען נאַרן זיי זיך, און יענעם, דאָס קען אָבער נישט ברענגען קיין שום נוצן, עס עפנט נישט קיין נייע פּערספּעקטיוון און אַנטוויקלט נישט דעם מענטשנס אונטערנעמערישקייט.

די מיטלען פון פּראָדוקציע און די טעכנישע מעגלעכקייטן, וואָס זענען אָפן פאַר דעם וויסנשאַפטלעכן פאַרמעסטן זיך, האָבן דערגרייכט אַ צושטאַנד וועלכער דיסהאַרמאָנירט מיט דער קאָנסערווירונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס־הערשאַפט, די אַנטוויקלונג פון די אָביעקטיווע עקאָנאָמישע אומשטענדן זענען אין אַ פולן ווידערשפּרוך צו דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג און יעדער נייער שפּאַן פאָרויס פאַרגרעסערט

און שטרייכט אונטער דעם צעפאַלונגס פּראָצעס פון דעם הערשנדיקן קלאַס, דערפאַר שאַפט זיך ביי אַט דעם קלאַס אַ אומבאַוווסטע שנאה צו יעדער זוכן וואָס ברענגט אונז פאָרויס און אַ מורא פאַר יעדן טראָט וואָס פירט צו פּראָגרעס.

אין זייערע פאַרצווייפלטע אָבער אומפּרוכטבאַרע אָנשטרענגונגען (דער אָביעקטיווער פּראָצעס פון אַנטוויקלונג קען נישט אימגאַנצן אָפּגעשטעלט ווערן) שטרעבן די קאַפּיטאַליסטן צו צעדריקן און צעברעכן אַלע דערגרייכונגען און צו ווענדן דאָס לעבן אויף צוריק (ווי דאָס פּרוווּן די פאַשיסטן), אָדער זיי שאַפן אַ קרענקלעכע אַטמאָספערע (אויף דעם געביט ווירקן ווידער די מאַזאָכיסטישע סקעפּטיקער), צי זיי באַנוצן דאָס אַלטע גוט אויסגעפּרוווטע מיטל צו מאַכן אַ סענטימענטאַלן פוילן טומל פון ליבעראַל־הומאַניטאַרער צעפלאסנקייט א.א.וו.

דערביי באַציט מען זיך אין דער עגזיסטירנדיקער אָרדנונג מיט אומצוטרוי צו דעם שכל (דער פאַשיסטישער צוג געגן אינטעלעקטו־אַליזם), מיט אַ גרינגשעצונג צו דער וויסנשאַפט (אַ חוץ אין די פאַלן ווען זי העלפט שאַפן גיפט באָמבעס און טויטלעכע גאַזן) און דאָס אויסגעהאַלטענע, סיסטעמאַטישע זוכן, ווערט דורך די קליינבירגערלעכע ליבעראַלן פאַרוואָרפן מיט דער היפּאָקריטישער, אויבערפלעכלעכער און אָבסורדישער באַשולדיגונג אַז דאָס איז „ד אָ ג מ אַ ט י ש ק י י ט".

די קליינבירגערלעכע אינטעליגענץ איז זער שטאַרק באַווירקט פון אַט דער אַטמאָספערע און נישט געקוקט דערויף וואָס זי געפינט זיך אין אַ שאַרפן אַנטאַגאָניזם מיט דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעמע, איז אַט דער אינטעליגענץ אָבער זער שווער צוצושטיין אויך צו דעם אַנדערן קלאַס, זי איז וואַקלדיק, פול מיט ווידערשפּרוכן און זי האַלט זיך ביי די אַנאַרכיסטישע, קינדעריש־פאַריסענע קאַפּריזן פון „אייגענעם" „אומאָפּהענגיקן" זוכן, אין דער צייט ווען אין אַט דער כלומרשטער אומאָפּהענגיקייט שטעקט אין אַן אמת אַ מין נאָכמאַכן און האַלטן זיך ביי דעם טאַטענס (דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס'ס) פּאָלע.

אין יעדער געזונטער און פּאָזיטיווער טעאָריע זעען אַט די קליינ־בירגער אַ געפאַר פאַר זייער פרייהייט, די פרייהייט וואָס באַשרענקט זיך ביי זיי אויף דעם געניוס צו קענען אָפּטאָן אַ קינדעריש שפּיצל, אָדער אין דעם רואינירן סיי דאָס אייגענע און סיי דאָס אַלגעמיינע פיזישע און גייסטיקע געזונט.

אַט די אינטעליגענץ איז זער באַגרעניצט אין איר דערקענטעניש איבער די אָביעקטיווע געזעצן פון אַנטוויקלונג און איבער די היסטאָרישע נויטווענדיקייטן, זי האַרמאָנירט נישט מיט די אידעאַלן פון דעם פּראָ־לעטאַריאַט און קען דערפאַר נישט עמפּפינדן דעם מאַרקסיזם אַלס דעם אָרגאַנישן טייל פון דעם קאַמף פאַר באַפרייאונג, זי באַנעמט נישט,

אַז ער איז דער אויסדרוק, און איינצייטיק אויך דער שאַפער, פון דער באַשטימטער ריכטונג פון דעם אויסגעאַרבעטן מעטאָד, פּילזייטיקן פּלאַן און קלאָרע צילן, וועלכע זענען אָרגאַניש פאַרבונדן און לעבנס וויכטיק פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט, נאָר זי נעמט אָן דעם מאַרקסיזם אַלס אַן אויסערלעכן צוואנג, אַלס אַ „דרוק אויף אינדיווידואַליטעט“.

ביי דער דעקאַדענטישער אינטעליגענץ איז דאָס צופּאַסן זיך צו די נייע דערשיינונגען און געשעענישן, צו די נייע אומשטענדן צו אויבערפלעכלעך, איר איז שווער זיך צו באַוועגן, צו אַנטוויקלען און לעבן. און ווייל זי איז צו שוואַך צו באַקעמפן אויף דעם געביט דאָס געפיל פון דער אייגענער מינדערווערטיקייט, בילדעט זיך ביי איר אויס אַ מין זעלבסט נאַרעריי, אַ מאַניע פון גרויסקייט, און איינצייטיק אויך פון פאַרפאָלקטקייט, דערפאַר פאַרלירט אויך איר זוכן יעדן ציל, באַזירט זיך נישט אויף קיין געזונטע דערפאַרונגען און אויף קיין ריכ־טיקער אָריענטירונג און איז פאַראורטיילט צו פרוכטלאָזיקייט און נישט פּראָדוקטיוויקייט.

אָט די „אָריגינעלע“, „זעלבסטשטענדיקע“, „פרייע“, ״נישט פאַר־שטאַנענע“ און „איזאָלירטע“ פערזענלעכקייטן זענען דורך זייערע באַ־זונדערע אומשטענדן גייסטיק קאַסטרירט געוואָרן און אין זייער פרוכט־לאָזן זוכן איז פאַר זיי נישטאָ קיין שום אויסוועג.

נאָר די לעבנס פעאיקערע צווישן זיי וועלכע שליסן זיך אָן אין דעם פּראָלעטאַריאַט באַקומען פון אים אַ פרישע אינפוזיע פון בלוט, קראַפט און שטרעבונג.

געפערלעך איז אָבער דער אומשטאַנד, וואָס אָט די גייסטיקע קאַסטראַטן ווערן אָפט די פעדאַגאָגן פון דעם פּראָלעטאַריאַט, און אָט די לערער מיט זייער ענגן עגאָאיזם, קינדערישע קולעכלכך און קאַפּ־ריזן (ווי ביי אַלע קאַסטראַטן) שאַפן מיט זייער אימפּאָטענטן סקעפּטיציזם, אָנמעכטיקן פעסימיזם און נעאוראַסטעניע די אומדערטרעגלעכע שוואַכ־זיניקייט, וואָס ווירקט אַזוי שעדלעך אויף דעם פּראָלעטאַרישן קלאַס און האַמעוועט די שאַפערישע ענערגיע פון דעם פובערטעטס פעריאָד וועלכן דער פּראָלעטאַריאַט האָט, דורך דער אַנטוויקלונג פון די עקאָנאָ־מישע און פּאָליטישע מעגלעכקייטן, דערגרייכט.

קאַפּיטל 7

## מאַניזם אדער איינזייטיקייט?

די קעגנשטאַנדן מיט וועלכע דער מענטש שטויסט זיך צענויף, ווענדעט ער אָן אַלס וואָפן אין זיין קאַמף פאַר עגזיסטענץ; די דער־שיינונגען וואָס רינגלען אים אַרום, באַנוצט ער און מאַכט זיי פאַר די מיטלען פון זיין פּראָדוקציע.

אָט די מיטלען פון פּראָדוקציע (וואָס זענען אייגענטלעך די ספּע־ציפישע מיטלען פון דעם מענטשנס קאַמף פאַר עגזיסטענץ) שטעלן מיט זיך פאַר די באַזע אויף וועלכער עס איז געבויעט דער קאָנטאַקט פון די מענטשען מיט דעם אַרום און צווישן זיך.

די אַנטוויקלונג פון די מיטלען פון פּראָדוקציע פאָדערט אַ פאַר־שנעלערטן טעמפּאָ, אָרגאַניזירטערע צוזאַמענאַרבעט און מער פאַרצווייג־טע באַציונגען צווישן די מענטשען, פירנדיק אַזוי אַרום צו דער אויס־בילדונג פון דער שפּראַך, וואָס באַצייכנט מיט איין און איינציקן וואָרט אַ סך קעגנשטאַנדן, וועלכע האָבן געמיינזאַמע אייגנשאַפטן, און גיט דערמיט די מעגלעכקייט לייכטער צו מאַניפּולירן מיט זיי.

דאָס וואָרט וואָס באַצייכנט די קעגנשטאַנדן און פּרוווט אויך דורך דעם צו גיבן איבער זיי די ערשטע פּרימי־טיווע דערקלערונג, דאָס וואָרט, וואָס איז די ערשטע, פּשוטע אַבסטראַקציע, אויף וועלכער עס ווערן שפּעטער געבויעט אַלע טעאָריעס, שטעלט מיט זיך שוין פאַר אַ געוויסע פּאַראַלגעמיינערונג.

וואָס ווייטער עס אַנטוויקלט זיך די פּראָדוקציע, אַלץ שאַרפער קומט די פאָדערונג אויסצוגעפינען די אַלגעמיינע געזעצן און אייגנ־שאַפטן אין דער נאַטור און אין דער געזעלשאַפט. עס שאַפט זיך אַ נויטווענדיקייט אָט די געזעצן צו דערקענען, זיי צו באַהערשן, אויס־צונוצן און איינצושליסן אין דעם פּראָצעס פון מענטשלעכן געברויך, אויסטויש און קאָמוניקאַציע.

די שטרעבונג צו עכטער דערקענטעניש איז פאָלגלעך נישט מער ווי אַ פאַרפאָלקאָמטע פאָרם פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ, עס איז דאָס ראַפינירטעסטע מיטל צו פאַרפעסטיקן די דערפאַרונגען, וועלכע מען האָט אין דעם לעבנס געראַנגל געוווּנען, ווייל נאָר דורך דער דערקענ־טעניש, וועלכע קומט פון רייכע דערפאַרונגען, קען דער מענטש זיך באַוואָרענען קעגן פאַרשידענע אומלוסטן, און פאַרזיכערן פאַר זיך וואָס מער לוסט.

אין דעם פּראָצעס פון פאַרפאָלקאָמען די מיטלען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ, ד.ה. אין דעם פאַרפעסטיקן די מעגלעכקייטן אויסצומיידן

אומלוסט און צו געווינען לוסט, אין דעם פּראָצעס אַליין, פון פאָרשן, זוכן און דערנענטערן זיך צו דער דערקענטעניש, געפינט אָפּט דער מענטש אַ גייסטיקע באַפרידיגונג, די אַרבעט, אָנשטרענגונג און אונ־טערנעמונג אַנטוויקלען אין אים אַ מין העכערע לוסט און ברענגען אים באַזונדערע עמאָציעס און פאַרגעניגנס.

דער גאַנצער פּראָצעס פון זוכן, פון געפינען און פאַרפאָלקאָמען ווערט אָבער באַשטימט דורך די געזעצן פון דער באַוועגונג און ענדערונג פון די אָביעקטיווע עקאָנאָמישע אומשטענדן.

די נויט און וואוילטאג, וואָס די עקאָנאָמישע אומשטענדן ברענגען, רופן אַרויס ביי דעם מענטשן די עמפּפינדונגען פון לוסט און אומלוסט, און אָט די אורשפּרינגלעכע, פיזישע עמפּפינ־דונגען, זענען דאָס די אורשפּרינגלעכע מאַטעריעלע סיבות וואָס שטויסן דעם מענטשן צו קעמפן און צו שאַפן.

די וויסנשאַפט וועלכע איז דער רייכסטער שפּייכלער פון די טיפסטע מענטשלעכע דערפאַרונגען, און דערפאַר אויך די בעסטע הילף אין דעם וועג פון זוכן די דערקענטעניש, האָט פון די ערשטע שריט אָן פעסט־געשטעלט, אַז אין דער וועלט עגזיסטירן געזעצן, וועלכע זענען אַלגעמיין פאַר אַלע אָביעקטן, אַז די פאַרשידנסטע זאַכן פאַרמאָגן אין זיך ענלעכע אייגנשאַפטן, און מען קען דערפאַר פאַרגלייכן איין דערשיינונג מיט דער צווייטער, און מיט דער הילף פון איין באַקאַנטער געשעעניש קען מען דערקלערן און דערקענען די אומבאַקאַנטע.

וואָס ווייטער עס פאַרפאָלקאָמט זיך די וויסנשאַפט, אַלץ מער אַל־געמיינע אייגנשאַפטן געפינט זי אין דעם גאַנצן קאָסמאָס.

די לעצטעסטע אַנטדעקונגען אין דער וויסנשאַפט האָבן פעסט־געשטעלט אַז אין יעדן אַטאָם קומט פאָר דער זעלבער פּראָצעס פון באַוועגונג וואָס אין אונזער גאַנצער זונען סיסטעם.

אַלע קערפּער באַשטייען פון באַשטימטע כעמישע שטאָפן און זענען אָפּהענגיק פון די זעלבע פיזישע געזעצן.

אַלס אַ טייל פון דער נאַטור, קען אויך דער מענטש נישט באַשטיין פון אַזעלכע עלעמענטן, וועלכע עגזיסטירן נישט אין גאַנצן קאָסמאָס. ער קען בלויז זיין אַן אייגנאַרטיקע קאָמבינאַציע פון דער זעלבער מאַטעריע, פון די אייגענע כעמישע שטאָפן און פיזישע אַטאָמען. און ווייל ער מוז אַרונטערפאַלן אונטער די זעלבע געזעצן וואָס די גאַנצע נאַטור, דערפאַר איז ער שוין אַפּריאָרי אָרגאַניש פאַרבונדן מיט דעם גאַנצן אַרום, ער מוז פיזיש עמפּפינדן די אַרומיקע אָביעקטן און, ווי אַ ספּאָנטאַנעם רעפלעקס, דערפילן די שייכות צווישן זיך און אַנדערע וועזנס, דערפאַר האָט ער אויך געמוזט באַמערקן דעם אַלגעמיינעם אופן פון רעאַגירן אויף לוסט און אומלוסט ביי די חיות און ביי אַלע

לעבעדיקע אָרגאַניזמען, פונקט ווי ביי זיך אַליין.

די פאָרמען פון באַוועגונג, ענערגיע, וואַרימקייט און ברענען, וועלכע קומען פאָר אין דער אַזוי גערופענער טויטער נאַטור, פונקט ווי אין די לעבעדיקע אָרגאַניזמען און אין דער פּראָצעס פון דעם מענטשנס אָטעמען, אין זיין אַקטיוויטעט א.א.וו. האָבן געמוזט אויך אין זיין אָרגאַניזם אַרויסרופן ענלעכע עמפּפינדונגען און אים אַזוי אַרום ברענגען צו אַסאָציאַציעס, פאַרגלייכונגען און פאַראַלגעמיינערונגען, וועלכע האָבן שפּעטער געפירט צו דעם וויסנשאַפטלעכן אַנטדעקן דעם געזעץ, אַז די אַלע אויבן דערמאָנטע דערשיינונגען זענען בלויז פאָרמען פון דער פאַראייניקונג פון דעם קערפּער מיט זויערשטאָף.

דער פּראָצעס פון געבוירן ווערן, וואַקסן און שטאַרבן, וועלכן דער מענטש האָט באַמערקט ביי אַלע אַרומיקע באַשעפענישן, ביי זיינע מיטמענטשן, און ענלעכע סימפּטאָמען אויך ביי זיך, דער פּראָצעס פון פאַרדייען, פון באַקומען נייע קראַפט און זי אויסטיילן, האָט געמוזט ביי אים שאַפן דאָס ערשטע פּרימיטיווע באַגרייפן, די געזעצן פון באַוועגונג און ענדערונג, אויף וועלכע די אַלגעמיינע דיאַלעקטישע געזעצן פון דער אייביקער דינאַמיק זענען באַזירט.

אַלע אונזערע טעאָריעס זענען געבויעט אויף אַנאַלאָגיעס, אונזערע לאָגישע שלוסן ווערן געבוירן פון די פאַרגלייכונגען וואָס מיר מאַכן כדי צו באַקומען די אַלגעמיינע איינהייטלעכע געזעצן.

די שטרעבונג צו דערקענטעניש האָט זיך אַזוי אַרום ספּאָנטאַן געריכטעט, פון די ערשטע מענטשלעכע דערפאַרונגען — ביז צו די פאָלקאָמסטע אַבסטראַקטע טעאָריעס, צו זוכן און צו אַנטדעקן די געזעצן פון לעבן, ד.ה. אַז זי האָט זיך געשטעלט דעם ציל אויסצוגעפינען דאָס באַשטענדיקע, דאָס וועזנטלעכע און גרונטגעזעצלעכע אין דער עגזיסטענץ, צו אַנטפּלעקן דעם עיקר, די הויפּט סיבה, דאָס אַלגעמיינע אין אַלע דערשיינונגען, מיט אַנדערע ווערטער, זי וויל אויסגעפונען אַזאַ איינהייטלעכע סיסטעמע, אַזאַ מאָניסטישע טעאָריע, וועלכע זאָל קענען אָנגעווענדעט ווערן אויף צו דערקלערן און העלפן צו פאָרשן די וועלט און דאָס לעבן אויף אַן אַרומנעמענדיקן, ברייטן און אויסשעפּנדיקן אופן.

די אַלגעמיינע אייגנשאַפטן, עמפּפינדונגען און באַגריפן וואָס זענען פאַראַן ביי די מענטשן, האָבן דערמעגלעכט די אַנטוויקלונג פון דעם מענטשלעכן לעבן אין דער געזעלשאַפט.

דאָס דערקענען און פעסטשטעלן אָט די אַלגעמיינע אייגנשאַפטן, האָט געפירט צו דער אַנטוויקלונג פון דער שפּראַך, וועלכע פאַרמאָגט פאַר יעדן מער ווייניקער די זעלבע קלאַנגען

און די זעלבע באַגריפן, דאָס האָט געבראַכט צום שאַפן פון עטיקס וואָס פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון גאַנצע שיכטן און באַהערשן גאַנצע קלאַסן אין משך פון עפּאָכעס; דאָס האָט אויך דערמעגלעכט צו שאַפן אַ טעכניק, וואָס אַנטשפּרעכט יעדנס באַדערפעניש (כאָטשע זי ווערט נישט שטענדיק דערצו אָנגעווענדעט) און צו גרינדן וויסנשאַפטן וואָס גיבן אַלגעמיינע פיזישע, כעמישע, מאַטעמאַטישע, היסטאָרישע און עקאָנאָמישע באַגריפן און אַזוי ווייטער.

ווען עס וואָלטן נישט עגזיסטירט קיין אַלגעמיינע געזעצן, וואָלט דער מענטש קיינמאָל נישט געקענט זיך עפּעס אויסלערנען, אפילו נישט די איינפאַכסטע מלאכה, ער וואָלט קיינמאָל נישט געקענט געוווּנען קיין דערפאַרונגען, װײל האָבן דערפאַרונגען, הייסט האַנדלען לויט אַ געוויסער גאַנצער סיסטעמע, ד.ה. אַז מען דערקענט אין די נייע געשעענישן זייער ענלעכקייט מיט די פריערדיקע און מען ווייסט אַזוי אַרום ווי אַזוי אויף זיי צו רעאַגירן.

מיר וואָלטן נישט געקאָנט האָבן קיין קונסט, וועלכע קלאַסיפיצירט די מענטשלעכע איינדרוקן, די מענטשלעכע איבערלעבונגען און אפילו זיינע שטימונגען.

אָבער פונקט ווי מיר וועלן איבערחזרן די זינלאָזעסטע טאַאוטאָלאָגיעס, אויב מיר גייען נישט איבער פון דעם איינצעלנעם צום אַלגעמיינעם, פון דעם פרט צום כלל, אויב מיר זעען נישט דאָס אַלגעמיינע אין די פאַרשידענע דערשיינונגען ד.ה. אויב מיר קענען נישט דערקלערן איין זאַך דורך דעם פאַרגלייכן זי מיט אַן אַנדערער און מיר דערקלערן זי מיט איר אַליין, — אַזוי מוזן מיר פאַר גרעזנעט ווערן אין די זעלבע טאַאוטאָלאָגיעס, אויב מיר קענען נישט איבערגיין פון דעם אַלגעמיינעם צו דעם איינצעלנעם, פון דעם כלל צוריק צום פרט, און מיר פּרוּוון צו דערקלערן אַלגעמיינע אבסטראַקציעס נישט דורך דעם פאַרגלייכן און אָנווענדן זיי אין דער פּראַקטיק, נאָר דורך אַלגעמיינע אַבסטראַקטע פראַזעס אַליין. „ס'איז נישט גענוג צו דערקלערן אַלע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען מיט די עקאָנאָמישע סיבות, מען דאַרף אויך אויספאָרשן און ווייזן ו ו י אַ ז ו י אָט די סיבות ווירקן אין די באַזונדערע פאַלן", האָט מאַרקס געזאָגט.

דער אונטערשיד צווישן די פאַרגלייכונגען און פאַראַלגעמיינערונגען וואָס זענען געמאַכט געוואָרן דורך די ערשטע אומבאַהאָלפענע פּרוּוון פון דער וויסנשאַפט, דורך די ערשטע שוואַכע טריט פון לעבנס דערפאַרונג, אַרבעט און לעבנס פילאָסאָפיע, — און צווישן די פאַרגלייכונגען און פאַראַלגעמיינערונגען פון דער עכטער קולטור און באַוווּסטזיניקער דערקענטעניש באַשטייט אין דעם, וואָס די ערשטע שאַפן זיך געזעצן, שטעלן פעסט באַגריפן און נעמען אַן זייערע אורטיילן

לויט די אויסערלעכע מער פאָרמעלע ענלעכקייטן, און די אַנדערע געפונען שוין מער דאָס אַלגעמיינע אין ד ע ם א י נ ה אַ ל ט, ש ט אָ ף א ו ן א ו ר ש פּ ר ו נ ג.

אין די רייען פון די פּאַשיסטישע, אַנטי־וויסנשאַפטלעכע און דע־קאַדענטישע ריכטונגען שאַפט זיך אַ טענדענץ אַריבערצוטראָגן די פּאַראַלגעמיינערונגען אויף די אויסערלעכע און פאָרמעלע זייטן פון די דערשיינונגען. אין קעגנזאַץ צו דער פּרימיטיווער שטופע פון אַנט־וויקלונג וועלכע האָט געדינט אַלס אַן איבערגאַנג צו אַ מער פאַרפאַל־קאָמטער שטופע פון וויסן, פירט אָט די אַנטי־וויסנשאַפטלעכע ריכטונג צו אונטערגאַנג און דעגענעראַציע.

אין פּסאודאָ אינטעלעקטועלע און סעמי אינטעליגענטע קרייזן קריטיקירט מען און מען וואַרפט אָפּ ערנסטע טעאָריעס, בלויז דערפאַר, וואָס די לעצטע גיבן אַ גרונטלעכן, טיפן אַנאַליז און פּרוּוון צו פאַרגלייכן און אויסגעפונען דאָס אַלגעמיינע אין פאַרשידענע דערשיינונגען. אַזעלכע דאָקטרינעס ווערט אָפט פאַרגעוואָרפן, אַז זיי זענען איינזייטיק, דערביי ווערט אָבער, נישט נאָר די טעאָריע, שלעכט פאַרשטאַנען, נאָר אַפילו דער באַגריף „איינזייטיקייט" אַליין אויך. ווייל איינזייטיק זענען אין אַן אמת יענע מענטשן, וואָס זעען אין יעדער דערשיינונג בלויז די זייט וואָס ליגט אויף דער אויבערפלאַך און קענען, דערפאַר טאַקע, נישט געפינען די אינערלעכע שייכות צווישן די פאַרשידענע אָביעקטן, עס איז אָבער פאַלש צו האַלטן פאַר איינזייטיק די מענטשן וואָס נעמען אַרום אַלע זייטן פון די דערשיינונגען אויף אַ ברייטן אופן, און געפונען אויס די הויפּט געזעצן, פון וועלכע עס זענען אָפּהענגיק, נישט נאָר די אַלגעמיינע אייגנשאַפטן, נאָר אַפילו די פ אַ ר ש י ד ע נ ע ב אַ ז ו נ־ ד ע ר ק י י ט ן אויך, ווייל אַפילו די אויסנאַמען זענען אויך אָפּהענגיק פון סיבות און האָבן פאַלגלעך אַ געזעץ.

יעדער קליינסטער ניואַנס און מינדעסטע אָפּווייכונג איז אָפּהענגיק פון אַ באַשטימטן אָביעקטיוון געזעץ פון קאַאוזאַליטעט אין דעם אַל־געמיינעם אייביקן פּראָצעס פון באַוועגונג און ענדערונג.

דאָס איבער־חזר׳ן און פעסטשטעלן פאַרשידענע באַצייכנונגען פאַר זאַכן וועלכע זענען אויסערלעך, לויט דעם ערשטן אומבאַהאלפענעם קוק פאַרשידנארטיק, אָט די פּשוטע טאַאוטאָלאָגיע, ווערט אין די קרייזן פון דער קליינבירגערלעכער אינטעליגענץ כאַראַקטעריזירט אַלס „פילזייטיקייט".

אָבער פונקט ווי דאָס באַצייכענען דאָס ברענען, אַלס ברענען, דאָס פוילן, אַלס פוילן, און אָטעמען, אַלס אָטעמען, טראָגט נאָך גאָר נישט ביי צו דער ווייטערדיקער אויפקלערונג פון אָט די אַלע פאָרמען, וועלכע זענען טיילן פון דעם אַלגעמיינעם פּראָצעס פון פאַראייניקונג מיט

זייער־שטאָף, וואָס איז דער איינהייטלעכער געזעץ פון דעם געווייג־לעכן ברענען און סיי פון אָטעמען און פון פוילן, דורך וועלכן מיר קענען דערקענען, אַז די פאַרשידנאַרטיקסטע פאָרמען פון „ברענען", ווי דאָס ווערט באַצייכנט אין דער פיזיק.

ווען אַ מענטש זעט איין קעגנשטאַנד, און שטעלט טאַקע פעסט בלויז איינעם, מוז ער לויט דעם געזונטן פאַרשטאַנד נישט אָנגערופן ווערן איינזייטיק, פאַרקערט אָבער מענטשן אין וועמענס אויגן איין קעגנשטאַנד זעט אויס געדאָפּלט האָבן קאַליע אויגן, דאָס איז אָבער בשום אופן נישט קיין גרונט זיי צו האַלטן פאַר פילזייטיק. די מענטשן וואָס האָבן אַן עקלעקטישן מיש מאַש פון קעגנגעזעצטע מיינונגען זענען פונקט אַזוי פילזייטיק ווי די בלינדע, און יענע פאַרקערט וואָס נעמען אָן אַ גאַנצע, גרונטלעכע, טיפע און אַרומנעמנדיקע סיסטעמע פון דערקלערונג זענען לאָגיש און געזונט אין זייער דענקען, דאָס האָט אָבער גאָרנישט צו טאָן מיט איינזייטיקייט.

ווען ניוטאָן האָט אויסגעפונען דעם איינהייטלעכן געזעץ פון גראַוויטאַציע, איז ער דערמיט נישט געוואָרן מער איינזייטיק, ווי דער מענטש אויף דער גאַס, וועלכער פלעג דערקלערן דאָס פאַלן פון יעדער זאַך באַזונדער מיט אַן אַנדערן געזעץ, וואָס געפינט זיך כלומרשט אין דער נאַטור פון יעדן קעגנשטאַנד.

כאָטשע די וויסנשאַפט אַנטוויקלט זיך אומאויפהערלעך און אַנטדעקט אַלעמאָל נייע געזעצן, וואַלט דאָס אָבער געווען אוממעגלעך, אַז די פריערדיקע אַנטדעקונגען; און אפילו דעמאָלט ווען די אַזוי גערופענע „איינזייטיקע טעאָריעס" ווערן פאַרביטן דורך נייע, ברייטערע סיסטעמעס, טראָגן זיי דאָך מער ביי, אפילו צו דער אַנטוויקלונג פון די לעצטערע, שוין אָפּגערעט פון זייער בייטראַג צו דער געשיכטע פון דער וויסנשאַפט אין אַלגעמיין, ווי די „פילזייטיקע רעדערייען".

מאַרקסן, פונקט ווי יעדן גרויסן וויסנשאַפטלער, אַנטדעקער און פאָרשער, האָט מען אויך פאָרגעוואָרפן איינזייטיקייט, דערפאַר וואָס ער האָט אַנטדעקט די ווירקונג פון די עקאָנאָמישע געזעצן, וועלכע זענען אַלגעמיין פאַר יעדער עפּאָכע, וועלכע פאַרענדערן די אומשטענדן, צעטיילן די קלאַסן אינטערעסן, שאַפן די פאַרשידענע פאָרמען פון לוסט און אומלוסט, וואָס יעדער קלאַס לעבט איבער, און באַשטימען דעם ווי אַזוי, און אין פאַרבינדונג מיט וועמען ער לעבט זיי איבער, דאָס הייסט, אַז דערפאַר וואָס מאַרקס האָט אויסגעפאָרשט די עקאָנאָמישע אומשטענדן און האָט אָנגעוויזן ווי אַזוי דאָס טויזנט פאַכיקע זיין פון אַלע קלאַסן, מיט אַלע זייערע מיטגלידער, פונקט ווי די אַנטוויקלונג פון די כלערליי באַוווסט־זיינס, מיינונגען, געפילן, שטימונגען א.א.וו., ווערן דורך אָט די עקאָנאָ־

מישע אומשטענדן באַשטימט, האָט מען אים פאָרגעוואָרפן איינזייטיקייט און באַגרעניצטקייט.

אָבער דורך דעם וואָס מאַרקס האָט אויסגעפונען אָט דעם הויפּט געזעץ, האָט ער אין אַן אמת נישט פאַרמאַכט די אויגן פון צו זען די אַלע פאַרבן־רייכע, פילגעשטאַלטיקע און פאַרשידנאַרטיקע דערשיינונגען, נאָר פאַרקערט, ער האָט געוויזן די מעגלעכקייט זיי צו דערקענען.

פונקט ווי דער כעמיקער וואָס אַנטדעקט די גרונט פאַרבען, פון וועלכע אַלע אַנדערע פאַרבן שטאַמען, מוז נאָך דערפאַר נישט ווערן פאַרבן בלינד, נאָר פאַרקערט, ווייל ער אַנטדעקט דעם הויפּט קוואַל פון וועלכע אַלע שאַטירונגען צווייגן זיך אָפּ, קען ער זיי פּראָדוצירן, באַרייכערן און פאַרפיינערן לויט די פאַרשידענע קאָמבינאַציעס פון יענע פאַרבן וועמענס נאַטור ער האָט אַנטדעקט. *)

איינזייטיקייט האָט מען אויך פאָרגעוואָרפן פּראָפעסאָר פּרויד און פּראָפעסאָר אַדלער, אָבער די ערנסטע מאַרקסיסטישע קריטיק מוז צוגיבן אַז גראַד זייער מאָניסטישער פּרווו איז אַן עכט וויסנשאַפטלעך

*) די אַנטוויקלונג פון אונזער דערקענטעניש קומט פאָר דורך דעם פּראָצעס פון אונזער איבערגעגן פון דעם פּרט צום כלל, און ווייטער פון דעם כלל צום פּרט. מיט אַנדערע ווערטער: דורך אונזער צוזאַמענשטויסן זיך מיט די באַזונדערע דערשיינונגען, דורך באַשטימטע דערפאַרונגען, און דורך דעם באַנוצן די איינצעלנע דערשיינונגען (טעזיס), דערגרייכט דער מענטש צו ברייטערע געזעצן, בילדעט זיך אויס אַבסטראַקטע פאַראַלגעמיינערונגען, פאַרשאַפט זיך אַ געוויסן באַגאַזש פון וויסן (דאָס איז די אַנטיטעזע), דערפון גייט ער איבער צו אַ נייעס, מער ראַציאָנאַלן אופן פון באַנוצן און צו אַ העכערער שטופע פון דערקענען דאָס באַזונדערע (דאָס איז די סינטעזע) א.א.וו.

צווישן דעם דירעקטן באַנוצן זאַכן און אַרבעטן מיט זיי (אויף וועלכע יעדער דערקענטעניש איז באַזירט) און צווישן די אַלגעמיינע אבסטראַקציעס, זענען דאָ אַ סך צווישן־שטופן, וועלכע קענען באַצייכנט ווערן אַלס קאָנקרעטע און באַזונדערע, רעלאַטיוו צו איין באַגריף, אַלגעמיין און אַבסטראַקט רעלאַטיוו צו אַנדערע באַגריפן, און נאָך מער אַבסטראַקט אין פאַרגלייך מיט די דירעקט געגיבענע, באַזונדערע דערשיינונגען. די פאַרשידענע פאָרמען פון אַקטיוויטעט דורך וועלכע די דערקענטעניש ווערט דערגרייכט, ווערן אָבער אין דער ציוויליזירטער געזעלשאַפט דורכגעפירט דורך פאַרשידענע מענטשן. אַן ענגע פאַרבינדונג צווישן זיי (ד.ה. ווען די וויכטיקסטע וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען און אנטדעקונגען ווערן אַריינגעפירט אין דעם לעבן פון אַרבעטער און די וויסנשאַפטלער זענען פון זייער זייט באַוווסט איבער די אייגנשאַפטן פון אַרבעט און די נויטן פון די אַרבעטער) פירט צו אַ מער האַרמאָנישער אַנטוויקלונג און מער צוועקמעסיקן אָנווענדן די דערקענטעניש.

אַ צעריסנקייט צווישן זיי פירט צו גייסטיקער סטאַגנאַציע און פּראַקטישער פאַרקריפּלטקייט און מיסברויך.

פארמעסטן זיך; און נישט געקוקט דערויף, וואָס אי פרויד, אי אַדלער האָבן געמאַכט אַ סך טעותים אין זייערע טעאָריעס און האָבן אָנגענומען די מענטשלעכע אייגנשאַפטן, (פרויד די עראָטיק, אַדלער דאָס געפיל פון מינדערווערטיקייט) וועלכע זענען אין אַן אמת בלויז פאָלגן פון די עקאָנאָמישע אומשטענדן, פאַר דער סיבה פון אַלע סיבות, איז כאָטשע זיי האָבן געהאַט אַ טעות אין דער אינסטאַנץ, ברענגען זיי דאָך אַ גרויסן נוצן און דערמעגלעכן, דורך זייערע פאָרשונגען איבער דער מענטש־לעכער פסיכאָלאָגיע, אויסצובארייטערן און פאַרפעסטיקן געוויסע טיילן פון די עכטע, טיפע, מאָניסטישע אַנאַליזן פון דעם מאַרקסיזם (נישט געקוקט דערויף וואָס אין פרינציפּ איז ער אימגאַנצן קעגן זיי) וועלכער נעמט אַריין אין זיך צוליב זיין פילזייטיקייט אויך דעם דאָזיקן געביט פון פאָרשן.

די פילזייטיקייט שטעקט נישט אין דעם סוראגאט פון רעדן, נאָר אין דעם גרינטלעכן אויסשטודירן די פילע זייטן פון לעבן, אין דעם באַגרייפן און דערקלערן די פאַרשידענאַרטיקע מאַניפעסטאַציעס פון יענע הויפּט פרינציפּן, וועלכע זענען די זעלבע אין דעם אַטאָם און אין דער גאַנצער זונען סיסטעם; אין דעם דערקענען דאָס ווירקן פון די געזעצן, וועלכע זענען אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, פּונקט ווי אין דער גאַנצער נאַטור, אייביק, אָביעקטיוו און, אומאָפּהענגיק פון אונזער ווילן, מאָניסטיש און קענען נישט דורך דעם טריק פון ווערטער אַנדערש ווערן.

דאָס שטרעבן אויסצוגעפינען אַן איינהייטלעכע סיסטעמע, אַ מאָניסטישע טעאָריע וואָס איז די ברייטסטע גענעראַליזאַציע, איז פאַרבונדן מיט אַ גרעסער פאַרמעסטן זיך, מיט אַ ווילן אָנצוכאַפּן דעם ביק ביי די הערנער און אים באַצווינגען, אַנשטאָט זיך נאָכצושלעפּן נאָך זיין עק.

דאָס איז אַ שטרעבן צו דערקענען און באַהערשן די גאַנצע וועלט, אַ פרווו טיף אַריינצודרינגען און געפונען דאָס אַלגעמיינע, וואָס פאַר־איינִיקט דעם גאַנצן קאָסמאָס, דאָס איז אַ פאַרמעסט אויסצופאָרשן די איינהייט פון דעם פאַרשידענעם און אַלגעמיינעם אין יעדער זאַך; די איינהייט, וואָס באַשטייט אין דער פאַרבינדונג און אויפלעזונג, אין די געזעצן פון באַוועגונג און ענדערונג פון אַלע אָביעקטן.

מאָניזם מיינט נישט דאָס צענויפמישן אַלע באַגריפן אין איין קאַשע, ווי געוויסע אולטראַ מאָדערנע מאָניסטן האַלטן, דאָס מיינט נאָר דאָס זוכן די הויפּט סיבות פון זאַכן, זייער אורשפּרונג.

דאָס איז די אַנטדעקונג פון יענער דיאַלעקטישער איינהייט, אין וועלכער אונזער גייסט ווערט דערקענט סיי אין זיין דערשיינונג אַלס די סינטעזע פון דער מאַטעריע און סיי, אין דער זעלבער צייט, אַלס

איר אַנטיטעזע; אַלס די פאָלגע, וואָס ווערט דורך די געזעצן פון קוואַנטיטעט אויך אַ סיבה אין די פאַרשידענע שטופן פון דער אַנט־ וויקלונג פון מאַטעריע־ענערגיע.

די פאָלקאָמענע אָנווענדונג פון דעם מאָניסטישן, אינדוקטיוון, דיאַלעקטישן מעטאָד פון דעם היסטאָרישן און פילאָסאָפישן מאַטעריאַ־ ליזם, וועלכער איז מעגלעך נאָר אין אַ ראַציאָנעלער, סאָציאַליסטישער אָרדנונג (וואָס קען אָבער פון איר זייט אויסגעקעמפט ווערן נאָר מיט דער הילף פון דעם זעלבן מעטאָד, וועלכער אַנטוויקלט זיך נאָך אונטער דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, און ווערט געשאַפן אַ סך פריער איידער ער קען ריכטיק אָנגעווענדעט ווערן) איז דאָס דרייסטעסטע מיטל, דורך וועלכן מיר קענען אויסמיידן דאָס פאַרקוקן די אַלגעמיינע אייגנשאַפטן אין די באַזונדערע געשעענישן און דערשיינונגען, ווי אויך דאָס פאַרזעען די באַזונדערע כאַראַקטעריסטיקעס אונטער די אַלגעמיינע אַבסטראַקציעס.

די אַנטוויקלונג פון ווייטערדיקע אַבסטראַקציעס, (וואָס ווערן מערסטנטייל געמאַכט דורך דער וויסנשאַפט) דאָס פאַרפיינערן די טעכניק און די לטעראַטור, (וועלכע זענען אין פאַרגלייך מיט דער וויסנשאַפט ווייניקער אַלגעמיינע און אַבסטראַקטע, נאָר מער באַשטימטע און קאָנקרעטע געביטן פון שאַפן) ברייטערע און טיפערע פאָרשונגען אין דעם אינדיווידועלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, ווערן אַלע איינצייטיק סטימולירט דורך דער מאָניסטישער סיסטעמע פון דעם היסטאָרישן און פילאָסאָפישן מאַטעריאַליזם און פאַרפאָלקאָמט דורך דער ענגער פאַר־ בינדונג, וואָס איז אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט פאַראַן צווישן אַרבעט און וויסנשאַפט, די צוויי אָרגאַנישע טיילן פון איין דיאַלעקטישן פּראָצעס.

קאַפּיטל 8

## דאס מעכאנישע באנוצן ביישפילן אלס אן ערזאץ פאר פראקטיק

אין אַ באַמערקונג צו דעם פריערדיקן קאַפּיטל האָבן מיר דערמאָנט, אַז דער דיאַלעקטישער פּראָצעס פון אונזער דערקענטעניש אַנטוויקלט זיך דורך דעם איבערגאַנג פון דעם פרט צום כלל און ווייטער פון דעם כלל צום פרט.

מיט אַנדערע ווערטער: דורך דעם דירעקטן צוזאַמענשטויסן זיך מיט באַזונדערע געשעענישן, דורך באַשטימטע דערפאַרונגען און דורך דעם באַנוצן זיך מיט די איינצעלנע דערשיינונגען (טעזיס) באַקומט דער מענטש אַרויס אַ סך ברייטערע געזעצן, ער שאַפט אַבסטראַקטע פאַראַל־

געמיינערונגען, דערגרייכט אַ באַשטימטן סטאַנדאַרט פון וויסן (אַנטי־טעזיס); פון דעם קומט ער צו אַ נייעם מער ראַציאָנעלן אופן פון באַנוצן דאָס איינצלנע און באַזונדערע, און דערגרייכט אַ העכערע שטופּע אין זיין דערקענטעניש איבער דעם, (סינטעזע) א.א.וו.

פּונקט ווי מיר ווען דערפאַר האַלטן אין איין איבערחזרן די אונזיניקסטע טאַאוטאלאָגיעס, אויב מיר גייען נישט איבער פון דעם באַזונדערן צום אַלגעמיינעם, אויב מיר זעען נישט די אַלגעמיינע אייגנשאַפטן וואָס זענען פאַראַן אין די פאַרשידענע דערשיינונגען, און מיר קענען נישט דערקלערן איין זאַך דורך דעם פאַרגלייכן זי מיט אַנדערע, נאָר מיר דערקלערן זי מיט איר אַליין, — אַזוי מוזן מיר פאַרבלייבן גרעזנען אין די זעלבע טאַאוטאלאָגיעס, אויב מיר קענען נישט איבערגייען פון דעם אַלגעמיינעם צו דעם באַזונדערן, אויב מיר קענען נישט אָנווענדן אונזערע טעאָריעס אין דער פּראַקטיק און מיר פּרווון צו דערקלערן אַלגעמיינע אַבסטראַקציעס, דורך אַלגעמיינע אַבסטראַקציעס אַליין.

יעדער פאַראַלגעמיינערונג אויף ווי ווייט זי נעמט אַרום אַ ברייטער פעלד פון פאַרשן און קען אָנגעווענדעט ווערן צו אַ גרעסערער קוואַנטיטעט פון דערשיינונגען און געשעענישן, ד.ה. אויף ווי פיל זי איז מער א י ב ע ר ט ר אָ ג ב אַ ר , מער באַוועגלעך און בויגעוודיק, ווי אונזער דערקענטעניש איבער די איינצעלנע דערשיינונגען, אויף אַזוי פיל, איז זי אויך רעלאַטיוו צו דער לעצטער מ ע ר ד י נ אַ מ י ש .

ווען מיר נעמען זיך אָבער אָנווענדן די אַבסטראַקציע צו דער דירעקטער פּראַקטיק און מיר הויבן אָן פאַרגלייכן די וויסנשאַפטלעכע געזעצן מיט די נייע, באַזונדערע און קאָנקרעטע דערשיינונגען, וועלכע מיר טרעפן אָן, דעמאָלט גענוגט מער נישט דער געזעץ אויף זיי פאַלקאָם צו דערקלערן, ווייל ווי דאָס וואָרט אַבסטראַקציע אַליין זאָגט שוין, ווערן די אינדיווידועלע שטריכן וועלכע האָבן נישט קיין דירעקטע שייכות צו דעם געפאָרשטן ענין און צו דעם ציל פון דער פאַראַלגעמיינערונג, (באַזונדערס ווען די דאָזיקע שטריכן זענען נישט כאַראַקטעריסטיש פאַר די מיינסטע פאַלן, וואָס ווערן אין אָט דער אַבסטראַקטער פאַראַל־געמיינערונג באַהאַנדלט) אומיסטנע אויסגעשלאָסן פון איר.

דאָס וואָס איז אָבער צופעליק און קען אַלס אַן אויסנאַמע נישט איינגעשלאָסן ווערן אין איין אַבסטראַקטער פאַראַלגעמיינערונג, איז אָפט די הויפּט עסענץ פון אַן אַנדער אַלגעמיינעם געזעץ. דער באַזונדערער פאַל קען דערפאַר פאַלקאָמען דערקלערט ווערן, נאָר דורך דער קאָמבינאַציע פון פאַרשידענע געזעצן, און אָפט מאָל, ערשט נאָר דעמאָלט, ווען אָט די געזעצן ווערן דערגענצט מיט דירעקטע נייע דערפאַרונגען.

יעדער פּריערדיקע פּאַראַלגעמיינערונג איז אַזוי אַרום סטאַטיש, אין פּאַרגלייך מיט די נייע באַזונדערע און קאָנקרעטע דערשיינונגען, מיט וועלכע מיר האָבן צו טאָן, רעלאַטיוו צו זייערע פּאַרשידנאַרטיקע פּרישע פּאַרבינדונגען און אויפלעזונגען, און צו זייער אומענדלעכער אַנטוויקלונג און ענדערונג, ד.ה. אין פּאַרגלייך מיט דער דירעקטער פּראַקטיק.

אַזוי איז כאָטש דער טיפּ פון אַ ליטעראַרישער שאַפונג, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ קינסטלערישע פּאַראַלגעמיינערונג, איז נענטער פאַרבונדן מיט די באַזונדערע קאָנקרעטע דערשיינונגען און געשעענישן, ווי די וויסנשאַפטלעכע פּאַראַלגעמיינערונג, איז דאָך נישט גענוג צו דערקלערן מיט די כאַראַקטער־שטריכן פון איין ליטעראַרישן טיפּ די פּסיכאָלאָגיע פון אַ באַזונדערן לעבעדיקן מענטשן, און מיר מוזן צוליב דעם צוועק קאָמבינירן די אייגנשאַפטן פון פאַרשידענע טיפּן פון אַ צאָל ליטעראַרישע ווערק.

אויב די באַזונדערע נייע דערפאַרונגען זענען נישט באַגרעניצט צו קיין זער שמאָלן קרייז, אויב זיי האָבן אַן אַלגעמיינעם ווערט, דעמאָלט קומט פון זיי אַרויס אַ נייער געזעץ, וועלכער איז מער אַרומנעמענדיק, איבערטראַגבאַר און דינאַמיש, ווי די דערקענטעניש, וועלכע מיר האָבן געווינען בלויז איבער אָט די דערשיינונגען און געשעענישן אַליין. און אַזוי ווייטער.

מיט אַנדערע ווערטער, אין פאַרגלייך מיט די באַזונדערע דערפאַרונגען, מיט דער טעזע, וואָס דינט אונז אַלס דאָס אַבסאָלוטע געגיבענע, אַלס דער פעסטער פּרעמיס און אַלס דער רעלאַטיוו סטאַטישער אויסגאַנג־פּונקט, איז די אַבסטראַקטע פאַראַלגעמיינערונג, וועלכע ווערט פון זיי אויסגעפירט און וועלכע שטעלט מיט זיך פאָר זייער אַנטיטעזע, מער איבערטראָגבאַר און דינאַמיש.

און רעלאַטיוו צו דעם אַלגעמיינעם געזעץ, וועלכער ווערט באַנוצט אַלס דער רעלאַטיוו סטאַטישער און אַבסאָלוטער מאַסשטאַב, מיט וועלכן מיר פּרוּוון צו פאַרגלייכן, און דורך וועלכן מיר ווילן אונטערשיידן די אייגנטימלעכקייטן פון די באַזונדערע פאַלן זענען אָט די איינצלנע דערשיינונגען, ד.ה. די סינטעזע, אָדער די אַנטיטעזע פון דער אַנטיטעזע, מער דינאַמיש.

די שלוסן צו וועלכע מיר קומען דורך ווייטערדיקע דערפאַרונגען ווערן דעמאָלט דער נייער, רעלאַטיוו סטאַטישער און אַבסאָלוטער אויסגאַנגס פּונקט פאַר ווייטערדיקע פאַרגלייכונגען.

ווען מיר פאַרגלייכן איין זאַך מיט אַ צווייטער זאַך, כדי די ערשטע צו דערקלערן, ווערט די אַנדערע אַבסאָלוט און סטאַטיש רעלאַטיוו צו דער ערשטער, וועלכע ווערט מיט איר פאַרגליכן און געאורטיילט,

ד.ה. אַז יעדער רעלאַטיווער באַגריף איז אַן אומפאַרמיידלעכע באַדינגונג פאַר דעם פאַראַנען זיין פון אַ געוויסן אַבסאָלוט, אָבער דער אַבסאָלוט קען באַצייכנט ווערן אַלס אַזעלכער, נאָר רעלאַטיוו צו דער זאַך וואָס ווערט דערמיט פאַרגליכן, געמאָסטן, אָדער דערצו צוגעפּאַסט.

אין אַן אַנדערן צייט־רוים, אָדער מאַטעריע־ענערגיע באַציונג, און אפילו אין דערזעלבער באַציונג, אין דער אייגענער רעלאַציע, ווען זי ווערט נאָר באַטראַכט פון אַ פאַרקערטער זייט, ד.ה. אין אַ פאַרקערטער אָרדנונג, אָדער פון אַן אַנדער צייט־רוים ווינקל, קען דער געגיבענער אַבסאָלוט, באַצייכנט ווערן אַלס דער רעלאַטיווער, — און דער רעלאַטיווער אַלס אַן אַבסאָלוטער, באַגריף.

„דער אונטערשיד צווישן סוביעקטיוויזם (סקעפּטיציזם, סאָפיסטיק א.א.וו.) און דיאַלעקטיק, באַשטייט, צווישן אַנדערע זאַכן, אין דעם, וואָס אין דער (אָביעקטיווער) דיאַלעקטיק איז דער אונטערשיד צווישן דעם רעלאַטיוון און אַבסאָלוטן אויך רעלאַטיוו . . . לויט דער אָביעקטיווער דיאַלעקטיק געפינט זיך דאָס אַבסאָלוטע אויך אין דעם רעלאַטיוון, לויט דעם סוביעקטיוויזם און סאָפיזם איז דאָס רעלאַטיווע בלויז רעלאַטיוו און שליסט אויס דאָס אַבסאָלוטע“ (לענין. מאַטעריאַליזם און עמפּיראָ־קריטיציזם).

כדי אונזער דערקענטעניש זאָל זיך נישט דרייען אין קיין קרייז, נאָר זי זאָל זיך אַנטוויקלען אין אַ ספּיראַלער פאָרם, מוז יעדע אַבסטראַק־ציע אַלס אַזעלכע ד.ה. אַלס אַ וויסנשאַפטלעכע נויטווענדיקייט נישט נאָר אונטערשטרייכן די אייגענע באַגרעניצטקייט, צוליב וועלכער זי איז רעלאַטיוו סטאַטיש, נאָר זי מוז אַלס אַ רעלאַטיוו גייסטיקע קאָנסטרוקציע אונז שטויסן צו דערקענען אויך די אַנדערע פאַרבינדונגען און אויפ־לעזונגען מחוץ איר, אין וועלכע די אָביעקטן וואָס זי באַהאַנדעלט הערן נישט אויף צו נעמען קיין אָנטייל, ווי אויך אָנדייטן אויף איר אינדירעקטער פאַרבינדונג מיט די אַנדערע פאַרבינדונגען און אויפלעזונגען אין דעם פּראָצעס פון באַוועגונג און ענדערונג.

דער זעלבער פּרינציפּ איז אויך איינגעשלאָסן אין דעם גייסט פון יעדער באַוווסטזיניקער פּראַקטיק.

דאָס מעכאַנישע באַנוצן איזאָלירטע ביישפּילן אַלס אַן ערזאַץ פאַר פּראַקטישע באַווייזן איז דערפאַר סטאַטיש, רעלאַטיוו צו דער רעאַלער פּראַקטיק, ווי עס איז רעלאַטיוו צו די אַבסטראַקטע פאַראַלגעמיינערונגען.

ביישפּילן וואָס ווערן באַנוצט אויף צו דערקלערן אַ טעאָריע קענען נישט ערזעצן דעם מאסשטאַב פון דער פּראַקטיק, ווייל ערשטנס קען נאָר אַ גרויסע צאָל פון פּראַקטישע דערפאַרונגען, וואָס האָבן אַן אַל־געמיינעם ווערט איבערגען און פאַרוואַנדלט ווערן אין דער נייער קוואַליטעט פון אַ וויסנשאַפטלעכער פאַראַלגעמיינערונג און צווייטנס

ווייל דער ביישפּיל איז שוין איזאָלירט פון זיינע רעאַלע קאָנקרעטע פאַרבינדונגען און שטעלט שוין אַליין מיט זיך פאָר אין פאַרגליך מיט דיווירקלעכע קאָנקרעטע דערשיינונגען און געשעענישן אַ שמאָלע און דערפאַר טאַקע נישט איבערטראַגבאַרע און סטאַטישע אַבסטראַקציע.

אינצידענטן, עפּיזאָדן, טאָג־בוך מאַטעריאַלן און פאַרשידענע אַנדערע פאָרמען פון ביישפּילן, וועלכע האָבן נישט קיין אַלגעמיינעם ווערט, און דינען אַלס פּראַקטישע אילוסטראַציעס אין די אַרגומענטן פון פאַרשידענע עמפּיריקער, געוויסע מאָדערנע פּסיכאָלאָגן און אין דעם פּסעאודאָ־ליטעראַרישן, סעמי־כראָניקאָלאָגישן פאררעגיסטרירן ווערט־לאָזע איינצלהייטן פון דילעטאַנטן (וואָס פּרעטענדירן אַז זיי באַזיצן דורך אָט דעם מאַטעריאַל דעם קריטעריום פון דער פּראַקטיק) דינען אין אַן אמת בלויז צו פאַרשטעלן דאָס פעלן פון לאָגיק.

ס'איז מערקווירדיק וואָס אין די ביכער פון מאַרקס און ענגעלס, אין וועלכע די איינהייט פון טעאָריע און פּראַקטיק איז אַנטדעקט געוואָרן, און וועלכע פאַרקערפּערן די האַרמאָנישע באַציונג צווישן אָט די צוויי אָרגאַנישע טיילן פון דערקענטעניש זענען די פאָרזיכטיקסטע אַרגומענטן, אָדער אימגאַנצן נישט באַגלייט פון קיין ביישפּילן, אָדער זיי ווערן אילוסטרירט מיט אַ צאָל פון אמת קלאַסישע, כאַראַקטעריסטישע און בילדערישע ביישפּילן מיטאַמאָל; און אפילו מיט די דאָזיקע פּרעטענדירן קיינמאָל נישט אָט די צוויי פילאָסאָפן און קעמפער אָפּצו־קומען קיין פּראַקטישע באַווייזן.

די פּראַקטישע באַזע פון דעם מאַרקסיזם באַשטייט אין די דער־פאַרונגען וואָס זענען געוווּנען געוואָרן דורך דעם באַאָבאַכטן, און דורך דעם דירעקטן אנטייל נעמען, אין דעם קאַמף פון דעם פּראָלעטאַריאַט, און אין דער זעלבער צייט, דורך דעם טיפן שטודירן די געשיכטע פון אַנדערע אונטערדריקטע קלאַסן און זייערע קאַמפן דורך די פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטער, פונקט ווי אויף דעם פאַרשן די אַנטוויקלונג פון די פאַרשידענע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע געשעענישן און דערשיינונגען און פון דער פאַרבינדונג וואָס איז פאַראַן צווישן זיי און די אידעאָלאָגיעס פון יעדער אַנטשפּרעכנדיקער עפּאָכע.

דאָס דערקענען די פּראַקטיק איז אַזוי אַרום אין דער מאַרקסיסטישער טעאָריע לכתחילה אָרגאַניזירט געוואָרן אויף אַ דינאַמישן אופן, מיט אַ טיפער טעאָרעטישער באַלויכטונג, ד.ה. אַז זי איז באַטראַכט געוואָרן אין דעם ליכט פון די פריערדיקע דערפאַרונגען וואָס זענען דערוואָרבן געוואָרן דורך דער פּראַקטיק פון יאָרהונדערטער.

און נאָר אויף אַזאַ מין באַוווסטזיניקער פּראַקטיק האָט געקאָנט אויפגעשטעלט ווערן די סיסטעמע פון דעם היסטאָרישן און פילאָסאָפישן מאַטעריאַליזם.

קאַפּיטל 9

# געפיל און געדאַנק

## אין זייער שייכות צו דער טאָט

דאָס געפיל און דער געדאַנק, די צוויי גרונט אייגנשאַפטן פון דעם מענטשלעכן וועזן, זענען אַזוי פאַרקריפּלט געוואָרן אין דעם מענטשנס פאָרשטעלונג דורך כלערליי נעפּלדיקע דעפיניציעס, אַז מ׳קומט אויס זער שווער (זעלטן פּרובירט גאָר עמיצער) אַראָפּצורייסן פון זיי די פאַלשע שלייערס און זיי צו באַטראַכטן אין דעם ריכטיקן און גראַנדיעזן פּראָצעס פון ז י י ע ר  ו ו ע ר ן.

די ערגסטע אומבאַהאָלפנקייט אין דעם פאָרשן דאָס געפיל און דעם געדאַנק קומט פון דעם סטאַטישן מעטאָד, דורך וועלכן מען פאַרקוקט די פאַרבינדונג פון דעם געפיל מיט דעם געדאַנק און דורך וועלכן מען באַטראַכט זיי אַלס באַזונדערע, פאַרגליווערטע און איזאָלירטע דערשיינונגען מיט קעגנגעזעצטע אייגנשאַפטן.

דערביי שרייבט מען צו דעם געפיל די עפּיטעטן פון פיינקייט, צאַרטקייט, וואַרעמקייט, שוואַכקייט ; און דעם געדאַנק דאַקעגן שרייבט מען צו טרוקנקייט, קאַלטקייט, שטאַרקקייט און האַרטקייט.

אָט אַזוי ווערן זיי געשטעמפּלט אַלס צוויי אַנטאַגאָניסטישע כחות מיט פאַרשידענע אָפּשטאַמונגען.

דעם פּונקט פון קולמינאַציע האָט די דאָזיקע אָנשויאונג דערגרייכט אין דער ראָמאַנטישער עפּאָכע, אין וועלכער די קלאַסישע־ראָמאַנטישע סימבאָלן : לוציפער, מעפיסטאָפל און דער דעמאָן, האָבן פאַרקערפּערט דעם געדאַנק און דערמיט געשאַפן וועגן אים די פאָרשטעלונג ווי וועגן עפּעס וואָס איז גרויס אָבער שלעכט ; אַרום דעם געפיל ווידער איז געשאַפן געוואָרן אַן אָרעאָל פון תמימותדיקייט און גוטסקייט, אָבער פון עפּעס וואָס איז קליין און שוואַך. אַסאָציאירט און פאַרגליכן האָט מען דאָס געפיל מיט אַ ווייסער טויב, מיט אַ ריינעם מלאך א.א.וו.

ביז אויף דעם היינטיקן טאָג זענען אָט די קאָנצעפּציעס נאָך אַלץ פאַרבליבן די הערשנדיקע (דאָס מוז באמת באַצייכנט ווערן אַלס אַן

אַטאַוויזם, וואָס עגזיסטירט אין אונזערע קאָנצעפּציעס, פּונקט ווי אין אונזערע געפילן).

כדי אויסצופּרווון אויף ווי ווייט אָט די באַהויפּטונגען זענען פאַלש און כדי זיך איינצייטיק צו דערנענטערן צו דער ריכטיקער דערקענטעניש איבער דעם מענטשלעכן פילן און דענקען, דאַרפן מיר זיך פאַר אַלעמען צוקוקן צו דעם מענטשנס אַנטוויקלונג, אָנגעהויבן פון דעם פּרימיטיוון ביז דעם קולטור מענטש, און זוכן די אורקוואַלן פון דעם געפיל און געדאַנק, דערביי זיך באַזירן אויף אמתן, וועלכע זענען אויסגעפאָרשט און אַלגעמיין אָנגערקענט געוואָרן, מיט אַנדערע ווערטער, זיך שטיצן אויף וויסנשאַפטלעכע עקספּערימענטן און אויף דעם דערפאַרענעם געזונטן פאַרשטאַנד „קאָמען סענס" (די באַזע פון אונזער גאַנצער קולטור און וויסנשאַפט, איז דער געזונטער פאַרשטאַנד. אין דעם פּראָצעס פון אַנטוויקלונג דערגרייכט אָבער אונזער וויסן אַזאַ שטופע, ווו עס שטעלט מיט זיך פאַר אַן אַנטיטעזע צו דעם קורצזיכטיקן און אויבערפלעכלעכן געזונטן פאַרשטאַנד. ווען די דאָזיקע אַנטיטעזע ווערט אָבער אַלץ רייפער און קומט צו איר קולמינאַציע פּונקט, הויבט זי אָן אַסימילירט צו ווערן, אויב נישט דורך דער מאַסע פון דער גאַס, אויך דאָס קען טיילוויז געשען, איז דורך דער „אינטעליגענטער מאַסע", אויף וועלכער די לייען, די פּראָפאַגנען פאַרלאָזן זיך און וועלכע שאַפט דאָס דעם קריטעריום פון דעם געזונטן פאַרשטאַנד. אַזוי אַרום איז דער געזונטער פאַרשטאַנד סיי דער אויסגאַנג פּונקט און סיי דער קולמינאַציע פּונקט פון וויסן; און כאָטשע ער גענוגט נישט אַלס קיין אַבסאָלוטער מאַסשטאַב פאַר דער וויסנשאַפט, איז ער אָבער שטענדיק פאַר איר אַן אומפאַרמיידלעך הילפס מיטל).

די ביאָלאָגיע, אַנאַטאָמיע און קולטור געשיכטע וועלן אונז ריזיק פאַרקורצן דעם וועג, זיי וועלן אונז צוטראָגן פאַרטיקס, ס'בלייבט נאָר צו זיין לאָגיש און געוויסנהאַפטיק צו באַהאַנדלען יענעם מאַטעריאַל, וועלכער איז נישט געוויסהאַפטיק מיסברויכט געוואָרן איבער פאַרשידענע סיבות, הויפּטזעכלעך אָבער דערפאַר וואָס די גייסטיקע ווערטן פון די פריערדיקע צייטן האָבן געמאַכט אוממעגלעך צו באַהאַנדלען דערשיינונגען אויף אַזאַ וויסנשאַפטלעכן אופן (אָט די גייסטיקע ווערטן זענען פון זייער זייט פאַראורזאַכט געוואָרן דורך די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אומשטענדן).

אין ליכט פון דער טויזנט־יאָריקער וויסנשאַפט און דער פילאָ־סאָפישער ספּעקולאַציע פון דעם געזונטן פאַרשטאַנד, איז, אַ חוץ אין דעם אינסטינקט, אין ערגיץ נישטאָ קיין שום אָנדייטונג אויף עפּעס אַן אייגנשאַפט, פון וועלכער דאָס געפיל, אָדער דער געדאַנק האָט זיך געקאָנט אַנטוויקלען. אַלס די קנאָספּע פוןביידע מוז דערפאַר אָנגענומען

ווערן, איינציק און אַליין, דער אינסטינקט, וועלכער איז פון זיין זייט אַ טרענירטער רעפלעקס, ד.ה. אַ פאַרשטאַרקטע רעאַקציע אויף די עמפפינדונגען פון לוסט און אומלוסט.

די לוסט ווערט אויפגענומען פאָזיטיוו, די אומלוסט נעגאַטיוו (אונטער דעם באַגריף לוסט פאַרשטייען מיר די פאַרשידנסטע שטופן און סאָרטן פון עמפפינדונגען, אויף וועלכע מיר רעאַגירן אויף אַ פּאָזיטיוון אופן; מיט דעם טערמין אומלוסט, ווידער, באַצייכענען מיר די אַלע עמפפינדונגען, וועלכע רופן ביי אונז אַרויס אַ נעגאַטיווע רעאַקציע).

אויף וויפיל די נעגאַטיווע רעאַקציע קעגן אומלוסט איז שטאַרקער און אויף וויפיל ס'איז גרעסער די פּאָזיטיווע און אַקטיווע שטרעבונג צו לוסט, אויף אַזוי פיל איז אָרגאַניזירשער און פאָלקאָמנער דאָס לעבע־דיקע וועזן, ווייל אויף אַזוי פיל וועט עס זיך אַלץ מער וועהרן פון אונטערגאַנג, מיט וועלכן ס'איז פאַרבונדן אַ אומפאַרמידלעכע אומלוסט עמפפינדונג, און אויף אַזוי פיל וועט עס אַלץ מער באַרייכערן זיינע לעבנס פאָרמען, כדי צו געניסן וואָס מער לוסט, אויף אַזוי פיל האָט עס אויך אַ גרעסערע צוקונפט.

די עמפפינדונגען פון לוסט און אומלוסט, וועלכע זענען פונקט ווי אַלע אַנדערע דערשיינונגען אויף דער וועלט, די פאָלגן פון אָביעקטיווע מאַטעריעלע סיבות, באַשטימען פון זייער זייט אונזערע שטרעבונגען, אונזערע צילן און אַנ־שטרעבונגען צו דערגרייכן דאָס וואָס ס'איז נוצלעך פאַר אונז. די זעלבע עמפפינדונגען, וועלכע זענען די פאָלגן פון פריערדיקע סיבות, ווערן אַזוי אַרום די סיבות פון ווייטערדיקע פאָלגן. ווידער, די שטרעבונגען פאַר לוסט און קעגן אומלוסט, וועלכע זענען די רעאַקציע אויף די פיזישע עמפפינ־דונגען פון לוסט און אומלוסט, — (פון זייער זייט, ווי שוין געזאָגט, דער פועל יוצא, די פאָלגע פון אַ קאָמפּליצירטער קאָמבינאַציע און אַנטוויקלונג פון מאַטעריע) — זענען, אויף אַזאַ אופן, די פאָלגען פון פריערדיקע פאָלגען. ווי יעדער פאָלגע, ווערען זיי אויך אַ סיבה אין דעם דיאַלעקטישן פּראָצעס פון אַנטוויקלונג און שאַפנדיק אונזערע צילן, שטויסען זיי אונז אין דער זעלבער צייט אין אַ באַשטימטער ריכטונג, צו באַשטימטע טאַטן. ס'איז דערפאַר גענוג בלויז קורצזיכטיק צו איזאָלירן אָט די שטרעבונגען פון דעם גאַנצן פּראָצעס, מען מוז זיי דערביי אפילו אימגאַנצן נישט פאַרפעלשן אַלס אַזעלכע, אַז זיי זאָלן קענען נישט ריכטיק דערקלערט ווערן און זיך פאַרוואַנדלען אין די פונדאַמענטן פון אַ אולטיליטאַריסטישער און טעלעאָלאָגישער טעאָריע. (דער פּרעמיס פון די אוטיליטאַריסטן און

טעלעאָלאָגן, אַז אַלעס לעבט און אַנטוויקלט זיך נאָר צוליב און אַ דאַנק די נוצן וואָס ס׳ברענגט, ד.ה. אַז דאָס נוצלעכע ווערט פאַרשטאַנען אַלס די הויפט סיבה און נישט אַלס קיין פאָלגע, טייט אָן אויף אַן אַבסורדישער קאָנצעפּציע וועגן דער עגזיסטענץ פון אַ „געטלעכער קראַפט“ אין דער אָביעקטיוער נאַטור, וועלכע האָט דעם ציל און טענדענץ צו מאַכן אַזעלכע „קלוגע“ פאָרויסבאַשטימונגען). אָפּצולייקענען, ווי דאָס טוען געוויסע פּסעוודאָ מאַרקסיסטן, דאָס פאַראַנען זיין פון די שטרעבונגען פאַר לוסט און קעגן אומלוסט און די ראָל וואָס זיי שפּילן אַלס די טרייבקראַפט אין אַלע אונזערע טאַטן, און דערפאַר אויך אין אונזער פיזישער און גייסטיקער אַנטוויקלונג, בלויז דערפאַר וואָס ספּעגסער און אַנדערע געלערנטע און פילאָזאָפן האָבן זיי דערקלערט אויף אַ טעלעאָלאָגישן אופן, וואָלט געהייסן אַרויסגיסן דאָס קינד מיט דער באָד.

אונזערע עמפּפינדונגען באַשטייען נישט פון קיין ריינער לוסט, אָדער פון לויטער אומלוסט, זיי גייען מערסטנטייל צוזאַמען, ד.ה. אַז אין יעדער לוסט איז דאָ אומלוסט, און פאַרקערט.

קיינמאָל איז אָבער אין דער עמפּפינדונג, וואָס מיר נעמען אויף, נישטאָ קיין גלייכגעוויכט פון לוסט און אומלוסט, איינטייל שטענדיק שטאַרקער און דער אַנדערער שוואַכער; די פּראָפּאָרץ צווישן זיי באַשטימט אונזער אויסוואַל און דעם אופן פון אונזער רעאַגירן. זער אָפט טרעפט אָבער אַז די עמפּפינדונג, אין וועלכער ס׳איז פאַראַן מער לוסט, גייט שפּעטער איבער אין אַ נאָך גרעסערער אומלוסט, און פאַרקערט. אָט דער דאָזיקער דיאַלעקטישער פּראָצעס פון לוסט און אומלוסט שאַפט דעם אינערלעכן קאַמף, דורך וועלכן די אַנטוויקלונג פון אונזערע רעפלעקסן קומט צושטאַנד און ס׳בילדעט זיך אויס דעם מענטשנס באַשטימטע איינשטעלונג אין לעבן, ווי אויך דער אונטערשיד אין די רעאַקציעס פון פאַרשידענע מענטשן, וועלכע האָבן דורכגעמאַכט פאַרשידענע קורסן פון אַנטוויקלונג און האָבן געהאַט פאַרשידענע דערפאַרונגען.

נישט דאָ איז דאָס אָרט צו באַהאַנדלען די פראַגע צי די עמפּפינ־דונגען פון לוסט און אומלוסט זענען אייגנשאַפטן פון דער מאַטעריע, צי פון דעם קאָמפּליצירטן קעמערל, אָדער זיי ווערן ערשט אין מוח אַזוי אויפגענומען, נאָר זיכער איז, (לויט עס איז אויסגעפאָרשט און דערוויזן געוואָרן אין דער אַנאַטאָמיע) אַז די נערוון דערפירן די עמפּפינדונגען צו זייער צענטער דעם מוח און ערשט יענער רעאַגירט דורך זיינע שליחים, אויך נערוון, מיט צוריקציען זיך געגן אומלוסט, און מיט פאַרהאַלטן און קאָנסערווירן, אויף וויפיל ס׳איז מעגלעך, די לוסט עמפּפינדונג. אונזער מוח איז ווי אַן אַנטענע, וועלכע ווערט

אָנגעשטימט דורך די נערוון אויף דער אַרויספיר אַנטענע, די אַרומיקע סביבה.

דער מוח איז איינצייטיק אויך אַ קאָנדענסאַטאָר און אַ רעזערוואַר פאַר די עמפּפינדונגען, וואָס מען האָט שוין דורכגעלעבט, דאָס הייסט, פאַר דער דערפאַרונג.

די אָביעקטן וועלכע זענען פאַרבונדן מיט דער דורכגעלעבטער לוסט אָדער אומלוסט, רופן שוין אַליין אַרויס אַ אַנטשפּרעכנדיקע רעאַק־ציע, אפילו דעמאָלט ווען די עמפּפינדונג ווערט נישט מער דירעקט אויפגענומען, אַזוי אַז דער מוח קאָן דורך זיינע שליחים זיך ווערן פון די נישט געווינטשענע עמפּפינדונגען, אָדער פאַרקערט דערמעגלעכן און צואיילן דאָס אויפנעמען און קאָנסערווירן די געווינטשטע.

מיר זעען דאָס אין דעם קלאַסישן ביישפּיל מיט דעם קינד, וואָס ציט זיך צוריק ביי דעם בלויזן אָנבליק פון פייער, אויב ס׳האָט זיך נאָר אַמאָל אָבגעבריט, כאָטש עס רירט זיך שוין מער דערצו נישט צו.

וואָס עמפּפינדלעכער מען איז, ד.ה. וואָס שאַרפער און אויפנאַמ־פעאיקער ס׳איז דער מוח, אַלץ שטאַרקער רעאַגירט מען.

וואָס שטאַרקער די כוואַליעס און וואַכער די אַנטענע, אַלץ בולטער ווערן אויפגעלעבט אויך יענע עמפּפינדונגען, וועלכע זענען דורך דער דערפאַרונג אָנגעזאַמלט און קאָנדענסירט געוואָרן, אַלץ גאַנצער און לעבעדיקער צעוויקלט זיך דאָס בילד, ביים קליינסטן צוזאַמענשטויסן זיך מיט אַ זאַך וואָס האָט אַמאָל געבראַכט לוסט אָדער אומלוסט.

וואָס פאָלקאָמענער דער מוח, אַלץ לענגער און מיט מער איינצל־הייטן געדענקט ער די עמאָציעס און אַלץ גרינגער דערמאָנט ער זיך אין זיי.

דער קליינסטער סימפּטאָם קען אויפלעבן די גרעסטע און רייכסטע בילדער אין דער דערינערונג. אויף אַזאַ אופן ווערט דערמעגלעכט דאָס אויפנעמען און רעאַגירן אויף אַ סך זאַכן, וועלכע זענען נאָך נישט דורכגעלעבט געוואָרן, נאָר וואָס זענען דורך אַ וויטער שייכות ענלעך צו דעם דורכגעלעבטן. אין דער פּסיכאָלאָגיע ווערט דאָס אָנגערופן אַסאָציאַציע.

די סיבות וואָס רופן אַרויס אַן אַסאָציאַציע ווערן אָבער פאַרשידנ־אַרטיק דערקלערט: אין איין פאַל האַלט מען די אַסאָציאַציע אַלס אַ רעזולטאַט פון אַ „צופעליקן איינדרוק״. וועלכער וועקט ביי דעם מענטשן פאַרשידענע דערינערונגען און ברענגט אים, אַזוי אַרום, צו באַשטימטע פאַרגלייכן (דאָס איז דער אַמווינציקסטן וויסנשאַפטלעכער צוגאַנג), אין אַן אַנדערן פאַל ווערט דאָס דערשיינען פון אַ באַשטימטער אַסאָציאַציע דערקלערט דורך דער שטאַרקקייט פון איינדרוק (דאָס איז הויפּטזעכלעך דער שטאַנדפּונקט פון דעם מעכאַנישן מאַטעריאַליזם),

דאָס אַרויפשווומען פון אַן אַסאָציאַציע ווערט אויך אויסגעטייטשט מיט דער שייכות וואָס איז פאַראַן צווישן דעם אינהאַלט פון אַן איינדרוק (ווי־ סעקס אָדער מאַכט), און די אינערלעכע שטרעבונגען פון דעם מענטשן, וועלכן זיי באַאיינפלוסן; אָט דער סוביעקטיוויסטיש־אידעאַליסטישער באַגריף וועגן אַסאָציאַציע, ווי וועגן אַ טעלעאָלאָגישן פּראָצעס געהערט צו דער פּסיכאָ־אַנאַליזע און דער אינדיווידואַל פּסיכאָלאָגיע, פון פר. פרויד און פר. אַדלער.

אָבער אמת איז, אַז די מענטשלעכע שטרעבונגען ווערן שוין אַליין קאַוזאַליסטיש באַשטימט דורך די פריערדיקע דערפאַרונגען; די דערפאַרונגען ווידער קומען פון די אָביעקטיווע אומשטענדן. די שטאַרקקייט מיט וועלכער אַ איינדרוק באַווירקט אונזער פאָרשטעלונג און שאַפט אונזערע אַסאָציאַציעס, איז אָפּהענגיק פון די נייע אָביעקטיווע אומשטענדן, אין וועלכע מיר גע־ פינען זיך, און איז פּראָפּאָרציאָנעל צו אונזערע שטרעבונגען אויסצו־ מיידן אומלוסט און געווינען לוסט, וועלכע זענען פון זייער זייט אַ פּראָדוקט פון פריער דורכגעלעבטע דערפאַרונגען, ד.ה. פון פאַרגאַנ־ גענע לוסט און אומלוסט עמפּפינדונגען.

אונזערע שטרעבונגען און צילן דינען דאָ ווי אַן עלעקטרישער קאָנטאַקט צווישן די קעגנווערטיקע און פאַרגאַנגענע דערפאַרונגען, אַ קאָנטאַקט וואָס שאַפט דעם גייסטיקן עלעקטרישן שטראָם פון ליכט און וואַרעמקייט — דעם בליץ פון אַן אַסאָציאַציע. די וויכטיקסטע אייגנשאַפט פון די אַסאָציאַציעס באַשטייט אָבער נישט אין דעם פּאַסיוון פּראָצעס פון אַרויסגערופן ווערן, נאָר אין דער אַקטיווער ראָל, וואָס זיי שפּילן אין פאַרפאָלקאָמען די מיטלען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ, און אין זייער אויפגאַבע צו פירן, דורך פאַרגלייכן, פון די פריערדיקע דערפאַרונגען, צו נייע דערגרייכונגען.

די פעאיקייט אויפצולעבן און אַסאָציאירן נישט געוואונטשענע עמאָציעס אַנטוויקלט אין דעם מענטשן די קראַפט פון ווידערשטאַנד, — די פעאיקקייט אויפצולעבן און אַסאָציאירן געוואונטשטע עמאָציעס ברענגט די שטרעבונג זיי נאָך אַמאָל דורכצולעבן, און אַנטוויקלט אַזוי אַרום אין דעם מענטשן דעם קאָמפּלעקס פון באַשטימטע אַספּיראַציעס.

איןביידע פאַלן געווינט דער מענטש אַ מעגלעכקייט זיך פאָרצו־ שטעלן די צוקונפטיקע עמאָציעס, באַגליך ווי זיי וואָלטן געווען קעגנ־ ווערטיקע.

זער אָפט שטויסן זיך אָבער אָט די צוקונפטיקע עמאָציעס צענויף מיט די קעגנווערטיקע; דאָס קומט פאָר ווען צוליב אַ לוסט אין דער קעגנוואַרט, מוז מען עמפּפינדן אַ אומלוסט אין דער צוקונפט, אָדער פאַרקערט, ווען צוליב אַ אומלוסט אין דער קעגנוואַרט, שטייט פאָר אַ

לוסט אין דער צוקונפט, אויב די פראַפּאָרץ איז אַ גלייכע, זיגט דער ספּאָנטאַנער רעפלעקס פון ווערן זיך קעגן דער אומלוסט און שטרעבן צו דער לוסט, נישט רעכענענדיק זיך מיט דער צוקונפט, ווען דער אונטערשיד איז אָבער אַ גרויסער, ד.ה. ווען אויפן חשבון פון אַ קעגנווערטיקער קלענערער אומלוסט, שטייט פאַר דורכצולעבן אַ גרויסע צוקונפטיקע לוסט, אָדער אויף דעם חשבון פון אַ קעגנווערטיקער קליינער לוסט, שטייט פאַר אַ שפּעטערדיקע גרויסע אומלוסט, דעמאָלט מוז פאַרקומען אַן אינערלעכער קאַמף.

מיר קענען זיך קאָנקרעט פאָרשטעלן אָט דעם פּראָצעס, ווען מיר נעמען צום ביישפּיל אַ מענטשן, וואָס טראָגט אַ בריענדיקע כלי מיט הייס וואַסער; כדי זיך צו ווערן קעגן דער מאָמענטאַנער אומלוסט, וואָס דאָס פאַרשאַפט אים, דאַרף ער דאָס געפעס אַראָפּוואַרפן, אויב ער וועט דאָס אָבער טאָן, וועט ער אין דער נאָענטער צוקונפט אימגאַנצן אָפּגע־קרילט ווערן.

באַזיגן אָט דעם ספּאָנטאַנעם רעפלעקס, וועלכער איז אַ פּראָדוקט פון דעם פּרימיטיוון אינסטינקט, קען נאָר אַ שטאַרקע ווילנס קראַפט, וואָס רעפלעקטירט די פאָרשטעלונג און די אַסאָציאַציע פון דורכ־געלעבטע, דערפאַרענע עמאָציעס אין פאַר־בינדונג מיט דער צוקונפט. דאָ קעמפט דער מער דערפאַרענער אינסטינקט, און זיין שליח דער ווילן, מיט דעם פּרימיטיווען אינסטינקט, און זיין שליח דער ספּאָנטאַנער רעפלעקס, דאָ באַווייזט זיך דער געדאַנק. עס קומט צום אויסדרוק די פאָרשטעלונג וועגן דער גרויסער אומלוסט, וואָס דערוואַרט דעם מענטשן ביים אַראָפּוואַרפן דאָס געפעס מיט הייס וואַסער, אויף דעם חשבון פון דער מאָמענטאַנער קליינער לוסט פון דערלייכטערונג.

אַ זיג פון דער מאָמענטאַנער קליינער לוסט איבער דער שפּעטער־דיקער גרויסער אומלוסט, פירט צו דער פאַרמערונג פון אומלוסט, צו דער פאַרמינערונג פון לעבנס פעאיקייט און צו שנעלן אונטערגאַנג; דאָס איז דער זיג פון דעם אינסטינקט איבער דעם געדאַנק, פון דעם חיהשן איבער דעם מענטשלעכן.

דער זיג פון דער שפּעטערדיקער גרויסער לוסט איבער דער קעגנווערטיקער קליינער אומלוסט, איז דער זיג פון דעם געדאַנק איבער דעם אינסטינקט, פון דעם מענטשלעכן איבער דעם חיהשן. דער רעזולטאַט איז די אַנטוויקלונג און דאָס בליען פון לעבן. . . .

מיר זעען ווי פּערווערזע מענטשען, שכורים און פוילענצער מוזן אונטערגיין, דאָס איז דערפאַר, ווייל זייער ווילנסקראַפט איז צו שוואַך, ווייל ביי זיי איז צו בלאַס די פאָרשטעלונג און די פעאיקייט צו

אַסאָציאירן, אויפצולעבן און צו קענען פאַרקעגנווערטיקן די אומלוסט, וואָס שטייט זיי פאַר און מוז (דורך פערזענלעכער דעגענעראַציע און סאָציאַלן אָסטראַציזם) קומען אַלס אַ פועל יוצא פון זייערע נישט באַהערשטע ליידנשאַפטן. זיי עמפּפינדן נאָר די מאָמענטאַנע לוסט און דערמיט וואָס זיי גיבן זיך איר אונטער, פאַרלירן זיי דעם קאָנטראָל איבער זיך און רעגרעסירן צו דער מדרגה פון אַ חיה. (אָט די שוואַכקייט פון ווילן איז פון איר זייט אַליין אַ פּראָדוקט פון אַ שלעכטער דערציונג און פון אַבנאָרמאַלע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אומשטענדן, סיי ווען דאָס איז איבערמעסיקער ווילטאָג און זאָרג־לאָזיקייט, סיי ווען דאָס זענען, פון דער אַנדערער זייט, זער שלעכטע און דערדריקנדיקע לעבנס־באַדינגונגען).

ביי מענטשען וואָס קענען זיך באַהערשן און צוימען; ביי מענטשען, ביי וועלכע די פאָרשטעלונגס קראַפט איז שטאַרק, די דערפאַרונג טיף, און זיי קענען באַזיגן די מאָמענטאַנע עמפּפינדונגען, ביי אָט די מענטשען, ביי וועלכע עס זיגט דער געדאַנק, איז ווייל ער ברענגט מיט זיך אַ סך לוסט און ווערט זיי דערפאַר זער נאָענט, הויבט ער זיך ביי זיי אָן צו אַנטוויקלען און פאַמעלעך איבערצוגייען אין אַ נייער אייגנשאַפט, וואָס פאַרנעמט אימגאַנצן דאָס אָרט פון דעם פרימיטיוון אינסטינקט און פאַראייניקט זיך מיט דעם זיגערס נאַטור, — דאָס איז דאָס געפיל.

אָט דעם פּראָצעס קענען מיר נאָכפאָלגן ווען מיר קוקן זיך צו צו דעם אַנטוויקלונגס וועג פון דעם ווילדן צום קולטור מענטש.

מיר זעען ווי דער אונטערשיד צווישן דעם האָטענטאָט׳ס באַגריף וועגן גנבענען אַלס אַ גוטע טאַט, דעמאָלט ווען ער גנבעט ביי יענעם, און אַלס אַ שלעכטע מידה, ווען יענער גנבעט ביי אים, — און צווישן דעם קולטור מענטשנס געפיל פון ווידערווילן צום גנבענען, איז בלויז אַן אונטערשיד אין פאַזעס, אַן אונטערשיד אין דערפאַרונגען, וועלכע קומען פון זייערע פאַרשידענע עקאָנאָמישע אומשטענדן. ביי דעם ערשטן איז רויב דאָס וויכטיקסטע מיטל פאַר זיין עגזיסטענץ, און דער־פאַר אויך די בעסטע מעגלעכקייט צו דערגרייכן לוסט, — ביי דעם אַנדערן איז גנבענען פאַרבונדן מיט האַרבער שטראָף, וועלכע ווערט זער אייפעריק אויסגעפירט דורך די היטער פון פּריוואַט אייגנטום, ד.ה. אַז צווישן דעם האָטנטאָט און דעם קולטור מענטש געפינט זיך דער אונטערשיד אין די פאַרשידענע סטאַדיעס פון אַ סך מאָל באַשטראָפט ווערן פאַר גנבענען, פון עמפּפינדן אַ סך מאָל אַזעלכע אומלוסטן, וואָס זענען שטאַרק איבערגעשטיגן די לוסט, וואָס דאָס גנבענען האָט גע־קענט ברענגען. די דערפאַרונג פון שטראָף האָט צוערשט געבראַכט דעם מענטשן צום „נישט ווילנדיקן״ באַהערשן זיך, אָדער בעסער געזאָגט, צו ד ע ם ב אַ ה ע ר ש ן ז י ך ד ו ר ך ד ע ם

אַ נ ש ט ר ע נ ג ע ן  ד ע ם  ו ו י ל ן (דאָ פונקציאָנירט דער געדאַנק) און מיט דער צייט איז דאָס איבערגעגאַנגען אין אַ געפיל פון ווידערווילן צום גנבענען.

דאָס געפיל האָט זיך אַנטוויקלט ביי דעם פּראָלעטאַריער און ביי דעם קאַפּיטאַליסט אויף פאַרשידענע אופנים, אָבער אין ביידע פאַלן איז דאָס אַ באַלאַנס צווישן לוסט און אומלוסט. ביי דעם פּראָלעטאַריער האָט די פאַרויסגעזעענע גרויסע אומלוסט פון שטראָף, אויף דעם חשבון פון דער קליינער לוסט מעגלעכקייט, וועלכע ער קען באַקומען דורך דעם גנבענען, אַנטוויקלט דאָס געפיל פון ווידערווילן, וואָס ווערט פון אים אַריבערגעטרעטן, נאָר אין צייטן פון עקסטרעמער נויט און דעגראַדאַציע, — ביי דעם קאַפּיטאַליסט האָט זיך דאָס דאָזיקע געפיל אַנטוויקלט דורך דער מעגלעכקייט וואָס ער האָט צו דערגרייכן די קוועלן פון לוסט אויף אַ מער ראַפינירטן, לוינענדיקן און ווייניקער געפערלעכן אופן, ד.ה. אויף דעם חשבון פון קלענערער אומלוסט. די גרענעצן וואָס דאָס געפיל פון ווידערווילן צום גנבענען שטעלט אים, טרעט ער אַריבער נאָר אין אַ פאַל פון עקסטרעמער נאַרישקייט, אָדער קראַנקהייט (קלעפּטאָמאַניע).

די אָביעקטיווע סיבות, וועלכע דערמעגלעכן דעם איבערגאַנג פון דעם אינסטינקט צום געדאַנק, און פון דעם געדאַנק צום געפיל, קענען זיין גינסטיק און האַרמאָנירן מיט דעם גאַנג פון דער אַנטוויקלונג, דעמאָלט איז דער הויפּט עלעמענט פון אָט דעם פּראָצעס געוואוינהייט, און זי פאַרשטאַרקט און מאַכט טיפער די באַשטימטע באַגריפן און עמאָציעס, וואָס באַוועגן זיך אין אַ געוויסן גלייכגעוויכט און ענדערן זיך אין אַ באַשטימטער און אויסגעשפּראָכענער ריכטונג, זי טעמפּט אָבער איינציייטיק אָפּ די אַלגעמיינע גייסטיקע אַנטוויקלונג און באַ־רייכערט נישט אויף קיין סך דעם מענטשנס מיטלען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ; — (געוווינהייט, ווי אַ פּראָדוקט פון אַבסאָלוט־מאָנאָטאָנע און איינפאָרמיקע איבערחזרונגען פון ווירקונגען, וועלכע דער מענטש נעמט כלומרשט אויף אויף אַן אומבאַוווסטן און פאַסיוון אופן, עגזיסטירט איבערהויפּט נישט. אין דער רעאַליטעט שטעלט די געוווינהייט מיט זיך בלויז פאָר דעם רעזולטאַט פון דער דינאַמישער איינהייט פון מינדערע ווידערשפּרוכן, אין קאָנטראַסט צו אונזערע באַוווסטזיניקע, אַקטיווע דערפאַרונגען וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אַ מער דינאַמישע און רעוואָלוציאָנערע איינהייט פון גרעסערע און טיפערע ווידערשפּרוכן. די פאָרשטעלונג וועגן דעם לעבן, ווי וועגן אַ סומע פון געוווינהייטן, וועלכע נעמט נישט אין אָנבאַטראַכט די ספּעציפישע ראָל וואָס ס'שפּילן דעם מענטשנס באַוווסטזיניקע און אַקטיווע דערפאַרונגען אין דעם פּראָצעס פון זיין אַנטוויקלונג און ענדערונג, פאַרקוקט די וויכטיקסטע אייגענ־

שאַפטן פון אַט דעם פּראָצעס און איז דערפאַר מעכאַניש און פאַלש).
די אָביעקטיווע אומשטענדן קענען אויך זיין אומגינסטיק און קעגנגעזעצט צו דער נאָרמאַלער אַנטוויקלונג, דעמאָלט איז מורא דער הויפּט עלעמענט פון דעם גאַנצן פּראָצעס, און אַ רעוואָלוציאָנערער שפּרונג מוז דעמאָלט קומען, אַלס די גרונטלאַגע פון אַ נייעם ציקל, ד.ה. פון אַ נייעם איבער־גאַנג פון אינסטינקט צו געדאַנק און פון געדאַנק צו געפיל.

די מורא מוז איבערגייען אין רעוואָלט און אַרויסרופן פּראָטעסט (ווי ס'איז דער פאַל מיט דעם פּראָלעטאַריאַט), אויב די אָביעקטיווע אומשטענדן זענען נאָר גינסטיק פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם דאָזיקן שפּרונג, וועלכער איז רעלאַטיוו צו אַט דער ניי געשאַפענער לאַגע אַ נאָרמאַלע אַנטוויקלונג.

אויב די אומשטענדן זענען נישט גינסטיק פאַר דער דאָזיקער אינערלעכער רעוואָלוציע, ד.ה. אַז אויב זיי זענען נאָכאַמאָל געווענדעט קעגן דער האַרמאָנישער אַנטוויקלונג פון דעם מענטשן, דעמאָלט מוז קומען זיין אַנטגילטיקע דעגענעראַציע.

דער באַלאַנס צווישן לוסט און אומלוסט שאַפט אויך די לעזונג פון דעם אַנטאַגאָניזם צווישן דעם ווילדנ'ס אינדיווידועלע אינטערעסן און צווישן זיין געזעלשאַפטלעכן לעבן.

דער פּרימיטיווער מענטש, וועלכער איז געווען אין אַן אומאויפ־הערלעכן גערא̇נגל מיט דער געזעלשאַפט, האָט געמוזט אָפּפערן מיט אַ סך פערזענלעכער לוסט, כדי צו פאַרמיידן די געפאַרן, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דעם אַריינפאַלן און אומחן ביי דער געזעלשאַפט און כדי צו באַקומען די גרעסערע לוסט, וואָס דאָס פרידלעכע צוזאַמענלעבן מיט דער געזעלשאַפט ברענגט.

דער געדאַנק אַז מען קען זיך נישט באַגייען אָן דער געזעלשאַפט, אַז מען קען נישט עגזיסטירן אָן איר און אַז דאָס פרידלעכע צוזאַמענ־לעבן מיט איר ברענגט גרעסערע לוסטן אויף דעם חשבון פון קלענערע אומלוסטן, איז איבערגעגאַנגען אין דעם געפיל פון געזעלשאַפטלעכקייט, און אַט דאָס געפיל אַנטוויקלט זיך אַזוי ווייט, עס ווערט אַזוי טיפער דעם מענטשן, אַז ס'קען אַמאָל איבערגיין ביז זעלבסטאָפּפערונג צוליב דער געזעלשאַפט.

זער קלאָר צייכענען זיך אָפּ די זעלבע אַנטוויקלונגס שטופן אין דעם געפיל פון טאַקטישקייט, דער אופן ווי אַזוי טאַקטישע מענטשן באַנעמען זיך און ווי אַזוי זיי רעאַגירן אויף יענעמס גייסטיקן צושטאַנד, שאַפט אָפּ די אילוזיע, אַז טאַקטישקייט איז אַ אינטויאיטיוו געפיל. ביי אַ טיפער פאָרשן דערזען מיר אָבער אַז טאַקטישע מענטשן האָבן אַ קלאָרע פאָרשטעלונגס־קראַפט, אַז זייער אַסאָציאירן און איינלעבן זיך אין יענעמס וועלט איז אַזוי פונקטלעך, ד.ה. אַז זיי נעמען אויף אַזוי טיף־

אמתדיק יענעמס לוסט און אומלוסט עמפפינדונגען, באַגליך ווי זיי וואָלטן זיי אַליין עמפפינדן. אָט די עמפפינדונגען גייען צוערשט איבער אין געדאַנק און דערנאָך אַנטוויקלט זיך אָט דער געדאַנק אין אַ געפיל. ביי אַ נענטערער באַטראַכטונג מוזן מיר טאַקע צוגיבן אַז טאַקטישקייט איז אַ קלוג געפיל, ד.ה. ס'איז אַ פאַרפאָלקאָמטער געדאַנק, וואָס איז איבערגעגאַנגען אין געפיל (אַזוי אַרום ווערט אויך צעשוומען דער מיסטישער באַגריף וועגן דער אינטואיציע).

ווי אומעטום, אַזוי זעען מיר אויך אין דעם מענטשלעכן פילן און דענקען די דיאַלעקטישע אַנטוויקלונג פון דער טעזע, — פון דעם אינסטינקט — ביז אין אַ פונקט, ווו ער הויבט אָן באַקעמפט צו ווערן דורך זיין אַנטיטעזע, — דעם געדאַנק — וואָס האָט זיך פון אים אַנטוויקלט; און די נייע סינטעזע, וועלכע קומט אויף זייער אָרט, — דאָס געפיל — דאָס איז נישט קיין פרעמדע קעגנגעזעצטע קראַפט, נאָר דאָס איז דער אַפּאָגיי פון דעם געדאַנק.

דער אָקערשט אָנגעמערקטער פראָצעס קומט פאָר נישט בלויז אין דער פסיכאָלאָגיע פון דעם איינצעלנעם אינדיווידואום, נאָר ער נעמט אַריין אין זיינע גרעניצן גאַנצע קייטן פון דורות, אַזוי אַז אַ פאַרצוייגטער קאָמפּלעקס פון פסיכאָלאָגישע דערשיינונגען אין אַ פער־זאָן האָט שוין געהאט דורכצומאַכן פאַרשידענע קאַמפן און איבערגאַנגן, און ווערט אַ טייל פון דעם געגיבענעם מענטשנס כאַראַקטער דורך דער ווירקונג פון אַ פאַרטיקער טעכניק, אַ אָנגע־גרייטער וויסנשאַפט, סאָציאַלע אינסטיטוציעס, מאַטעריעלע און גייסטיקע ווערטן, וועלכע ער קריגט בירושה און צו וועלכע ער מוז זיך פונקט אַזוי אָרגאַניש צופּאַסן, (די צופּאַסונג איז פאַרבונדן אפילו מיט דעם אופן פון באַקעמפן די אויבנדערמאָנטע ווערטן) ווי דער ווילדער צו זיין פרימיטיווער סביבה; (לויט די געזעצן פון עוואָלוציע, וועלכע אַנטהאַלטן שוין אין זיך אַליין די פאַרבאַדינגונג פון ערעדיטאַציע, מוז עגזיסטירן אויך אַ געוויסע גייסטיקע ירושה, ד.ה. אַז די גערירשנטע פיזיאָלאָגישע טרענירונגען אויף אַ געוויסן געביט, מוזן שאַפן אַ מין אינערלעכע דיספּאָזיציע צו אַנטשפרעכנדיקע גייסטיקע אַקטיוויטעטן. די אויס־בילדונג אָדער צעשטערונג פון אַזעלכע פאַראַנלאַגונגען איז נאַטירלעך אָפּהענגיק פון די אַרומיקע אומשטענדן (אָבער וועגן דעם אין אַן אַנדער קאַפּיטל) און אָט די אויבן דערמאָנטע פאַרטיקע, גייסטיקע ווערטן פירט ער שוין ווייטער.

כדי די דערשיינונגען אַלדימיק אויסצופאָרשן איז נישט גענוג צו שטודירן בלויז די לערע פון פסיכאָלאָגיע, אָדער אַנאַטאָמיע, נאָר מיר מוזן זיך ווענדן אויך צו דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, סאָציאָלאָגיע און אַנדערע סאָציאַלע וויסנשאַפטן, ווייל די פאָרמען פון געזעלשאַפטלעכן

לעבן, פונקט ווי דער פּלאַץ פון די באַזונדערע קלאַסן און שיכטן, און דער כאַראַקטער פון די אינדיווידועלע מיטגלידער און זייער לעבן, ווערן באַשטימט דורך די עקאָנאָמישע אומשטענדן און דורך די פּאָליטישע פאַרהעלטענישן, וועלכע זענען אַ פאָלגע פון דער עקאָנאָמיק.

די ווירקונג פון אָט די עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און סאָציאַלע אומשטענדן קומט אָבער נישט פאַר מעכאַניש, נאָר זי אַנטוויקלט זיך דיאַלעקטיש, דורך דעם מענטשנס פּסיכאָלאָגיע און איז אָרגאַניש פאַרבונדן מיט דעם מענטשנס אינערלעכע איבערלעבונגען; די איבערלעבונגען, וועלכע זענען אַ פּראָדוקט פון די אומשטענדן, ווירקן דאַן אויף די אומשטענדן צוריק, פאַרענדערנדיק די פריערדיקע און פאַרווירקלעכנדיק די ווייטערדיקע און נייע. די פּסיכאָלאָגיע פון דעם אינדיווידואום, ווי פון די גאַנצע קייטן פון דורות, ווערט אָבער באַאיינפלוסט סיי דורך די עקאָנאָמישע און סיי דורך די פּאָליטישע דערשיינונגען און געשעענישן, נאָר אין די ראַמען פון דער געבראַכטער סכעמע און אין די גרעניצן פון די אָנגעוויזענע ליניעס, וועלכע זענען אונז וויכטיק אָנצומערקן און נאָכשפּירן, און וועלכע לייקענען אָפּ די ראָמאַנטישע אָטאַוויזמען מיט זייערע מיסטישע און סטאַטישע באַגריפן וועגן געפיל און געדאַנק.

וואָס ווייטער דער מענטש אַנטוויקלט זיך, וואָס מער ער באַקומט אַלץ נייערע דערפאַרונגען, מיט אַלץ ברייטערע און מער פאַראיידלטע לוסט און אומלוסט עמפּפינדונגען, אַלץ שנעלער און טיפער קומען ביי אים פאָר נייע צוזאַמענשטויסן צווישן דעם געפיל, וואָס ער האָט פריער דערוואָרבן און צווישן דער נייער דערפאַרונג, דעם נייעם געדאַנק. רעלאַטיוו צו אָט דעם נייעם געדאַנק איז דאָס פריערדיקע געפיל אין דעם צושטאַנד פון אַן אינסטינקט. דער זיג פון דעם נייעם געדאַנק פירט צו אַ נייער באַרייכערונג פון לוסט, און פאַמעלעך גייט דער נייער געדאַנק איבער אין אַ ניי געפיל.

אַלס ביישפּיל קען אונז דינען דאָס געפיל פון געטריישאַפט אין דעם פאַרהייראַטן לעבן, אָט דאָס געפיל האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען ביי דער פרוי נאָך דער צעשטערונג פון דער פּרימיטיוו־קאָמוניסטישער געזעלשאַפט, ווען די סעקסועלע באַציונגען האָבן פאַר איר אָנגעהויבן צו ווערן אַלץ שווערער און אומדערטרעגלעכער און זי האָט געמוזט זוכן אַ שוץ אין דער הייראַט מיט איין מאַן.

דער געדאַנק, אַז דורך דער אומלוסט פון זיין אונטערגעוואָרפן אונטער דער הערשאַפט פון איין מאַן, מיידעט זי אויס די גרעסערע אומלוסט פון אומבאַשיצטן לעבן, דער געדאַנק אַז צוליב איר עקאָנאָמישער און מאַטעריעלער זיכערקייט, איז נויטיק אַ געוויסע סעקסועלע אָרדנונג און אָפּהענגיקייט, איז מיט דער צייט איבערגעגאַנגען אין אַ

געפיל פון געטריישאַפט, אונטער וועלכן ס׳איז שטענדיק פאַרבאָרגן אַ געוויסע מורא פאַר דעם מאַן.

דער געדאַנק וועלכער ברענגט די פאָרגעשריטענע פרוי צו צווייפ־לען אין דער סופעריאָריטעט פון דעם מאַן, צעשטערט דערנאָך דעם קאָמפּלעקס פון געטריישאַפט און גייט איבער אין אַ געפיל פון ליב האָבן יענעם, וועלכן מען האָט פריי אויסגעווילט. אָט דער נייער ציקל בילדעט אַ רעוואָלוציאָנערע אַנטיטעזע צום פריערדיקן געפיל, וואָס איז אין באַצוג צו די נייע אומשטענדן, אַ קרענקלעכער אינסטינקט. איצט ווען איך קלאָס פרויען זענען שוין ווייטער אַוועק אין זייער אַנטוויקלונג, קומט אַמאָל אויס דעם געדאַנק, וועלכער איז אַ פּראָדוקט פון די נייע דערפאַרונגען צו קעמפן מיט דעם געפיל פון נישט פאַרנונפטיקער ליבע, וועלכע נעמט אָפט אָן אַ צעשטערערישע ריכטונג, ווי מיט אַן אָבגעשטאַנענעם אינסטינקט, וואָס שטערט פיל מענטשן אין זייער קאַמף פאַר אַ נייער אָרדנונג מיט אַ סך ברייטערע מעגלעכקייטן, מיט אַ סך רייכערע לעבנס פאָרמען און פיינערע, טיפערע לוסט עמפפינדונגען.

ס׳געפינען זיך שוין אויך אַזעלכע, וואָס זענען בייגעשטאַנען אָט דעם קאַמף, ביי וועמען ס׳האָט זיך שוין געשאַפן אַ ניי געפיל, דאָס געפיל פון סאָציאַלער פליכט, צוליב וועלכן ס׳קומט זיי שוין מער נישט אויס אפילו צו קעמפן מיט זייער ליבע געפיל, זיי אָפּפערן דערמיט ספּאָנטאַן, ווען ס׳איז נאָר נויטיק.

ווי מיר האָבן געזעען איז דאָס אָפּטיילן דאָס געפיל פון דעם געדאַנק וויסנשאַפטלעך נישט באַגרינדעט, דאָס אייגענע איז אויך מיט דעם אָפּטיילן, סיי דאָס געפיל און סיי דעם געדאַנק פון דער טאַט.

דער ריכטיקער באַוווסטזיין איז נאָר אין דער דינאַמישער פאַרבינ־דונג און אין דעם איבערגאַנג פון דעם געדאַנק אין געפיל און אין טאַט.

פונקט ווי באַוועגונג איז אַן אומפאַרמיידלעכע פאַרבאַדינגונג (פּרעמיס) פאַר די דיאַלעקטישע געזעצן, אַזוי איז טאַט אַ אומפאַרמייד־לעכע פאַרבאַדינגונג, פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם מענטשנס פּסיכאָ־לאָגיע, און די אומבאַדינגטע אורזאַכע פאַר דעם איבערגאַנג פון דעם אינסטינקט אין געדאַנק, און פון דעם געדאַנק אין געפיל.

יעדע נייע סטאַדיע אין דעם מענטשלעכן גייסט ווערט פאַראורזאַכט דורך דער טאַט און קען אַנדערש קיינמאָל נישט פאָרקומען, דערפאַר וואָס די טאַט פאַרבינט די אינערלעכע איבערלעבונג מיט דער אויסער־לעכער אומגעבונג און פאַרענדערטביידע דורך אָט דער פאַרבינדונג.

נאָך דעם וואָס די טאַט קומט אַלס אַ פּראָדוקט פון דעם אינערלעך־איבערגעלעבטן פּראָצעס, פאַרענדערט זי די אויסערלעכע אָביעקטן, און ווערט דורך דער אָביעקטיווער וועלט אַליין פאַרענדערט.

אַלס אַ פאַרענדערטער פּראָדוקט, פאַרענדערט זי ווייטער די אינער־לעכע, גייסטיקע פּראָצעסן אין דעם מענטשן.

די טאַט וואָס איז אַ סינטעזע רעלאַטיוו צו דער ווירקונג וואָס ז.־ה. אויסערלעכע אומשטענדן איבן אויס אויף דעם לעבעדיקן אָרגאַניזם און רעלאַטיוו צו די סיבות וואָס האָבן אַרויסגערופן זיין לוסט אָדער אומלוסט, איז רעלאַטיוו צו דער מענטשלעכער עמפּפינדונג, אַן אַנטי־טעזע, און רעלאַטיוו צו דער נייער אומגעבונג, אויף וועלכער זיווירקט צוריק, אַ טעזע.

דורך די אַרומיקע אַנטיטעזעס ווערט די טאַט פאַרענדערט, און די סינטעזע וואָס קומט דערפון — די דערפאַרונגען וואָס זענען געווינען געוואָרן פון דרויסן, ווערט אַ אַנטיטעזע צו דער עגזיסטירענדיקער אינעווייניקסטער אָרדנונג, וועלכע מוז באַקעמפט און פאַרענדערט ווערן אין דעם מענטשן.

דער דיאַלעקטישער פּראָצעס פון דעם מענטשלעכן גייסט, דער איבערגאַנג פון דעם אינסטינקט אין געדאַנק, און פון דעם געדאַנק אין געפיל, שליסט אין זיך איין:

1. עמפּפינדונג — טעזע.
2. טאַט (דאָס רעאַגירן אויף דעם רעפלעקס) — אַנטיטעזע.
3. און די געוואונענע דערפאַרונג — די ס י נ ט ע ז ע , וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דעם געדאַנק.

דער געדאַנק, ווידער, וועלכער איז רעלאַטיוו צו דעם אינסטינקט אַן אַנטיטעזע, טיילט זיך פון זיין זייט איין:

1. געדאַנק — טעזע.
2. טאַט — אַנטיטעזע.
3. און די געוואונענע אינטימיטעט און געוווינהייט צו אַ געוויסן צושטאַנד, — די סינטעזע — דאָס געפיל, אָדער נייער אינסטינקט.

דאָס געפיל טיילט זיך ווייטער איין:

1. געפיל — טעזע.
2. טאַט — אַנטיטעזע.
3. און די נייע דערפאַרונג, — די ווייטערדיקע סינטעזע — דער נייער געדאַנק.

די אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער פּסיכאָלאָגיע איז אַזוי אַרום געגליכן צו דער באַוועגונג פון די אַטאָמען אין רוים.

פּונקט ווי די באַוועגונג פון די אַטאָמען שליסט איין אין זיך די באַוועגונג פון עלעקטראָנען אין יעדן אַטאָם באַזונדער, אַזוי שליסט יעדער טייל פון אַ דיאַלעקטישער סעריע אין זיך איין באַזונדערע דיאַלעקטישע פּראָצעסן.

יעדער אָביעקט, וואָס דינט בלויז אַלס טעזע, צי נאָר אַלס אַנטי־

טעזע, אָדער בלויז אַלס סינטעזע אין אַן אָנגענומענעם פּראָצעס, איז אין אַן אמת נישט קיין סטאַטישע, פאַרגליווערטע אַנטיטעזע, און נישט קיין באַשטענדיקע סינטעזע, נאָר יעדער טייל ווערט ווייטער אינער־האַלב זיך אַליין איינגעטיילט אין טעזע, אַנטיטעזע און סינטעזע, און אַלע זיינע ווייטערדיקע טיילן אַנטהאַלטן אין זיך נייע טעזעס, אַנטי־טעזעס און סינטעזעס.

אויך רעלאַטיוו צו די אָביעקטיווע אומשטענדן (דאָס הייסט רעלאַטיוו צו אַנדערע דערשיינונגען) איז יעדער דערשיינונג אַמאָל אַ טעזע, אַמאָל אַן אַנטיטעזע, אַמאָל אַ סינטעזע.

אַזוי ווי די פאַרבינדונג פון אַלע אָביעקטן אין רוים קומט פאָר אין אַ צושטאַנד פון אומאויפהערלעכן פליסן, דינט יעדער דערשיינונג אַלס אַ טעזע פאַר אַ קומענדיקער דערשיינונג, איינצייטיק אַלס אַן אַנטיטעזע פאַר אַ פריערדיקער דערשיינונג, און אַלס אַ סינטעזע רעלאַטיוו צו אַ נאָך פריערדיקער א.א.וו. . .

סיי ווען ס׳ווייזט זיך אונז אויס אַז דער מענטשלעכער באַוווסטזיין האָט זיין אורשפּרונג דירעקט אין דעם געדאַנק, סיי ווען מיר מיינען אַז אַ געוויסע טאַט קומט דירעקט פון דעם געפיל, זענען זיי, אין אַן אמת, שטענדיק פּראָדוקטן פון דעם זעלבן פּראָצעס פון דער אינער־לעכער דיאַלעקטישער אַנטוויקלונג און פון דעם אומפאַרמיידלעכן איבערגאַנג פון אינערלעכער איבערלעבונג צו אויסערלעכער פאַרווירק־לעכונג, און דורך אויסערלעכער דערפאַרונג צו אינערלעכער צופאַסונג און פאַרפאַלקאָמונג.

ביי אַ ריכטיקערער באַטראַכטונג קענען מיר זען, ווי דער פּראָ־לעטאַרישער באַוווסטזיין ביי אינטעליגענטן און פאַרשידענע אינדיווי־דואומס, וואָס שטאַמען פון דעם קאַפּיטאַליסטישן אָדער מיטלקלאַס, זייער האַס צום אייגענעם קלאַס און זייער צושטייען צום אַנדערן, צו דעם אונטערדריקטן קלאַס, וואָס קוקט אויסערלעך אויס ווי אַ דירעקטער פּראָדוקט פון דעם מח, קומט אין אַן אמת פון דעם וואָס זיי האָבן עמפּפינדן פערזענלעכע אומלוסטן, וועלכע שטאַמען פון זייערע אינ־דיווידועלע קאָנפליקטן מיט אָט דעם קלאַס און פון אַ פערזענלעכער דיסהאַרמאָניע מיט אים, דאָס האָט זיי אויך געשטויסן צום צווייטן קלאַס.

אָט די דיאַלעקטישע אַנטוויקלונג פון דעם מענטשנס פּסיכאָלאָגיע דערקלערט אונז אויף אַ קאָנקרעטן אופן און מיט אַ סך איינצלהייטן דעם וויסנשאַפטלעכן געזעץ, אַז דאָס זיין באַשטימט דעם באַוווסטזיין, וועלכער איז פעסטגעשטעלט געוואָרן דורך דער מאַרקסיסטישער טעאָריע, און וועלכער ווערט שטענדיק אַטאַקירט דורך די קעגנער, וואָס ברענגען אָפּט אַלס קאָנטראַ־באַווייז דעם כלומרשטן פאַקט, אַז די

אינטעליגענץ קומט נישט דורך דעם זיין צו דעם באַוווסטזיין, (ווי דאָס וואָלט געמוזט זיין, לויט ווי עס דרינגט לאָגיש אַרויס פון דער מאַרק־סיסטישער טעאָריע) נאָר, לויט זייער מיינונג, קומט זי גאָר פאַרקערט, דורך דעם באַוווסטזיין צו אַ באַשטימטן זיין.

אָט די קעגנער באַזירן זייערע פאַרוורפן אויף אַן אויבנאויפיקן באַאָבאַכטן און זיי פאַרקוקן דערביי דעם אומשטאַנד, אַז דער באַוווסטזיין, וואָס באַשטימט טאַקע דאָס ווייטערדיקע זיין, איז אַליין פאַראורזאַכט דורך אַ פריערדיקן מער מאַטעריעלן און פרימיטיוון זיין, דאָס הייסט, דורך די שוין דורכגעלעבטע לוסט און אומלוסט עמפפינדונגען, דורך פריער געוווינטע דערפאַרונגען א.א.וו.

די אָביעקטיווע עקאָנאָמישע אומשטענדן, וועלכע שאַפן אַ האַרמאָניע צווישן די אינטערעסן און שטרעבונגען פון די מיטגלידער, וואָס באַלאַנ־גען צו דעם קלאַס, ווען ס׳געהערט די צוקונפט, שאַפן אויך דעם קאָנטאַקט צווישן אָט דעם אוואַנגארט־קלאַס, און צווישן יענע קלאַסן, וואָס דינען אַלס רעזערוון אין דעם געמיינזאַמען קאַמף פאַר אַ בעסערער עגזיסטענץ; די זעלבע עקאָנאָמישע אומשטענדן שאַפן אויך אַ דיסאָנאַנס אין די רייען פון דעם קעגנערישן, אונטערגייענדיקן קלאַס, און די באַ־זונדערע, מער פאָלקאָמענע און לעבנספעאיקע מיטגלידער, וואָס רייסן זיך אָפּ פון אים, זיי שטייען צו און טראָגן ביי צו די מיטלען פון קאַמף פון דעם קלאַס, וועלכער איז דער טרעגער פון די נייע אידעאַלן.

צוליב דער געשווינדיקייט און אַנטוויקלטקייט פון דעם אינטעלי־געַנטס דענקונגס סיסטעמע און צוליב דער בילדונג, וואָס ער באַקומט מערסטנטייל, ווערן זיינע דערפאַרונגען שנעלער געמאַכט און זיין גע־דאַנק קלאָרער אויסגעדרוקט. ער קאָן אָבער נאָר דעמאָלט הייסן פראָלעטאַריש באַוווסטזיניק, ווען אָט דער געדאַנק גייט אויך איבער אין געפיל, ווען ער הויבט אָן אידענטיפיצירן זיינע פערזענלעכע שטרעבונגען מיט די פראָלעטאַרישע אידעאַלן, און ווען ער איז גרייט צו נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער פאַרווירקלעכונג פון דער פראָלעטאַרישער צוקונפט.

דער אַרבעטער, ווידער, וואָס פילט אינסטינקטיוו דעם האַס צום קאַפּיטאַליסטישן קלאַס, וועלכער איז פאַר אים די קוועלע פון אומ־אויפהערלעכער אומלוסט, און די ליבע צו זיין קלאַס אונטערדריקטע, ווו ער פילט אַ שטיצע, ער ווידער, הייסט באַוווסטזיניק ערשט דעמאָלט, ווען ער הויבט אָן פאַרשטייען די אַלגעמיינע סאָציאַלע לאַגע און איז גרייט צו אָפּפערן אין דעם קאַמף מיט די אונטערדריקער זיין מאָמענ־טאַנע לוסט, צוליב זיינער, זיינע קינדערס און אַמאָל בלויז צוליב זיין קלאַס׳ס שפּעטערדיקער קאָלאָסאַלער לוסט פון באַפרייאונג.

דערצו איז נויטיק אַ שטאַרקע פאָרשטעלונגס קראַפט, אַ געדאַנק,

וועלכער האָט די פעאיקייט צו אַסאָציאירן, און דורך וועלכן ס׳ווערן אַרויסגערופן אַ קאמפּס לוסט און אַ ווילן צו שאַפן אַ נייע אָרדנונג. אָט דער געדאַנק גייט מיט דער צייט איבער אין דעם געפיל פון סאָציאַלער גערעכטיקייט.

דער געדאַנק איז אָבער נישט גענוג אַנטוויקלט, די פאָרשטעלונג נישט גענוג בולט, אויב זי גייט נישט איבער אין געפיל. דאָס געפיל, ווידער, מוז איבערגיין אין טאָט, פונקט ווי ביי אַ שטאָך אין פינגער, מוז מען אַוועקציען די האַנט, אַז נישט איז דאָס קיין געפיל נישט.

עס עגזיסטירט נישט קיין קאַלטער געדאַנק, ווייל דער אמתער, נישט מטושטישער, לעבעדיקער געדאַנק מוז איבערגיין אין געפיל.

ס׳עגזיסטירט אויך נישט קיין פּאַסיוו, אומבאַרעכנט און אימגאַנצן נישט באַוווסטזיניק געפיל, ווייל דאָס ריכטיקע געפיל איז אַ פּראָדוקט פון אַ געדאַנקלעך דורכגעקעמפטן און באַהערשטן אינסטינקט. (דער אונטערשיד צווישן דעם אינסטינקט, וועלכער שטעלט מיט זיך שוין פאָר אַ טרענירטן רעפלעקס, און צווישן דעם געפיל, באַשטייט אָפּט הויפּטזעכלעך אין דעם וואָס די אַנטוויקלונג פון דעם אינסטינקט פאַר־קערפּערט מיט זיך מערסטנטיילס דעם פּראָדוקט פון רעלאַטיוו מער רעגעלמעסיקע איבערחזערונגען, אין דער צייט ווען דאָס געפיל איז דער רעזולטאַט פון אַ מער קאָמפּליצירטן אינערלעכן קאַמף פון קעגנ־זאַצן). דאָס איז אַ פאַרפיינערטער אינסטינקט, וואָס האָט איבערגענומען די שטאַרקקייט און ספּאָנטאַנקייט פון דעם ערשטן אינסטינקט, ס׳מוז דערפאַר פונקט ווי יענער איבערגייען אין טאָט.

אין קעגנפאַל איז דאָס געפיל אַ פּראָדוקט פון שוואַכע, אָפּגעריבענע עמפּפינדונגען, וועלכע האָבן נישט באַוויזן אַרויסצורופן קיין קלאָרע פאָרשטעלונג; די קאָנדענסירטע עמאָציעס זענען אַזוי אַרום צו בלייך, און דער ווילן, וועלכער איז אַ פּראָדוקט פון דער פאָרשטעלונגס קראַפט, פונקט ווי דער פּרימיטיווער רעפלעקס איז אַ פּראָדוקט פון דער דירעקטער מח רעאַקציע, אַ שוואַכער.

דער שריפטשטעלער ערנבורג מאָלט מייסטערהאַפטיק אין זיין בוך „ניקאָליי קורבאוו“ אַ מענטשן וואָס איז אימגאַנצן „קאַלטער געדאַנק“, ער ווייזט ווי אַזוי דער דאָזיקער מענטש, האָט אין זיך דערשטיקט און באַהערשט אַלע אינסטינקטן און סענטימענטן. וויפיל וואַרימקייט שטעקט אָבער אונטער אָט די קאַלטע געדאַנקען, וויפיל נייע געפילן.

אין די טרוקענע טעאָרעטישע אויסרעכנונגען פון מאַרקסן און אין לענינס „קאַלטע לאָגישע אַנאַליזן“ שטעקן אַ סך טיפערע געפילן, ווי אין די סענטימענטאַלע שאַפונגען פון אַ סך קינסטלער, ליריקער און בעלעטריסטן.

דער קאַמף צווישן געפיל און געדאַנק איז אין אַן אמת דער קאַמף

צווישן די אַלטע און נייע געפילן.

דער געדאַנק איז דער איבערגאַנג, די בריק; ווי יעדער איבער־גאַנג, איז ער שמערצלעך, דורך זיין לייטערונגס פייער איז אָבער דורכגעגאַנגען דעם ווילדנס זעלבסט־דערהאַלטונגס אינסטינקט און האָט דערגרייכט ביז די געפילן פון בעטהאָוונס ניינטער סימפאָניע, ביז די געפילן, וואָס ווערן אויסגעדרוקט אין דעם שריפשטעלער גלאַדקאָווס בוך „צעמענט" דורך זיין העלדין דאַשא, וועלכע גיט זיך איבער אין די הענט פון די קאָזאַקן, כדי צו ראַטעווען איר חבר באַדין, ווייל זי האַלט אַז ער איז וויכטיקער פון איר צוליב דעם זיג פון דעם פראָלע־טאַריאַט.

אויב מיר ווילן זיין קאָנסעקווענט, מוזן מיר אויף דער באַזע פון דעם וואָס מיר האָבן דערוויזן, אַרויסטרעטן קעגן די באַהויפּטונגען וועגן דעם, אַז דער געדאַנק אַטראָפירט די אינסטינקטן, אין אַן אמת פאַרפיינערט דער געדאַנק און פאַרברייטערט די אינסטינקטן און דאָס איז דאָך נאָך ווייט נישט ענלעך צו דער פונקציע פון אַטראָפירן. אַנדערע מיינען, ווידער, אַז דער געדאַנק אַנטוויקלט זיך אויף דעם חשבון פון די געפילן, און אויך דאָס איז פאַלש, ווייל ער איז דער אייגנטלעכער פאָטער פון די געפילן, ער געבערט און דערציט זיי.

נישט ריכטיק איז אויך דער באַגריף וואָס פאַרבינט די פאַרשטאַרק־טע אַקטיוויטעט מיט אַן אָבוועזנהייט פון דענקען, אין אַן אמת איז אַן דעם געדאַנק אוממעגלעך אַ וואָס פאַר אַ נישט העכערע פאָרם פון אַקטיוויטעט, און דאָרט ווו אַקטיוויטעט קומט פאַר אָן אַ באַשטימטן פּראָצעס פון דענקען, איז זי בלויז פיזישע אינערציע, וועלכע האָט אַמאָל באַקומען אַ שטויס פון דעם געדאַנק און וועלכע וועט זיך סוף כל סוף אָפּשטעלן, אָדער, פונקטלעכער געזאָגט, זי וועט אַריינפאַלן אין אַ פרעמדער ריכטונג פון באַוועגונג און אָננעמען אַ ווענדונג, וועלכע איז קעגנגעזעצט צו דער אַנטוויקלונג פון דעם מענטשלעכן מין און זיין גייסט, אויב זי באַקומט שוין מער נישט פון דעם געדאַנק קיין נייע אָנרעגונגען.

די פּאַסיוויטעט, וועלכע ווערט צוגעשריבן דעם געדאַנק און וועלכע מיר באַמערקן ווירקלעך ביי געוויסע דענקער, איז פון איר זייט פאַר־בונדן מיט אַ געוויסער גייסטיקער אינערציע.

זייער דענקען איז אַ הערעדיטאַרע אייגנשאַפט, וואָס האָט אַמאָל געמוזט צירקולירן אַלס אַ לעבעדיקער שטאָף אויסטויש, וועלכער האָט ביי די לעצטע עפּיגאָנען אָנגעהויבן צו ליידן אויף פאַרשטאָפּונג און צו דעגענערירן (נישט געקוקט דערויף, וואָס גראַד ביי זיי דערגרייכט אַמאָל דער אינטעלעקט זער אַ הויכע שטופע).

אָט די פּאַסיוויטעט איז אַ מין אַרטעריאָ־סקלעראָז, זי פירט צו

אַ פאַרקריפּלטן ווערגעטירן און אונטערגיין פון דעם מענטשן און זיין גייסט, זי איז אָבער קיינמאָל נישט די דירעקטע אייגנשאַפט פון דעם לעבעדיקן געדאַנק, ווייל דער געדאַנק מוז אַרויסרופן אַ ווילן און אַ טאַט.

און וואָס טיפער דער געדאַנק גייט איבער אין געפיל, אַלץ אָרגאַני־זירטער ווערט די באַוועגונג פון דעם ווילן און פון דער טאַט.

ווייל די טאַט, ווי דער ווילן, (וואָס פאַרנומען דאָס פּלאַץ פון ספּאָנ־טאַנעם רעפלעקס און פּרימיטיוון אינסטינקט) איז די דינאַמישע האַר־מאָניע פון געדאַנק און געפיל. . . .

קאַפּיטל 10

## סענטימענטאַליטעט און געפיל

די שפּראַך איז די פאָרם פון אונזער דענקען און דער אויסדרוק פון דעם קאָנטאַקט וואָס מיר האָבן מיט די מיטמענטשן.

אַזוי ווי ס׳עגזיסטירט נישט קיין פאָרם אָן קיין אינהאַלט, און קיין אינהאַלט אָן אַ פאָרם, איז מוזן דערפאַר די אויסערלעכע, פאָרמעל־שפּראַכלעכע פעלערן, (וועלכע ווערן פון זייער זייט אַליין פאַראורזאַכט דורך געוויסע פאַרווירונגען אין דעם אינהאַלט) נאָך טיפער מאַכן די ווייטערדיקע פעלערן פון דעם אינהאַלט, ד.ה. די פעלערן אין די באַגריפן פון אונזער באַוווסטזיין.

וואָס קולטורעלער די מענטשן זענען, אַלץ רייכער איז זייער שפּראַך, אַלץ מער ניואַנסירט זענען די ווערטער וואָס שפּיגלען אָפּ די פאַרשידענע באַגריפן. וואָס אַנטוויקלטער מען איז, אַלץ מער פילט מען די נויט־ווענדיקייט צו באַצייכענען מיט באַזונדערע ווערטער די פאַרשידענע זייטן פון דעם מענטשלעכן פילן.

אין אַ סך שפּראַכן, אין וועלכע ס׳איז דאָ בלויז איין וואָרט פאַר אַ פילזייטיקן אינהאַלט, באַנוצן זיך די אינטעלעקטואַלן, פּסיכאָלאָגן, שפּראַך ספּעציאַליסטן און קינסטלער מיט באַזונדערע אַדיעקטיוון כדי צו דיפערענצירן די אינהאַלטן פון איין באַגריף.

דער דורכשניט מענטש און אַ טייל פון דער אינטעליגענץ ווייסט אָבער נישט ווי אַזוי זיך אַרויסצופּלאָנטערן און דאָס פאַרשטאַרקט נאָך מער זייער עקלעקטישן געדאַנקן־גאַנג.

אָט אַזאַ דערשיינונג באַמערקן מיר אין דעם באַגריף סענטימענ־טאַליטעט, וועלכער איז אין געוויסע שפּראַכן די איינציקע באַצייכענונג פאַרן מענטשלעכן פילן.

אין די שפּראַכן ווו ס׳זענען, ווידער, פאַראַן צוויי פאַרשידענע

באַצייכענונגען פאַר די מענטשלעכע עמאָציעס, (ווי טשוווסטוואָ און סענטימענטי אין רוסיש, סענטימענט און סענטימענטאַליטי אין ענגליש, סענטימענטאַליטעט און געפיל אין דייטש, ווי אויך אין אידיש) ווערן אָבער אָט די באַגריפן נישט גענוג דיפערענצירט, זיי ווערן אָפט פאַלש פאַרשטאַנען, צענויפגעמישט און אָנגעגיבן אַלס סינאָנימען.

אָט דער שפּראַכלעכער פעלער שוואַכט אָפּ די קריטיק און מאַכט אויבערפלעכלעך די פאָרשטעלונג איבער דעם אינערלעכן לעבן פון דעם מענטשן, ווייל כאָטשע דיביידע ווערטער באַצייכענען דאָס מענטשלעכע פילן, האָבן זיי אָבער פונקט פאַרקערטע אייגנשאַפטן.

סענטימענטאַליטעט קומט פון קרענקלעכע נערוון, וועלכע רופן אַרויס ווייכלעכקייט און צעקראָכנקייט, די סענטימענטאַלע מענטשן פאַלן אַלעמאָל אַריין אין שטימונגען און קענען נישט באַהערשן זייערע עמאָציע־אָנפאַלן, וואָס גרייכן אָפּטמאָל ביז היסטעריע. זיי ווערן זער אָפּט אינערלעך גערירט, אָבער די גערירטקייט, וואָס קומט ביי זיי פון דערשיטערטע נערוון, וועלכע ווערן לייכט באַאיינפלוסט, איז נישט קיין טיפע, זייער באַוווסטזיין איז אין אַזעלכע פאַלן כמעט אינגאַנצן אָב־וועזענד, ס׳ווירקט אויף זיי די מאָמענטאַנע אויגנבליקלעכע עמפּפינדונג, זיי קענען זיך אָבער נישט פאָרשטעלן די פאָלגן פון זייערע טאָטן, וועלכע זענען אַביסל ווייטער אָפּגערוקט פון זיי און זייער בליק נעמט נישט אַרום קיין ברייטערע פּערספּעקטיוון.

אַזוי קען אַ סענטימענטאַלער מענטש צוליב רחמנות, אָדער סימ־פּאַטיע אָפּלאָזן אַ שונא, וועלכער באדראעט זיין שטאָם, זיין קלאַס, זיינע נאָענטע; אין צווייטן מאָמענט טוט עס אים באַנג, ער קען זיך אָבער פריער נישט באַהערשן און פאַרויסזעען וואָס זיין טאָט קאָן ברענגען, ווייל ס׳פעלט אים אַ קלאָרע פאָרשטעלונג און ווילנס־קראַפט, כדי ער זאָל קענען באַהערשן דעם מאָמענטאַנעם טריב, די באַשרענקטע און קורצזיכטיקע סענטימענטן.

אָט די מענטשן האָבן אָנגעדרונדזשעטע נערוון און לאָזן דערפאַר אַלעס דורך און קאָנען גאָרנישט אויפהאַלטן.

צוליב דער שוואַכער און אויבערפלעכלעכער שפּאַנונג פון די נערוון, זענען זייערע עמאָציעס אַזוי בלייך און וואָסערדיק, אַז זיי מוזן זיך באַנוצן מיט אַלערליי געווירצן, כדי אַרויסצורופן כאָטש אַ וואָס פאַר אַ ס׳איז נישט איז אַפּעטיט און אינטערעס צום לעבן. דערפאַר טרייבן זיי איבער, אַפעקטירן און פאַרגרעסערן אַלעס. צוליב דעם מאַכן זיי אָפּט אָן אָנשטעל, באַנוצן זיך מיט איבערטריבענער פיזישער און גייס־טיקער קאָקעטעריע און מיט אומניציקער פאַלשקייט אפילו צו זיך אַליין.

זער טרעפלעך איז טורגעניעווס שילדערן די סענטימענטאַלע פּריצה,

וועלכע לעכצט איבערצולעבן אַ רירנדיקע סצענע. די שילדערונג איז פול מיט איראָניע, מיט קינסטלערישן ציניזם און געלעכטער איבער אירע פּאָזעס, איבער איר וועלן שלום מאַכן צווישן אַ מאַן און זיין ווייב, ביי וועלכע זי וויל אומבאַדינגט זען אי טרערן, אי דאָס בעטן זיך פון דער פרוי, די באַרמהאַרציקייט פון דעם טאַטן און דעם טראַגיזם פון דעם קינד, כאָטש דאָס אַלעס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט די רעאַלע אומשטענדן פון דעם געגיבענעם פּאָר פאָלק. זי רעכנט זיך נישט מיט דער רעאַליטעט, ווייל זי שטרעבט איבערצולעבן די מעלאָדראַמע און וויל רחמנות האָבן, וויינען, מאַכן פאַלשע אָנשטעלן, אַנדערש קען זי נישט עמפּפינדן דאָס לעבן, ווייל זי קאָן נישט אַריינדרינגען טיף אין דעם עצם מהות פון די דערשיינונגען וואָס רינגלען זי אַרום און קען נישט געניסן פון דעם עכטן.

אויך אין דער ליטעראַטור איז געווען אַ שטרעמונג וואָס איז באַ־צייכנט געוואָרן מיט דעם נאָמען די „סענטימענטאַלע עפּאָכע", מיט ריכאַרדסאָנען אַלס איר פאַרטרעטער אין ענגלאַנד, באָמאַרשע אין פראַנקרייך, קאַראַמזין אין רוסלאַנד און אַנדערע. אָט די ליטעראַרישע שטרעמונג האָט פאַרטראָטן דאָס קליינבירגערטום און זיינע אידעאַלן, זי האָט מערסטענטייל אָפּערירט מיט בלייכע און נודנע געשטאַלטן, אַלס די אידעאַלן פון דער מענטשהייט און איז באַוווסט אַלץ איינע פון די פּרוכטלאָזעסטע עטאַפּן אין דער געשיכטע פון דער ליטעראַטור.

אין קעגנזאַץ צו די סענטימענטאַלע, איז שטענדיק אַרויסגעשטעלט געוואָרן דער אויסגערעכנטער, ניכטערנער און וואָכעדיקער מענטש. אין אַן אמת האָבן אָבער סיי דער סענטימענטאַלער און סיי דער אויס־גערעכנטער בירגער זער אַ סך געמיינזאַמעס צווישן זיך, ביידע פאַרמאָגן זיי אַ בלייכע און אָרימע פאַנטאַזיע, ביידע זענען זיי קליינלעך און שמאָל אין זייערע אינטערעסן, האָבן די זעלבע השגהלעך און פאַראַטן תמיד דאָס גרויסע צוליב דעם נישטיקן. דער איינציקער אונטערשיד צווישן זיי איז דאָס, וואָס דער ערשטער טיפּ איז קרענקלעכער, און דער אַנ־דערער איז געזונטער.

אָבער דער מענטש פון געפיל איז נישט קליינלעך־אויסגערעכנט, און נישט סענטימענטאַל צעקראָכן; זיין רעכנונג איז אַ ברייטערע און אַ ווייטערע, אין זיין חשבון גייט אַריין נישט נאָר דער מאָמענט, נאָר דורות; נישט נאָר ער אַליין, אָדער זיין משפּחהלע, נאָר דאָס גליק פון טויזנטער און מיליאָנען, פאַר וועלכע ער איז גרייט צו ברענגען זיין טייל.

דאָס געפיל איז באַוווסטזיניקער און הערלעכער, ס'איז פאַרבונדן מיט ווילנס קראַפט און ווייטזיכטיקייט, וועלכע גיבן די מעגלעכקייט צו באַהערשן די שעדלעכע מאָמענטאַנע אויפרעגונגען און פערזענלעכע

עמפּפינדונגען, צוליב ווייטערע און רייכערע צילן, צוליב אַ בעסערן און שענערן לעבן.

קאַפּיטל 11

## גוטקייט אין שייכות צו דעם געדאַנק

די אייגנשאַפטן פון גוטקייט ווערט ביי דער היינטיקער קולטור שטופּע צוגעשריבן צו יענע מענטשן, וועלכע וויזן אַרויס מיטגעפיל צו אַנדערע מענטשן און זענען גרייט צו פאַרציכטן אויף געוויסע פאַרטיילן, כדי צו העלפן זייערע מיטמענטשן.

די דאָזיקע אייגנשאַפט ווערט מערסטנטייל דערקלערט ווי אַ פּראָ־דוקט פון אַ באַזונדערן כאַראַקטער און איינגעבוירענע געפילן און עס ווערט דערביי אימגאַנצן פאַרלייקנט די ווירקונג פון דעם געדאַנק אויף אָט די געפילן.

אַזעלכע באַהויפּטונגען זענען באַזירט מער אויף די מיינונגען פון דער גאַס, ווי אויף די אַבסטראַקטע קולטן, וועלכע שטיצן זיך, פון זייער זייט, — מיט זייער אָפּטיילן דאָס געפיל פון דעם געדאַנק, — אויף געוויסע דאָגמעס און רעליגיעזע פאַראורטיילן.

די דורכויס קליינבירגערלעכע פאַרשטעלונגען וועגן גוטקייט (ווי וועגן אַ באַזונדערן געפיל צושטאַנד, וואָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט דעם געדאַנק) זענען פאַרבונדן מיט די עקאָנאָמישע אומשטענדן פון דער ענגער מאַרק סביבה.

אין דער דאָזיקער סביבה אָפּערירט דער געדאַנק בלויז אַלס אַן אינסטרומענט פון קליינלעכער אויסגערעכנטקייט; און דערפאַר וואָס דער קאַמף פאַר עגזיסטענץ איז דאָרט אַ שווערער און ער קומט פאַר אויף אַן אינדיווידואַליסטישן שטייגער, אין אַ פּרימיטיווער און נישט אַנטוויקלטער פאָרם, ווערט דערפאַר די גרעסטע און וויכטיקסטע אויפ־גאַבע פון דעם מח און די העכסטע דערגרייכונג פון חכמה, אינם קאַמף פאַר עגזיסטענץ און געלטונג, געריכטעט נישט אויף צו העלפן יענעם, נאָר אויף אָפּצונאַרן, אָדער אָפּטאָן אַ שפּיצל דעם צווייטן.

כאָטשע די סאָציאַלע וואָרצלען פון אַזעלכע וועלט־אָנשויאונגען און וועלט־איינשטעלונגען, פונקט ווי די איינטיילונג פון די פּראָדוקטן, שטאַמען פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, צעוואַקסן זיי זיך אָבער באַזונדערס שטאַרק אין דער קליינבירגערלעכער סביבה, ווייל אַ חוץ דעם וואָס דער קאַמף פאַר עגזיסטענץ פון אָט דעם קלאַס איז ענג און פאַרביסן, איז ער אויך וואַקלדיק און די אַמביציע זיך דורכצושלאָגן אין לעבן איז פאַרבונדן מיט קליינלעכער קאָנקורענץ, מיט שרעק,

און קען אויסגעפירט ווערן, נאָר אויף דעם חשבון פון דעם דירעקטן אונטערדריקן דעם צווייטן.

אין אָט דער סביבה טיילט מען אָפּ די גוטקייט פון דעם געדאַנק, ווייל לויט די אומשטענדן און דער פּסיכאָלאָגיע פון אָט דעם קלאַס לוינט זיך קיינמאָל נישט צו זיין גוט (אין אַ קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג ווערט אויך אַ גרויסער טייל נישט באַוווסטזיניקע אַרבעטער באַווירקט פון די קליינבירגערלעכע אַנשויאונגען). דערפאַר אַסאָציאירן די קליינבירגער מיט דעם געדאַנק שלעכטקייט און אייגננוציקייט און זיי האַלטן אַז קלוגע מענטשן מוזן שטענדיק זיין שלעכט, און גוטע מענטשן זענען, לויט זייער מיינונג, נאַראָנעם.

ביי דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס גופא איז דער קאַמף פאַר עגזיס־טענץ ברייטער און ראַפינירטער, און דערפאַר זעען מיר ווי די קאַפּי־טאַליסטן דערלויבן זיך שוין דוקא יאָ צו זיין אַמאָל גוט. זייער גוטקייט וואָס דרוקט זיך אויס אין פילאַנטראָפּיע, שטערט זיי אָבער נישט צו באַזירן אויף אָט דעם געפיל זייערע קלאַסן אינטערעסן, די אייגננוציקייט און אויסגערעכנטקייט, וועלכע איז איינגעוואָרצלט אין זייער באַוווסט־זיין און נאָך מער טיף אין אונטערבאַוווסטזיין. לויט זייערע אומ־שטענדן לוינט זיך אָפט צו זיין גוט, זיי קענען זיך פאַרגינען צו זיין ברייטהאַרציק.

דער אַנטוויקלונגס פּראָצעס סיי פון גוטקייט, סיי פון שלעכטקייט, פּונקט ווי פון אַלע אַנדערע געפילן שטאַמט פון דעם אינסטינקט פון זעלבסט־דערהאַלטונג, וועלכער איז פון זיין זייט באַזירט אויף די עמפּפינדונגען פון לוסט און אומלוסט.

דער אינסטינקט גייט דורך די דערפאַרונגען איבער אין געדאַנק, און דער געדאַנק ווערט ביי אַ ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פאַרוואַנדלט אין געפיל. אָפּהענגיק פון די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע אומשטענדן נעמט אָן דער אינסטינקט פון זעלבסט־דערהאַלטונג אַלעמאָל נייע פאָרמען; אָפּהענגיק פון אָט די אומשטענדן זענען אויך דעם מענטשנס דערפאַרונגען, פון וועלכע עס אַנטוויקלט זיך דער געדאַנק, דער געדאַנק, וואָס פאַרקערפּערט שטענדיק די מיטלען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ און צופּאַסונג (דאָס צופּאַסן זיך איז אַליין אַ מין טאַקטיק אין דעם זעלבן קאַמף). דער העכסטער פּונקט, וואָס ווערט דערגרייכט דורך דעם געדאַנק, אין זיין צוועקמעסיקער צופּאַסונג, איז זיין איבערגאַנג אין געפיל. מיט אַנדערע ווערטער, דער מענטש פּאַסט זיך אַזוי גוט צו צו געוויסע אומשטענדן, אַז דער סך הכל פון זיינע מיטלען פון קאַמף און צופּאַסונג, — דער געדאַנק, — ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ נאַטירלעכן קאָנטאַקט און אינערלעכער שייכות צו אָט די אומשטענדן, דאָס איז

דאָס געפיל. און דער קאָמפּלעקס פון פאַרשידענע געפילן וועלכע געפינען זיך אין מענטשן בילדן אויס זיין כאַראַקטער, דאָס קאָן זיין שלעכטקייט, פונקט ווי גוטקייט א.א.וו. אַלע כאַראַקטערס אַנטוויקלען זיך דורך דער קרובהשאַפט מיט באַשטימטע לעבעדיקע און טויטע אָביעקטן, מיט וועלכע דער מענטש קומט אין קאָנטאַקט און וועלכע דערציען די געפילן און שאַפן אַזוי אַרום דעם כאַראַקטער, ווייל זאַכן וואָס זענען אימגאַנצן אומפאַרשטענדלעך און האָבן צו אונז נישט קיין שייכות רופן ביי אונז נישט אַרויס, נישט קיין פאַרביטערונג און נישט קיין פריינטשאַפט, זיי זענען אונז אימגאַנצן פרעמד.

סיי גוטקייט, סיי שלעכטקייט,ביידע מאַכן דורך דעם זעלבן פּראָצעס פון אַנטוויקלונג, ביידע קומען אַלץ איינס פון דעם זעלבן קאַמף פאַר עגזיסטענץ, און דער אונטערשיד צווישן זיי, (פונקט ווי צווישן אַלע העכערע, און נידעריקערע פסיכישע דערשיינונגען) איז בלויז אַן אונ־טערשיד אין דעם מאסשטאַב, אין דער מאָס פון אַנטוויקלטקייט און ראַפינירטקייט אין דעם קאַמף, וועלכער ווערט פון זיין זייט באַשטימט דורך דער סאָציאַלער און עקאָנאָמישער סטרוקטור. אַזוי זעען מיר ווי דערפאַר וואָס דער קאַמף פאַר עגזיסטענץ ווערט אין דער קאַפּיטאַ־ליסטישער אָרדנונג געפירט אויף אַן אינדיווידואַליסטישן שטייגער און איז שמעלער, ענגער און ווייניקער צוועקמעסיק, ווי אין אַ סאָציאַליס־טישער אָרדנונג, קענען זיך דערפאַר טאַקע, אין אַ קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, בלויז יחידים דערלויבן צו זיין מיט איין האַנט גוט, אין דער צייט ווען מיט דער אַנדערער האַנט עקספּלאָאַטירן זיי די מערהייט פון די מיטמענטשן; — פאַרקערט, אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, ווו דער קאַמף פאַר עגזיסטענץ ווערט געפירט קאָלעקטיוו און אָרגאַני־זירט און איז דערפאַר אויך ברייטער, צילבאַוווסטער און פאַרפיינערטער, איז נישט נאָר מעגלעך פאַר אַלע צו זיין גוט, נאָר דאָס איז אַ נויט־ווענדיקע באַדינגונג פאַר דער דערהאַלטונג און אַנטוויקלונג פון יעדן איינעם.

דער באַוווסטזיניקער פּראָלעטאַריער, דער רעוואָלוציאָנער, דער קעמפער און דער אָפּפערפעאיקער סאָציאַלער מיטגליד, וואָס פאַרציכטן אויף זייערע אינדיווידועלע לוסטן, צוליב געזעלשאַפטלעכע צוועקן, טוען דאָס נישט, נאָר לויט דעם אימפּולס פון דעם אַזויגערופענעם „בלינדן“ געפיל, נאָר איינצייטיק אויך לויט דער פאָדערונג פון דעם קלאָרן געדאַנק, פון זייער פעסטן, באַוווסטזיניקן ווילן און פון זייערע אויסגערעכנטע קלאַסן אינטערעסן. זייער אויסרעכנונג איז אָבער אַ ברייטערע, מער פאַרפיינערטע און ווייטערע.

די גוטקייט וואָס קומט אָבער נישט פון דער קלאָרער אויסרעכנונג,

נישט פון דעם באַוווסטזיין, אַז מען דאַרף, אַז מען איז גרייט דורכצופירן און מען אַקצעפּטירט די טאַט, וואָס קומט אַלס דער רעזולטאַט פון דער גוטקייט; ווען אָט די טאַט קומט פון אַ געפיל, וואָס ווערט נישט קאָנ־טראָלירט פון דעם געדאַנק און פון דער דערקענטעניש, נאָר ווערט געמאַכט קעגן דעם אייגענעם ווילן, (ווי דאָס טרעפט אָפט מיט אינדיווי־דואומס אין געוויסע דעקאַדענטישע שיכטן) דעמאלט איז דאָס נישט קיין גוטקייט, (נאָר דער קליינבירגער קען אידענטיפיצירן אַזאַ רעפלעקס מיט גוטקייט) דאָס איז גיכער פון אַלעמען טעמפּעראַמענטלאָזיקייט, ס׳איז די מורא צו קעמפן קעגן געוויסע שעדלעכע רעפלעקסן, ס׳איז שוואַכקייט און איז נענטער צו צעקראָכענער סענטימענטאַליטעט, ווי צו עכטן געפיל . . .

## קאַפּיטל 12

# אינטואיציע און געדאנק

דורך די אָביעקטיווע געזעצן פון דער דיאַלעקטיק, דורך וועלכע אונזער גייסט, פונקט ווי אַלעס אויף דער וועלט, אַנטוויקלט זיך און ענדערט זיך, ווערן די טעאָריעס פון דעם סטאַטישן מאַטעריאַליזם און פון דעם פילאָסאָפישן אידעאַליזם דערפירט צו זייער קאָנסעקווענטן אַבסורד, פונקט דעמאָלט ווען אָט די טעאָריעס דערגרייכן זייער אַפּאָגיי. מיט אַנדערע ווערטער: גראַד ווען עס קומט צו דער דערקלערונג פון דעם באַגריף אינטואיציע, וואָס איז יענער גייסטיקער אַרסענאַל, פון וואַנען עס באַציען זייערע וואפן, סיי דער סטאַטיש־מאַטעריאַליסטישער צוגאַנג, סיי די פילאָסאָפיש־אידעאַליסטישע סיסטעמען (וועלכע טיילן זיך פון זייער זייט אין סטאַטיש־אידעאַליסטישע, דיאַלעקטיש־אידעאַליס־טישע א.א.וו.) פונקט דעמאלט שטויסן זיך אָט די טעאָריעס אויף דעם שאַרפסטן אופן אָן אין מיסטישע אַבסורדן און פאַלן אַריין אין דעם טאָן פון אַ נודנע ליטורגיש באַזינגען די אינטואיציע. די אונלאָגישע פילאָסאָפיעס, וואָס שטעקן אונטער אָט דעם מאָנאָטאָנעם באַזינגען, אַנט־לויפן ליבערשט פון יעדער פאָרמולירונג, וואָס פאַרמאָגט אין זיך אַ פּאָזיטיוון און באַשטימטן אינהאַלט; און די ווייניקע דעפיניציעס וואָס מוזן געגיבן ווערן כדי אָפּצופּטרן די פאָדערונגען פון דעם נייגעריקן געזונטן פאַרשטאַנד, זענען זער נעפלדיק און ווערן רעזומירט אין די באַהויפּטונגען, אַז די אינטואיציע איז אַן אומדערקלערבאַר געפיל, אַז דאָס איז אַ הייליקע וויזיע, אַן איינגעבוירענער אינסטינקט, צי גאָר אַ מין זעקסטער חוש, אָדער אַ באַזונדער קעמערל אין מארעך.

דער סטאַטישער מאַטעריאַליזם, וועלכער פאַרדעקט אונטער די

מאַטעריאַליסטישע באַגריפן און פיזיאָלאָגישער טערמינאָלאָגיע „חוש“, „אינסטינקט“, „באַזונדער קעמערל“, די מיסטישע פאַרשטעלונגען, פונקט ווי דער אידעאַליסטישער קולט פון אומדערקלערבאַרקייט, ביידע האָבן זיי בלויז די טענדענץ צו פאַרשטעלן די היפּאָקריזיע, פלאַכקייט און אימפּאָטענטישקייט פון יענע אידעאָלאָגיעס, וואָס באַהאַלטן זיך אונטער אָט די קולטן.

פאַר דעם געזונטן און פאַרשנדיקן פאַרשטאַנד, עגזיסטירן נישט קיין אומדערקלערבאַרע און קיין מעטאַפיזישע דערשיינונגען, ווייל אויב עס וואָלטן עגזיסטירט זאַכן, וואָס זענען אימגאַנצן אומדערקלערבאַר, וואָלטן מיר זיי בכלל נישט געקאָנט אויפנעמען און מיר וואָלטן פאָלגלעך נישט נאָר זיי נישט געקאָנט פילן און וועגן זיי רעדן, נאָר מיר וואָלטן אפילו נישט געוווסט וועגן זייער עגזיסטענץ. אַלעס וואָס מיר עמפּ־פינדן איז פּאָטענציעל דערקלערבאַר. דאָס וואָס איז אַבסאָלוט אומ־דערקלערבאַר קענען מיר נישט עמפּפינדן און דערפאַר קען עס אויך סוביעקטיוו פאַר אונז נישט עגזיסטירן. לויט די געזעצן פון דער דיאַלעקטיק מוז עס אָבער אויך נישט עגזיסטירן אָביעקטיוו, ווייל אַלעס וואָס עגזיסטירט באַוועגט זיך און ענדערט זיך, יעדע באַוועגונג און ענדערונג רופט אַרויס באַוועגונגען און ענדערונגען אין דעם אַרום, ד.ה. יעדע באַוועגונג מוז קומען צום אויסדרוק אין דער נאַטור און איז דער־פאַר פּאָטענציעל דערקענבאַר פאַר די מענטשן, אויב די אומשטענדן אין וועלכע זיי געפינען זיך זענען נאָר ראַציאָנעל גענוג, אויב די סאָציאַלע אָרגאַניזאַציע אין וועלכער זיי לעבן איז אַ געזונטע און דער קאַמף צו דערקענען די קאָנקרעטע פאָרמען פון די פאַרשידענע באַוועגונ־גען און ענדערונגען ווערט אינקוראַזשירט, אויב עס ווערט נאָר גע־שטיצט די דרייסטקייט צו פאַרשן דעם אומאויפהערלעכן קאָנטאַקט, אין וועלכן די אַרומיקע באַוועגונגען און ענדערונגען מוזן קומען איינע מיט דער אַנדערער און מיט אונזערע אייגענע באַוועגונגען און ענדערונגען; און אויב עס ווערט אַנטוויקלט דער ווילן צו שטודירן דאָס ווירקן און באַווירקט ווערן, דורך וועלכע יעדע דערשיינונג אַנטפּלעקט זיך און קען סוף כל סוף אויך קומען, אַזוי אַרום, צו אונזער דערקענטעניש.

אונזער עמפּפינדן די אַרומיקע אָביעקטן, איז אָפּהענגיק פון יענע באַוועגונגען און ענדערונגען, וועלכע ווערן אין אונזער אינערלעכער סוביעקטיוויטעט אַרויסגערופן דורך די באַוועגונגען און ענדערונגען פון דעם אַרום און וועלכע האַרמאָנירן טאַקע דערפאַר מיט דעם טעמפּאָ פון די לעצטע.

וואָס קלאָרער און שטאַרקער עס דרוקט זיך אויס דער רעזאָנאַנס פון די אָביעקטיווע אויסערלעכע באַוועגונגען און ענדערונגען, פאַרבינ־דונגען און אויפלעזונגען, אויף אונזערע אינערלעכע סוביעקטיווע פאַר־

בינדונגען און אויפלעזונגען, באַוועגונגען און ענדערונגען, אַלץ שנעלער און טיפער איז דער איבערגאַנג פון אומקלאָרער עמפּפינדונג צו אַ באַשטימטן באַנעמען פון זאַכן, צו אַן האַרמאָנישן דערפילן זיי און צו דער פולער דערקענטעניש איבער זיי.

און פונקט ווי מיר דערקענען די אויסערלעכע דערשיינונגען, דורך דער עמפּפינדונג וואָס זיי רופן אַרויס אין אונז און דורך דער ווירקונג וואָס זיי איבן דירעקט אָדער אינדירעקט אויס אויף אונז, אַזוי דערקענען מיר אונזערע אייגענע אייגנשאַפטן דורך דעם איינדרוק וואָס זיי מאַכן אויף די אַרומיקע אָביעקטן.

דאָס אומדערקלערבאַרע אין דער אָביעקטיווער וועלט און אין דעם מענטשן, פונקט ווי די דערקענטעניש איבער זיי, זענען בלויז רעלאַטיווע באַגריפן, וואָס קענען באַצייכענען אפילו דעם זעלבן גייסטיקן צושטאַנד פון דעם מענטשן.

ביידע באַגריפן אַנטוויקלען זיך דיאַלעקטיש און בייטן זיך אַלעמאָל מיט די ראָלן, אין דעם פּראָצעס פון דעם מענטשלעכן פּראָגרעס. די דערקענטעניש דינט אַלס אַן אַנטיטעזע צום נישט דערקלערבאַרן, ד.ה. אַז דורך דער דערקענטעניש לייקענען מיר אָפּ און באַזיגן די שטערונגען אין דעם באַהערשן די אַרומיקע אָביעקטן, ווען ס׳קומט אָבער צום פאַל־קאָמענעם אויסנוצן אָט די אָביעקטן רוקן זיך אַרויס די מער קאָמפּלי־צירטע, נישט דערקלערטע און, ווי זיי זעען אונז אין דעם מאָמענט אויס, אומדערקלערבאַרע אייגנשאַפטן, דאָס איז די אַנטיטעזע צו אונזער קעגנ־וואַרטיקער דערקענטעניש, ד.ה. די אַנטיטעזע פון דער אַנטיטעזע, די פאַרניינונג פון דער פאַרניינונג, וואָס אונזער דערקענטעניש האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט רעלאַטיוו צו דער אַרומיקער בלינדער נאַטור. אָט די נייע אומדערקלערבאַרקייט דינט פון איר זייט אַלס אַ סטימול צו זוכן אַ ווייטערדיקע, ברייטערע דערקענטעניש.

די דערקענטעניש דינט אַלס אַן אַנטיטעזע צום אומדערקלערבאַרן, — און דאָס אומדערקלערבאַרע צו דער דערקענטעניש; און פונקט ווי עס איז נישטאָ קיין אַנטגילטיקע סטאַטישע דערקענטעניש, אַזוי איז אויך נישטאָ קיין אַבסאָלוטע אומדערקלערבאַרקייט.

(אַ וואָס פאַר אַ נישט איז באַשטימטע, אַבסאָלוטע אומדערקלער־באַרקייט, וואָלט געמוזט מיינען אַז אונזער דערקענטעניש איז נישט אומענדלעך און אַז זי קען דערגרייכן אַ פונקט פון פאַרגליווערטער פאָלקאָמענקייט פון וועלכער מען קען שוין ווייטער נישט גייען).

יעדע דערשיינונג איז אַ נעגאַציע פון אַ פריערדיקער דערשיינונג, זי איז אָבער איינצייטיק אויך אַ נעגאַציע פון אַ נעגאַציע און שטעלט מיט זיך אַזוי אַרום פאַר, רעלאַטיוו צו געוויסע אומשטענדן, אַ סינטעזע, ד.ה. אַ פּאָזיטיוון ווערט.

אויף דעם געביט פון וויסנשאַפטלעכער און געזעלשאַפטלעכער שאַפונג (וויסנשאַפט איז אַ סאָציאַלע אַקטיוויטעט, סיי ווען מיר זענען איבער דעם באַוווסט, סיי נישט) זענען די דערקענטעניש, און די אומ־דערקלערבאַרקייט, פּ אָ ז י ט י װ ע , כאָטש זיי זענען איינצייטיק אויך ר ע ל אַ ט י װ ע באַגריפן.

דאָס ספּעציעלע זוכן און יאָגן זיך נאָך אַבסאָלוט אומדערקלערבאַרע דערשיינונגען האָט דעם ציל צו קולטיווירן אַ מין אַריסטאָקראַטיש־פּאַראַזיטישע הויכשטאַפּלעניש און שאַרלאַטאַניזם פון איין זייט, און גייסטיקע פוילקייט מיט קליינבירגערלעכע אינערציע פון דער צווייטער זייט. דער ניכטערנער און דרייסטער דענקער קען דערפאַר אויך נישט אנערקענען קיין מיסטישע אינסטינקטן, קיין מעטאַפיזישע זעקסטע חושים און קיין אומרעאַלע פיזיאָלאָגיעס און קעמערלעך, ווייל אַלע העכערע פּסיכישע דערשיינונגען אַנטוויקלען זיך (לויט ווי עס ווערט אונז קלאָר, ווען מיר גייען צו זיי אויסצופאָרשן מיט דער הילף פון דעם מאַטעריאַליסטיש־דיאַלעקטישן מעטאָד) פון די רעאַלע פיזיאָלאָגישע רעפלעקסן, וועלכע זענען אַ רעאַקציע אויף די עמפּפינדונגען פון לוסט און אומלוסט. אָט די עמפּפינדונגען זענען די אייגנשאַפטן פון דעם מענטשן, פונקט ווי פון דער חיה און פון יעדן לעבעדיקן אָרגאַניזם, וועלכער איז פון זיין זייט אַ קאָמפּליצירטער צוזאַמענשטעל פון מאַטעריע.

די עמפּפינדונגען פון לוסט און אומלוסט ווערן אויפגענומען דורך אונזערע פינף חושים, וועלכע זענען אונז גוט באַקאַנט. עס עגזיסטירט נישט קיין שום איבערלעבונג, קיין שום פּסיכישע דערשיינונג, קיין שום קאָנטאַקט צווישן דער אויסערלעכער וועלט, און אונזער אינערלעך לעבן, וואָס זאָל נישט קומען דירעקט, אָדער אינדירעקט פון אונזערע פינף חושים און זאָל נישט אַרויסרופן די עמפּפינדונג פון לוסט, אָדער אומלוסט.

די באַהויפּטונגען וועגן אַ זעקסטן חוש, אָדער וועגן אויסעראָרדנט־לעכע אינסטינקטן און קעמערלעך קענען פאָלגלעך נישט האָבן קיין שום באַזע.

ביי דעם ווייניקער פאָלקאָמענעם אָרגאַניזם באַשטייט די רעאַקציע אויף לוסט און אומלוסט אין דעם פּרימיטיוון רעפלעקס, אָבער וואָס פאָלקאָמענער דער אָרגאַניזם איז, אַלץ ראַפינירטער זענען די מיטלען מיט וועלכע ער רעאַגירט.

ד י ד ע ר פ אַ ר ו נ ג ע ן פון לוסט און אומלוסט וואָס ווערן דורכגעלעבט און געירשנט דורך דורות פאַרגיכערן און אַנטוויקלען ביי יעדן לעבעדיקן וועזן די מעגלעכקייט צ ו ד ע ר ש פּ י ר ן די דערנענטערונג פון לוסט, אָדער די געפאַר פון אומלוסט. אָט די

פעאיקייט סיי ביים מענטשן, סיי ביי דער חיה, איז דאָס וואָס מיר רופן אינסטינקט; די זעלבע דערפאַרונגען פאַרשטאַרקען אויך די פעאיקייט צו רעאַגירן אויף אָט די עמפפינדונגען.

און פון דעם קאָמפּלעקס פון מיטלען, מיט וועלכע מען רעאַגירט אויף זיי, שאַפט זיך און ס׳באַשטייט אונזער געדאַנקען סיסטעם.

וואָס מער עס וואַקסט די קוואַליטעט פון די מיטלען, מיט וועלכע מען רעאַגירט, אַלץ קאָמפּליצירטער איז דער מח, און וואָס קאָמפּליצירטער ס׳איז דער מח, אַלץ ראַפינירטער ווערן די מיטלען פון רעאַקציע. און די צופּאַסונג וואָס איז איינע פון די וויכטיקסטע מיטלען אינ׳ם קאַמף פאַר עגזיסטענץ, (ד.ה. אין דעם קאַמף פאַר לוסט און קעגן אומלוסט) קומט פאַר ביי דעם פרימיטיווערן מח מער פּאַסיוו און איבערפלעכלעך, און ביי דעם אַנטוויקלטערן מח טיפער און אַקטיווער.

דעם רעלאַטיוון קולמינאַציע פונקט דערגרייכן די מיטלען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ אין דער אַנטשפּרעכנדיקער קאָנסטרוקטיווער שאַפונג, וועלכע הויבט זיך אָן שוין ביי די פרימיטיווסטע מח אָרגאַניזאַציעס, ווי מיר זעען דאָס ביי דעם פויגל, וואָס בויעט זיין נעסט, ביי די ווילדע חיות, וואָס מאַכן זיך נאָרעס, אָדער ביי די בינען וועלכע שאַפן זייערע בינשטאָקן.

די שאַפונגס שטימונג וועלכע ווערט אָנגערופן אינטואיציע, אָדער אינספּיראַציע, איז פונקט ווי די שאַפונג אַליין, נישט נאָר פאַרבונדן מיט דעם מח, נאָר זי איז אויך דירעקט פּראָפּאָרציאָנעל צו זיין אַנטוויקלונג און אַקטיוויטעט. *)

---

*) אין געוויסע שפּראַכען ווערן די באַגריפן אינטואיציע און אינספּיראַציע פאַרשטאַנען ווי סינאָנימען, אין אַנדערע שפּראַכען, ווידער, ווערן זיי אָנגעווענדעט צו באַצייכענען פאַרשידענע גייסטיקע צושטאַנדן אין דער מענטשלעכער פּסיכאָלאָגיע. אין אַן אמת איז טאַקי דאָ אַ לייכטער אונטערשיד צווישן אָט די צוויי זייטן פון איין פּסיכאָלאָגישער מאַניפעסטאַציע. אינספּיראַציע איז דער רעזולטאַט פון אַ מער באַשיינפּערלעכער, אויסערלעכער סיבה און מאָמענטאַנעם איינדרוק. אין דער צייט וואָס אינטואיציע איז אַ טיפערער אינערלעכער צושטאַנד. ס׳איז אָבער פאַראַן אויך אַ זער נאָענטע שייכות, אַ דיאַלעקטישע איינהייט צווישן זיי, ווייל דער מאָמענטאַנער איינדרוק וואָס רופט אַרויס די אינספּיראַציע, קען זיך אויסווירקן נאָר דעמאָלט, ווען ס׳איז שוין דערגרייכט געוואָרן דער קלימאַקס פון אַן אינערלעך־סוביעקטיווער דיספּאָזיציע, וואָס איז אַליין אַ פּראָדוקט פון אַ מער קאָמפּליצירטן פּראָצעס פון אַנטוויקלונג, פון אַ פּראָצעס, אין וועלכן די ווירקונג פון פריערדיקע אָביעקטיווע סיבות איז שוין געוואָרן, נאָך אַ צאָל פון פאַרוואַנדלונגען, אַן אָרגאַנישער טייל פון אונזער זיין. דורך אָט דעם פּראָצעס דערגרייכן מיר די פעאיקייט פון אוממיטלבאַרער דער־

די אַנטוויקלטקייט פון מח, ד.ה. פון די מיטלען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ, איז פון איר זייט אָפּהענגיק פון דער פיזישער און מאַטעריעלער אָרגאַניזאַציע און פון די דערפאַרונגען.

די דערפאַרונגען, ווידער, פונקט ווי דער גאַנצער אָרגאַניזם, (וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ קאָמפּלעקס פון פאַרשידענע מאַטעריעלע עלעקטראָנען און פיזישע אַטאָמען, וועלכע האָבן זיך דורך אַסטראָנאָמישע צאָלן פון סיבות צונויפגעשטויסן און פאַרבונדן) זענען דער אויסדרוק פון די אַרומיקע אומשטענדן.

דער אָרגאַניזם און די דערפאַרונגען האַלטן זיך אין איין ענדערן אין פאַרבינדונג מיט די באַוועגונגען און ענדערונגען פון די אָביעקטיווע אומשטענדן. און אין די באַוועגונגען און ענדערונגען פון דעם אָרגאַניזם און זיינע דערפאַרונגען, שטעקן שוין במילא די באַוועגונגען און ענדערונגען פון דעם מח און זיין אַנטוויקלונג, (וואָס ווערט דירעקט און אינדירעקט פאַראורזאַכט דורך דעם גאַנצן אָרגאַניזם) ווי אויך די פאָרם פון דער אינטואיציע.

אויב די קאַמפּס מיטלען פון די באַזונדערע מיטגלידער אין אַ קאָלעקטיוו האַרמאָנירן צווישן זיך, איז שאַפט זיך דעמאָלט אַ מין געמיינזאַמער דענקונגס סיסטעם און אַ קאָלעקטיווע שאַפונג, (ווי מיר זעען דאָס ביי די בינען) וועלכע שטייגט איבער די סומע פון די דיסהאַרמאָנישע מחות און זייערע שאַפונגען ביי מער קאָמפּליצירטע אָרגאַניזמען.

דער מענטשלעכער געדאַנק וועלכער איז אַ פּראָדוקט פון אַ באַזונדערס קאָמפּליצירטן אָרגאַניזם און פאַרמאָגט אויך איינצייטיק די אייגנשאַפט צו פאַרגלייכן און אַסאָציאירן זיינע פערזענלעכע איבערלעבונגען מיט די איבערלעבונגען פון אַנדערע, וועלכע זענען ענלעך צו זיינע, און האָט אויך די מעגלעכקייט (דורך זיין סאָציאַלער אָרגאַניזאַציע, קולטור און שפּראַך) זיינע אייגענע פאָרשטעלונגען, בילדער און עמאָציעס צו פאַראַלגעמיינערן, ד.ה. זיי צו פאַרוואַנדלען אין אַ טייל פון די קאָלעקטיווע דערפאַרונגען און פון דעם קאָלעקטיוון פאַרשטאַנד (די ווּיסנשאַפט), זיין שאַפונג מוז שטייען אויף אַ העכערער מדרגה ווי די שאַפונגען פון אַנדערע לעבעדיקע וועזנס, וועלכע פאַרמאָגן, אָדער אָרגאַנישע פעאיקייטן, אָדער די פּאָרטיילן פון געזעלשאַפטלעכער האַרמאָניע אַליין, און נישט די קאָמבינאַציע פון אָט די ביידע מעגלעכקייטן אינאיינעם.

---

קענטעניש און אומבאַדינגטן עמפּפינדן, אין וועלכע די שאַפונגס־שטימונג איז שוין איינגעשלאָסן. ביי דער ערשטער געלעגנהייט ווערט זי אַרויסגערופן אין דער פאָרם פון אינספּיראַציע.

וואָס מער עס אַנטוויקלען זיך דעם מענטשנס דערפאַרונגען און געדאַנקען, וואָס טיפער ער דערקענט אין די פאַרשידנסטע און ווייטסטע אָביעקטן זייערע פעאיקייטן צו ברענגען לוסט, אָדער אומלוסט; וואָס רייכער און ברייטער עס ווערן זיינע באַגריפן און זיין אופן פון רעאַגירן, אַלץ פאָלקאָמענער ווערן, נישט נאָר זיינע מיטלען פון קאַמף און צו־פאַסונג צו דער אומגעבונג, נאָר אויך די אינערלעכע פאַרוואַנטשאַפט פון דעם מענטשן מיט דער אומגעבונג וואָס רינגלט אים אַרום, ד.ה. אַז דער געדאַנק וועגן די אַרומיקע אָביעקטן גייט אַלץ טיפער איבער אין אַ באַשטימטער אָפּשאַצונג און באַציונג צו אָט די אָביעקטן, צווישן וועלכע ער געפינט זיך, אין אַן איינגעשטעלטן קאָנטאַקט מיט זיי, מיט אַנדערע ווערטער, די קוואַנטיטעט פון די דערפאַרונגען און מיטלען פון קאַמף גייט איבער אין אַ נייער קוואַליטעט, — אין אַ באַשטימטן געפיל, וואָס קאָן זיין האַס, ליבע א.א.וו. וואָס טיפער אָט די געפילן זענען, אַלץ רעאַליסטישער איז די שאַפונג, ווייל אַלץ נענטער און פאַר־וואַנטער זענען דאַן דעם מענטשן די אָביעקטן, מיט וועלכע ער אָפּערירט ביי זיין שאַפן, און אַלץ ווערטפולער און נוצלעכער איז זי פאַר דעם קאָלעקטיוו, ווייל אַלץ ברייטער און אַלגעמיינער איז די דערקענטעניש, אויף וועלכער זי באַזירט זיך און וועלכע איז וויכטיק פאַר דער גאַנצער געזעלשאַפט, אַלץ באַוווסטזיניקער און באַהערשטער איז אויך די שאַ־פונגס שטימונג.

די אינטואיציע איז אַזוי אַרום אַ פערפעקטע פונקציע פון געפיל און געדאַנק, וואָס ווערט, טאַקע דערפאַר, אויך פאַרווירקלעכט אין אַ פאַרפאָלקאָמטער פאָרם פון טאַט.

דער פראָצעס קען אויסגעדרוקט ווערן אין דער פאָלגנדיקער פאָר־מולע: יעדע אנדעקונג, יעדער קונסט ווערק, יעדע שאַפונג, איז אַ קאָמפּלקס פון די מיטלען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ, וועלכע דער אינ־דיווידואום געפינט דורך פאַרשידענע דירעקטע און אינדירעקטע גייס־טיקע קאָמבינאַציעס, צו וועלכע ער ווערט געשטויסן, דורך די אַרומיקע מאַטעריעלע אומשטענדן און דורך די, פון זיי געשאַפענע, פיזישע דער־פאַרונגען, פון וועלכע ס׳אַנטוויקלען זיך די קאָמפּלעקסן פון אונזער באַוווסטזיין און אונטערבאַוווסטזיין.

דער ווערט פון אָט דער שאַפונג איז רעלאַטיוו צו דער קוואַנטיטעט און קוואַליטעט פון דער רעאַלער דערקענטעניש איבער די אָביעקטן, מיט וועלכע מען אָפּערירט אין איר און רעלאַטיוו צו דעם נוצן, וואָס די געזעלשאַפט קען פון אָט דער דערקענטעניש האָבן.

די מעגלעכקייטן צו געווינען אַזאַ דערקענטעניש און צו באַקומען דעם נוצן, וואָס פאָלגט פון איר זענען, ווידער, פּראָפּאָרציאָנעל צו דער ברייטקייט פון דעם מענטשנס פאַרשטעלונגען און צו דער טיפקייט פון זיינע געפילן.

וואָס האַרמאָנישער עס זענען דערביי די באַציונגען צווישן די באַזונדערע מיטגלידער מיט דער גאַנצער געזעלשאַפט, און די באַציונגען פון דעם גאַנצן קאָלעקטיוו, צו די געזעצן פון דער אַנטוויקלונג פון די אָביעקטיווע אומשטענדן, אַלץ העכער זענען די געזעלשאַפטלעכע שאַ־פונגען, אַלץ גראַנדיעזער איז די געמיינזאַמע שאַפונגס שטימונג, די מעכטיקע סאָציאַלע אינטואיציע.*)

האָבנדיק אַנאַליזירט דעם באַגריף אינטואיציע, איז אונז נישט נאָר אומעגלעך אים אָפּצולייקענען, ווי דאָס טאָען די וווּלגאַר מאַטעריאַליסטן, וועלכע ציען ווייטער די טראַדיציעס פון די ניהיליסטן, נאָר פאַרקערט, מיר דערזעען, אַז די אינטואיציע שפּילט אין לעבן אַ סך אַ וויכטיקערע ראָלע, ווי מען האָט געמיינט. זי איז די באַגלייטערן פון יעדן לעבנס פּראָצעס, אין וועלכן ס'איז דערגרייכט געוואָרן דער באַוווסטזיין איבער דער אייגענער עגזיסטענץ און איבער דער דערשיינונג פון דעם איי־גענעם איך. זי איז אימאַנענט אין יעדן שאַפן, אָנגעהויבן פון דעם אַב־סטראַקטסטן דענקען, ביז דער קאָנקרעטסטער אַרבעט (אָבער נישט אין דעם בערגסאָנישן מיסטישן זין).

יעדער מאַטעמאַטיקער ווייסט אַז אַ מאַטעמאַטישע אַנטדעקונג, אָדער די לעזונג פון שווערע מאַטעמאַטישע פּראָבלעמען קומט אין אַ מאָמענט ווען מען דערפילט פּלוצעם עפּעס אַ שטימונג, ווען עס גיט מיט אַמאָל עפּעס אַ פאַל איין. אָט די שטימונג, וואָס דאַכט זיך אויס, אַז זי קומט פּלוצעם, האָט אין אַן אמת אַ לאַנגזאַמע אינערלעכע אַנטוויקלונג, וועלכע קומט דורך אַסאָציאַציעס, פאַרגלייכן און פאַרשידענע גייסטיקע קאָמ־בינירונגען; ווען דער פּראָצעס דערגרייכט אַ געוויסע הויך קומט דער שטויס צום שאַפן.

דאָס זעלבע זעען מיר אויך ביי גוטע אַרבעטער. עס קומט אָפט אויס צו הערן, ווי גוטע שוסטער, שניידער, זייגערמאַכער, אינזשענירן

*) ווען די דערקענטעניש איבער באַשטימטע אומגעבונגען און דער־שיינונגען האָט דערגרייכט איר קולמינאַציע אין דעם מענטשנס גייסט דערגרייכט ער דורך דעם אָפּט די מעגלעכקייט פון דירעקטער און אוממיטל־באַרער (ד.ה. אינטואיטיווער) דערקענטעניש און די פעאיקייט אינספּירירט צו ווערן צו געשטאַלטן און צו גיבן אַ קינסטלערישן אויסדרוק אויך צו סביבות, צו דערשיינונגען און געשעענישן מיט וועלכע ער איז נאָך אין זיין לעבן נישט געקומען אין קיין נאָהענטן קאָנטאַקט, וועלכע זענען ניי און אויסערלעך פאַרשידן, אָבער ווי אַלעס אויף דער וועלט, האָבן זיי אויך אַ אינערלעכע שייכות און אַ געוויסע ענלעכקייט צו יענע, צווישן וועלכע ער האָט געלעבט און וועלכע האָבן פריער אויף אים געמאַכט די איינדרוקן וואָס ער האָט שוין אַסימילירט.

און מעכאַניקער רעדן מיט אַ טיפער באַגייסטערונג און ליבע וועגן זייער אַרבעט און זיי דערציילן וועגן טיפע געפילן און פאַרשידענע עמאָציעס, וואָס זיי לעבן איבער ביי זייער שאַפן, כדי עס זאָל אָבער קומען אַזאַ מין שאַפונגס שטימונג, מוז דער וואָס שאַפט, זיין פריער גוט באַקאַנט מיט זיין פאַך און דערגרייכן אין דער ריכטונג אַ געוויסע ראַפינירטקייט. זער פאַלש איז דערפאַר די מיינונג אַז ערודיציע, דענקען און דערקענטעניש האָבן נישט צו טאָן מיט אינטואיציע, אָדער אַז זיי זענען גאָר דער היפוך פון איר, אין אַן אמת מוזן די בעלעטריסטן, דיכטער, מאָלער און מוזיקער, וועלכע מען האַלט פאַר די קינדער פון דער ריינער אינטואיציע, באַזיצן אַ סך וויסן און אַ סך קאָנקרעטע רעאַליסטישע פאָרשטעלונגס, אָדער דענקונגס קראַפט; זיי מוזן זער אַ סך קאָמבינירן און מאַכן אַ סך אויסרעכענונגען, ביז זיי שאַפן עפּעס; די „קאַלטע דענקער“, ווידער, וועלכע מען האַלט בלויז פאַר די פאָרשטייער פון ערודיציע, מוזן באַזיצן רייכע, טיפע און פאַרצווייגטע אַסאָציאַציעס, פאַנטאַזיע און שטימונג. די אינטואיציע וואָס מען מאָנאָפּאָליזירט פאַר די קינסטלער מוז דווקא ביי די דענקער זיין שטאַרקער, ווי ביי יענע, ווייל דאָס שאַפן פון דענקער איז אַבסטראַקטער, די מיטלען מיט וועלכע זיי אָפּערירן אוממיטלבאַרער און זיי באַקומען נישט קיין הילף פון קיין קאָנקרעטע בילדער און סצענעס, זייער שאַפן פונקט ווי דאָס שאַפן פון שכל׳דיקע, טענדענציעזע שרייבער, (אויב זיי זענען נאָר באמת שכל׳דיק און אויסגעהאַלטן טענדענציעז) וועלכע מען וואַרפט אויך פאָר, אַז זיי שאַפן אָן אינטואיציע, האָט טיפערע שטימונג און מער אינטואיציע, ווי דאָס שאַפן פון פאַרשידענע פאָרמאַליסטן און דעקאַדענטן, וואָס שאַפן אָן שכל.

ביי אַ סך קינסטלער, וואָס האָבן געפּרוווט צו אַנאַליזירן דעם פּראָצעס פון זייער אייגענעם שאַפן, טרעפן מיר אָפט די באַמערקונג, אַז אינטואיציע האָט אַ געוויסע שיכות מיט דערינערונגען. יעדע אַסאָציאַציע באַשטייט טאַקע ריכטיק פון דערינערונגען, וועלכע ווערן דורך באַשטימטע, קאָנקרעטע סיבות, דורך דעם קאָנטאַקט מיט געוויסע אָבּיעקטיווע דערשיינונגען און ביי געוויסע אומשטענדן אַרויסגערופן; דאָרט ווו דער קינסטלער באַשרענקט זיך אָבער בלויז אויף דעם אַסימילירן פונסניי די דערינערונגען, איז דאָס מערסטנטייל אַ סענטימענטאַל און אימפּאָטענט מעלה גרה זיין, אָבער די עכטע שאַפערישע און געזונטע אינטואיציע איז אַ פּרווו, דורך דעם סומירן די קוואַנטיטעט פון די דערוואָרבענע דערפאַרונגען, און דערפאַרענע איבערלעבונגען, אַ רעוואָלוציאָנערן שפּרונג צו גיבן ווייטער, צו אַ נייער קוואַליטעט, צו אַ נייער דאַטע פון לעבן און שאַפן.

די אומלאָגישע מיסטיפיקאַציעס, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן אַרום דעם באַגריף אינטואיציע האָבן, ווי יעדער אומלאָגישקייט, זייער ענג

סוביעקטיווע לאָגיק, וועלכע איז אַ פּראָדוקט פון דער ווירקונג, וואָס די פּעאדאלע און בורזשואזע עפּאָכעס האָבן איבערגעלאָזט אויף דעם קינסטלער, ווענס לאַגע איז שטענדיק געווען וואקלדיק, זיין לעבן נישט רעגלמעסיק פאַרזאָרגט, תמיד אָפּהענגיק פון די קאַפּריזן פון הערשער, וואריאירנדיק צווישן איבערטריבענעם ווילטאג, און עקסטרעמער נויט; דאָס איז די לאַגע וואָס דערציט קונצן מאַכער. נישט געקוקט דערויף וואָס די בעסטע קינסטלער האָבן שטענדיק געריסן די פאַלשע מאַסקעס פון דער געזעלשאַפטס פּנים, האָבן זיי אָבער, צוליב די אקערשט דער־מאָנטע סיבות, כמעט אַלע, און אָפּט אפילו די מער רעוואָלוציאָנערע צווישן זיי, אונטערשטיצט די קונציקע ליגנס און סודות אַרום זיך, ווייל נאָר אויף אַזאַ אופן האָבן זיי געקענט אין אָט די היפּאָקריטישע געזעל־שאַפטן דערהאַלטן זייער עגזיסטענץ און פאַרפעסטיקן זייער פּרעסטיזש.

קאַפּיטל 13

## דערינערונגען

פונקט ווי היסטאָרישע און סאָציאַלע דערשיינונגען אַנטוויקלען זיך אויף דער באַזע פון דער פאַרגאַנגענהייט, און יעדער עטאַפּ אין דער געשיכטע פאַרמאָגט אין זיך דערביי אויך די וואָרצלען פון די צוקונפטיקע געשעענישן, אַזוי איז אויך דעם מענטשנס קעגנוואַרט אַ פּראָדוקט פון דער פאַרגאַנגענהייט און פאַרמאָגט אין זיך די מעגלעכקייטן פון דער צוקונפט.

אָט דידאָזיקע אַנטוויקלונג פון גייסטיקע און פיזישע געשעענישן אינם מענטשן, שטעלט מיט זיך פאָר דעם פּראָצעס פון אונזערע דערינערונגען. אונטער דעם באַגריף דערינערונגען דאַרף מען אָבער נישט פאַרשטיין בלויז די אַלטע איינדרוקן, וואָס זענען פאַרבליבן פון זאַכן וועלכע האָבן פּאַסירט אין דער ווייטער פאַרגאַנגנהייט, אָדער נאָר פון יענע איבערלעבונגען, וואָס מען האָט נאָך אין דער קינדהייט געהאט; ווייל יעדער ווירקונג וואָס די אָביעקטיווע אומשטענדן איבן אויס אויף דעם מענטשן, יעדער פיזישער און גייסטיקער קאָנטאַקט מיט דעם אַרום, איז, שוין דורך דעם פּראָצעס פון זיין באַוועגונג אַליין, איינ־צייטיק אי קעגנוואַרט אי פאַרגאַנגענהייט, און נאָך איידער מיר האָבן איבערגעלעבט אַ געשעעניש ביז צו איר ענדע, הייבט זי שוין אָן איבערגייען אין דערינערונג.

די דערינערונגען האַלטן זיך דערפאַר אין אַן אומאויפהערלעכן שאַפן, ד.ה. אַז די אָביעקטיווע אומשטענדן ווערן אין אונז פאַרוואַנדלט יעדן מאָמענט אין אַ נייעם סוביעק־

ט י װ ן אופן פון אויפנעמען די װייטערדיקע אָ ב י ע ק ט י װ ע ווירקונגען.

די אויבנגעבראַכטע פאַרוואַנדלונג, וואָס קומט פאָר דורך אונזערע רעפלעקסן, (וועלכע זענען פון זייער זייט די ,רעאַקציע אויף לוסט און אומלוסט) אַנטוויקלט פון איר זייט אָט די רעפלעקסן: אונזערע דערינערונגען, וואָס פאַרקערפערן, אַזוי אַרום, מיט זיך די ווירקונג פון דער לוסט און אומלוסט, ו ו אָ ס ד י פ ר י ע ר ד י ק ע אָ ב י ע ק ט י ו ו ע א ו מ ש ט ע נ ד ן האָבן אויף דעם מענטשן אויסגעאיבט, זענען יענע גייסטיקע באַוועגקראַפט, יענער דינאַמישער אינערלעכער כח, וואָס שאַפט אין דעם מענטשן ד י ס פ ע צ י פ י ש ע א י נ ד י ו ו י ד ו ע ל ע נ י י ג ו נ ג צו רעאַגירן אויף ז י י ן א י י ג נ אַ ר ט י ק ן ש ט י י ג ע ר קעגן דער לוסט און אומלוסט, וואָס ד י ו ו י י ט ע ר ד י ק ע אָ ב י ע ק ט י ו ו ע א ו מ־ ש ט ע נ ד ן ברענגען אים. מיט אַנדערע ווערטער: די אינטענסיווקייט און די קוואַנטיטעט פון די רעפלעקסן, וואָס ווערן דורך די אַרומיקע אומשטענדן מושטרירט און אַנטוויקלט, שטעלן מיט זיך פאָר די קוואַ־ ליטעט פון אונזערע דערינערונגען; — און די ווייטערדיקע קוואַנטיטעט פון די דערינערונגען שאַפט ווידער די פּאָטענץ אָפּצוקלויבן פון די אַרומיקע ווירקונגען די לוסט, וועלכע איז נויטיק פאַר אונזער עגזיס־ טענץ, און בילדעט אין אונז אויס די ,רעזיסטענץ געגן געוויסע פיינדלעכע דערשיינונגען, וואָס ברענגען אומלוסט, ד.ה. אַז אָט די נייע קוואַנטיטעט גייט פון איר זייט איבער אין אַ ווייטערדיקער קוואַליטעט פון מער פאַרפאַלקאָמטע און מער פאַרנונפטיקע רעפלעקסן (אַלס עטאַפּן אין דער אַנטוויקלונג פון די רעפלעקסן דינען, ווי מיר וועלן שפּעטער זען, דער באַוווסטזיין און אומבאַוווסטזיין). אַזוי אַרום ווערט באַשטימט די ,ריכ־ טונג אין וועלכער מיר ענדערן זיך.

די פאַרבינדונג פון דער פאַרגאַנגענהייט מיט דער צוקונפט דאַרף אָבער נישט שאַפן די אילוזיע, אַז אונזער גייסטיקע אַנטוויקלונג קומט פאָר, ווי דאָס האַלט די פּסיכאָאַנאַליזע און אינדיווידואַל פּסיכאָלאָגיע, אַלס אַ מין אָפּגעשלאָסענע אינעווייניקסטע באַוועגונג (דאָס איז אַ קאָנטראַדיקציע אין אדיעקטום, ווייל באַוועגונג הייסט פאַרבינדונג און אויפלעזונג), אָדער אַז די נייע איינדרוקן קומען פאָר אויף אַ מעכאַנישן אופן און די פאַרגאַנגענהייט וועגט איבער די נייע ענדערונגען וואָס די אָביעקטיווע אומשטענדן מאַכן אין אונז.

(דאָס קלאַסיפיצירן די מענטשן אין צוויי הויפּט קאַטעגאָריעס פון אַזוי גערופענע „אינטראָווערטן" אָדער „נאַרציסטן" (לויט פרוידס טער־ מינאָלאָגיע) ד.ה. פון אַזעלכע וואָס זענען כלומרשט געווענדעט צו זיך, אינזיכיסטיש און פאַרבלייבן „ ש ט ע נ ד י ק ס ו ב י ע ק ט י ו ו"

אין זייער באַציונג צום לעבן, און „עקסטראַווערטן“, וואָס זענען כלומרשט געווענדעט אַרויסצו און פאַרהאַלטן זיך „ תמיד אָב־יעקטיוו “, איז דערפאַר אַן אַבסאָלוטער אונזין. ס'איז באַשטימט דאָ געזונטע סאַנגווינישע און סאָציאַלע אינדיווידואומס, ווען די באַצייכענונג „עקסטראַווערט“ שיינט בעסער צו פאַסטן, און ס'זענען פאַראַן קרענקלעכע מעלאַנכאָלישע און אַ־סאָציאַלע, אָדער אַנטי־סאָציאַלע מענטשן ווען די באַצייכנונג „אינטראָווערט“ זעט אויס צו אַנטשפּרעכן, (אין דערווירקלעכקייט שטעלן די מענטשלעכע כאַראַקטערס קיינמאָל מיט זיך נישט פּאָר קיין „ריינעם טיפּ“) אָבערביידע זענען בלויז אויף פאַרשידענע אופנים סוביעקטיוו און דער חלוק אין זייערע אייגנשאַפטן, און דעם אופן פון זייער אויפנעמען און רעאַגירן אויף פיזישע און גייסטיקע אָנרעגונגען, ד.ה. זייער „ סוביעקטיוויטעט“ איז שטענדיק אַ פּראָדוקט פון פאַרשידענע אָביעקטיווע סיבות און אָביעקטיווע אומשטענדן).

פאַרקערט דאָס מיינט אַז יעדע געשעעניש אין אונזער לעבן האָט שוין אין זיך אַליין די אַלע ווידערשפּרוכן וואָס מוזן זיך דורך די אָב־יעקטיווע אומשטענדן אַנטוויקלען און זי פאַרענדערן.

די אומאויפהערלעכע באַוועגונגען און ענדערונגען אין דער נאַטור און אין מענטשן קומען פאָר דורך סיבות און פאָלגן. יעדע פאָלגע איז אַ פאַרניינונג פון דער סיבה, זי קומט אויף דעם אָרט פון דער סיבה און פאַרענדערט זי, אָבער פאַרענדערנדיק די סיבה, באַהאַלט אין זיך די פאָלגע אַזעלכע אייגנשאַפטן, וואָס זענען דירעקט פאַרבונדן מיט דעם כאַראַקטער און מיט דער ווירקונג פון דער סיבה. אפילו די קעגנגעזעצטקייט פון די נייע אייגנשאַפטן צו די אַלטע איז אויך אָפּהענגיק פון דער ווירקונג פון די אַלטע, פון דער סיבה.

אַזוי זעען מיר ווי די אַלגעמיינע, אָביעקטיווע אומשטענדן פון איין קלאַס, און די געמיינזאַמקייט פון די סיבות, וואָס ווירקן אויף זיינע אינדיווידועלע מיטגלידער, שאַפט די ענלעכקייט פון זייערע דערפאַרונגען און דעם אוניסאָן פון זייערע שטרעבונגען. דאָסגלייכן ווערט די פאַרווירקלעכונג (ד.ה. די נייע פאָלגע) פון אָט די געמיינזאַמע שטרעבונגען, (וואָס בילדן שוין איצט די נייע סיבה) טייל־ווייז פאַרשווערט דורך די פאַרשידענע ניואַנסן אין די דערינערונגען פון באַזונדערע גרופּירונגען און אינדיווידועלע מיטגלידער, די דערינערונגען וואָס רופן אַרויס די קעגנזייטיקע רייבונגען צווישן אָט די מיטגלידער; און טיילווייז פאַרפאָלקאָמט דורך דער פּילזייטיקייט פון די פאַרשידענע דערפאַרונגען, און דערפאַר אויך פון די מיטלען, וואָס זיי באַניצן אויף צו דערגרייכן די געמיינזאַמע שטרעבונגען.

דעמאָלט ווען די גרונט אינטערעסן זענען אַלגעמיינע, קריגן די פּאָזיטיווע רעזולטאַטן דעם איבערגעוויכט.

כאָטשע לויט דעם ערשטן בליק קענען די גרונט אינטערעסן פון סאָציאַלע פאַרבינדעטע זיין פאַראורזאַכט דורך גאַנץ פאַרשידענע סיבות, ווי אַ שטייגער די געמיינזאַמקייט צווישן די סאָציאַלע אינטערעסן פון דעם פּראָלעטאַריאַט און פון די אינטעלעקטואַלן, זענען אָבער אָט די פאַרשידענע סיבות אַלע פאָלגן פון איין פריערדיקער אַלגעמיינער סיבה, (די קאַפּיטאַליסטישע אַנאַרכיע) זיי זענען אַלע אַנטיטעזעס פון איין בשותפותדיקער טעזע, און בילדן דערפאַר אַן אַלגעמיינע סינטעזע.

די סינטעזע, וועלכע איז אַן אַנטיטעזע פון דער אַנטיטעזע, אַ פאַרניינונג פון דער פאַרניינונג, פאַרשמעלצט אין דעם אַלגעמיינעם קאַמף די אינדיווידועלע אונטערשידן און שאַפט אַ געמיינזאַמע האַרמאָניע פון די באַזונדערע אַנדערשקייטן, וועלכע וועלן שפּעטער צוריקקומען, אין אַ נייער, העכערער, סאָציאַליסטישער פאָרם פון פרייעם און פיל־זייטיקן שאַפן.

די דערינערונגען טיילן זיך אין אַ מין פּאַסיוו און אַקטיוו, דעם אַקטיוון טייל שטעלן מיט זיך פאָר די דערפאַרונגען, וועלכע דער מענטש נוצט אויס אין דעם אויסבילדן זיינע מיטלען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ, דער פּאַסיווער טייל פון די דערינערונגען באַשטייט פון אַזעלכע דער־פאַרונגען, וואָס האָבן זיך שוין אָפּגענוצט און זענען מער נישט צוגע־פּאַסט צו די נייע אומשטענדן פון דעם מענטשן. (דער באַגריף פּאַסי־וויטעט פאַרמינערט נישט דעם געזעץ פון אַלגעמיינער און אייביקער באַוועגונג, ווייל סיי פּאַסיוויטעט און סיי אַקטיוויטעט זענען בלויז רעלאַטיווע באַגריפן, זיי באַצייכענען בלויז פאַרשידענע שטופן פון באַוועגונג. פאַרקערט, אָן דער רעלאַטיוויטעט פון פּאַסיוו און אַקטיוו איז אומעגלעך יעדע באַוועגונג. ווייל אַן אַבסאָלוטער גלייכגעוויכט צווישן די פאַרשידענע פאָרמען פון באַוועגונג וואָלט באַטייט סטאַטישקייט. פּונקט ווי עס עגזיסטירט נישט קיין סטאַטישקייט, עגזיסטירט דערפאַר אויך נישט קיין גלייכגעוויכט) די דערינערונגען זענען אַ סימן פון קראַפט און אַנטוויקלונג, ווען דער מענטש נוצט זיי אַלס אַ מיטל אין דעם ווייטערדיקן קאַמף, אָבער דעמאָלט ווען זיי האָבן געענדיקט זייער דינסט, דאַרף ער זיי באַזייטיקן און מאַכן פּלאַץ פאַר נייע, ווייל דיזעלבע דערי־נערונגען זענען אַ סימן פון דעגענעראַציע, ווען דער מענטש בלייבט אין זיי שטעקן.

דאָס לעבן אין די גרעניצן פון די פּאַסיווע דערינערונגען, פּונקט ווי דאָס צוריק איינאָטעמען דעם אייגענעם אָטעם, נעמט אָן אַ פאַרקערטע ריכטונג אין דער באַוועגונג פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג, און באַקומט אַ ווענדונג וואָס פאַרניכטעט זיין גייסט.

די פּאַסיווע דערינערונגען זענען דער ריקצוג אין דעם מענטשנס קאַמף פאַר עגזיסטענץ און, ווי ביי יעדן ריקצוג, גייט דערווייל די איניציאַטיווע איבער צום געגנער, צו די פיינטלעכע כחות, וואָס ווען שוין דערקלערן זייער פּאָרמאַרש און ברענגען דעם דורכפאַל, אויב דער מענטש וועט באַצייטנס זיך נישט כאַפּן דערויף.

אין דער ליטעראַטור ווערן אַזעלכע צעשטערערישע ווירקונגען אַרויסגעבראַכט אין דעם שונד, ווו די העלדן האַלטן זיך אין איין דערמאָנען, און אין דער סענטימענטאַלער ליטעראַטור, וועלכע מאַכט פון די דערינערונגען אַ מין קולט. אָט אַזאַ ליטעראַטור טעמפּט אָפּ דעם מענטשנס דענקונגס קראַפט און אַקטיוויטעט און פאַרוואַנדלט אים אין אַ בלייכן, לאַנגווייליקן טרוימער.

די דערינערונגען זענען דער מאַטעריאַל, פון וועלכן ס'באַשטייען אַלע, סיי פּאָזיטיווע, סיי נעגאַטיווע פאָרמען פון אונזער גייסט. אָן די דערינערונגען וואָלט אוממעגלעך געווען די לאָגיק פון דענקען, די אַסאָציאַציעס, דאָס פילן. זיי בילדן אויך די באַוועגונגען פון אונזער באַוווסטזיין און אומבאַוווסטזיין, זיי זענען דאָס דער גייסטיקער מאַ־טעריאַל, פון וועלכן עס דיפערענצירן זיך, סיי די נעגאַטיווע און סיי די פּאָזיטיווע פאָרמען פון אונזער אַנטוויקלונג.

קאַפּיטל 14

## באַוווסטזיין און אומבאַוווסטזיין

איינע פון די באַמערקנסווערטע טעאָריעס אין דער מאָדערנער פּסיכאָלאָגישער וויסנשאַפט, איז פּיער זשאַנעטס.

אין זיין בוך „ל'אוטאָמאַטיזם פּסיכאָלאָזשיק", ווי אויך אין די איבעריקע ווערק, ווייזט ער אָן, אַז דער אונטערשיד צווישן דער באַ־וווסטזיניקער און נישט באַוווסטזיניקער אַ ק ט י וו י ט ע ט, (יעדע גייסטיקע פונקציע מוז אַרויסרופן אַן אַנטשפּרעכנדיקע פיזישע אַקטי־וויטעט) באַשטייט אין דעם, וואָס די אומבאַוווסטזיניקע טעטיקייט איז אַ קאָנסערוואַטיווע, זי געפינט זיך אין אַ מין דיסאַנאַנס מיט דער רעאַלער ווירקלעכקייט און אַנטשפּרעכט גיכער צו אַזעלכע אומשטענדן, וואָס זענען שוין פאַרשוווּנדן, דאָס איז אַ מין אויטאָמאַטישע אַקטיוויטעט און זי באַזיצט בלויז די מעגלעכקייט צו מאַכן אַסאָציאַציעס, די באַוווסטזיניקע טעטיקייט איז מער פּראָגרעסיוו, זי האַרמאָנירט מיט די אַרומיקע אומשטענדן, פאַרמאָגט צופּאַסונגס קראַפט און באַזיצט די פעאיקייט צו שאַפן סינטעזעס.

פון אָט דעם פסיכאָלאָגישן אַנאַליז איז נישט שווער צו דרינגען, אַז זשאַנעט זעט דעם איינציקן וויכטיקן אונטערשיד צווישן באַוווסטזיין און אומבאַוווסטזיין, אין דער צייט און אין די אומשטענדן.

דער געניאַלער פסיכאָלאָג זעט אָבער נישט איין די ראַלע, וואָס די אַנטיטעזע שפּילט אין דעם פּראָצעס פון דער מענטש־לעכער אַנטוויקלונג. אין אַן אמת שטעלט יעדע נייע סינטעזע, אַלס אַזעלכע, מיט זיך פאָר אַן אַנטיטעזע, צו די פריער־דיקע סינטעזעס, שוין אָפּגערעדט פון די פילע אַנטיטעזעס, וועלכע קומען אַלס צווישן שטופן אין דעם לאַנגן קאַמף, וואָס יעדע אידעע מוז דורכגייען, ביז זי ווערט פריער געשאַפן און דערנאָך אַנערקענט.

אויך דערמיט וואָס יעדע סינטעזע פאַראַלגעמיינערט געוויסע דער־שיינונגען, דערמיט אַליין, טיילט זי זיי שוין אָפּ, און שטעלט זיי קעגן אַלע אַנדערע דערשיינונגען, מיט אַנדערע ווערטער, די סינטעזע שטעלט מיט זיך פאָר אַן אַנטיטעזע, אויך רעלאַטיוו צו די איבעריקע סינטעזעס.

יעדע באַוועגונג באַשטייט פון פאַרבינדונג, — סינטעזע — און אויפלעזונג — אַנטיטעזע. אָן קיין פאַרבינדונג איז נישטאָ קיין אויפ־לעזונג, און אָן קיין אויפלעזונג איז נישטאָ קיין פאַרבינדונג; און ווען עס פעלט אין אונזערע אַנאַליזן, איינער פון די צוויי עלעמענטן, קענען מיר נישט דערקענען די באַוועגונג, וואָס קומט פאָר אין די פיזישע און גייסטיקע רעאַלע געשעענישן.

אויך דערמיט וואָס פיער זשאַנעט שרייבט צו די אַסאָציאַציעס, נאָר צו דער אויטאָמאַטישער טעטיקייט, ד.ה. בלויז צו דעם אומבאַוווסטזיין, פאַרשטייט ער מעכאַניש דעם פּראָצעס, ווייל דער אמת איז, אַז אַסאָצי־אַציעס ווערן אין אונז אַרויסגערופן נאָר דעמאָלט, ווען מיר שטויסן זיך צענויף מיט אַזעלכע דערשיינונגען, וואָס האָבן אַ שייכות סיי צו אונזערע דערינערונגען און סיי צו אונזערע שטרעבונגען, (די שטרעבונגען אַליין ווערן אויך פאַראורזאַכט דורך אונזערע דערינערונגען און די דורכ־געלעבטע דערפאַרונגען, נאָר זיי שטעלן מיט זיך שוין פאָר אַ ווייטער־דיקע, מער אַקטיווע קאָנסעקווענץ) אויסער דעם באַשטייט דער וויכטיק־סטער כאַראַקטער שטריך פון אַסאָציאַציעס אין דעם אויסבילדן אונזערע מיטלען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ, זיי זענען אַזוי אַרום דער באַשטאַנד־טייל פון אונזער דענקען; און נישט נאָר וואָס ס'איז אוממעגלעך אָן זיי צו שאַפן די סינטעזעס, וועלכע זשאַנעט האַלט פאַר דער איינציקער באַוווסטזיניקער טעטיקייט, נאָר זיי אַליין שטעלן מיט זיך פאָר אַ סינ־טעזע, וועלכע זשאַנעט פאַרזעט צוזאַמען מיט די אַנטיטעזעס, דורך וועלכע די אַסאָציאַציעס שאַפן זיך אין אונז; ווייל סיי ווען די אַסאָ־

ציאַציע קומט דורך דער ענלעכקייט פון דער ווירקנדיקער דערשיינונג צו אונזערע דערפאַרונגען, שאַפט זי אין אונז דורך דעם אַ גאַנץ בילד, וואָס פאַרקערפּערט מיט זיך אַ סינטעזע און טיילט זיך אויס, און ווערט איינציייטיק אַנטקעגנגעשטעלט אויך אַלס אַן אַנטיטעזע צו די איבעריקע פאָרשטעלונגען און בילדער, און סיי ווען די אַסאָציאַציעס ווערן אין אונז אַרויסגערופן דורך דעם קאָנטראַסט צווישן דער ווירקונג, און צווישן אונזערע דערינערונגען, לעבן זיי אין אונז אויף אַ פּאָזיטיווע פאָרשטעלונג, ד.ה. אַ סינטעזע, און רופן, אין דער זעלבער צייט, אַרויס בילדער, וואָס זענען קעגנגעזעצט צו דער דערשיינונג, וועלכע ווירקט, ד.ה. זיי שאַפן אַן אַנטיטעזע.

אַנשטאָט איינצוזעען די אינערלעכע דיאַלעקטיק, וואָס עגזיסטירט, אפילו אין די מעכאַנישע באַוועגונגען, וועלכע זשאַנעט רופט אָן, אין דעם פאַל זער געלונגען, אויטאָמאַטישע, אַנשטאָט צו פאַרשטיין דיאַלעק־טיש דעם מעכאַניזם פון דעם מענטשלעכן גייסט, פאַרשטייט ער מעכאַניש דעם דיאַלעקטישן פּראָצעס פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג.

די פעלער, וואָס פּיער זשאַנעט מאַכט, זענען דערביי נישט נאָר קיין שפּראַכלעכע, זיי פאַרקריפּלען אויך זיינע אידעאָלאָגישע פאָרשטעלונגען. אַזוי זעען מיר, ווי דער באַגריף פרייהייט, וועלכער באַשטייט, לויט זשאַנעטס מיינונג, בלויז אין דער מעגלעכקייט צו שאַפן סינטעזעס, ווערט ביי אים אויסגעליידיקט פון דעם רעלאַטיוון זין, וועלכן אָט דער באַגריף שטעלט פאָר מיט זיך, און ער פאַרקוקט אויף דעם פאַקט, אַז דאָס וואָס האַרמאָנירט מיט די קלאַסן אינטערעסן, מיט דער דערציונג און מיט די דערינערונגען פון איין מענטשן, און ווערט פון אים דערפאַר עמפּפונדן אַלס פרייהייט, (סינטעזע), איז אונטערדריקונג (אַנטיטעזע) פאַר דעם צווייטן און פאַרקערט.

אין אַ פאָררעדע צו אַ בוך פון אַ רוסישן קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן סאָציאַל־פּסיכאָלאָג, אונטערשטיצט זשאַנעט די מיינונג, אַז די פּראָלע־טאַרישע דיקטאַטור ליימט אָפּ די פעאיקייט צו שאַפן סינטעזעס, דורך דעם, וואָס זי אונטערדריקט די פערזענלעכע פרייהייט.

ער פאַרשטייט נישט, אַז די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור, אַלס אַן אַנטיטעזע צו דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע, אַנטוויקלט פון איר זייט סינטעזעס, נישט נאָר אויף דעם געביט פון פאַרשידענע קול־טורעלע און סאָציאַלע דערגרייכונגען, נאָר אויך דורך דעם שאַפן אַ נייעם באַגריף וועגן סאָציאַלער פרייהייט, און אַ נייעם טיפּ מענטש, וועלכער האַרמאָנירט מיט דער פּראָלעטאַרישער אָרדנונג און פילט זיך פאָלגלעך פריי אין זיין פערזענלעכן און געזעלשאַפטלעכן, גייסטיקן און פיזישן שאַפן.

פאַלש איז אויך זשאַנעטס פאָרשטעלונג וועגן אַ כלומרשטן גלייכ־

געוויכט אין די באַציונגען פון דעם באַוווסטזיין און אומבאַוווסטזיין אין דער פסיכאָלאָגיע פון אַ נאָרמאַלן מענטשן, פונקט ווי ס'איז אויך נישט ריכטיק די אַנאַלאָגיע וואָס ער ברענגט דערצו אַלס אילוסטראַציע, אַז אין אַ דעמאָקראַטישן שטאַאַט געפינען זיך די קאָנסערוואַטיווע און פּראָגרעסיווע פּאַרטייען אין אַ צושטאַנד פון עקוויליבריום און קעגנזייטיקער טאָלעראַנץ.

אין דעם בורזשואַז־דעמאָקראַטישן שטאַאַט, האָבן פּאַקטיש די רעאַקציאָנערע פּאַרטייען די איבערהאַנט, און זייער אַנטיטעזע די רעוואָלוציאָנערע כחות אַנטוויקלען זיך און וועלן מוזן קומען און צעשטערן דעם כלומרשטן גלייכגעוויכט, אויב די אָביעקטיווע אומשטענדן פירן נישט צו דער דעגענעראַציע פון דער מענטשהייט, (ד.ה. צום אויפשטייג פון פאַשיזם) נאָר צו איר אַנטוויקלונג.

ווי מיר וועלן שפּעטער זעען אַנטוויקלט זיך אויך דער מענטשלעכער גייסט, דורך דער צעשטערונג פון איין פאָרם, און דער אויפשטעלונג פון אַ צווייטער.

אויף אַ גאַנץ אַנדערן אופן, ווי פּיער זשאַנעט, ווייזט אָן די פּסיכאָאַנאַליזע און די אינדיווידואַל־פּסיכאָלאָגיע אויף דער קעגנזייטיקער ווירקונג צווישן די באַוווסטע עלעמענטן אינ'ם מענטשלעכן גייסט און די נישט באַוווסטע כחות אין אים.

דורך זייערע טעאָרעטישע פעסטשטעלונגען האָבן די צוויי פּסיכאָלאָגן פרויד און אדלער כלומרשט געדאַרפט שאַפן אַ גייסטיקע רעוואָלוציע אויפן געביט פון דער מענטשלעכער פּסיכאָלאָגיע און באַזיגן דעם אַלטן, אָפּגעלעבטן, סטאַטישן מעטאָד, מיט וועלכן די וויסנשאַפטלער פלעגן זיך פריער באַנוצן.

סיי אין דער פּסיכאָ־אַנאַליזע, און סיי אין דער אינדיווידואַל־פּסיכאָלאָגיע בלייבן אָבער דאָך, אויך די ניי־דערגרייכטע אינסטאַנצן פון דעם מענטשנס אינערלעכן לעבן (דער באַוווסטזיין און אונטערבאַוווסטזיין) געצייכנט אויף אַ נישט ווייניקער סטאַטישן אופן, ווייל זיי ווערן אָנגענומען ווי איזאָלירטע דערשיינונגען מיט אויטאָנאָמע אייגנשאַפטן און צוועקן.

כדי צו פאַרשטיין די דינאַמיק פון לעבן, אין ברייטערן זין פון וואָרט, פעלט אין אָט די פּסיכאָלאָגישע מעטאָדן דאָס אָנווענדן די פיערטע דימענסיע, מיט אַנדערע ווערטער, אָט די פאָרשער האָבן נישט גענומען גענוג אין באַטראַכט, די צייט, וועלכע איז לויט דער רעלאַטיוויטעטס טעאָריע, אַן אָרגאַנישער באַשטאַנדטייל פון יעדער דערשיינונג און פון יעדן וועזן (אין דעם זין וואָס יעדער זאַך, אויף וויפיל זי האַלט זיך אין איין באַוועגן און ענדערן, שטעלט זי מיט זיך פאָר, אין יעדן מאָמענט אַן אַנדערן צוזאַמענשטעל). כדי צו גיבן אַ גאַנץ

און ריכטיק בילד פון אונזערער און פון דער אַרומיקער עגזיסטענץ, מוז אויך די צייט געמאָסטן ווערן אינאיינעם מיט אַלע אייגנשאַפטן אין די דאָזיקע דערשיינונגען.

ווען מיר ווענדן אָן די פּיערטע דימענסיע ביי דעם פאָרשן די מענטש־לעכע פּסיכאָלאָגיע אין איר טיף, דערזעען מיר די דיאַלעקטישע אַנטוויקלונג פון דעם מענטשלעכן גייסט (פּונקט ווי פון אַלע דערשיינונגען אינ׳ם קאָסמאָס) דורך צעשטערונג און אויפשטעלונג, מיט אַנדערע ווערטער, די באַוועגונג פאַרוואַנדלט די עלעמענטן פון אונזער גייסט, ווי אויך אַלע אַנדערע דערשיינונגען, אין דעם וואָס זיי זענען, און אין דעם קעגנזאַץ פון דעם וואָס זיי זענען, אַזוי אַז אויך אונזער אומבאַוווסטזיין ווערט פאַרוואַנדלט אין דעם באַוווסט־זיין, און דער באַוווסטזיין גייט איבער אין אַ נייעם אומבאַוווסטזיין.

דורך דעם דיאַלעקטישן מעטאָד פון פאָרשן קומט צום פאָרשיין נאָך אַ צווייטער אמת, און דאָס איז, אַז אַלע דערשיינונגען און בתוכם דער מענטשלעכער גייסט פאַרמאָגן, ווען זיי ווערן באַטראַכט אין דער בריית, אָן איינהייט (אַלס אַן אַנטיפּאָד צו דעם אינער־לעכן ווידערשפּרוך אין די דערשיינונגען, וועלכן מיר באַמערקן ווען מיר שטודירן זיי אין זייער טיף) און דער אונטערשיד צווישן פאַרשידענע דערשיינונגען איז אָפּט בלויז אַ צייטלעכער, דאָס הייסט, אַז סיי דער באַוווסטזיין און סיי דער אומבאַוווסטזיין זענען רעלאַטיוו צו דעם מענטשלעכן לעבן בלויז פאַרשידענע עטאַפּן אין דעם קאַמף פאַר עגזיסטענץ. דער קאַמף פאַר עגזיסטענץ איז, פון זיין זייט, דער אייגנאַרטיקער עטאַפּ פון דער קאָסמישער באַוועגונג, וואָס באַצייכנט די ספּעציפישע פאָרם פון לעבן און לעבעוועזן.

וועלכער פון די דינאַמישע עטאַפּן אינ׳ם קאַמף פאַר עגזיסטענץ איז דער באַשטענדיקער פאָרגענגער, און וועלכער איז דער אייביקער נאָכ־פאָלגער; צי איז פריער טעטיק דער אומבאַוווסטזיין, צי דער באַוווסט־זיין; וועלכער פון זיי איז די פאָרשטופע, און וועלכער איז די ווייטערדיקע שטופע אין אָט דעם קאַמף?

אין זיין דיאַלעקטישער אַנטוויקלונג, איז יעדע פון זיי סיי אַ פאָר־שטופע און סיי אַ ווייטערדיקע שטופע; ווען מיר אַבסטראַהירן אָבער פון דעם אַלגעמיינעם פּראָצעס און גרעניצן זיך אָפּ אויף דעם אַנאַליזירן און צעגלידערן די קאָמפּליצירטע דערשיינונג פון דעם ספּעציפישן מענטשלעכן גייסט אויף אַ ביסל איינפאַכערע טיילן, (יעדע קאָמפּליצירטע דערשיינונג איז ספּעציפיש, זי באַשטייט אָבער שטענדיק פון די זעלבע

פשוטע עלעמענטן, וועלכע זענען אַלגעמיין) דאַן קומען מיר צו אַ פאָרם, וואָס איז מער פאַרשפרייט צווישן די לעבע־וועזנס, דאָס זענען די אומבאַוווסטע רעפלעקסן, די איינפאַכערע, מער מעכאַנישע פאָרם פון אויפנעמען רייצונגען און רעאַגירן אויף זיי. אָט די פאָרם איז צו באַמערקן אַם מיינסטן ביי ווילדע, ביי דעם קינד, ביי חיות (דאָס מיינט נישט אַז סיי ביי די חיות און סיי ביי דעם קינד און ווילדן מענטשן פעלט אינגאַנצן דער באַוווסטזיין, ער איז ביי זיי נאָר פרימיטיווער און רעלאַטיוו צו דעם באַוווסטזיין פון דעם דערוואַקסענעם, קולטורעלן מענטשן מער מעכאַניש, מער אומבאַוווסט, אָדער בעסער געזאָגט, עס דאָמינירט נאָך אין זיי מער דאָס אומבאַוווסטע) און פון אָט דער פאָרם האָט זיך אַנטוויקלט דער באַוווסטזיין פון דעם קולטור מענטש.

די מעכאַנישע רעפלעקסן פון דעם אומבאַוווסטזיין גייען איבער דורך טרענירונג אין אינסטינקט, דער אינסטינקט, פון זיין זייט, שטעלט מיט זיך פאָר אַן איבערגאַנג פון פיזישער, אָרגאַנישער איינגעאיבטקייט, צו גייסטיקער דערינערונג, ער איז די גרעניץ צווישן באַוווסטזיין און אומבאַוווסטזיין, וואָס הויבט זיך אָן אין איין געביט, און ענדיקט זיך אין צווייטן. ער איז אויך די ערשטע שטופע אין דער אַנטוויקלונג פון אונזער באַוווסטזיינס ציקל: אינסטינקט, געדאַנק און געפיל.

דאָס פאַרפאָלקאָמטע געפיל שטעלט מיט זיך פאָר אַ נייעם אינ־סטינקט, וואָס ווערט אָרגאַניש פאַרבונדן מיט אונזער טעטיקייט און פאַרוואַנדלט זיך לאַנגזאַם אין אַ מעכאַנישן רעפלעקס, דאָס שאַפט אונזער נייעם אומבאַוווסטזיין.

דער איבערגאַנג פון באַוווסטזיין אין אומבאַוווסטזיין, און פון דעם אומבאַוווסטזיין ווידער אין אַ נייעם באַוווסטזיין, פונקט ווי אַלע זייערע אינעווייניקסטע אַנטוויקלונגען, שטעלט מיט זיך פאָר די אויסבילדונג פון אונזערע רעפלעקסן.

פראָפעסאָר פּאַוולאָוו האָט מיט זיינע עקספּערימענטן אין דער פיזיאָלאָגיע, און מיט זיין אויספאָרשן די באַדינגטע און אומבאַדינגטע רעפלעקסן שוין אינדירעקט אָנגעוויזן אויף דעם איבערגאַנג פון אונזער אומבאַוווסטזיין, ד.ה. אומבאַדינגטע, אין דעם באַוווסטזיין, ד.ה. אין די באַדינגטע רעפלעקסן, מיט אַנדערע ווערטער, ער האָט דערמיט אַנדעקט דעם איבערגאַנג פון די פיזיאָלאָגישע געשעענישן אין פסיכאָ־לאָגישע שטריכן.

מיר קענען ווייטער באַמערקן דעם איבערגאַנג פון דעם באַוווסט־זיין, ד.ה. פון די באַדינגטע רעפלעקסן, אין אַ נייעם אומבאַוווסטזיין,

ד.ה. אין ווייטערדיקע, העכערע, אומבאַדינגטע רעפלעקסן. דאָ קומט פאָר די אַנטוויקלונג אויף אַ קעגנגעזעצטן אופן, ד.ה. זי שאַפט אַ נייעם פיזיאָלאָגישן צושטאַנד. די אויסבילדונג פון די רעפלעקסן, ווידער, איז נישט עפּעס אַנדערש, ווי די אויסבילדונג פון אונזערע מיטלען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ.

אַזוי זעען מיר, ווי אין דעם איבערגאַנג פון געדאַנק אין געפיל דערגרייכן זייער פאַרפאָלקאָמונג די צופאַסונגס קראַפט און אויסדויער, (אויסדויער איז אַ ספּעציפישע פאָרם פון צופאַסונגס קראַפט) וועלכע זענען די אומפאַרמיידלעכע, אָרגאַנישע באַשטאַנדטיילן פון דעם קאַמף פאַר עגזיסטענץ, דאָס הייסט, אַז ווען דער מענטש האָט דורך זיינע דערפאַרונגען, מ י ט  ד ע ם  ג ע ד אַ נ ק  באַגריפן, אַז געוויסע דערשיינונגען זענען שעדלעך, אָדער גינסטיק פאַר זיין עגזיסטענץ, און ער מוז זיי באַזייטיקן, אָדער זיך זיי אַנאייגנען, גייט, מיט דער צייט, אָט דער געדאַנק איבער אין אַ געפיל פון האַס, אָדער ליבע; און דעמאָלט נעמט דער מענטש אָן, צו אָט די דערשיינונגען, אַ באַשטימטע אינער־לעכע שטעלונג, וועלכע איז צוגעפּאַסט צו דעם כאַראַקטער פון די פיינטלעכע, אָדער געוווּנטשטע דערשיינונגען. אָט די פאַרפאָלקאָמטע צופאַסונג שפּילט זער אַ וויכטיקע ראָלע אין דעם אויסדויער און אין דעם באַהערשן זיין פּאָזיציע; מיט אַנדערע ווערטער, דער איבערגאַנג פון געדאַנק אין געפיל, איז אַ וויכטיקער טייל פון דעם קאַמף פאַר עגזיסטענץ.

ווען דער באַוווסטזיין האָט שוין גוט פאַרדייעט און אויסגענוצט די געגיבענע דערפאַרונגען, ווען זיי האָבן שוין געבראַכט אַלעס, וואָס איז אין זייער מאַכט אים צו פארהעלפן אין  ז י י ן  צ ו פּ אַ ס ן  ז י ך  א ו ן  ב אַ ה ע ר ש ן  די אומשטענדן, אין וועלכע ער געפינט זיך, דאַמאָלט וואַקסט זיין קראַפט אויף דעם חשבון פון די פריער דערוואָרבענע דערפאַרונגען, און אינאיינעם מיט דער קראַפט וואַקסן אויך דעם מענטשנס פּאָדערונגען, און ער נויטיקט זיך שוין אין נייע דערפאַרונגען, כדי זיינע פּאָדערונגען צו באַפרידיקן.

דורך דער אומאויפהערלעכער, אינערלעכער און אַרומיקער באַ־וועגונג שטויסט זיך דער מענטש צענויף מיט נייע אומשטענדן, וועלכע ברענגען אים די אַנדערע דערפאַרונגען, און אָט די פּראָצעסן פון נייעם דערפאַרן, וועלכע זענען אין דעם מאָמענט אַקטועלער און מער לעבנס־וויכטיק פאַר דעם מענטשן, שטעלן מיט זיך פאָר די שטאַרקערע, גייס־טיקע קראַפט אין זיין אינערלעכן לעבן, און לויט דעם אַלגעמיינעם פיזישן געזעץ, נעמט, אויך דאָ, די שטאַרקערע קראַפט די אויבערהאַנט (אין געגיבענעם פאַל אין באַוווסטזיין) און פאַרדרענגט די עלטערע און

שוואַכערע אין אונטער, אָדער, אומבאַוווסטזיין. *) די אַלטע דערפאַרונגען פאַרבלייבן נאָך אָבער אַלס אַ מעכאַנישע, אומבאַוווסטע געוווינהייט פון די אָרגאַנען און פון דעם גאַנצן נערוון סיסטעם. און דורך אָט דעם העכערן, אומבאַוווסטן מעכאַניזם ווערן דערלעדיקט געוויסע פּראָצעסן און רעאַקציעס, דעמאָלט ווען דער מענטש שלאָפט און ווען זיין באַוווסטזיין איז טיילווייז אָבוועזנד, אָדער אָפּגעשוואַכט.

דער אומבאַוווסטזיין איז אויך טעטיק אַלס אַ מיטהילף אין אַלע אונזערע פיזישע און גייסטיקע פונקציעס, וועלכע ווערן, אומבאַמערקטערהייט פאַר אונז, פאַרשנעלערט, אָרגאַניזירט און טעכניש פאַרפאָלקאָמט דורך דער מעכאַנישער געוווינהייט, דורך די אומבאַוווסטע רעפלעקסן, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר די אַלטע דערפאַרונגען. מיט אַנדערע ווערטער, די אַלעמאָל נייע, מעכאַנישע רעפלעקסן, (אַלעמאָל פונסניי אָפּגענוצטע דערפאַרונגען) זענען די סיבה, פון דער אויסבילדונג פון יענע נייע דערפאַרונגען, וועלכע פאַרדרענגען זיי אין אומבאַוווסטזיין, און זיי דינען דעם באַוווסטזיין אַלס אַ שטיצע אינם אַנטוויקלען די מיטלען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ, אַזוי לאַנג ביז ער ווערט אַליין אויך פאַרדרענגט אין אומבאַוווסטזיין. דעמאָלט מוזן די אַלטע מעכאַנישע רעפלעקסן מאַכן פּלאַץ פאַר די נייערע מעכאַנישע רעפלעקסן, און אַליין אַטראָפּירט ווערן.

פונקט ווי די פאָרשטעלונגס קראַפט, דער באַוווסטזיין, וואָס איז די דערגענצונג פון דעם מענטשנס אָרגאַנען און די פאַרפאָלקאָמונג פון די פּרימיטיווע אומבאַוווסטע רעפלעקסן, רעאַגירט אויף געוויסע דערשיינונגען, (אויב זיי דערמאָנען אים נאָר אין איבערגעלעבטע און שוין איינמאָל דערפאַרענע עמפּפינדונגען) נאָך איידער דער מענטש איז געקומען מיט זיי אין באַרירונג, אַזוי רעאַגירט אויך די געוווינהייט פון אונזערע אָרגאַנען, (ד.ה. די אַנטוויקלטע מעכאַנישע רעפלעקסן) אין דער אָפּוועזנהייט פון דעם באַוווסטזיין אויף דערשיינונגען,

---

*) דאָס איינטיילן דעם קאָמפּלעקס פון אונזער אומבאַוווסטזיין אין אַ מין „אונטערבאַוווסטזיין“ און אַ דריטן „אומבאַוווסטזיין“, ווי פרויד מאַכט דאָס צוליב זיינע וויסנשאַפטלעכע צוועקן, איז דערפאַר שוין גאָרנישט איבעריק, נאָך מער, אָט די איינטיילונג וואָלט פון איר זייט באַדאַרפט אומענדלעך ווייטער געטיילט ווערן, אָבער צוליב באַקוועמלעכקייט, אָדער, בעסער געזאָגט, צוליב וויסנשאַפטלעכער קאָנווענציע, אָן וועלכער יעדע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט איז אימגאַנצן אוממעגלעך, וועלן מיר זיך האַלטן ביי דער אויבנדערמאָנטער איינטיילונג.

וועלכע דער מענטש האָט שוין דורך זיין באַ־וווסטזיין אַסימילירט.

דער אומבאַוווסטזיין איז דאָס אונטערלאַנד אין דעם לעבנס קאַמף, ער איז אַ מין פּאַסיוו, אַ רעזערוואַר, וואָס פאַרפולט די בלויזן ווען דער אַקטיוו ווערט פאַרקלענערט, אָדער ווען ער שעפּט זיך אויס פון די כחות, פונקט ווי די אייגענע זאַפּאַסן פון שמאַלץ און פלייש דינען דעם מאָגן אַלס נאַרונג אין דער צייט ווען דער מענטש געפינט זיך אין אַ צושטאַנד פון דויערהאַפטיקן הונגערן.

אויב ס׳קומט אָבער נישט צו קיין פרישער צופלוס פון גייסטיקער שפּייז, דאַן קען דער אויבנדערמאָנטער פּראָצעס נישט לאַנג דערהאַלטן דעם מענטשנס עגזיסטענץ, און דער מענטש פאַרצערט לאַנגזאַם זיך אַליין.

קאַפּיטל 15

## די פּסיכאלאגיע פון חלומות

די הויפּט סטימולן און אָנרעגונגען אינ׳ם מענטשלעכן לעבן זענען, סיי לויט דער מיינונג פון דער פּסיכאָאַנאַליזע און סיי לויט דער אינ־דיווידואַל פּסיכאָלאָגיע, גראָד יענע עמאָציעס און שטרעבונגען, איבער וועלכע דער מענטש איז נישט באַוווסט און וואָס קומען צום פאָרשיין אין די חלומות, ווען דער מענטש שלאָפט.

אָט די פאַרבאָרגענע אומבאַוווסטע שטרעבונגען באַשטייען לויט דעם פּראָפעסאָר אַדלער אינ׳ם ווילן צו באַקעמפן דעם אינפעריאָריטי קאָמפּלעקס („מינדערווערטיקייטס געפיל“) און צו קומען צו געלטונג. לויט דעם פּראָפעסאָר פרויד באַשטייען זיי אין די פאַרדרענגטע עראָטישע עמאָציעס, וועלכע דער מענטש שטרעבט צו באַפרידיקן.

ביידע פּסיכאָלאָגן האַלטן אַז אָט די שטרעבונגען, וואָס בילדן דעם מענטשלעכן אומבאַוווסטזיין, האָבן נישט קיין דירעקטן קאָנטאַקט מיט די אָביעקטיווע אומשטענדן, זיי ענדערן זיך נישט אין פאַרבינדונג מיט דעם אַרום, נאָר זיי ווענדן זיך שטענדיק אין דער ריכטונג פון די פאַר־באָרגענע פאַרלאַנגען, וועלכע זענען אין דער קינדהייט נישט דערפולט געוואָרן.

אַזוי אַרום שרייבן זיי צו די וויכטיקסטע ראָלע אינ׳ם מענטשלעכן לעבן צו דעם מער פּאַסיוון טייל פון זיין גייסט. פון זייערע טעאָריעס דרינגט אַרויס אַז כאַראַקטעריסטיש אינ׳ם מענטשלעכן לעבן זענען דווקא יענע געהיימע כחות, וואָס פאַרמאָגן נישט די פעאיקייט זיך צו־

צופאַסן צו די אַרומיקע אומשטענדן און וועלכע מוזן פאָלגלעך אויך נישט זיין אַנטשיידנדיק אינ'ם קאַמף פאַר עגזיסטענץ.

אַ חוץ דעם וואָס אָט די וויסנשאַפטלער באַמערקן נישט די דיאַ־לעקטישע אַנטוויקלונג פון דעם אומבאַוווסטזיין צום באַוווסטזיין, און פון דעם באַוווסטזיין צו אַ נייעם אומבאַוווסטזיין, דאָס הייסט, אַז אויסער דעם וואָס זיי פארקוקן די באַוועגונג פון דעם אַקטיוו צו דעם פאַסיוו, און פון דעם פאַסיוו צו דעם אַקטיוו, פאַרבייטן זיי אויך די סיבה מיט דער פאָלגע, מיט אַנדערע ווערטער, זיי נעמען אָן דעם פאַסיוון טייל פאַר דער הויפט באַוועגקראַפט אין דעם מענטשנס עגזיס־טענץ, און דעם מער אַקטיוון טייל ליידיקן זיי אויס פון דעם ריכטיקן אינהאַלט און באַדייטונג פון זיינע פונקציעס. די אָפּגעלעבטע קאָנסער־וואַטיווע עמאָציעס ציען זיי פאָר איבער יענע נייע, אין וועלכע עס געפונט זיך דער מענטש אין זיין אַנטוויקלונג און ווערן.

די עמאָציעס, וואָס זענען אין ווידערשפרוך מיט די אָביעקטיווע אומשטענדן און וועלכע מוזן מאַכן פלאַץ פאַר די נייע (פאַר זייער אַנטיטעזע), ווייל אין קעגנפאַל וועט דער מענטש דעגענערירן, אָט די שטרעבונגען וואָס ווערן ביי אַ געזונטער אַנטוויקלונג פאַרדרענגט אין אומבאַוווסטזיין, האַלטן די פסיכאָלאָגן פאַר דער כאַראַקטעריסטיש־סטער אייגנשאַפט פון דעם מענטשן. זיי נעמען דעם מענטשן אָן ווי אַ סטאַטישע דערשיינונג און זעען נישט איין, אַז דאָס לעבן איז נאָר אין דער דינאַמישער אַנטוויקלונג, נאָר אין דעם קאַמף און באַוועגונג.

אין דעם פאַל האָבן אָט די פסיכאָלאָגן זער פיל געמיינזאַמעס מיט דער מיינונג פון די פראָפאַנען וואָס האַלטן אַז דעם ריכטיקן מענטשן קען מען כלומרשט דערקענען „נאָר דעמאָלט ווען ער איז אויסגעטאָן פון זיינע קאָנווענציאָנעלע גייסטיקע צודעקן", ווען עס פעלט אים די קאָנטראָלירנדיקע אינסטאַנץ וועלכע פאַרשטעלט, לויט זייער מיינונג דעם אמת.

דער באַוווסטזיין, וואָס איז טאַקע אַ מין קאָנטראָליאָר, וועלכער קלויבט אָפּ פון אונזערע שטרעבונגען די מער צוגעפּאַסטע און וויכטי־קערע פאַר דעם מענטשנס אַנטוויקלונג, פאַר דער פאַרפאָלקאָמונג פון זיינע גייסטיקע מיטלען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ און פאַר דעם אַל־געמיינעם דערפאָלג זיינעם אין דעם דאָזיקן קאַמף; אָט דער צענטער פון אונזער גייסטיקן און פיזישן לעבן ווערט דורך זיי דערקלערט אַלס אַן אויסערלעכע, פרעמדע קראַפט, און זיי אָנערקענען ניט אַז דער באַוווסטזיין איז אין אַן אמת דער כאַראַקטעריסטישסטער עלעמענט פון אונזער זיין, אַז ער איז דער אומפאַרמיידלעכער פראָדוקט פון אונזער אַנטוויקלונג, אַז אין דעם פראָצעס פון אונזער ווערן פאַרוואַנדלט ער זיך

אין אַן אָרגאַנישן טייל פון אונז און דאָרט ווו ער פעלט איז נישטאָ דער מענטש.

די חלומות וועלכע זענען, לויט דער מיינונג פון דידאַזיקע פּסיכאָ־לאָגן, אַ פּראָצעס ביי וועלכן דער באַוווסטזיין איז אָפּוועזנד און דער אומבאַוווסטזיין געווינט דערביי די מעגלעכקייט זיך אויסצווירקן און צו ברענגען צום פּאָרשיין יענע אינערלעכע פאַרלאַנגען, צו וועלכע מיר האָבן אין דער קינדהייט געשטרעבט און זיי נישט דערגרייכט, אָט די איבערלעבונגען אין חלום, האַלטן זיי פאַר דעם וויכטיקסטן טייל אין לעבן, וועלכער וועגט איבער אונזערע עמאָציעס אויף דער וואָר. זיי באַהויפּטן, אַז כאָטשע די פאַרבאָרגענע פאַרלאַנגען ווערן אין חלום דורכגעמישט מיט נייע פאַרלאַנגען און אַסאָציאירט מיט געוויסע דער־שיינונגען און געשעענישן, מיט וועלכע מיר האָבן זיך צענויפגעשטויסן אין וואַכן צושטאַנד, שפּילט אָבער די רעאַליטעט, לויט זייער מיינונג, אַ צווייט ראַנגיקע ראָלע, און קומט צו דער ווירקונג, נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל זי האָט אַ שייכות צו די פאַרדרענגטע פאַרלאַנגען.

ביי אַ נענטערן באַטראַכטן דעם גאַנצן פּראָצעס דערזעען מיר אָבער, אַז די פאַרדרענגטע שטרעבונגען טיילן זיך; אָדער אין אַזעלכע וואָס האַרמאָנירן נישט מיט די אָביעקטיווע אומשטענדן און מיט די ספּעציעלע באַדינגונגען, אין וועלכע דער געגיבענער אינדיווידואום געפינט זיך, זיי קענען דערפאַר נישט שאַפן די נויטיקע מיטלען פון צופּאַסונג און קענען נישט אַנטוויקלען די צופּאַסונגס־קראַפט, וועלכע איז זער וויכטיק אין דעם מענטשנס קאַמף פאַר עגזיסטענץ, דאָס הייסט, פאַר זיין דער־ווערבן לוסט און אויסמיידן אומלוסט; און אויף וויפיל זיי אַנטשפּרעכן נישט און ווערן נישט אָנגעווענדעט אין אָט דעם קאַמף ווערן זיי שוין במילא אַטראָפּירט. אָדער די שטרעבונגען האָבן שוין דערפולט זייער דינסט פאַר דעם מענטשן און האָבן אים שוין געבראַכט אַלע מעגלעכ־קייטן וואָס אין זיי איז פאַראַן אויף צו געווינען לוסט און צו פאַרמיידן אומלוסט, זיי פאַרלירן אַזוי אַרום זייער פאַרב, דער מענטש געפינט שוין אין זיי ווייניק אינטערעס און ער פאַרדרענגט זיי מעכאַניש אין אונטערבאַוווסטזיין, אָדער, מיט אַנדערע ווערטער, ער ווערט אומבאַוווסט איבער זיי.

די נייע שטרעבונגען וואָס קומען אויפן אָרט פון די אַלטע, און אפילו יענע, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר געוויסע קאָמפּענסאַציעס, (לויט פּראָפעסאָר אַדלערס טערמינאָלאָגיע) אָדער סובלימאַציעס, (לויט פּראָ־פעסאָר פרויד׳ס טערמינאָלאָגיע) ווערן דעם מענטשן אַ סך נענטער און ליבער ווי די פריערדיקע עמאָציעס, פון וועלכע ער האָט נישט געקענט געניסן, אָדער ער האָט שוין דאָס נויטיקע גענאָסן.

די סובלימאַציעס און קאָמפּענסאַציעס זענען אַ פּראָדוקט פון אונ־
זער באַוווסטזיין, וועלכער איז פון זיין זייט
די פאַרפאָלקאָמונג פון אונזערע מיטלען
אין דעם קאַמף פאַר עגזיסטענץ, און
דורך אָט די מיטלען קען דער מענטש נעמען פון דעם לעבן אַ סך
מער און אנדעקן אין דעם אַרום אַ סך טיפערע מעגלעכקייטן פון לוסט
און אומלוסט, ווי די לוסט און אומלוסט, וואָס די פּרימיטיווע עמאָציעס
און שטרעבונגען האָבן אין זיך פאַרמאָגט און וועלכע ער וואָלט, אפילו
ביי דער בעסטער געלעגנהייט, געקאָנט איבערלעבן. מיר זעען, אַזוי
אַרום, אַז די חלומות שפּילן אין מענטשלעכן לעבן אַ פיל קלענערע
ראָלע, ווי די פּסיכאָלאָגישע וויסנשאַפט שרייבט זיי צו.

קאַפּיטל 16

# די אנאטאמיע פון חלומות

די באַהויפּטונגען פון די פּסיכאָלאָגן, אַז די חלומות שפּילן זער
אַ וויכטיקן ראָל אין לעבן, קענען קאָנטראָלירט ווערן ווען מיר באַ־
טראַכטן דעם פיזישן צושטאַנד, אין וועלכן דער מענטש געפינט זיך
ווען ער שלאָפט און ווען זיין מח פּראָדוצירט יענע בילדער און
עמאָציעס וואָס מיר לעבן איבער אין חלום, מיט אַנדערע ווערטער, כדי
צו פאַרשטייען די פּסיכאָלאָגישע באַדייטונג פון די חלומות דאַרפן מיר זיך
פאַר אַלעמען ווענדן צו זייער אַנאַטאָמיע.

לויט די לעצטע וויסנשאַפטלעכע אנדעקונגען איז עקספּערימענטאַל
פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז דער קאָנטאַקט צווישן די אַרומיקע אומ־
שטענדן, און אונזער מח, דאָס הייסט, די ווירקונג פון די אָביעקטיווע
אומשטענדן אויף אונזער דענקען, און אונזער רעאַגירן אויף דער אויסער־
לעכער וועלט, קומט דורך אַ מין סיסטעם פון עלעקטרישע טאָקן. די
פאַרבינדונג ווערט דורכגעפירט דורך אונזערע נערוון, וועלכע שטעלן
מיט זיך פאָר אין אָט דעם פּראָצעס אַ מין סאָרט עלעקטרישע דראָטן.
ווען דער מח איז עלעקטריש איבערלאָדן ווערט אונזער אויפנעם־
פעאיקייט אָפּגעשוואַכט און דער ווייטערדיקער קאָנטאַקט מיט דעם
אַרום ווערט וואָס אַמאָל שווערער. אונזערע עמפּפינדונגען קוואַליפיצירן
אָט דעם צושטאַנד אַלס מידקייט, און די מידקייט גייט לאַנגזאַם איבער
אין אַ שלאָף, ביי וועלכן מיר ווערן נעאוטראַל צו די אַרומיקע עלעקטרי־
שע שטראָמען.

אויב דער אָרגאַניזם שטעלט צו דעם מח די נויטיקע מאַטעריעלע

שטאָפּן, און די שפּאַנונג פון די נערוון ווערט דערביי דורך אַ געוויסער אויפרעגונג פאַרשטאַרקט, איז מעגלעך די מידקייט צו איבערווינדן, און דער קאָנטאַקט קען נאָך ווייטער פאָרטגעזעצט ווערן, באַזונדערס, אויב ס׳קומט דערביי פאַר אַן אָנשטרענגונג פון אונזער ווילן. ווייל דער ווילן איז פון זיין זייט אַ מין אינערלעכע באַטעריע, וועמענס עלעק־טרישע פאַלן דינען אַלס אַן אַנטיטעזע צו די אויסערלעכע עלעקטרישע פאַלן, ד.ה. אַז דעמאָלט ווען די אויסערלעכע פאַלן זענען נעגאַטיוו אנגעלאַדן, זענען די אינערלעכע פּאָזיטיוו, און פאַרקערט.

די נישט באַפרידיגנדיקע אומשטענדן און זייער נעגאַטיווע ווירקונג (פון אַ געוויסער אומלוסט) רעגן אָן אונזער ווילן און אונזער קראַפט פון רעזיס־טענץ און, אַזוי אַרום, אויך אונזער פּאָזיטיווע אַקטיוויטעט. יענע אומ־שטענדן וואָס באַפרידיקן, דאַקעגן, דעם מענטשן און ברענגען אים אַ פּאָזיטיווע ווירקונג (לוסט), זיי דאַקעגן שוואַכן אָפּ דעם ווילן און ציען אים אַריין אין אַ מין פּאַסיוון, ד.ה. נעגאַטיוון צושטאַנד.

אונזער ווילן, וועלכער איז אַ פּראָדוקט פון די אָביעקטיווע אומ־שטענדן, איז אַזוי אַרום פּונקט ווי יעדער פּראָדוקט, ווי יעדער פאָלגע, אי די סינטעזע און אי די איינצייטיק אויך די אַנטיטעזע פון די סיבות, וואָס האָבן אים אַרויסגערופן און געשאַפן.

שטענדיק מוז אָבער עגזיסטירן אַ באַלאַנס צווישן באַפרידיגונג און צווישן דעם נישט באַפרידיקט זיין, צווישן לוסט און אומלוסט, פּונקט ווי צווישן פּאָזיטיווער און נעגאַטיווער אָנלאַדונג פון עלעקטריציטעט; צופיל לוסט, ווי צופיל אומלוסט, אַנטוויקלט אינ׳ם מענטשן אָפּגע־טעמפּטקייט און גלייכגילטיקייט.

אָבער אפילו דעמאָלט ווען די מידקייט איבערוועלטיקט יאָ דעם מענטשן, ד.ה. ווען ער פאַלט אַריין אין שלאָף און דער מח נעמט נישט אויף קיין נייע אויסערלעכע טאָקן, אָדער ער נעמט זיי אויף זער שוואַך, וויברירן נאָך אַלץ אין אים זיינע עלעקטרישע דראָטן, פּונקט ווי אין אַן עלעקטריש פּרעסל ווערט נאָך פאַרבאַהאַלטן אַ סומע פון וואַרימ־קייט, (ד.ה. די אינעווייניקסטע טיילעכלעך פון אייזן באַוועגן זיך נאָך אין

אים) אויך נאָך דעם וואָס דער עלעקטרישער קאָנטאַקט איז איבער־געריסן געוואָרן; אָדער ווי אַן אויפנעם אַנטענע, וואָס וויברירט נאָך אַ צייט לאַנג נאָך דעם וואָס ס׳האָט אויפגעהערט דער עלעקטרישער קאָנטאַקט מיט דער אַרויספּיר אַנטענע.

די חלומות זענען, אַזוי אַרום, בלויז שוואַכע אָפּקלאַנגען פון די עלעקטרישע אָנלאָדונגען און אויסלאָדונגען, וואָס געשעען אין אונז; זיי זענען נישט מער, ווי אַ ווידערקול פון יענעם קאָנטאַקט מיט דער אויסערלעכער וועלט, וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר די אייגנט־לעכע דיאַלעקטיק פון אונזער אינער־לעכן לעבן, און דעם אויסערלעכן האַנדלען.

די כאַאָטישקייט און די אומרעאַלע פּאַסירונגען וואָס קומען פאָר אין חלום ווען מיר שלאָפן, נעמען זיך דערפון, וואָס דער מענטש קען אָן דער הילף פונ׳ם באַוווסטזיין נישט אָפּקלויבן צווישן די באַגריפן איבער אָביעקטן וועלכע שטימען מיט זיינע דערפאַרונגען, און צווישן יענע פּרימיטיווע פאָרשטעלונגען וואָס ער האָט געהאט נאָך איידער ער האָט דידאָזיקע דערפאַרונגען געווינען. (אַזוי ווי „צייט“ איז נישט קיין זעלבסטשטענדיקע דערשיינונג, נאָר אַן אויסדרוק פון דער באַוועגונג און ענדערונג פון די אַרומיקע דערשיינונגען, אַן אויסדרוק אויף וועלכן מיר ווערן באַוווסט דורך אונזער קאָנטאַקט מיט אָט די דערשיינונגען, ד.ה. דורך אונזערע דערפאַרונגען, פאַר־לירט דערפאַר דער מענטש די „פיערטע דימענסיע“ (פון צייט), ווען דערדאָזיקער קאָנטאַקט ווערט איבערגעריסן און ער האָט נישט מער די מעגלעכקייט צו אונטערשיידן צווישן די פאַרשידענע דערפאַרונגען).

די פיזישע עמפּפינדונגען וועלכע ער לעבט איבער אין שלאָף ברענגען דערפאַר מעכאַניש אַרויס די ווידערשפּרוכספולע בילדער אין וועלכע נייע פאָרשטעלונגען זענען אויסגעמישט מיט יענע אָפּגעשטאַנענע דערינערונגען און אָפּגעלעבטע עמאָציעס, וואָס זענען נאָך פאַרבליבן אין אונזער אומבאַוווסטזיין. אָט די בילדער רופן אויך אַרויס די מעכאַנישע רעאַקציעס פון אונזערע אָרגאַנען, ווי אויפציטערן אין שלאָף, זיך וואַרפן, קריצן מיט די ציין, שרייען, קאָפּען מיט די פיס, שמייכלען, לאַכן א.א.וו. אָבער כאָטשע דער אומבאַוווסטזיין איז, רעלאַטיוו צום באַוווסטזיין, אַ מער פּאַסיווער טייל פון אונזער גייסט, ענדערט ער זיך אָבער דאָך אומאויפהערלעך, אין פאַרבינדונג מיט דעם באַוווסטזיין און דאָס מיינט, אינדירעקט, אין פאַרבינדונג מיט דעם אַרום; און עס קומען אין אים צו אַלעמאָל נייע עלעמענטן, (וועלכע האָבן שוין אָפּ־געלעבט אין באַוווסטזיין און זענען דורך דעם לעצטן אַסימילירט

און דערלעדיקט געוואָרן); ווייל אויך דער אומבאַוווסטזיין פון זיין זייט, באַשטייט פון נייערע און עלטערע דערפאַרונגען איבער געשעענישן און דערשיינונגען און אויך אין אים קומט פאָר דער זעלבער פּראָצעס פון אויפנעמען די נייע און שטאַרקערע דערפאַרונגען און פאַרדרענגען די אַלטע און שוואַכערע (עס איז דערפאַר טאַקע נישט איבעריק דאָס איינטיילן דעם אומבאַוווסטזיין אַליין אויך, אין אַן אונ־טערבאַוווסטזיין און אין דעם אייגנטלעכן אומבאַוווסטזיין, ווי פרויד טוט דאָס צוליב זיינע צוועקן, נאָך מער, אָט די איינטיילונג, פון איר זייט, מוז זיך נאָך אומענדלעך ווייטער טיילן, אָבער מיר וועלן בלייבן ביי דער אויבן דערמאָנטער סכעמאַטישער איינטיילונג, צוליב אַ געוויסער באַקוועמלעכקייט, אָדער וויסענשאַפטלעכער קאָנווענציע, ווי מען רופט דאָס, אַן וועלכער ס'איז אוממעגלעך צו אַרבעטן) מיר זעען דערפאַר, אַז די חלומות פון דעם דערוואַקסענעם און דערפאַרענעם מענטשן זענען לויט זייער פאָרם און אינהאַלט זער פיל פאַרשידן פון די קינ־דערישע חלומות.

די ערגאָטיק און די שטרעבונג צו געלטן, וועלכע איבן ווירקלעך אויס, אין אַ באַשטימטער מאָס, געוויסע ווירקונגען אויף דעם מענטשן, סיי אין חלום און סיי אויף דער וואָר, ענדערן אויך אומאויפהערלעך זייער פאָרם, און לויט די געזעצן פון דער גאַנצער פיזישער וועלט, שטעלן אויך זיי מיט זיך פאָר עטאַפּן אין דער פאָרמירונג פון ענערגיע דורך מאַטעריע, און פון מאַטעריע דורך ענערגיע.

סיי די ערגאָטישע קראַפט איז סיי די שטרעבונג צו געלטן זענען ביידע פאָרמען פון ענערגיע, וואָס ווערן פּראָדוצירט און רעפּראָדוצירט דורך דעם פּראָצעס פון עסן און פאַרדייען.

אַלס פאַרטיקע פּראָדוקטן באַווירקן זיי איינע די אַנדערע און גע־שטאַלטן זיך לויט דעם אינדיווידואומס דערפאַרונגען און לויט זיין גייסטיקער אַנטוויקלונג. די לעצטע ווערן, פון זייער זייט, פּונקט ווי דער פּראָצעס פון עסן און פאַרדייען, באַשטימט דורך די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אומשטענדן, ד.ה. אַלץ לויט דעם זעלבן פּראָצעס פון עסן און פאַרדייען, פון אַסימילירן און אויסטיילן, פּלוס דער אויסמעסטונג פון צייט. די צייט, דורך וועלכער די פאָרמען פון ענערגיע ענדערן זיך אין זייער סאָציאַלן אויסווירקן זיך לויט דער פּראָפּאָרץ צווישן די אינעוויניקסטע מעגלעכקייטן אין דעם מענטשן (וועלכע זענען אַ פּראָדוקט פון דער טראַנספאָרמירטער מאַטעריע), און דעם דרוק פון די אַרומיקע גרעניצן (וואָס ווערן פאַר־קערפּערט אין די אַרומיקע אָביעקטן און געשעענישן); און זיי שאַפן דאָס, ווידער, די מאַטעריעלע ווערטן, וועלכע פאַרוואַנדלען זיך פון

זייער זייט אין נייע סאָציאַלע פאָרמען פון ענערגיע, פון עראָטיק, פון געלטונג; ענדערנדיק זיך אין יעדער עפּאָכע רעלאַטיוו צו די עגזיס־טירנדיקע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אומשטענדן.

סיי די עראָטישע קראַפט, סיי דער געלטונגס קאַמף זענען אין אַן אמת דער בולטסטער אויסדרוק פון לעבנס דינאַמיק, אָבער דורך דעם וואָס פּראָפעסאָר פרויד און פּראָפעסאָר אַדלער פּרווון צו מאַכן אָט די דערשיינונגען, וועלכע זענען בלויז אַ רינגאַלע אין דער קייט פון לעבנס געשעענישן, פאַר דער הויפּט סיבה פון דער עגזיסטענץ, (פּראָ־פעסאָר אַדלער דערקלערט, אַז דאָס געפיל פון מינדערווערטיקייט איז אַ דירעקטע אייגנשאַפט פון דעם „פּסיכישן אָרגאַן“, פּראָפעסאָר פרויד ווידער האַלט אַז די סאָציאַלע עקאָנאָמיק און די עקאָנאָמיק פון דעם אינדיווידועלן קערפּער, ד.ה. די פיזישע דערנערונג און אַלע איבעריקע, סיי פיזישע, סיי גייסטיקע פונקציעס זענען אַ פּראָדוקט פון דער עראָ־טישער קראַפט און דער מענטש פאַרמאָגט אין זיך אַליין אפילו דעם אינסטינקט פון טויט), דורך אַזעלכע באַהויפּטונגען פאַרוואַנדלען אָט די פּסיכאָלאָגן דידאַזיקע דינאַמישע פּראָצעסן, אין סטאַטישע פאַר־שטעלונגען, ווייל אין זייער פאָרשן שליסן זיי אָפּ אָט די פּראָצעסן פון יענע סאָציאַלע און פיזיאָלאָגישע ווירקונגען, דורך וועלכע די לעצטע ווערן אין דער רעאַליטעט באַאיינפלוסט און לויט וועלכע זיי האַלטן זיך אין איין ענדערן.

די חלומות אין שלאָף העלפן אונז אַמאָל צו פּאַקן אַ געדאַנק, וואָס גליטשעט זיך אַרויס און וועלכן עס איז שווער אָנצוכאַפּן און זיך אויף אים צו קאָנצענטרירן, דאָס איז דערפאַר וואָס די חלומות שטעלן מיט זיך פאָר די אַלטע מיטלען פון קאַמף און דערפאַרונגען, וועלכע פאַר־לייכטערן צו דערגרייכן די נייע מיטלען, פּונקט ווי אַן אַלטע אַנטדעקונג דערמעגלעכט צו שאַפן די מער פאַרפאַלקאָמטע, נייע דערפינדונגען. זיי פאַרמאָגן אָבער נישט קיין שום זעלבסטשטענדיקע מעגלעכקייטן פאַר אַנטוויקלונג און פּראָדוקטיווער עגזיסטענץ.

אַמאָל חלומט דער מענטש, אַז ער האָט דערגרייכט אַ געווונטשענע שטרעבונג, אָדער ער זעט אין חלום אַ שרעקלעכע זאַך, פאַר וועלכע ער האָט מורא, כדי דאָס זאָל פאַרקומען מוז ער זיך געפונען אין אַזאַ פיזישן צושטאַנד וואָס זאָל, דורך זיין ענלעכקייט מיט אַ רעאַלן צו־שטאַנד אין וועלכן דער מענטש האָט זיך געפונען, ווען ער האָט איבער־געלעבט אַזאַ פּאַסירונג, שאַפן אין אים די אילוזיע פון אַ באַשטימטער שרעק, אָדער פרייד.

איןביידע פאַלן איז די איבערלעבונג נישט אַזוי שטאַרק, ווי דאָס וואָלט געקענט זיין ווען דער מענטש איז וואַך און ווען זיין פאָרשטעלונג און באַוווסטזיין קוואַליפיצירן די איבערלעבונג אין איר ריכטיקן ווערט.

דערפֿאַר פֿאַרגעסן מיר אַזוי שנעל אפילו אין יענע חלומות וואָס זענען זער אויפֿרעגנדיק.

קאַפּיטל 17

# עראָטיק און געלטונגס קאַמף

די פּסיכאָלאָגישע וויסנשאַפֿט האָט אין די לעצטע יאָרן דערגרייכט ביז אין די פֿאַרבאָרגנסטע ערטער פֿון מענטשלעכן דענקען און פֿילן. לויט דער איבערפֿלעכלעכער מיינונג פֿון דער גאַס אינטעליגענץ איז אָט דער פֿאָרטשריט געמאַכט געוואָרן בלויז מיט דער הילף פֿון דער פּסיכאָ־אַנאַליזע און דער אינדיווידואַל פּסיכאָלאָגיע, וועלכע זענען כלומרשט די איינציקע וואָס פּרוּוון צו אַנאַליזירן נישט נאָר דעם מענטשלעכן באַוווּסטזיין, נאָר אויך אויסצופֿאָרשן זיין אונטערבאַוווּסטזיין, צו דערקלערן די פֿאַרבאָרגנסטע דערשיינונגען אינ׳ם פּסיכישן מענטש־לעכן לעבן און צו באַלויכטן די האַנדלונגען וואָס זענען אונז אויס אומפֿאַרשטענדלעך.

ווי מיר האָבן געזען אין דעם פֿריערדיקן קאַפּיטל, איז נישט נאָר וואָס דער אונטערבאַוווּסטזיין איז נישט ענטדעקט געוואָרן צום ערשטן מאָל אין אָט די טעאָריעס, נאָר אין זיי ווערן אויך זיינע פֿונקציעס דערקלערט אויף אַ זער איבערפֿלעכלעכן אופֿן; איבער דעם אונטערבאַוווּסטזיין טרעפֿן מיר אַ סך אַ טיפֿערע און גלענצנדערע פֿאָרשונג ביי דעם געניאַלן פֿראַנצויזישן פּסיכאָלאָג פּיער זשאַנעט (אַ בן דור פֿון פּראָפֿעסאָר פֿרויד).

מיר מוזן אָבער צוערשט צוטרעטן אויסצופּרוּוון די צענטראַלע כחות וועלכע זענען סיי לויט דער מיינונג פֿון דעם גרינדער פֿון דער פּסיכאָ־אַנאַליזע פּראָפֿעסאָר פֿרויד, און סיי לויט דעם גרינדער פֿון דער אינ־דיווידואַל פּסיכאָלאָגיע פּראָפֿעסאָר אַדלער, נאָר טיילווייז באַוווּסט, מערסטנטייל אָבער אומבאַוווּסט און באַאיינפֿלוסען אומבאַוווּסטערהייט פֿאַר דעם מענטשן זיין פּסיכיק, ד.ה. זיין פֿילן און דענקען. די צוויי טעאָרעטיקער האַלטן, אַז אָט דער צענטראַלער כח שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ געוויסע שטרעבונג, וואָס באַווירקט דעם גאַנצן פּראָצעס פֿון לעבן, און איז דער פֿאַרבאָרגענער צוועק פֿון אַלע מענטשלעכע טאַטן. ביידע פּסיכאָלאָגן שטימען אָבער נישט איין אין וואָס אָט דער צענ־טראַלער כח באַשטייט.

פּראָפֿעסאָר פֿרויד האַלט אַז די עראָטישע שטרעבונג, דער אינער־לעכער דראַנג צו סעקסועלער באַפֿרידיקונג, איז דער הויפּט עלעמענט פֿון דעם מענטשלעכן דענקען, פֿילן און האַנדלען, — און פּראָפֿעסאָר

אַדלער האַלט אַלס דעם כח און הויפט שטרעבונג פון לעבן, דעם ווילן צו געלטן.ביידע זענען אין דער הינזיכט אַנטאַגאָניסטיש איינער צום צווייטן און איינער לייקנט אָפּ דעם צווייטענס באַהויפּטונגען אויף דעם דאָזיקן געביט.

פרויד, וועלכער האַלט אַז די מענטשלעכע געדאַנקען און טאַטן זענען פּראָדוקטן פון דער עראָטיק און רעזולטאַטן פון דעם נישט באַפרידיקטן סעקסועלן טריב, דערקלערט דערביי, אַז דער עראָטישער דראַנג לאָזט זיך נישט פאַרניכטן מיט קיין שום מיטלען, ווען ס'איז אים אַבסאָלוט אוממעגלעך צו געפינען זיין נאַטירלעכע באַפרידיגונג, וואָס דרוקט זיך אויס אין דעם אומנאַטירלעכסטן (לויט אונזערע באַגריפן) סעקסועלן אַקט, דעמאָלט געפינט ער די באַפרידיקונג דורך אַנדערע וועגן. אין דעם מענטשנס אינערלעכן לעבן ווערט די זעלבע עראָטישע קראַפט פאַרוואַנדלט אין צוויי קעגנגעזעצטע שטרעמונגען, וועלכע הייסן אויף פּראָפעסאָר פרוידס שפּראַך: פ אַ ר ד ר ע נ ג ו נ ג און ס ו ב ל י מ אַ צ י ע. די פאַרדרענגונג איז די פ ו נ ק־צ י ע פ ו ן ד ע ם ב אַ וו ו ס ט ז י י ן און „סופּער עגאָ", וואָס קומט אַלס אַ פאָרם פון דעם ווילן זיך צו אידענטיפיצירן מיט דעם סעקסועלן ריוואַל, (ביים קינד איז אָט דער ריוואַל מערסטנטייל זיין אייגענער פאָטער) און אָט דער „סופּער עגאָ" שטעלט מיט זיך פאָר דעם מאָראַלישן קאָנטראָליאָר.

פרויד שטעלט פעסט, אַז ווען דער מענטש פאַרדרענגט זיינע עראָטישע געפילן, דעמאָלט קערט זיך אום די נישט פאַרווענדעטע ענערגיע געגן דעם מענטשן און זי געפינט איר עראָטישע אויסלאָדונג אין דער צעשטערונג פון דעם מענטשלעכן גלייכגעוויכט. אַזעלכע מענטשן ווערן מיזאַנטראָפּיש, פאַרביסן, אויפגערעגט, מעלאַנכאָליש און קאַפּריזנע. די סובלימאַציע, ווידער, דאַרף מיט זיך פאַרשטעלן אַ מין פאַרצווייפלטע אנשטרענגונג פ ו נ 'ם א ו נ ט ע ר ב אַ וו ו ס ט־ז י י ן צו געפינען, אין אַ וואָס פאַר אַ נישט איז פאָרם, די סעקסועלע באַפרידיקונג.

די פאָרמען און מיטלען דערצו זענען אומענדלעך פיל, דערפאַר, לויט זיין מיינונג, איז טאַקע די אַקטיוויטעט פון דעם מענטשן אַזוי פיל־פאַרביק און אַזוי פאַרשידנאַרטיק אין אירע סאָציאַלע אויסדרוקן.

די דאָזיקע אויסשפּאַנונג קאָן אַמאָל אָננעמען אַ געזעלשאַפטלעכע פאָרם, און אַמאָל קאָן זי זיין אַנטיסאָציאַל, אַמאָל איז זי שאַפעריש און אַמאָל צעשטעריש; שכרות און פאַרברעכן, פונקט ווי אָפּפערפעאיקייט, טאַלאַנט, וויסנס־דורשט, לוסט צום וואַנדערן, אַלעס איז בלויז סוב־לימירטע עראָטיק.

פון פרוידס צאָלרייכע ביישפּילן דרינגט אַרויס, אַז דער ס אָ־

ציאַלער אינהאַלט פון דעם מענטשנס אַקטיוויטעט אַנטוויקלט זיך רעלאַטיוו צום אידעאַל פון זיין סופּער עגאָ, און אַז די אינדיווידועלע פאָרם און אינטענסיטעט פון אָט דער אַקטיוויטעט, איז אָפּהענגיק פון, און פּראָפּאָרציאָנעל צו דעם כח פון דעם אינערלעכן עראָטישן דראַנג. דאָס מיינט אָבער נישט, אַז אָט די פאָרם און אינהאַלט שאַפן אַן האַרמאָניע אין דעם מענטשנס פּסיכאָלאָגיע, פאַרקערט, עס קומט פאָר אַן אייביקער קאַמף, צווישן דעם באַוווסטן, סאָציאַלן אינהאַלט, וועלכער איז בלויז אַן אינדיווידועלע פאָרם, און צווישן דעם אומבאַוווסטן, אינדיווידועלן אינהאַלט, וועלכער איז נאָר אין זיין פאָרם סאָציאַל; אין חלום אָדער ווען דער מענטש לעבט איבער נערוועזע עקסצעסן, קערן זיך צו אים אַלעמאָל אום, אונטער דעם צודעק פון פאַרשידענע סימבאָלן, די אייביק סעקסועלע אינדיווידועלע און אַנטיסאָציאַלע שטרעבונגען. מיר זעען ווי דער סופּער עגאָ, וועלכער איז אַליין אַ פאָרם פון פריער סובלימירטער עראָטיק פון דעם קינד, ווערט פאַרוואַנדלט אין זיין קעגנזאַץ און אונטערדריקט די איבעריקע עראָטישע שטרעבונגען, ער דערקלערט איבער זיי אַ שטרענגע צענזור און לאָזט זיי דורך נאָר דעמאָלט ווען זיי גנבהנען זיך דורך אין דער געשטאַלט פון סימבאָלן און נייע סובלימאַציעס.

פרויד באַנוצט זיך, אַזוי אַרום, אומבאַוווסטערהייט מיט אַ דיאַלעקטישער פאָרם פון שילדערן, אָבער אַ חוץ דעם, וואָס די דיאַלעקטיק איז ביי אים אַן אומבאַוווסטע, איזאָלירט ער נאָך דערצו זיין פאָרשונג פון די ווירקונגען, וואָס די אָביעקטיווע דיאַלעקטישע באַוועגונגען, וועלכע פאַרקערפּערן מיט זיך די אַרומיקע אומשטענדן, איבן אויס אויף דעם געביט פון אָט דער פאָרשונג. ער פאַרוואַנדלט דערפאַר זיינע אַנאַליזן אין שמאָלע, מעטאַפיזישע באַגריפן וועגן אַ פּסיכאָלאָגיע, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ מין אַבסאָלוטע, זעלבסטשטענדיקע, אינערלעכע און איזאָלירטע באַוועגונג, און ער פאַלט פאָלגלעך אַריין אין סטאַטישקייט.*

*) אונזער דענקען איז, ווי אַלעס אויף דער וועלט, דיאַלעקטיש, אומאָפּהענגיק פון אונזער ווילן און פון דעם צי מיר זענען אויף דעם באַוווסט, צי נישט. אין דעם זין וואָס מיר באַנוצן אָבער די טערמינען „דיאַלעקטיש“, אָדער „סטאַטיש“ דענקען, אונטערשיידן מיר דערמיט צווישן דעם טיפן באַוווסטזיניקן און וויסנשאַפט־

דורך דעם וואָס פרויד האַלט אַז נישט נאָר די אינדיווידועלע מענטשלעכע אייגנשאַפטן און טאַטן, נאָר אויך פּאָליטישע און עקאָנאָמישע געשעענישן און היסטאָרישע אַנטוויקלונגען ווערן פאַראורזאַכט דורך אָט דעם אינערלעכן און, לויט זיין מיינונג, אַלמעכטיקן דראַנג, פאַרשטייט ער נאָך נישט דעם סעקסועלן טריב ברייטער, ווי אָט דער טריב איז אין אַן אמת, (וואָס מער מיר טרייבן איבער און דערווייטערן זיך פון די רעאַלע אייגנשאַפטן פון אַ דערשיינונג, אַלץ וויניקער פאַרשטייען מיר זי, ווייל ווייטקייט און ברייטקייט פון פאַרשטייען דערשיינונגען קענען מיר דערגרייכן נאָר דעמאָלט, ווען מיר דערנענטערן זיך צו זייער רעאַליטעט), נאָר ער פאַרוואַנדלט אויך זיינע פאָרשטעלונגען איבער סאָציאַלע און היסטאָרישע געשעענישן אין מער באַגרעניצטע און סטאַטישע באַגריפן.

ווען מיר פאַרגלייכן דערפאַר פרוידס טעאָריע מיט די רעאַלע

---

לעכן אַרומנעמען די באַוועגונגען פון אַ דערשיינונג (ווי דאָס געשעט אין ערשטן פאַל), און צווישן אַ אויבערפלעכלעכן און באַגרעניצטן אויפפאַסן געשעענישן (ווי דאָס געשעט אין צווייטן פאַל), ס'מוז דערביי דערמאָנט ווערן, אַז דורך דעם, וואָס מען צעצירט אַ באַגריף איבער די גרעניצן פון זיינע רעאַלע באַדייטונגען און מען טשעפּעט צו אים צו מעטאַפיזישע עפּיטעטן, פאַרשווינדעט נישט די ענגקייט און סטאַטישקייט פון אָט דער מיינונג, ווייל די אָביעקטיווע אייגנשאַפטן פון די דערשיינונגען ענדערן זיך נישט דורך דעם, וואָס מיר באַצייכענען זיי ווי אַזוי ס'פאַרגלוסט זיך אונז סוביעקטיוו, זיי ווערן אונז דערמיט נאָר פרעמדער און מער אומדערקענבאַר.

דער פאַקט, וואָס מיר קענען אויסנוצן און צופּאַסן די אַרומיקע אומשטענדן צו די מענטשלעכע באַדערפענישן, איז אַליין אַ פּראָדוקט פון דעם דערקענען די אייגנטלעכע אָביעקטיווע געזעצן פון אָט די אומשטענדן און זייערע אָביעקטיווע אייגנשאַפטן פאַרענדערט צו ווערן אין אַזאַ ריכטונג, וואָס האַרמאָנירט, אין אַ געוויסער מאָס, מיט אונזערע שטרעבונגען, (אָט די מעגלעכקייט פון האַרמאָניע צווישן די אָביעקטיווע אומשטענדן און אונזערע שטרעבונגען קומט באַשטימט דערפון, וואָס אונזערע שטרעבונגען זענען דאָך אַליין אויך נישט מער, ווי פּראָדוקטן פון אָט די אומשטענדן).

פונקט אַזוי זענען אויך אונזערע אינערלעכע אייגנשאַפטן אָפּהענגיק פון די אָביעקטיווע געזעצן, וועלכע קענען זיך נישט ענדערן לויט אונזער קאַפּריז, זיי קענען אָבער אַנטוויקלט ווערן, דעמאָלט ווען מיר דערקענען אָט די אָביעקטיווע געזעצן פון אונזער אינערלעכער סוביעקטיוויטעט.

אומשטענדן, און מיר פּרווון צו פאַרשטייען דעם באַגריף עראָטיק אין בוכשטעבלעכן זין, דעמאָלט האַלט פּרוידס טעאָריע נישט אויס די קריטיק, ווייל מיר קענען אינסטינקטן, וועלכע זענען פיל שטאַרקער פון דעם סעקסועלן טריב, ווי אַ שטייגער הונגער. אַ מענטש וואָס איז הונגעריק און סעקסועל נישט באַפרידיקט, וועט גיכער זיך אָנשטרענגען צו שטילן זיין הונגער, איידער צו באַפרידיקן דעם סעקסועלן טריב; אויך ווייסן מיר, אַז די עקאָנאָמישע לאַגע און די פיזישע נאַרונג באַשטימען די שטאַרקקייט פון דער עראָטיק, זי ווערט פאַלגלעך באַווירקט און איז נישט אַליין די ערשטע און איינציקע סיבה פון אַלע סיבות. אַ חוץ דעם, איז אַט דער טריב באַגרעניצט, דער מענטש שעפּט זיך אויף אַט דעם געביט זער שנעל אויס, דאַקעגן איז ער אָבער נאָך פעאיג, אין דער זעלבער צייט, באַוועגט צו ווערן פון אַנדערע געפילן און טריבן. אַ מענטש וואָלט בשום אופן נישט געקאָנט לעבן, אפילו פשוט פיזיש, בלויז מיט די באַפרידיגונגען און אינטערעסן פון דער עראָטיק אַליין. זער אָפט קענען אַנדערע אויסשפּאַנונגען פון ענערגיע איבערוועגן דאָס פאַרגעניגן און דעם אינטערעס פון דער עראָטישער אויסשפּאַנונג. אויב מיר זאָלן אָבער אָננעמען, אַז דער פּראָצעס פון עסן און פאַרדייען און אַלע אַנדערע פיזישע און גייסטיקע אַקטיוויטעטן זענען אויך פאָרמען פון עראָטיק, דעמאָלט מוזן מיר אָנהייבן פאַרשטייען פרוידן מעטאַפאָריש און זיך פאָרשטעלן אונטער דעם באַגריף עראָטיק יעדע אויסשפּאַנונג פון ענערגיע, יעדן אויסדרוק פון לעבן און אַקטיוויטעט, פון באַוועגונג און ענדערונג; די דירעקטע עראָטיק און סעקסועלע אויסשפּאַנונג דאַרפן מיר דעמאָלט פאַרשטיין בלויז אַלס אַ טייל, אַלס אַ אָפּצווייגונג, וואָס קאָן אונז דינען, ווי אַ קאָנקרעטע אילוסטראַציע פאַר אַלע אַנדערע דערשיינונגען, וועלכע זענען טאַקע, אין זער אַ סך אינזיכטן, ענלעך צו איר און שטעלן אַלע אינאיינעם מיט זיך פאַר בלויז טיילן, בלויז ברוכצאָלן, וואָס פאַלן צוזאַמען אַרונטער אונטער די מער אַלגעמיינע און דערפאַר טאַקע אויך מער אָביעקטיווע געזעצן פון דער אייביקער דינאַמיק.

אַזוי אַרום זעען מיר, אַז אויב פּראָפעסאָר פרויד זאָל זיין קאָנ־סעקווענט, מוז ער דערגייען צו גאָר אַנדערע אמתן און אַנטדעקן נייע געזעצן, וועלכע זענען שוין פון לאַנג אַנטדעקט געוואָרן דורך דעם פילאָסאָף העגעל און וועלכע זענען וויסנשאַפטלעך באַגרינדעט געוואָרן דורך דעם דענקער און טעאָרעטיקער קאַרל מאַרקס.

אויף וויפיל פרויד ברענגט אונז אָבער לעבעדיקע און רעאַלע

פאַקטן, ווי צום ביישפיל די פאַקטן וועגן סובלימאַציע און רעפּרעסיע, *) וואָס פולן אויס די ראַמען פון דער דיאַלעקטיק, זענען זיי זער נוצלעך און בייהילפיק אין אונזערע פסיכאָלאָגישע און פעדאַגאָגישע פאָרשונגען, ווי אויך ביי דער אָנווענדונג פון אונזערע סאָציאַלע דערציונגס מעטאָדן**)

*) סובלימאַציע און פאַרדרענגונג (רעפּרעסיע) זענען אין אַן אמת די אָרגאַנישע טיילן פון דעם פּראָצעס פון אונזער גייסטיקער אַנטוויקלונג, ד.ה. פון דעם איבערגאַנג פון אונזערע עמפּפינדונגען אין געדאַנק, געפיל און טאַט; און דורך זיי ווערן אונזערע באַוווסטזיניקע שטרעבונגען (נאָך רייכטום, דערפאָלג, סעקסועלער באַפרידיגונג א.א.וו.) פאַרוואַנדלט אין אומבאַוווסטזיניקע רעפלעקסן, דעמאָלט ווען אַט די שטרעבונגען זענען אומדערגרייכבאַר, אָדער ווען זיי זענען שוין דערגרייכט און אויסגענוצט געוואָרן.

**) די סובלימאַציע קומט אַלס אַ רעזולטאַט פון דעם מענטשנס באַוווסטזיניקן, אָדער אומבאַוווסטן גלויבן אַז אַ געגיבענער ווונטש איז טיילוויז דערגרייכבאַר, פאַרדרענגונג קומט פון דער דערקענטעניש, אַז אַ באַשטימטער ווונטש איז אימגאַנצן אומדערגרייכבאַר.

יעדער סובלימאַציע איז אין דער רעאַליטעט אַ פאָרם פון פאַרדרענגונג, און יעדער פאַרדרענגונג שטעלט מיט זיך פאָר אַ פאַרשטאַרקטע פאָרם פון סובלימאַציע.

ס'איז בלויז אַ קוואַנטיטאַטיווער חילוק צווישן די צוויי סאָרטן פון אַנטבעהרן, פון פאַרציכטן, אָבער די ערשטע פאַרקערפערט אַן אַקטיוויטעט, אין וועלכער די פאָרשטעלונגס, שאַפונגס, און ווילנס קראַפט ווערן אָנגעווענדעט אין דער ריכטונג פון דעם נישט דערפולטן ווונטש, — און די אַנדערע שטעלט מיט זיך פאָר אַ רעוואָלוציאָנערן שפּרונג פון איין געביט פון גייסטיקער און פיזישער אַקטיוויטעט, אין אַן אַנדערן, וועלכער פירט אָפּט אין אַ קעגנגעזעצטער ריכטונג.

אַט דער דאָזיקער שפּרונג איז אויך אַ קאָנסעקווענץ פון פאָרשטעלונגס, שאַפונגס און ווילנס קראַפט, אָבער נאָר רעלאַטיוו צו די רעאַלע מעגלעכקייטן צו דערגרייכן און רעלאַטיוו צו די מכשולים, וואָס זענען געשטאַנען אויף דעם וועג פון דערגרייכונג, פונקט ווי אין פאַרגלייך מיט דעם פאַרנעם פון דעם סאָציאַלן ווערט, וואָס די צוויי פאַרשידענע אַקטיוויטעטס געביטן פאַרקערפערן, קענען מיר אורטיילן, אויף וויפיל דער אַקט פון פאַרדרענגונג איז אַ פּראָדוקט פון שטאַרקערע, צי פון שוואַכערע גייסטיקע פּאָטענצן, ווי דאָס איז די סובלימאַציע.

ס'איז שוואַכקייט, ווען דער מענטש פאַרלאָזט גרויסע צילן, פאַרדרענגט וויכטיקע שטרעבונגען און באַגנוגט זיך מיט קליינע אַמביציעס, וועלכע האָבן אַ אומבאַדייטנדיקן ווערט (יעדער מענטשלעכע טאַט איז דירעקט פּראָפּאָרציאָנעל צו איר סאָציאַלן ווערט). פון דער אַנדערער זייט, גרעניצט עס מיט משוגעת, אויב אַ מענטש פאַרפולט זיין צייט מיט פאַנטאַסטישע רמזים (סובלימאַציע) און אילוזיעס וועגן אַן אומדערגרייכבאַרן ציל. אַמאָל איז אָבער דוקא נויטיק אַ רייכע פאַנטאַזיע,

מיט דער הילף פון וועלכע דאָס נוצלעכע פון אָט דער טעאָריע קען אַסימילירט ווערן, אויב זי ווערט נאָר ריכטיק מאַרקסיסטיש באַלויכטן.

פונקט ווי פּראָפעסאָר פרויד פּרעטענדירט אויך פּראָפעסאָר אַדלער אַז ער האָט אַנטדעקט דעם גרונט פּרינציפּ פון דער מענטשלעכער עגזיסטענץ און פּסיכאָלאָגיע, ווי אויך פון די סאָציאַלע און אַלגעמיינע לעבנס געזעצן.

אָט דער גרונט פּרינציפּ הייסט ביי אַדלערן, ווי שוין דערמאָנט, דער געלטונגס קאַמף (דער קאַמף פאַר מאַכט און כבוד), לויט זיין מיינונג, באַזיצט יעדער מענטש אַ מינדערווערטיקייטס געפיל (אינפעריי־אָריטי קאָמפּלעקס), אַלע מענטשן פילן זיך קליין און זיי שטרעבן דער־פאַר צו באַקעמפן אָט די לאַגע זייערע און ענדערן דאָס אינערלעכע געפיל, וואָס מוטשעט זיי. צוליב דעם צוועק באַנוצן זיי פאַרשידענע מיטלען, אַמאָל חנופה, אַמאָל שטאָלץ, אַמאָל באַשיידנקייט, אַמאָל פאַר־ברעכן און אַמאָל שאַפונג, אַלעס נאָר כדי צו געלטן. אַמאָל דערנידעריקט מען יענעם, כדי אַזוי אַרום זיך אויפצוהויבן, אַמאָל הויבט מען יענעם און מען מאַכט זיך כלומרשט באַשיידן, כדי אויף אַזאַ אופן צו קומען צו געלטונג. געשעצט צו ווערן און אינדירעקט צו באַקומען די גע־ווונטשענע מאַכט, כדי אַזוי אַרום באַקעמפן דאָס געפיל פון אינפעריאָריטי, דאָס געפיל פון דער אייגענער מינדערווערטיקייט. אַמאָל שטרעבט מען צו דערגרייכן אַ געוויסן אידעאַל, רעלאַטיוו צו וועלכן מען פילט זיך קליין, אַמאָל דערגייט מען צו געניאַליטעט, אַמאָל צו פאַרברעכן און אַמאָל צו שגעון, אַלעס בלויז דורך דער אינערלעכער שטרעבונג צו באַקעמפן דעם מינדערווערטיקייטס געפיל און קומען צו געלטונג.

פּראָפעסאָר אַדלער האַלט אַז אין מענטשן איז איינגעבוירן אַ געפיל פון סאָציאַלישקייט, וואָס איז דער איינציקער קעגנגעוויכט, געגן דעם געלטונגס קאַמף און וואָס האַלט אים אין די נאָרמאַלע ראַמען פון מאָראַל און פון אינדיווידועלער גייסטיקער געזונטקייט; ווען אָט דאָס געפיל פאַרשווינדעט, ווערט דער מענטש גייסטיק קראַנק דורך דעם שווערן געלטונגס קאַמף און דעם אומענדלעכן געפיל פון מינדערווערטיקייט.

---

אַ גרויסע שאַפונגס קראַפט און אַ שטאַרקער ווילן צו באַקעמפן פּרובטלאָזע האָפנונגען, צו אונטערדריקן איראַציאָנעלע שטרעבונגען און אָנצוגעמען אַ העכערע און מער ראַפינירטע פאָרם פון אַקטיוויטעט, מיט ברייטערע און ווייטערע צילן, וועלכע זענען אָפט לייכטער צו דערגרייכן, ווי די קלענערע און באַשרענקטע שטרעבונגען.

רעפּרעסיע, אָדער פאַרדרענגונג, זענען איינצייטיק, ווי שוין געזאָגט, אויך אַ פאָרם פון באַפרייען זיך פון אַלטע און אומוויכטיקע שטרעבונגען פאַר וועלכע דער מענטש האָט שוין פאַרלוירן דעם אינטערעס און, אַזוי אַרום, צו מאַכן פּלאַץ פאַר פרישע צילן און שטרעבונגען.

אָבער שוין אָפּגערעט פון דעם שמאָלן און אינדיווידואַליסטישן אינ־האַלט, וואָס פּראָפעסאָר אַדלער שליסט איין אין דעם באַגריף סאָציאַליש־קייט, האַלט אָט דער באַגריף אימגאַנצן נישט אויס קיין שום וויסנשאַפט־לעכע קריטיק, ווייל סאָציאַלישקייט, וואָס ווערט נישט באַשטימט דורך קיין עקאָנאָמישע אומשטענדן און ווערט נישט אַנטוויקלט דורך קיין אַלגעמיינע, סאָציאַלע אינטערעסן פון באַשטימטע קלאַסן, מיינט אַ פאָרשטעלונג וועגן עפּעס מיסטישע אינסטינקטן, מיט געטלעכע וואָרצלען, וואָס האָבן גאָרנישט צו טאָן מיט קיין מאַטעריאַליסטישער אַנטוויקלונג.

דער מענטש וואָס פילט זיך נישט אין כח צו קעמפן מיט זיין מינדערווערטיקייטס געפיל און פאַרלירט די האָפנונג, אַז ער וועט קומען צו געלטונג, ווערט לויט פּראָפעסאָר אַדלערס מיינונג, אָפּגעלאָזן און קנעכטיש. אַזאַ מענטש קען זיך ווייטער נישט אַנטוויקלען און ער הערט אויף צו זיין פּראָדוקטיוו.

דאָס איז אַ טיפער אמת, די סיבה דערפון שטעקט אָבער שטענדיק אין דער געזעלשאַפט און איז אָפּהענגיק פון די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע אומשטענדן (ווי מיר וועלן זען אין די קאַפּיטלען „די דיאַלעקטיק פון דערציונגס פּראָבלעמען“.)

די דיאַלעקטישע פאָרמען, וואָס מיר טרעפן אין פּראָפעסאָר אַדלערס טעאָריע, ווי די ביפּאלארע אייגנשאַפטן, די אינערלעכע דיאַלעקטישע איינהייט פון די צוויי קעגנזאַצן, פון מינדערווערטיקייטס געפיל און געלטונגס קאַמף, ווערן סטאַטיש און פאַרקריפּלט, דורך דער טעלעאָלאָ־גישער און אינדיווידואַליסטישער אויסטייטשונג.

און כאָטשע די אויבן דערמאָנטע און אַנדערע מאָדערנע פּסיכאָלאָגן גיבן צו, אַז די אָביעקטיווע און סאָציאַלע אומשטענדן איבן אויס זייער ווירקונג אויף דעם מענטשנס פּסיכאָלאָגיע, האַלטן זיי אָבער, אַז די אָביעקטיווע אומשטענדן געשטאַלטן בלויז די אויסערלעכע אויסדרוקס־פאָרמען פון אונזער אינערלעכן לעבן. זיי אַליין און הויפּטזעכלעך זייערע תלמידים דערגייען דערביי אָפט אַזוי ווייט, אַז זיי ברענגען אפילו אויפן מאַרק די אַבסורדישע, אָבער איינצייטיק אויך פאַרפירערישע מיינונג, אַז פּאָליטישע געשעענישן זענען אַ פּראָדוקט פון פאַרשידענע פּסיכאָלאָגישע קאָמפּלעקסן פון טיראַנען און פון מאַסן־פּסיכאָזן און אַז זיי קענען פּאָלגלעך באַקעמפט און אויסגעבעסערט ווערן דורך פּסיכאָ־לאָגישע באַהאַנדלונגען.

ביידע פּסיכאָלאָגן פאַרטיפן אָבער דאָך אונזער וויסן, ווייל פּונקט ווי ס׳איז וויכטיק צו קענען דעם לעבנס פּראָצעס אַלס אַ גאַנצן און פּונקט ווי ס׳איז נויטיק צו שטודירן די אַלגעמיינע געזעצן פון דער וועלט, אַזוי זענען וויכטיק די קלענסטע דעטיילן, די איינצלהייטן, פון

וועלכע דאָס גאַנצע ווערט צוזאַמענגעשטעלט ; אַ דאַנק די איינצלהייטן ווערט אונזער סכעמאַטיש וויסן פאַרוואַנדלט אין אַ פאַרביק און לעבעדיק בילד און דערפאַר זענען אָט די צוויי טעאָריעס זער וויכטיק.

ווען מיר דערקענען זייער ריכטיקן ווערט און טיילן זיי אויס פון דעם פאַלשן אָנשטעל, אַז זיי זענען די גרונט פּרינציפּן פון לעבן, דאַמאָלט דערזעען מיר אויך, אַז פרוידס און אַדלערס טעאָריעס זענען אין אַן אמת נישט אַנטאַגאָניסטיש צווישן זיך.

די עראָטישע שטרעבונגען און דער געלטונגס קאַמף זענען באַשטימט אָפּהענגיק און פאַרבונדן מיט דער אינטענסיוויטעט און פאָרם פון דעם טעמפּעראַמענט, אָבער סיי דער טעמפּעראַמענט און סיי דער אויסדרוק פון דער עראָטיק און פון דעם געלטונגס קאַמף זענען אָפּהענגיק פון די געזעלשאַפטלעכע לעבנס פאָרמען, וועלכע באַשטימען זיי.

אויך די מיינונגען, אַז פאַרשידענע דערשיינונגען און געשעענישן אין דעם אינדיווידועלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, אַז נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע פאָרמען פון לעבן און שאַפן, זענען אָפּהענגיק און ווערן אימגאַנצן באַשטימט, דורך דעם באַזונדערן טעמפּעראַמענט פון אַ פאָלק, פון אַ קלאַס אָדער אינדיווידואום, אָט די פּרווידיאַנישע מיינונגען, זענען אמתדיק נאָר דעמאָלט, ווען מען זעט איין, אַז יעדער טעמפּעראַמענט איז אַ פּראָדוקט פון די ספּעציפישע, עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אומשטענדן, אין וועלכע די געגיבענע פּערזאָן, פאָלק, אָדער קלאַס, געפונען זיך, פון די אומשטענדן וועלכע זענען, פון זייער זייט, פּונקט ווי דער טעמפּעראַמענט, (ד.ה. פּונקט ווי דער באַלאַנס פון אונזער ענערגיע און פון אירע אויסשפּאַנונגען) בלויז אַ באַזונדערס אָרגאַניזירטע פאָרם, אָבער נישט מער ווי אַ דעטייל, פון דער אַלצדינג אַרומנעמנדיקער דינאַמיק און אירע דיאַלעקטישע געזעצן.

די געזעלשאַפטלעכע לעבנס אָרדנונג איז, פון איר זייט, אָפּהענגיק פון די עקאָנאָמישע כחות און מיטלען פון פּראָדוקציע, און די לעצטע, ווידער, ווערן באַשטימט דורך די דיאַלעקטישע געזעצן פון דער אייביקער דינאַמיק. פרויד און אַדלער האָבן אילוסטרירט באַזונדערע טונקעלע ווינקלען פון די דיאַלעקטישע געזעצן, זיי נעמען אַרום אַ טייל פון דעם מענטשנס פילן און דענקען, זיי כאַפּן אָן געוויסע פאָלגען, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר, פּונקט ווי אַלע פאָלגן, איינצייטיק אויך סיבות, אין דער קייט פון אַלגעמיינע געשעענישן.

ביידע פּסיכאָלאָגן געפונען, אַזוי אַרום, אויס און מאַכן אונז קלאָר אַ סך איינצלהייטן פון דער מענטשלעכער פּסיכאָלאָגיע ; זייער פעלער באַשטייט אָבער אין דעם, וואָס זיי נעמען אָן דעם טייל פאַר דעם גאַנצן און פאַלן דערפאַר אַריין אין מיסטישער און סטאַטישער סכאָלאַסטיק.

קאַפּיטל 18

# לאיאליטעט און טאלעראנץ

ס׳זענען נישטאָ קיין שולדיקע אָדער אומשולדיקע, גערעכטע אָדער אומגערעכטע.

די פאַרשידענע מאַניפעסטאַציעס פון אונזער גייסט, פּונקט ווי פון דער גאַנצער נאַטור, זענען בלויז פאַרבינדונגען און אויפלעזונגען, אָפּהענגיק פון אַנדערע פאַרבינדונגען און אויפלעזונגען, אין דער וועלט פון רעלאַציעס.

אַלע זאַכן (אונזער ווילן איינגעשלאָסן) שטעלן מיט זיך פאָר בלויז פאָלגן פון סיבות און אַלעס וואָס עגזיסטירט איז אַן אומפאַרמיידלעכע נויטווענדיקייט פון די נאַטור געזעצן און פון דער אַנטוויקלונג פון די געזעלשאַפטלעכע באַציונגען, וועלכע זענען פון אָט די געזעצן אָפּהענגיק.

פאַרשטייען דאָס אַלעס, הייסט איינמאָל פאַר אַלעמאָל מוחל זיין יעדער פאַרברעכן, יעדן מיסברויך, יעדן פאַראַט.

פּונקט ווי מיר קענען נישט שולדיק מאַכן דעם שטיין, וואָס פאַלט אונז אין קאָפּ אַריין, אַזוי קענען מיר אויך נישט באַשולדיקן דעם מענטשן, וואָס וואַרפט אים, ווייל אויך ער ווערט פון עפּעס געוואָרפן, ער ווערט פון עפּעס באַוויגן דאָס צו טאָן.

לאָיאַל זיין, (נישט אין דעם פּריוואַלן זין, מיט וועלכן מען האָט אָט דעם באַגריף פאַרשוועכט) הייסט נישט נאָר אָנערקענען דעם געגנערס מעלות, זיינע פאַרדינסטן און ווילטאַטן, נייערט אויך אָננעמען אַלע זיינע חסרונות, אָן האַס, אָן פאָראורטייל, ווייל מיר האָבן איינמאָל פאַר אַלעמאָל פעסטגעשטעלט, אַז יעדער מענטש איז אַ פּראָדוקט פון די פאַרשידנסטע אומשטענדן, וועלכע באַוועגן אים און באַשטימען די פאָרם און אינהאַלט פון זיין עגזיסטענץ. די אומשטענדן הויבן אָן אויסצואיבן זייער ווירקונג ווען דער מענטש געפינט זיך נאָך אין עמבריאָנאַלן צושטאַנד און פאַרענדיקן אָט די ווירקונג ביי זיין טויט.

פון די אומשטענדן און פון די פאַרשידנסטע סביבות, צווישן וועלכע דער מענטש ווערט אין זיין לעבן אַרומגעוואָרפן, פון די אַלערליי אָביעקטן, וואָס רינגלען אים אַרום, ווערט אַנטוויקלט זיין כאַראַקטער;

טיילוויז ווערט ער נאָך באַשטימט פון ערעדיטאַרע אייגנשאַפטן, דאָס הייסט געירשנטע פון די דורות, וואָס האָבן פאַר אים געלעבט און זענען פון זייער זייט באַווירקט געוואָרן פון אומגעבונגען, סביבות און אָביעקטן, מיט וועלכע דער לעצטער האָט גאָר קיין געמיינזאַמעס נישט געהאַט, נאָר ווען ער איז פאַראורטיילט צו טראָגן.

אזוי איז מען אַ פּראָדוקט פון אַן אַנדער פּראָדוקט און מען קומט אין די הענט פון דער גרויסער מאַשין, וואָס הייסט אומגעבונג, אַלס אַ האַלב פאַבריקאַט, ווו מען ווערט שוין אַרויסגעפּאַרטיקט (פון פאַרברעכער ביז זשעני) מיט אַן אָפּהענגיקן ווילן, דענקען, אויפטאָן.

זייענדיק אָפּהענגיק פון אויסערלעכע סיבות און ווערנדיק איינצייטיק באַשטימט פון אינערלעכע סיבות, איז אונזער דענקען און ווילן צוויפאַך נישט פריי, נאָר אונטערגעוואָרפן צו אייביקע געזעצן, וועלכע ס'איז אוממעגלעך צו ענדערן, ווייל דער מענטש עגזיסטירט נישט אויסער זיי.

אָט די דערקענטעניש מוז אויסשליסן דאָס פאַראורטיילן.

כאָטשע ס'איז אַן אומזין צו שטעלן אפילו צום פיינסטן, טאַקטישסטן און איידלסטן מענטשן די פאָדערונג ער זאָל באַוואונדערן און שעצן מיאוסקייטן, אָדער שאַפן אַ קולט פאַר קראַנקהייט, איז אָבער אין העכסטן זין טאַקטלאָז און געמיין שלעכט צו באַהאַנדלען אַ פיזיש מיאוסן, אַ קריפּל, אָדער קראַנקן; אַזוי קענען מיר זיך אויך נישט שטעלן פאַר קיין ציל צו פעדערן גייסטיקע קרעטינען, ס'איז אָבער אויסערסט נישט פיין זיי צו איגנאָרירן.

ווען מיר ווענדן נאָר אָן אַביסל לאָגיק, מוזן מיר גלייך פאַרשטיין אַז דער פאַרברעכער, סאַדיסט, פאַרעטער, מערדער, זענען פונקט אַזוי נישט ווערט אונזער נקמה און שטראָף, ווי ס'זענען עס נישט ווערט קרומע, שטומע, הויקערס און אַזוי ווייטער. די ערשטע און די לעצטע זענען פונקט אַזוי נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם וואָס זיי זענען, ווי ס'זענען נישט פאַראַנטוואָרטלעך די טאַלאַנטפולע, פאָלקאָמענע און סאָציאַלע עלעמענטן פאַר זייערע פאָרטיילן.

וויסן הייסט מוחל זיין, פאַרשטייען הייסט מיטפילן. מען דאַרף דערפאַר זיך באַציען צו די קראַנקע גיכער מיט רחמנות, איידער מיט פאָרוואורף, סיי ווען זייער קראַנקייט איז אַ פיזישע, סיי ווען זי איז אַ גייסטיקע. מיר מוזן זיי פאַרגרינגערן, העלפן, היילן.

אויף וויפיל די אינדיווידועלע אייגנשאַפטן שטויסן זיך אָבער צענויף מיט די סאָציאַלע אינטערעסן ווערט די פראַגע שוין געשטעלט: נישט

שולדיק, אומשולדיק, און אויך נישט שען, מיאוס, סימפּאַטיש, אַנטי־פּאַטיש, נאָר שעדלעך, אָדער אומשעדלעך, געוווּנטשן, אָדער אומגעוווּנטשן, סאָציאַל, אָדער אַנטיסאָציאַל.

דאָ מוז, ביי דער גרעסטער לאָיאַליטעט, געשטעלט ווערן די פראַגע, צי קאָן מען און צי מעג מען די דערשיינונג טאָלערירן, אָדער נישט.

דאָ דערזעען מיר, ווי נאַריש ס'איז אויסצומישן די באַגריפן לאָיאַלי־טעט און טאָלעראַנץ, ווייל פונקט ווי ס'זענען אין געוויסע געזעלשאַפטן טאָלערירט געוואָרן זאַכן, וועלכע מען האָט טיף אין האַרצן געהאַסט, פאַראַכטעט און געהאַלטן פאַר שעדלעך; פונקט ווי מען האָט בלויז איבער דער אינערלעכער פוילקייט, אינערטישקייט און אַפּאַטיע, איינ־צייטיק מיט דעם אויסערסט אומלאָיאַלן און אומגערעכטן באַהאַנדלען, געדולדעט און גרויסמוטיק טאָלערירט דאָס צעשטערערישע — אַזוי איז אין אַן אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט די טעאָרעמע אַ פאַרקערטע: ס'קאָן האַנט אין האַנט מיט דעם לאָיאַלסטן באַהאַנדלען, גיין דאָס אומטאָלעראַנטסטע באַקעמפן דאָס, וואָס צעפרעסט, גראָבט אונטער, צעשטערט.

דער הומאַנסטער מענטש, קאָן מיט דעם גרעסטן רחמנות דער־הרגענען אַ משוגענעם הונט, מיט דער גרעסטער ליבע צו יעדער לעבע־וועזן, דערמאָרדן אַ ווילדע חיה, ווען זי באַדראָט זיין לעבן, אָדער דאָס לעבן פון זיינע חברים. פאַר אַזאַ טאַט קען ער דאָך נישט גילטן אַלס קיין מערדער, נאָר פאַרקערט, ער מוז אָנערקענט ווערן אַלס אַן אָפּפער־פעאיקער מיטגליד אין דער געזעלשאַפט.

אַזוי איז עס דאָך אויך, אַז נישט געקוקט דאַרויף וואָס דער סיפי־ליטיקער איז אַמאָל ווייניקער אויסגעלאַסן ווי אַנדערע געזונטע און איז תמיד אַזוי אומשולדיק ווי זיי, קאָן דאָס אָבער אונז נישט אָפּשטעלן פון אויסמיידן אים, ווייל ער איז אָנשטעקעוודיק, כאָטש איינצייטיק קענען מיר אים אויך באַדויערן.

אומלאָיאַל זענען בלויז נאַראָנעם. טאָלעראַנט, ווידער, זענען אומשולדיקע דעגענעראַטן, וואָס האָבן פאַרלוירן דעם געזונטן חוש אָפּצוקלויבן דאָס, וואָס איז נוצלעך און אָפּוואַרפן דאָס, וואָס רואינירט דעם אייגענעם קערפּער. טאָלעראַנט זענען מענטשן וועלכע לאָזן זיך אויפפרעסן פון דעם שעדלעכסטן אונגעציפער, ביי וועלכע דאָס בלוט קעמפט נישט מיט די באַצילן און זיי פוילן לעבעדיקערהייט. דאָס ערגסטע איז אָבער, וואָס זיי זענען אָפט היפּאָקריטן, וועלכע רעדן וועגן דעמאָקראַטישקייט, זיי ווערן פאַלקספירער און פאַראַטן מיט זייער טאָלעראַנץ די רעכט, וועלכע די מאַסן פאַרטרויען זיי.

די פליכט, אָדער בעסער געזאָגט, די איינגשאַפט פון

יעדן ערלעכן סאָציאַלן מיטגליד איז אָפּצושאַצן די מעגלעכקייטן, וועלכע זענען נאָך פאַראַן אויף צו היילן, אומשעדלעך מאַכן און מיט דער הילף פון דער געזעלשאַפט, פון גינסטיקערע אומשטענדן און אַ בעסערער אומגעבונג געזונט צו מאַכן דעם קראַנקן מיטגליד.

דער וועג פון יעדן באַוווסטזיניקן און געוויסנהאַפטיקן קעמפּער פאַר מענטשן רעכט איז אָבער צו זיין איינצייטיק אויך אַ פאַרנונפטיקער פּאָליטיקער, ד.ה. צו בלייבן טאָלעראַנט צו אַ פיינטלעכער דערשיינונג נאָר דעמאָלט ווען אָט די דערשיינונג איז אומפאַרמיידלעך, מען מוז זיך אָבער שטענדיק אָנשטרענגען זי אויסצונוצן און אָנווענדן אַלס אַ געווער אין דעם קאַמף פאַר די סאָציאַלע אידעאַלן, אַלס אַ פאַרבינדעטן געגן פאַרשידענע אַנדערע געפאַרן, דערביי טאָר מען נישט בלייבן צעקראָכן טאָלעראַנט צו יענע סאָציאַלע עלעמענטן, וואָס די אומשטענדן האָבן גייסטיק שוין דורך און דורך צעמזיקט, וועלכע זענען שוין אימגאַנצן דורכגעפוילט, נאָר דאָס מיטל מוז, אין אַזאַ פאַל, זיין, צו אַמפּוטירן דעם קראַנקן גליד, וואָס קאָן פאַרגיפטען דעם גאַנצן קערפּער.

קאַפּיטל 19

## פסיכאלאגישע מעטאדן

ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, איז די מיינונג אַז די פסיכאָ־אַנאַליזע (פון וועלכער דער גרינדער און פּראָמינענטסטער פאָרשטייער איז פּראָפעסאָר זיגמונד פרויד) און די אינדיווידואַל פסיכאָלאָגיע (פון וועל־כער דער גרינדער און באַדייטנסטער פארטרעטער איז פּראָפעסאָר אַלפרעד אַדלער), זענען נייע אַנטדעקונגען אין דער פאָרשונג פון דער מענטשלעכער נאַטור ווייט איבערטריבן. נאָך מער איבערטריבן זענען די אָפּשאַצונגען איבער די פסיכאָ־אַנאַליטישע און אינדיווידועל־פסיכאָ־לאָגישע דערציאונגס און הייל מעטאָדן.

מיט דער פסיכאָלאָגיע פון מענטשן האָט זיך שוין פון שטענדיק אָן באַשעפטיקט די ליטעראַטור.

סיי די עראָטישע קאָמפּלעקסן און סיי דער אינפעריאָריטי קאָמ־פּלעקס, פונקט ווי דער געלטונגס קאַמף און אַלע אַנדערע גייסטיקע מאַניפעסטאַציעס זייערע; ווי די פאַרשידענע סובלימאַציעס און קאָמ־פּענסאַציעס פון די אויבן דערמאָנטע קאָמפּלעקסן, וועלכע זענען די באַזע פון דער פסיכאָ־אַנאַליזע און פון דער אינדיווידועל פסיכאָלאָגיע, האָבן זייערע טיפע וואָרצלען אין דער ליטעראַטור.

אין דער גריכישער דראַמע, וואָס שטיצט זיך אויף דער גריכישער מיטאָלאָגיע, טרעפן מיר שוין דאָס מאָלן די עראָטיק, דעם ליבידאָ (עראָס) אַלס די הויפּט קראַפט פון דעם מענטשלעכן לעבן און פון דער גאַנצער נאַטור, (אין דעם פאַל דאַרף דער דואַליסט און מיסטיקער יאַנג, וואָס ליידעט אַביסל פון קלעפּטאָמאַניע, זיך באַקלאָגן, אַז נישט נאָר פרויד און אַדלער האָבן ביי אים כלומרשט אויסגעליגן זייערע טעאָריעס און טערמינען, נאָר ער קאָן אין דעם באַשולדיקן אויך די גריכישע מיטאָלאָגיע). מיר טרעפן שוין דאָרטן דעם עדיפּוס קאָמפּלעקס, די פּראָבלעם פון בלוט מישונג, קינדערישע עראָטיק א.א.וו.

פון די ערשטע פּרימיטיווע טריט האָט די ליטעראַטור שוין געשילדערט דעם מענטשנס געלטונגס קאַמף, די פּסיכאָלאָגיע פון דעם העלד, די שטרעבונגען וואָס באַהאַלטן זיך אונטער באַשיידנקייט און גאווה, די געפילן וואָס שטעקן אונטער טיראַניי און קנעכשאַפט (עבד נרצע), אָט די איינהייט אין די קעגנגעזעצטע, ביפּאָלאַרע אייגנשאַפטן און די אינערלעכע קאָנטראַסטן, אין וועלכע ס'אַנטפּלעקט זיך דער מינדערווערטיקייטס קאָמפּלעקס, די באַזע פון דער מאָדערנער אינדיווידואַל פּסיכאָלאָגיע און אירע פאָרשונגען, אָט די אַלע פּראָבלעמען באַגעגענען מיר שוין אין די פּריצייטיקע אָריענטאַלישע לעגענדעס, אין די אַלטע זאַגן און אין די נייע, אייראָפּעאישע פאָלקס שאַפונגען א.א.וו.

דעם פונקט פון קולמינאַציע אין דעם אופן פון פאָרשן און מאָלן מיט רעאַלע געשטאַלטן און לעבעדיקע בילדער דעם מינדערווערטיקייטס קאָמפּלעקס און דעם ליבידאָ האָט דערגרייכט דער געניאַלער שריפטשטעלער דאָסטאָיעווסקי. ביי אים טרעפן מיר אויך מייסטערהאפטיקע שילדערונגען איבער דעם געלטונגס קאַמף, פונקט ווי אַלע געזעלשאַפטלעכע און אַנטיגעזעלשאַפטלעכע מאַניפעסטאַציעס און קאָמפּענסאַציעס, וועלכע באַגלייטן דעם קאַמף וואָס דער מענטש פירט געגן זיין אייגענער מינדערווערטיקייט. אין דאָסטאָיעווסקיס, ווי אויך אין אַנדערע ליטעראַרישע ווערק טרעפן מיר דאָס באַנוצן, אַלס זיכערע קוועלן אין דעם פאָרשן די מענטשלעכע פּסיכאָלאָגיע, דערינערונגען, חלומות, שטרעבונגען, געוויסנסביסע, שרעק, וואַגענישן און קאַפּריזן, יאוש און עקסטאַז א.א.וו. אין וועלכע עס מאַניפעסטירן זיך די פאַרשידענע קאָמפּלעקסן און אויף וועלכע די מאָדערנע פּסיכאָלאָגיע באַזירט זיך. קיין שום ריכטיקער נאָכפאָלגער און שילער פון פּראָפעסאָר פרויד און פּראָפעסאָר אַדלער האָט נישט איגנאָרירט דעם פאַקט אַז אָט די טעאָריעס זענען נישט ניי און האָבן שוין פריער עגזיסטירט, נאָך מער ווערט דאָס אָנערקענט פון די פּסיכאָלאָגן אַליין, וועלכע שטיצן זיך באַוווּסטזיניק אויף זייערע פאַרגענגער, (אין אַן אמת ווערט טאַקע דורך דעם נישט

פאַרמינערט דער ווערט פון די פאָרשער, ווייל ווי יעדער וויסנשאַפטלער ווייסט, עגזיסטירן איבערהויפּט נישט קיין אַבסאָלוט אָריגינעלע שאַ־פונגען, אָבער וואָס וויניקער ניי אַ שאַפונג איז, אַלץ מער פאַלקאַמען דאַרף זי זיין, און דערפאַר האַלטן מיר פאַר באַרעכטיקט די פאָדערונגען, וועלכע מיר וועלן שפּעטער שטעלן צו אַט די פסיכאָלאָגן און זייערע נאָכפאָלגער).

כדי פאַלקאָמען דורכצופירן דעם פּאַראַלעל צווישן דער ליטעראַטור און דער פסיכאָלאָגיע מוז מען נאָך צוגיבן, אַז אויך די הויפּט אויפגאַבן פון דער ליטעראַטור, פּונקט ווי פון דער פסיכאָלאָגיע, זענען די דער־ציערישע און טעראַפּעטישע טענדענצן, דאָס הייסט אַז אַלע פראַגן וואָס דער מענטש און דאָס לעבן שטעלן צו צו אַט דיביידע געביטן, ד.ה. סיי צו דער ליטעראַטור און סיי צו דער פסיכאָלאָגישער וויסנשאַפט, זענען זער ענלעך.

דער פילאָסאָפישער אונטערגרונט פון יעדן שרייבער, פּונקט ווי פון יעדן פסיכאָלאָגישן פאָרשער איז אָפּהענגיק פון די היסטאָרישע און עקאָנאָמישע אומשטענדן, אין וועלכע דער געגיבענער שרייבער, אָדער פסיכאָלאָג געפונט זיך.

די אָביעקטיווע סיבות פון דער סאָציאַלער סטרוקטור און פון דער קלאַסן צוגעהעריקייט, פּונקט ווי דאָס אינדיווידועלע האַרמאָנירן מיט איין קלאַס, אָדער מיט דעם אַנדערן (אויך די אינדיווידועלע האַר־מאָניע איז אָפּהענגיק פון עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אומשטענדן, אָבער מער אינדירעקט) באַשטימען דעם היסטאָריש מאַטעריאַליסטישן, אָדער אינדיווידואַל־אידעאַליסטישן כאַראַקטער פון דעם שרייבערס, אָדער פסיכאָלאָגס צוגאַנג צו דעם מענטשנס אינערלעכן לעבן.

פון אַט די אָביעקטיווע סיבות איז אויך אָפּהענגיק צי דערקלערט דער שריפטשטעלער, אָדער פסיכאָלאָג די מענטשלעכע עמאָציעס און טאַטן קאַאוזאַליסטיש, דאָס הייסט אַלס פּראָדוקטן פון דער סביבה און אומגעבונג, (אָט די אָנשויונג מוז קאָנסעקווענט פירן צו אַ געוויסער סאָציאַלער שטעלונג און צו דעם באַשלוס אַז די מענטשלעכע פסיכאָ־לאָגיע קען פאַלקאָם אויסגעבעסערט ווערן, נאָר צוזאַמען מיט דעם איבערבוי פון דער געזעלשאַפט), צי איז די אָנשויאונג אַ טעלעאָלאָגישע, (ווי ביי פּראָפעסאָר אַדלער, פּראָפעסאָר פרויד, יאנג א.א.) דאָס הייסט, צי ווערט די מענטשלעכע פסיכאָלאָגיע, ווי אויך די גאַנצע נאַטור דער־קלערט דורך דעם שריפטשטעלער, אָדער פסיכאָלאָג אַלס אַ דערשיינונג וואָס פאַרמאָגט אין זיך איר אייגענע אינערלעכע צוועקמעסיקייט, אין אַזאַ פאַל קאָן מען זיך אויסדרייען פון יעדער קאַפּדרייעניש איבער סאָציאַלע פּראָבלעמען).

דער וויכטיקסטער שטריך וואָס טיילט נאָך דערווייל יאָ שטאַרק

אַף די ליטעראַטור, פון דער מאָדערנער פּסיכאָלאָגיע, איז **דער מעטאָד** פון דערציען. די פּסיכאָלאָגישע באַהאַנדלונגען, — מיט דער אויסנאַם פון יענע וואָס ווערן דורכגעפירט פון די בעהעוויאָריסטן (די לעצטע, ווידער, זענען אָבער צו מעכאַניסטיש אין זייער צוגאַנג) — זענען באַשרענקט בלויז אויף דעם אָפּגעלעבטן אינטראָספּעקטיוון מעטאָד און ס׳פעלן זיי אין אַ גרויסער מאָס די מער אָביעקטיווע אָבסערוואַציעס, וואָס זאָלן האָבן אַן אַלגעמיינעם ווערט, ווי אויך די פּלאַסטישע באַשרייבונגען און פאַרגלייכונגס סיסטעמען.

די פּאַציענטן געווינען זיך דערפאַר צו צו איינזייטיקע, און קרענקלעכע גריבלענישן אין זיך אַליין, זיי ווערן צווייפלעריש און אומאַנטשלאָסן אין זייערע סאָציאַלע באַציונגען, שטענדיק פאַרזאָרגט איבער דעם איינדרוק, וואָס זייערע טאַטן, מאַניערן און אויפפירונגען מאַכן אויף אַנדערע; און מער פאַראינטערעסירט **מיט דעם „פּסיכאָלאָגישן כאַראַקטער“, ווי מיט דעם סאָציאַלן ווערט פון זייער אַקטיוויטעט.** דער ליטעראַרישער מעטאָד באַשטייט אין דעם אָנווייזן אַ רעאַלע אָפּבילדונג, וואָס דינט אַלס אַ סימבאָל, *) אַלס אַ שפּיגל, אין וועלכן די ליינער קענען זען זיך אַליין און זייער געזעלשאַפט, ווי דורך אַ רענטגען אַפּאַראַט. דערביי לאָזט דער שרייבער זיין סימבאָל האַנדלען, אַזוי ווי זיין לעבעדיקע פאַרקערפּערונג וואָלט אין דער רעאַליטעט געהאַנדלט, ער שטעלט אים אין פאַרשידענע סיטואַציעס און נאָר זעלטן מאַכט ער פּלאַץ פאַר זיין אייגענער אינטער־ווענץ און דירעקטער אויפקלערונג. אויב דער העלד אין אַ ליטעראַרישן ווערק רעדט, איז דאָס מערסטנטייל **וועגן דער טאַט,** וועלכע ער האָט דורכגעפירט, אָדער וויל דורכפירן, און זיינע רייד, פּונקט ווי די האַנדלונגען מוזן האָבן אַ דירעקטע באַציונג צו די אַלגעמיינע סאָציאַלע פּראָבלעמען און ווערטן.

ווייל האַנדלונגען און די שטעלונג צו פאַרשידענע דערשיינונגען ציִיגן מער אויף די אינערלעכע אייגנשאַפטן פון דעם העלד, (וועלכער פאַרקערפּערט מיט זיך שטענדיק גאַנצע שיכטן און זייערע סאָציאַלע לעבנס באַדינגונגען) ווי ווען ער זאָל האַלטן אין איין רעדן וועגן זיך אַליין.

דער טאַלענטירטער שריפטשטעלער גיט דערביי זער ווייניק זיינע

*) דאָס וואָרט סימבאָל דאַרף דאָ פאַרשטאַנען ווערן אין זיין וויסנ־שאַפטלעכער מאַטעריאַליסטישער באַדייטונג (זע קאַפּיטל „די דיאַלעקטיק פון קינסטלערישן שאַפן“).

אייגענע דערקלערונגען, ער לאָזט איבער אָט די אויפגאַבע פאַר די געשעעענישן אין דעם ווערק, ער לאָזט ליבערשט רעדן די פאַקטן.

דער פסיכאָלאָג, דאַקעגן, מאַכט רעדן זיין פאַציענט; און נישט מיט דער הילף פון אַ רעאַליסטישער אַנטוויקלונג פון געשעענישן, וועלכע זאָלן אָט די רייד אַרויסרופן אַלס אַ סוביעקטיווע רעאַקציע, פירט ער דאָס דורך, נאָר אויף אַ געקינסטעלטן אופן, ווי דאָס ווערט געמאַכט בלויז אין יענעם טייל פון דער ליטעראַטור, וועלכן מיר באַצייכענען אַלס שונד.

דער היילער קולטיווירט ביי זיין מעדיום דאָס אומאויפהערלעכע דערציילן וועגן זיך אַליין דעם אומבאַדייטנדיקסטן, באַנאַלן און ווערט־לאָזן קוואַטש, (צו וועלכן דער פסיכאָלאָג שרייבט אגב צו אַ גרויסע באַדייטונג) וואָס האָט פאַר דעם קראַנקן אַ ענג סוביעקטיוון ווערט (בלויז אויף דעם מאָמענט), וואָס ברענגט אים אַ קליינלעכע זעלבסט־טוישונג, איזאָלירט אים אָבער דערביי פון די אַלגעמיינע סאָציאַלע אינטערעסן און מאַכט אים שויך, דורך דעם אַליין, פאַר גייסטיק קראַנק און אומדערטרעגלעך. *)

און אומאָפּהענגיק דערפון, צי די טעאָריעס אימגאַנצן זענען ריכטיק,

---

*) ווען די פסיכאָלאָגישע הייל מעטאָדן וואָלטן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ ריכטיקע וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונג אויף דעם געביט פון מענטשלעכער קוראַציע און דערציונג, וואָלטן מיר געדאַרפט קעמפן דערפאַר, אַז זיי זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ סאָציאַלן אייגנטום און זיי זאָלן אָנגעווענדעט ווערן פאַר דעם נוצן פון דער מענטשהייט; ס'איז דערפאַר אַן אַבסורד צו באַנוצן קעגן די פסיכאָלאָגישע באַהאַנדלונגען דעם אַרגומענט, אַז זיי טויגן נישט, ווייל זיי זענען נישט אַ יעדן צוגענגלעך, פונקט אַזאַ אַבסורד ווי צו צעשטערן די מאַשינען, ווייל זיי ווערן מיסברויכט אין דער קאַפּיטאַ־ליסטישער אָרדנונג.

דער פאָרוואורף, אַז די מאָדערנע פסיכאָלאָגיע באַליידיגט דעם מענטשנס געפילן, איז אויך גאָר נישט ווערט, ווייל דער פרייער און דרייסטער דענקער דערשרעקט זיך נישט פאַר דעם נאַקעטן אמת, נאָך מער, ער ווייסט, אַז דאָס דערקענען דעם גרויזאַמען אמת איז דאָס איינציקע מיטל צו פאַרפיינערן און אויסבעסערן דעם מענטשנס געפילן.

די אמתע פעלער פון דער פסיכאָ־אַנאַליזע און אינדיווידואַל פסיכאָ־לאָגיע באַשטייען אין דעם, וואָס זיי באַגרעניצן זייער פאָרשונג און באַ־האַנדלונג בלויז אַרום דער סוביעקטיווער זייט פון מענטש, דעם אינדיווידו־עלן פאַל, פאַרקוקנדיק דערביי זיינע אָרגאַנישע פאַרבינדונגען מיט די אָביעקטיווע אומשטענדן און סאָציאַלע באַציונגען, אויסער וועלכע ס'איז נישטאָ קיין שום באַפרידיגונג פאַר די מענטשלעכע שטרעבונגען און פאַר זיינע סעקסועלע, אָדער אַנדערע טריבן.

צי נייַן (וועגן דעם האָבן מיר שוין גערעדט און מיר וועלן נאָך רעדן אויף אַ צווייטן פּלאַץ) איז די ווענדונג וואָס זייערע הייל מעטאָדן נעמען אָן אַן און פאַר זיך אַליין אַ נעגאַטיווע. *) נאָך דער גאַנצער פּראָצעדור טייטשט דער פּסיכאָלאָג אויס יעדן פאַקט באַזונדער. ס'איז קלאָר ווי ווייניג אָנרעגונג עס קאָן נאָך די אַלע אַריינטייטשונגען בלייבן פאַר אמתער זעלבסטדערציונג נישט נאָר פון דעם פּאַציענט, ביי וועמען עס ווערט אַוועקגענומען יעדע איניציאַטיוו מעגלעכקייט. (ווייל אין דער צייט ווען דער פּסיכאָלאָג פירט אויס זיין קור־לעקציע, זיצט און טייטשט אויס דעם קראַנקנס געדאַנקען, בלייבט נישט פאַר דעם לעצטן די מעגלעכקייט זיך אַליין צו איבערצייגן, עס בלייבט אים נאָר דער אויסוואל צו שאָקלען מיט דער קאָפּ ענטוועדער אויף יאָ, אָדער אויף ניין) נאָר אויך פאַר דעם, וואָס ליינט איבער די רעזולטאַטן פון די פּסיכאָלאָגישע עקספּערימענטן.

די בורזשואַזע פּסיכאָלאָגיע באַזירט זיך אויך זער ווייניג אויף דער פיזיאָלאָגיע און איז, אַזוי אַרום, נישט קיין וויסנשאַפט, ווי זי פּרעטענ־דירט צו זיין, (אַלס אַן אויסנאַמע מוז דערמאָנט ווערן פּיער זשאַנעט) נאָר בלויז אַ פאַרקריפּלטע ליטעראַטור, וועלכע באַנוצט זיך מיט מיס־טישע קולטן (דורך דעם אָפּלייקענען די קויזאַליטעט, די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע ווירקונגען, און דורך דעם דערקלערן די דערשיינונגען אין דעם מענטשנס פּסיכאָלאָגיע טעלעאָלאָגיש) און מיט מיטלאַלטערלעכער קור פּוטשעריי.

כאָטשע די ווירקונג פון די פּסיכאָלאָגישע היילונגען און אַנאַליזן איז מער דירעקט, איז זי אָבער נישט גענוג טיף און דויערהאַפטיק. די ליטעראַטור, ווידער, ווירקט אינדירעקט, אָבער טיפער, דויערהאַפ־טיקער און דורכדרינגלעכער.

ווען מיר טרעטן דערפאַר צו מיט געזונטע, פּראָלעטאַרישע פאָדערונ־גען, צו דער פּסיכאָלאָגיע, און שאַצן דערביי איבער די ווערטן פון די ביז איצטיקע טעאָריעס און גייסטיקע לייסטונגען אויף דעם געביט, און פּרווון שאַפן נייע פּראָלעטאַרישע ווערטן, דאַרפן מיר נישט נאָר שטרעבן אַז די פּסיכאָלאָגיע זאָל ווערן אַ ריכטיקע מאַרקסיסטישע וויסנ־שאַפט, נאָר זי זאָל זיך אויך אַנאייגענען סיי דעם קינסט־

---

*) כאָטשע די פּסיכאָ־אַנאַליטישע און אינדיווידואַל פּסיכאָלאָגישע מעטאָדן פון אָנווענדן אָט די טעאָריעס אין דער פּראַקטיק ווערן זעלטענער קריטיקירט, ווי די טעאָריעס אַליין, ברענגען זיי אָבער אַ סך מער שאָדן ווי די לעצטע, וועלכע זענען אין אַ געוויסער מאָס, ווערטפולער מאַטעריאַל פאַר ווייטערדיקער פאָרשונג, נישט געקוקט דערויף וואָס די ווייטערדיקע פאָרשונגען קענען אין גרונט זיין אומגאַנצן קעגנעריש.

ל ע ר י ש ן מ ע ט אָ ד פ ו ן ד ע ר ל י ט ע ר אַ ט ו ר (כדי צו ווערן ברייטער און מער איבערצייגנדיק) און סיי זי זאָל דערפולן אַלע אויפגאַבן, וואָס די ליטעראַטור, ד.ה. אַז זי זאָל דינען אַלס אַ ה י ל פ ס ־ מ י ט ל צו פאַרפאָלקאָמענען די מיטלען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ (וועלכע זענען אין אונזער צייט די מיטלען פון קלאַסן קאַמף) און צו דערציען (זע די קאַפיטלען „דער דיאַלעקטישער פראָצעס פון קינסטלערישן שאַפן״) אַ געזונטן, סאָציאַלן (נישט סאָציאַל מיינט שוין במילא גייסטיק נישט געזונט) מיטגליד פאַר דער צוקונפטי־קער געזעלשאַפט.

קאַפיטל 20

## די דיאלעקטיק פון דערציונגס פראבלעמען

דער הערשנדיקער קלאַס, וועלכער פאַרטרעט שטענדיק די עקאָ־נאָמישע און סאָציאַלע לעבנס־פאָרמען פון אַ געוויסער עפּאָכע, ער איז אויך דער טאָנגעבער פון די עגזיסטירנדיקע אָנשויאונגען; לויט זיין ראָל אין דער פּראָדוקציע בילדעט זיך אויס סיי די גייסטיקע שטעלונג צום מענטשן און סיי די באַהאַנדלונג פון די דערציונג׳ס פּראָבלעמען.

אָט דער איינפלוס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס דער גאַנצער גייסטיקער פאַרנעם אונזערער איז בלויז אַ פּראָדוקט פון די עקאָנאָמישע אומשטענדן און באַוועגט זיך און ענדערט זיך רעלאַטיוו צו אָט די אומשטענדן.

די אונטערדריקטע קלאַסן ריכטן זיך ספּאָנטאַן לויט דער אידעאָ־לאָגיע פון יענעם קלאַס, וועלכער איז דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער פּראָדוקציע און דער אייגנטימער פון די פּראָדוקציע מיטלען (ביז ס׳אַנטוויקלט זיך אַן אָביעקטיווע עקאָנאָמישע מעגלעכקייט פאַר אַ נייעם קלאַס, ער זאָל זיך קענען אַנטקעגן שטעלן און שאַפן נייע לעבנס באַדינגונגען און זיינע אייגענע לעבנס אויפפאַסונגען).

אַזוי זעען מיר ווי די אָנשויאונגען פון דער מיטל־אַלטערלעכער עפּאָכע, וועלכע שפּיגלען אָפּ די הערשאַפט פון לייבאייגנטימער (אין דער פעאָדאַלער אָרדנונג) שטעמפּלען דעם מענטשן פאַר אַ קנעכט פון גאָטס אויבערשטער און אונטערשטער ממשלה, לויט אָט דער מיינונג טאָר דער מענטש נישט האָבן קיין רעכט און דעה איבער זיין אייגענער האָרעוואַניע, זעלבסט באַשטימונג און לעבנס פאָדערונגען; ער דאַרף אָננעמען מיט דאַנקבאַרקייט דעם קליינעם טייל פון זיין אייגענער

פּראַצע, וועלכן „די האַרן מיט זייער גרויס רחמנות שענקען אים“ און זיין גרעסטע מעלה איז, דערבײַ, בלויז צו זיין „באַשיירן“, „גאָטפּאַרכטיק“ און „אונטערטעניק“.

פון דער אַנדערער זייט, האָט זיך דער זעלבער מיטל־אַלטער באַצויגן צום מענטשן ווי צו אַן איבערנאַטירלעך וועזן, וועמענס באַוווּסט־זיין איז אומאָפּהענגיק פון די אומשטענדן און וועמענס ווילן ס'ווערט נישט באַווירקט פון קיין שום מאַטעריעלע סיבות.

די מאָנאַכן און פעאָדאַלע אַפּאָלאָגעטן האָבן אַפעקטירט און פאַלש געחנפּ'ט דעם מענטשנס ווירדע, כדי זיי זאָלן דערנאָך קענען אַרויפוואַרפן אויף דעם אונטערדריקטן די גאַנצע שולד פאַר זיין עלענד און דערבײַ אויך צו באַרעכטיקן און, אַזוי אַרום, פאַרהיטן זייערע אייגענע פּרעראָ־גאַטיוון.

ערשט די אויפקלערערישע עפּאָכע, די פאָרשטייערן פון דער רעוואָלוטירנדיקער בורזשואַזיע האָט אָנגעוויזן, אַז די געזעלשאַפטלעכע אָרדנונג, די אומגעבונג און די אומשטענדן זענען אין אַן אמת פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר דעם אַלעמען, פאַר וועלכן די מאַכטהאָבנדיקע האָבן געפרווט פאַראַנטוואָרטלעך צו מאַכן דעם יחיד, כדי דערמיט צו פאַר־דעקן די קולטורלאָזיקייט און אומגערעכטיקייט פון דער הערשנדיקער אָרדנונג.

מיר זעען ווייטער ווי דער מיטל־אַלטער האָט אָנגעווענדעט די זעלבע טאַקטיק אויך בנוגע דער פרוי, וועלכע מען האָט געהויכט און געקרוינט, כדי טיפער צו געניסן איר אונטערדריקונג און ראַפינירטער זי צו עקספּלאָאַטירן.

די זעלבע מאַכטהאָבער האָבן אויך אויף דעם חשבון פון דעם קינד געזוכט צו באַפרידיקן זייערע סאַדיסטישע און הערשזוכערישע ליידנשאַפטן. די עלטערן און די מאָנאַכישע דערציער אין די קלויס־טערס האָבן, לויט זייער איינזעען, דרעסירט, באַצוואונגען און טיראַניזירט דאָס קינד.

נאָך דער דאָזיקער באַפרידיקונג האָט מען נאָך געוואָלט קאָמפּענ־סירן דאָס געוויסן און ווירקזאַמער מאַכן די אויסגעאיבטע מאַכט, צוליב דעם צוועק האָט מען אַרומגערינגלט דאָס קינד מיט אָרעאָלן, מען האָט באַזינגען זיין „ריינקייט“, זיין „נאַאיוויטעט“ און „הייליקייט“; מען האָט אים צוגעשריבן אַ דירעקטן קאָנטאַקט מיט דער הייליקער יונגפרוי און מיט גאָט, און מען האָט אויסגעפונען אַ מין מיסטיש געפיל, מיט וועלכן דאָס קינד דערשפּירט כלומרשט דעם אמת און ווייסט באַשייד, גיכער „ווי דאָס קענען די דערוואַקסענע מיט זייער שכל באַגרייפן“.

דער מיטל־אַלטער האָט דאָס קינד פאַרגעטערט אויך דערפאַר, וואָס זיינע אייגנשאַפטן זענען אַ סימבאָל פון יענעם אומוויסן, וועלכער

האָט אָט דער אַבסקוראַנטער עפּאָכע געדינט אַלס אַ שטיץ־פּונקט (אַ גוטער טייל פון אָט די אָנשויאונגען לעבט נאָך גאַנץ באַקוועם אין אונזער צייט).

די ערשטע טעאָרעטישע שריט געגן דער ברוטאַלער און איינציייטיק חנופישער באַציונג פון דעם מיטל־אַלטער צום מענטש אין אַלגעמיין און צו דער פרוי און קינד באַזונדער, האָט געמאַכט די אידעאָלאָגיע פון דער אויפקלערערישער עפּאָכע. די אידעאָלאָגיע, וועלכע קען כאַראַקטעריזירט ווערן מיט דזשאָן לאָקס וויסנשאַפטלעכער פאָרמולע: „דער מענטש ווערט געבוירן אַ „טאַבולאַ ראַזאַ“, נישט גוט, נישט שלעכט, און נאָר די געזעלשאַפט מאַכט אים פאַר דעם ערשטן, אָדער פאַר דעם לעצטן“.

אַן אמת רעוואָלוציאָנערער שריט איז געווען אויך יענער, וועלכער האָט אַנטדעקט, אַז פּונקט ווי אַלעס אויף דער וועלט, קען מען אויך דאָס קינד נישט פאַרשטייען ווי אַן איזאָלירטע דערשיינונג, ס׳מוז באַטראַכט ווערן אין פאַרבינדונג מיט דעם אַרום, און נאָר אַזוי קענען מיר קומען אויף די שפּורן פון זיין אַנטוויקלונג.

און אויך דער פּרווו צו זוכן אין דעם קינד נישט דאָס, וואָס מען וויל אין אים אַפּריאָרי געפונען, נאָר דאָס, וואָס אין אים איז ווירקלעך דאָ, איז געווען אַן ערנסט וויסנשאַפטלעכער צוגאַנג.

דער נייער צוגאַנג איז נאַטירלעך אויך נישט געווען ריין פון יעטוועדער סוביעקטיווער טענדענץ (ווייל דאָס איז בכלל אוממעגלעך), די פאָרשטייער פון דעם נייעם קלאַס זענען אויך געווען באַווירקט פון געוויסע סיבות און האָבן אויך פאַרטרעטן בלויז באַשטימטע, עקאָנאָמישע קלאַסן אינטערעסן. זייער אונטערנעמונג איז אָבער געווען אַ דרייסטערע, ווייל דורך דעם וואָס זיי האָבן זיך פאַרמאָסטן צו דערקענען די רעאַלע דערשיינונגען אין דער אַנטוויקלונג פונ׳ם קינד, האָבן זיי אויך דערמעגלעכט טיפער, און צוועקמעסיקער אָט די אַנטוויקלונג צו באַהערשן.

זייערע באַהויפּטונגען זענען אין אַ גרויסער מאָס אויך באַשטעטיקט געוואָרן פון לעבן, ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז קינדער, וואָס ווערן דערצויגן ביי גלייכע אומשטענדן און אין איין סביבה האָבן צווישן זיך זער אַ סך געמיינזאַמעס און ווען מען פאַרגלייכט זיי מיט קינדער פון אַנדערע סביבות, דערזעט מען ערשט ווי דער חלוק צווישן מענטשלעכע כאַראַקטערן קומט מערסטנטייל פון די פאַרשידענע אומגעבונגען, אין וועלכע זיי לעבן.

מיט דער צייט האָט מען אָבער באַמערקט, אַז אויך צווישן קינדער פון גלייכע סביבות, און אפילו צווישן צוויי ברודער, איז שטענדיק, דאָך פאַראַן אַ כאַראַקטער אונטערשיד, וועלכער לאָזט זיך נישט דער־

קלערן בלויז דערמיט, וואָס די אומשטענדן פון איינעם מוזן מיט עפּעס אַפּוייכן פון דעם צווייטנס אומשטענדן, אָט דער אונטערשיד האָט לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן אויסגעזען צו שטאַמען פון אַ גאַנץ אַנדערן געביט.

די אומפאָלקאָמנקייט אין דעם דערקלערן די אַנטוויקלונג פון די מענטשלעכע אייגנשאַפטן איז דער דאַמאָלסדיקער בורזשואַזער רעאַקציע געוועזן זער צו דער האַנט. און אַזוי ווי אַ מאַסע מיט באַצילן וואַקסט שטענדיק אויס דאָרט וווּ ס'ווייזט זיך נאָר אַ וווּנד, אַזוי האָט זיך אויך אויף דעם געביט געיאַוועט מיסטיש ווילדפלייש, מען האָט אָנגעהויבן פּראָקלאַמירן איינגעבוירענע פעאיקייטן און דעפעקטן, פון גאָט געבענטשטע טאַלאַנטן און פאַרשאָלטענע פאַרברעכער.

דאָס צוריקווייזן די פּרימיטיווע מאַטעריאַליסטישע פּרוּוון פון דער אויפקלערערישער עפּאָכע האָט אָבער געהאַט אויך אַ גוטע זייט, ווייל די אַנטיטעזע איז געווען די סוביעקטיווע אָנרעגונג, וואָס האָט זיי נישט געלאָזט זיך צופרידן צו שטעלן מיט די דערגרייכטע רעזולטאַטן און האָט, שוין דערמיט אַליין, זיי געשטויסן צו פאַרברייטערן זייערע טעאָריעס דורך ווייטערדיקע פאָרשונגען. די ריכטיקע וויסנשאַפטלער, אויב זיי האָבן אפילו צוגעגעבן, אַז ס'זענען פאַראַן איינגעבוירענע אייגנשאַפטן, האָבן זיי אָבער געזוכט די סיבה, וואָס האָט געקענט אָט די אייגנשאַפטן פאַראורזאַכן, און אַלס אַזעלכע האָט מען סוף כל סוף געפונען די געזעצן פון העריעדיטאַציע.

מען האָט אָבער נאָך ווייטער באַדאַרפט זוכן די פאַרשידענע מאַני־פעסטירונגען אין וועלכע די ירושה פון אייגנשאַפטן דרוקט זיך אויס, און די סיבות, וועלכע באַשטימען זי. אַזוי אַרום האָט מען זיך ווידער אָנגעשטויסן אויף די אומשטענדן, מען האָט זיי שוין אָבער איצט פאַרשטאַנען אַ סך טיפער.

די אָביעקטיווע סיבות, וואָס האָבן דערמעגלעכט אָט דעם פּאָרט־שריט רעאַליזירט צו ווערן אין דער וויסנשאַפטלעכער פּראַקטיק, זענען געקומען פון דער נייער ריכטונג, וואָס די אָביעקטיווע עקאָנאָמישע אומשטענדן האָבן אנגעמערקט און דורך דער היסטאָריש־נויטווענדיקער אַנטוויקלונג פון דער שטרעבונג צו אַ נייער פּראָלעטאַרישער אָרדנונג, וועלכע האָט אַריינגעבראַכט נייע פּראָלעטאַרישע טענדענצן אויך אין דער וויסנשאַפט.

דורך אָט די פּראָלעטאַרישע טענדענצן האָבן באַקומען זייער ריכ־טיקע באַדייטונג און פּאָפּולאַריזאַציע די טעאָריעס פון לאַמאַרק און דאַרווין, לויט וועלכע די פיזישע אייגנשאַפטן גייען איבער פון איין דור צום צווייטן, זיי ווערן אָבער פון זייער זייט דערוואָרבן דורך די אומשטענדן, באַדינגונגען און סביבה ווירקונגען, אונטער וועלכע די

פריערדיקע דורות האָבן זיך געפונען, און זיי האַלטן זיך אין איין בייטן, אין פאַרבינדונג מיט די נייע באַדינגונגען, אין וועלכע זייער טרעגער געפונט זיך.

אָפּהענגיק פון די נייע באַדינגונגען ווערן די אייגנשאַפטן אָפּגעשוואַכט, אָדער פאַרשטאַרקט, אַמאָל בילדן זיך אויס נייע, און אַמאָל ווערן די אַלטע אַטראָפירט.

די אַנטוויקלונג פון מח און פון די גייסטיקע נייגונגען אין מענטשן קען נישט אָפּגעטיילט ווערן פון דעם גאַנצן פיזיאָלאָגישן אַנטוויקלונגס פּראָצעס. די פיזישע אייגנשאַפטן וועלכע דער מענטש האָט באַקומען בירושה און וועלכע זענען דער רוי־מאַטעריאַל וואָס ווערט דורך די אָביעקטיווע אומשטענדן פאַרענדערט, זיי אַנטוויקלען זיך און גייען איבער לויט דער ווירקונג פון אָט די אומשטענדן אין די פיזישע און גייסטיקע פעאיקייטן פון דעם מענטשן.

דער אופן פון אויפנעמען און רעאַגירן אויף פיזישע און גייסטיקע דערשיינונגען, וואָס ווערט אין אונז אַנטוויקלט און פאַרשנעלערט דורך די דערוואָרבענע דערפאַרונגען און קולטור, שטעלט מיט זיך פאָר אונזער גייסטיק פאַרמעגן, וואָס איז דירעקט אָפּהענגיק פון די פיזישע אייגנשאַפטן, וועלכע פאַלן, פון זייער זייט, אַרונטער אונטער די אויבן דערמאָנטע געזעצן פון ערעדיטאַציע און אומשטענדן.

אַזוי אַרום דערנענטערט זיך לאַנגזאַם די וויסנשאַפט צו אַ ראַציאָנעלן וויסן, צו אַ דרייסטער דערקענטעניש, וועלכע איז אין איר פּונקט פון קולמינאַציע מאַטעמאַטיש, ס׳פאַרשווינדעט דאָס הינטישע דרייען מיט דעם ווידל פאַר די סודותדיקע עפּעסן; ביי די פאָרשטייער פון דעם נייעם קלאַס הערט אויף די קנעכטישע באַוווּנדערונג פאַר פעאיקייטן, טאַלאַנטן און געניאַליטעט.

פּונקט ווי אַלע מענטשלעכע מעלות און חסרונות זענען אויף די אויבן דערמאָנטע גייסטיקע אייגנשאַפטן אַ פּראָדוקט פון באַזונדערע אומשטענדן, פּלוס דער ירושה פון עטלעכע דורות אומשטענדן.

אויב די שעדלעכקייט פון דער אומגעבונג, אין וועלכער דער פּאָטענציעלער טאַלאַנט, אָדער אפילו זשעני איז אריינגעפאַלן, איז פּראָפּאָרציאָנעל צו זיינע פעאיקייטן, דעמאָלט ווערן די לעצטע בלויז אָפּגעשוואַכט, אויב די פּראָפּאָרץ איז אַ גרעסערע, ווערן זיי אימגאַנצן פאַרניכטעט.

אומשטענדן קענען אויך פאַרשטאַרקן די פעאיקייטן צו געניאַליטעט, און די לעצטע נאָך מער פאַרגרעסערן, אויב זיי פאַרמאָגן נאָר אין זיך די נויטיקע אימפּולסן און סטימולן.

דערביי מוזן זיי נישט זיין שטענדיק גראד קיין גינסטיקע, אַמאָל זענען דוקא די שלעכטע אומשטענדן אַ גוטע אָנרעגונג. ס׳מוז אָבער

זיין אַ געוויסע מאָס, סיי פון נויט און סיי פון גינסטיקייט, איבער דער מאָס זענען זיי ביידע שעדלעך, אָדער אפילו פאַרניכטנדיק.

כאָטשע מיר האָבן נאָך נישט געפונען די נאָמינאַלע צאָלן, די באַזונדערע פאַזעס, אין וועלכע ס׳אַנטוויקלען זיך פעאיקייטן, האָבן מיר אָבער די סכעמע, און מיר קענען זיך באַוווסטזיניק אונטערנעמען, אין משך פון די צייטן צו געפונען מיט דער הילף פון דער סומע (פון דעם רעזולטאַט) און געוויסע געגיבענע, די אומבאַקאַנטע גרויס.

ס׳ווערן אַזוי אַרום אַראָפּגעריסן די לעצטע געטער און דערמיט פאַרשווונדעט אויך די לעצטע קנעכשאַפט פון מענטשלעכן גייסט, אויף דעם אָרט פון דער קנעכטישער רעליגיאָזיטעט, מיט וועלכער מען האָט זיך באַצויגן צו די טאַלאַנטן, מוז געשאַפן ווערן אַ דעטערמיניסטישע וויסנשאַפט און ס׳דאַרף קומען די געזונטע ניכטערנע אָפּשאַצונג און די געזונטע פרייד איבער דער מעגלעכקייט אַליין צו מאַנפּולירן מיט דעם, וואָס ס׳איז פריער געווען „גאָטס גנאָד" און עס צו מאַכן פאַר דעם אַלגעמיינעם ווערט פון דער געזעלשאַפט. דאָס מיינט נישט, אַז די צוקונפטיקע געזעלשאַפט וועט זיך אונטערנעמען צו מאַכן שרייבער און קינסטלער פון אַלע אירע בירגער, דאָס וואָלט געווען אַן אומזין, ווייל די געזעלשאַפט מוז ראַציאָנעל איינטיילן די אויפגאַבעס, אין פראָפּאָרץ צו די אַלגעמיינע נויטן.

די ספּעציעלע אַנטוויקלונג, דאָס לאַנג־יאָריקע שטודירן, די גרויסע דערפאַרונגען און די פאַרפאָלקאָמונג פון טעכניק, פאָרם און געשמאַק, וועלכע דער קינסטלער מוז האָבן כדי צו שאַפן די ריכטיקע קוואַליטעט פון קונסט, איז אַזוי קאָסטשפּיליק, אַז קינסטלעך פּראָדוצירן טאַלאַנטן, וואָלט געווען פונקט אַזוי איראַציאָנעל, ווי צו שאַפן קינסטלעך וואַסער, אָדער אויל, דעמאָלט ווען ס׳זענען פאַראַן געוואַלדיקע גרויסע אוצרות פון אויל גרובנס, וועלכע מען קען עקספּלאָאַטירן אַ סך לייכטער און ביליקער פאַר דעם נוצן פון דער געזעלשאַפט; אַזעלכע פאַרשווענדערישקייטן וואָלטן געמוזט פירן דערצו, אַז די קוואַנטיטעט פון די שרייבער זאָל שטייגן אויף דעם חשבון פון דער קוואַליטעט פון די שאַפונגען און אַז די קונסט זאָל וואַקסן אויף אַזוי פיל, אַז זי זאָל פאַרכאַפּן דאָס פּלאַץ פון אַנדערע צווייגן פון סאָציאַלער פּראָדוקציע, וועלכע זענען פונקט אַזוי נויטיק ווי זי. ס׳איז אָבער מעגלעך געזעלשאַפטלעך צו פאַרוואַלטן מיט די שרייבערישע פעאיקייטן, וועלכע וואַקסן אַרויס אַלס אַ היסטאָרישע נויטווענדיקייט פון דער אַנטוויקלונג פון דער עקאָנאָמישער און סאָציאַלער סטרוקטור, פונקט ווי אַ ספּאָנטאַנער נאַטירלעכער שטראָם און אַרויסבאַקומען פון זיי הויך קוואַליפיצירטע און סאָציאַלע גייסטיקע פּראָדוקטן. דערביי קען אַ אידעאַלע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט אויך קוואַליפיצירן דעם דורכשניט מענטש צו אַ פאַר־

שטענדיקן קונסט־מבין, און אַנטוויקלען טאַלאַנטן אויף אַלע געביטן פון דעם פילפאַרביקן, נויטיקן און געזונטן סאָציאַלן שאַפן, פון וועלכן די סטאַכאַנאָווצעס זענען באַשטימט אַ ריכטיק פאָרבילד.

די זעלבע געזעצן הערשן אויך אין דער אַנטוויקלונג פון פאַר־שידענע פאַרברעכערישע און דעפעקטיווע אייגנשאַפטן און די זעלבע אָריענטאַציע גילט אויך בנוגע זייער דערקענטעניש און איבערדערציונג.

אין אַ פרעכטיקער, עכט קינסטלערישער באַשרייבונג, אויף אַ פּאָר זייטלעך פון מאַרקסנס קאַפּיטאַל טרעפן מיר דאָס אמת מאָלאַרישע לעבנס בילד, אין וועלכן אַרבעטער און בורזשואַזע טיפּן ווערן אַנטקעגנ־געשטעלט. ביי די אַרבעטער, וועלכע שטאַמען פון דור דורות וועבער, קען מען, לויט מאַרקסנס מיינונג, באַמערקן די איינגעבוירענע געשיקט־קייט אין די פינגער צו דער איינזייטיקער אַרבעט, ביי וועלכער זיי און זייערע עלטערן האָבן פאַרבראַכט דאָס גאַנצע לעבן. די בלאַסקייט, די מעכאַנישע באַוועגונגען, די גייסטיקע אָפּגעטעמפּטקייט און דער־שלאָגנקייט, וואָס קומט פון זייער עקאָנאָמישער לאַגע און פון דער ווירקונג פון דער מאָנאָטאָנער מאַשין אַרבעט, שטעלט ער אַרויס, אַלס דעם פולן קעגנזאַץ צו די גייסטיקע און פיזישע פאָרטיילן פון דער בורזשואַזיע, וועלכע באַזיצט פרייע צייט צו דענקען, זיך צו אַנטוויק־לען און לעבן.

צווישן די לינקע פראַזעאָלאָגן, וואָס מיספאַרשטייען מאַרקסנס אויפריכטיקן און רעאַליסטישן צוגאַנג צו זאַכן, זענען דאָ אַזעלכע „מאַרקסיסטן", וואָס פרווון צו דערציילן, אַז דער פּראָלעטאַריאַט באַ־זיצט אַן איינגעבוירענעם חוש פאַר גערעכטיקייט, אַ געזונטן פאַרשטאַנד, אַן אָפענעם און גוטן כאַראַקטער א.א.וו. אָט די דאָזיקע און ענלעכע אורטיילן זענען נאַטירלעך זער אויבערפלעכלעך און נישט פאַראַנט־וואָרטלעך, ווייל דער פּראָלעטאַריאַט איז, פונקט ווי אַלע מענטשן, אַ פּראָדוקט פון זיינע אומשטענדן. דער קלאַסן קאַמף אַנטוויקלט אין אים צום אַלעם ערשטן זיינע דערפאַרונגען און סאָציאַלן באַוווסטזיין, און נאָר די פּראָלעטאַרישע אָרדנונג קען ווייטער פאַרפאָלקאָמענען זיינע פיזישע און גייסטיקע פעאיקייטן.

אָט די פעאיקייטן זענען פאָלגלעך נישט קיין איינגעבוירענע. ווען דאָס זאָל זיין דער פאַל, וואָלטן מיר געמוזט אָננעמען, אַז ס'איז אָדער פאַראַן אַ מין געטלעכע מאַכט, וואָס האָט זיי אים געשאנקען, אָדער אַז די בורזשואַזע אָרדנונג האָט זיי אין אים אַנטוויקלט, דאָס איז אָבער נישט ריכטיק, פאַרקערט, די בורזשואַזע אָרדנונג, פונקט ווי די געטלעכע מאַכט, וועלכע מען האָט פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט דורך דורות גע־פּרעדיקט, האָבן אים נאָר פאַרטעמפּט, און די פּראָלעטאַרישע אָרדנונג, וועט לאַנג דאַרפן אַרבעטן, ביז זי וועט באַקעמפן די שרעקלעכע

בורזשואַזע ירושה אַ ר ו ם א ו ן א י ן דעם פּראָלעטאַריאַט.

דער נייער טיפּ מענטש, וועלכן די פּראָלעטאַרישע אָרדנונג וועט דאַקעגן שאַפן, ער וועט נישט נאָר מיט זיין סאָציאַלקייט, נאָר אויך מיט דער אינדיווידועלער פיינקייט און קולטור באַשטימט איבערשטייגן דעם בורזשואַ און אַ סך ווייטער פאַרפּאָלקאָמענען די אַלע פעאיקייטן, וועלכע דער לעצטער האָט זיך דערוואָרבן אויף דעם חשבון פון דעם אונטערדריקטן און אויסגענוצטן פּראָלעטאַריאַט.

רעוואָלוציאָנערער רעאַליזם אין דער דערציונג.

אונזערע פּרעמיסן אַז ס'איז קיין שום געטלעכעס נישטאָ און ס'דאַרף נישט זיין, פירן אונז צום באַשלוס, אַז אויך נאַאיוויטעט און אומוויסן זענען נישט קיין געטלעכע פּאָרטיילן, נאָר זיי זענען זאַכן פון וועלכע דאָס קינד דאַרף אַרויסוואַקסן.

אונזער געפיל פון ליבע צום קינד קען דערפאַר נישט זיין ענלעך צו די געפילן, וואָס מען האָט צו אים אין דעם מיטל אַלטער געהאַט.

אַנשטאָט דער קאַסטרירטער און מיזאַנטראָפּישער באַציונג צום קינד ווי צו אַ מלאך'ל, אַנטוויקלט זיך ביי אונז אַ ליבע, דוקא צו דעם מענטשלעכן וואָס עס שטעקט אין אים און צו דער מ ע ג ל ע כ ק י י ט וואָס ס'פאַרקערפּערט.

ווען מיר אנערקענען, ווי ס'איז טאַקע דער פאַל, אַז דאָס קינד איז אַן עגאָאיסטיש און רוי מענטשלעך באַשעפעניש, ווייסן מיר אָבער־דערביי, אַז די אַלע אייגנשאַפטן קענען אויסגעפיינערט און סאָציאַליזירט ווערן.

ווען מיר הויבן אָן אונזער דערציערישע אַרבעט שוין ביים קליינעם קינד, דאַרפן מיר זיך נעמען אַלס אַ באַזע דעם מאַרקסיסטישן מעטאָד, וועלכער ווייזט אונז אָן ווי אַזוי צו פאָרשן אויף אַן אויפריכטיקן און דרייסטן אופן די רעאַלע געזעצן פון דער געזעלשאַפטלעכער און אינ־דיווידועלער אַנטוויקלונג, און וואָס איז טאַקע דערפאַר דער ריכטיקסטער וועג צו זעלבסטדערקענטעניש, און דאָס בעסטע מיטל צו באַהערשן און צו מאַניפולירן מיט די אייגענע כחות.

אונטער דעם באַגריף מאַרקסיזם דאַרף מען אָבער נישט פאַרשטייען בלויז קיין פּאָליטיש־עקאָנאָמישע וויסנשאַפטן, (וועלכע ס'איז אגב אויך געווונטשן אָנצוהויבן שטודירן מיט אונזערע קינדער פון זייער פּריסטער יוגענט אָן, כדי צו אַנטוויקלען אין זיי אַ באַוווסטזיניקע געזעלשאַפטלעכע אָריענטאַציע) אָט דער באַגריף נעמט אַרום אויך דעם מעטאָד פון דעם פילאָסאָפישן, דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם, וועלכער שטויסט אונז צו זיין שטענדיק רעוואָלוציאָנער אין אַלע געביטן פון וויסן און דער־קענטעניש.

פונקט ווי מאַרקס דאַרפן אויך די דערציער אויסמיידן די אירעאַלי־טעט און נישט קאָרמענען דאָס קינד מיט קיין געקינסטלטע ליגנס.

יעדער קולטורעלער מענטש ווייסט ווי געשמאַקלאָז ס׳זענען די נישט רעאַליסטישע קונסט ווערק, (ווי מיר וועלן זען אין אַ צווייט קאַפּיטל איז נישט רעאַליסטישקייט איינער פון די הויפּט שטריכן פון שונד) און וואָס פאַר אַן אומאנגענעם געפיל ס׳לאָזט נאָך זיך איבער, פונקט אַזוי נישט באַפרידיקט בלייבט דאָס קינד פון די לעגענדאַרע מעשהלעך, ווו אינאיינעם מיט די שטאַרקע עמאָציעס, וואָס פאַרכאַפּן פון איין זייט דאָס קינד, זענען אין דעם מעשהלע איינגעפלאָכטן אומגעלומ־פערטע פאַנטאַזיעס, וועלכע לאָזן איבער אין זיין מח אַ נישט פיינעם ביי־געשמאַק, צערייצטקייט, אָפט מורא, און אַמאָל דעם ווילן אויך אַנדערע אָפּצונאַרן. פיל ערגערע פרוכטן קומען ערשט אַ סך שפּעטער. דאַקעגן זענען די גרינגע, רעאַלע דערציילונגען, וואָס קענען באַשטעטיקט ווערן פון לעבן, אַ קוואַל פון דענקען און פון פאַרגלייכן, זיי רעגן אָן דאָס קינד ס׳זאָל זיך זעלבסטשטענדיק שאַפן אַ מיינונג און אַקטיוו אַנטייל נעמען אין דעם ווייטערדיקן צוזאַמענאַרבעטן מיט דעם דערציער.

די קינדערישע פאַנטאַזיע ווערט דורך דעם רעאַליזם נישט אָפּגע־טעמפּט, (ווי דאָס מיינען די קליינבירגערלעכע, סענטימענטאַלע אידע־אַלאָגן) זי ווערט נאָר לאָגישער און באַקומט מער פאַרב און לעבן.

ס׳איז דאָך אַן אַקסיאָמע, כאָטשע אַ סך דערציער ווייסן גאָרנישט פון איר, אַז מיר קענען זיך נישט פאָרשטעלן אין אונזער פאַנטאַזיע קיין שום זאַך, וואָס עקזיסטירט נישט אין דער ווירקלעכקייט און וועלכע איז דורך אונז דירעקט, אָדער אינדירעקט, נישט עמפּפינדן געוואָרן. ווי לעכערלעך זעט אַזוי אַרום אויס דאָס פאַנטאַסטישע מעשהלע, וואָס וויל קאָנקורירן מיט דעם לעבן.

אָט די קאָנצעפּציע רופט אַרויס אַן אַנאַלאָגיע מיט די אַנעמישע מיידלעך און האַלב אימפּאָטענטע מענער, וועלכע מיינען אַז אין פיזישער שוואַכקייט, בלאַסקייט און אויסגעדאַרטקייט שטעקט גייסטיקייט, כאָטשע אין אַן אמת איז דאָס בלויז אַן ערגערער סאָרט פון גשמיות. מיר זעען טאַקע דערפאַר, אַז אין אַלע מעשהלעך חזרט זיך איבער אַ געשמאַקלאָז איבערקרומען דאָס אַממיינסטן פאַרבלאָזע און אָפּגעבלאַ־קירטע פונם רעאַלן דענקען.

די לעגענדאַרע מעשהלעך, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר רעאַליסטישע אינהאַלטן אין אַ סימבאָלישער און בילדערישער פאָרם און וואָס פאַרמאָגן אין זיך אַן אַלגעמיינעם אמת, דאַרפן אַלס אַזעלכע דערקלערט ווערן צו דעם קינד, אָבער דער בעסטער אופן ווי אַזוי דאָס צו טאָן, באַשטייט אין דעם אויפוועקן דורך פאַרשידענע פראַגן דעם צווייפעל פון דעם קינד און דערנאָך אויפצופאָדערן זיין אורטיילס קראַפט, דורך דעם

פרעגן זיין מיינונג איבער דער זאַך. דאָס קינד דאַרף דערביי אָנגערעגט ווערן אַליין איבערצוגייען פון דעם אַנאַליזירן די באַזונדערע געשעענישן און כאַראַקטעריסטיקעס אין דער געשיכטע, צו אַלגעמיינע שלוסן. און אויך פאַרקערט, פון די אַלגעמיינע מיינונגען, דאַרף ער זיך לערנען איבערצוגייען צום אורטיילן די באַזונדערע פאַלן און דערשיינונגען, מיט וועלכע ער שטויסט זיך אַלס קינד שוין צענויף.

די דערציונג אין פעריאָד פון פובערטעט.

אין דעם פעריאָד פון פובערטעט, ווען דאָס קינד וואַקסט אויס צום יוגענטלעכן, דעמאָלט הויבט זיך אָן, אין פאַרבינדונג מיט זיין געשלעכט־לעכער אַנטוויקלונג, צו קריסטאַליזירן אין אים דער מענטשלעכער כאַ־ראַקטער, אָט דער איבערגאַנגס פעריאָד פראָצעס דריקט זיך אויס אין טראָציקייט און עקשנות.

דער גלויבן אין די אייגענע כחות וואַקסט ביי דעם יוגענטלעכן האַנט אין האַנט מיט אומצוטרוי און פאַראַכטונג צו די מיטמענטשן, פאַר אַלעמען אָבער צו די דערוואַקסענע, צו די עלטערן און דערציער; ער דערזעט, אַז זיי האַלטן נישט אויס די קריטיק, מיט וועלכער ער הויבט אָן איבערצושאַצן אַלע יענע ווערטן, וואָס מען האָט אים אָנגע־האַנגען, ער איבערצייגט זיך, אַז מען האָט אים אָפּגענאַרט און פאַר־דרייט, אַז מען איז צו אים געווען אומגערעכט, און זאַכן, וועלכע מען האָט אַליין אויסגענוצט, האָט מען פאַר אים אויסבאַהאַלטן (צו אָט די זאַכן געהערן פּאָליטישע פּראָבלעמען, רעליגיעזע אָנשויאונגען, די עקאָ־נאָמישע אינטערעסן אין דער פאַמיליע, ווי אויך די באַגריפן איבער סעקס און אַזוי ווייטער).

די אָנגעזאַמלטע פאַרביטערונג געגן די דערוואַקסענע וועקט אין אים אַ געפיל פון פּראָטעסט, וועלכער איז פריער, דורך זיין קינדערישער שוואַכקייט אין אים אונטערדריקט געוואָרן, און האָט איצט, מיט דעם דערשפירן די אייגענע כחות, אויפגע־הויבן דעם קאָפּ; ס׳קומט ביי אים פאַר אַן אינערלעכע רעוואָלוציע, וועלכע קאָסט אָפּ אַ סך סיי דעם יוגענטלעכן, סיי די דערוואַקסענע, וואָס רינגלען אים אַרום; פאָרנאָגרפיע און אפילו די פראָפּאַגאַציע פון אַלע אידעאַלן קומט אָפּט אַלס אַ קעגנקראַפט, אַלס אַן אַנטיטעזע, צו דער זיסלעכער און שוואַכלעכער גייסטיקער שפּייז, מיט וועלכער מען שטאָפּט אים, נישט געקוקט דערויף, וואָס זי איז אים שוין לאַנג נמאס געוואָרן און ער נויטיקט זיך אין מער קרעפטיקער נאַרונג.

ווי אַ באַוווסטזיניקע מוטער, וואָס ווייסט ווי אַזוי לאַנגזאַם איבער־צופירן דעם זויגלינג פון דער ברוסט, צו דער שפּייז, פון וועלכער מיר דערוואַקסענע געניסן, אַזוי דאַרפן די דערציער קענען לאַנגזאַם איבער־

פירן דאָס קינד, פון פאַר דעם פובערטעט פעריאָד, צו דער פאַרגרעסער־טער פאָרציע, וואָס דער יוגענטלעכער דאַרף, צוליב זיין וואַקסן, האָבן.

כדי ער זאָל אָבער נישטליידן אויף קיין „מאָגן קאַטאַר", וואָס רופט אַרויס מיזאַנטראָפּיע און אומזיכערקייט, מוז די פריערדיקע שפּייז, פּונקט ווי די מוטערלעכע מילך, אַנטהאַלטן אין זיך אַלע עלעמענטן, וועלכע ער וועט שפּעטער באַקומען אין אַ שטאַרקערער מאָס (די מעדיצין האָט זיך איבעצייגט, אַז מילך בכלל, און די מוטערלעכע מילך באַזונדער, אַנט־האַלטן אין זיך אין אַ געוויסער פּראָפּאָרץ אַלע עלעמענטן, וועלכע זענען נויטיק פאַר דער מענטשלעכער נאַרונג).

די רעוואָלוציע פון דעם פובערטעט פעריאָד אַנטוויקלט זיך, ווי אַלע רעוואָלוציעס, עוואָלוטיוו, און זי איז נאָר דער אַפּאָגיי פון אַ לאַנג אָנגעזאַמלטער נישט באַפרידיקטקייט ביים קינד, וועלכע אַנטפּלעקט זיך פאַר אונזערע אויגן, בלויז אַלס אַ קוואַליטאַטיווע ענדערונג, אין דער ציין ווען זי איז אויך אַ קוואַנטאַטיווע.

די פליכט פון דער דערציונג איז ראַציאָנעל צו אָרגאַניזירן די גייס־טיקע רעוואָלוציעס וואָס מוזן פּאָרקומען אין דעם פּראָצעס פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג און צוצוגרייטן דערביי אַ גינסטיקן באָדן פאַר זייער געזעלשאַפטלעכן אויסווירקן זיך.

דערצו קאָן דינען נאָר דער מאַרקסיסטישער וועלט באַנעם, וועל־כער איז שטאַרק נויטיק און נאָענט דעם יוגענטלעכן, סיי מיט דעם, וואָס ער ברענגט אַ ריכטיקע וויסנשאַפטלעכע צוגרייטונג בייצושטייען די רעאַלע פּראָבלעמען פון לעבן און לעבנס קאַמף, סיי מיט זיין באַ־וווסטזיניקער דרייסטקייט (דער פאַקט איז קאָנטראָלירט און באַשטעטיקט פון לעבן).

וואָס טיפער דער יוגנטלעכער נעמט אויף דעם מאַרקסיזם, אַלץ אַ שטאַרקערע אימונענט בילדעט זיך אין אים אויס געגן דער פּראָפּאַ־גאַציע און אַלץ שוואַכער ווערט דערביי די אומגעצוימטע ליידנשאַפט צו פּאָרנאָגראַפּיע, ווייל אין דעם קאַמף פאַר עגזיסטענץ, (אין וועלכן די עקאָנאָמישע אינטערעסן, די עראָטיק, דער געלטונגס קאַמף און די שטרע־בונג צו אַנדערע פּאָרטיילן זענען שוין איינגעשלאָסן) איז די פּאָר־נאָגראַפּיע איינע פון דעם יוגנטלעכנס אומ־באַהאָלפנסטע מיטלען געגן דער גייסטיקער קנעכטשאַפט און געגן דעם אומוויסן, מיט וועלכן די דערוואַקסענע האַלטן אים אַרומגע־צוימט פון קינדוויז אָן.

דאַקעגן אָבער אַנטוויקלען די באַוווסטזיניקע און דרייסטע מיטלען פון קאַמף, וואָס דער מאַרקסיזם שאַפט געגן דעם אומוויסן און קנעכט־שאַפט, אַ געזונטע געזעלשאַפטלעכע ריכטונג פאַר אַלע פאָרמען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ.

ווען דער יוגנטלעכער ווערט רייפער, וואַרפט ער נישט אָפּ דעם מאַרקסיזם, ווי ס׳ווערן פון אים שפּעטער מערסטנטייל אָפּגעוואָרפן אַנ־דערע אידעאַלן, וועלכע ער האָט אין דער יוגענט־באַוועגונג באַוואונדערט, די מאַרקסיסטישע אַנשויונג, וועלכע שאַפט ביי דעם יוגענטלעכן אַ גע־זונטע, פילאָסאָפיש מאַטעריאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע ראָמאַנטיק, גייט איבער מיט דער צייט אין אַ פּראַקטישן אידעאַליזם, ווען דער יוגענט־לעכער ווערט רייפער.

די מאָדערנע פּסיכאָלאָגיע אין דערציונג.

די מאָדערנע פּסיכאָלאָגיע האָט פיל בייגעטראָגן צו דער פאַרפאָל־קאָמונג פון דער פּעדאַגאָגיק. פר. פּאַוולאָווס אַנטדעקונגען איבער די באַדינגטע און אומבאַדינגטע רעפלעקסן, פּונקט ווי די פאָרשונגען אי־בער דעם באַוווסטזיין און אומבאַוווסטזיין, וועלכע מיר טרעפן אין די טעאָריעס פון פּיער זשאַנעט, פר. פרויד און פר. אַדלער, שטויסן די דערציער זיך צו רעכענען נישט נאָר מיט די ווירקונגען, וועלכע זיי קענען זעען און דירעקט קאָנטראָלירן זייערע רעזולטאַטן, נאָר אויך מיט אומדירעקטע איינפלוסן, וואָס אַנטפּלעקן זיך ערשט שפּעטער און אויף זייטן וועגן.

יעדע ווירקונג, וואָס דער מענטש נעמט אויף, מאַכט דורך אין זיין פּסיכאָלאָגיע פאַרשידענע סטאַדיעס פון אַנטוויקלונג, ביז זי ווערט אַ טייל פון אים און ביז זי פאַרוואַנדלט זיך, ווי דאָס ווערט געוועינלעך אין דער פאָלקס־שפּראַך באַצייכנט, אין דעם מענטשנס „נאַטור“.

אָבער דעמאָלט איז אָט די ווירקונג שוין אַ מעכאַנישע געוווינהייט, איבער וועלכער דער מענטש איז זיך נישט מער באַוווסט און ער רעאַ־גירט אויף איר ספּאָנטאַן און אומווילקירלעך.

אין דעם קאַפּיטל „באַוווסטזיין און אומבאַוווסטזיין“ האָבן מיר דער־וויזן, אַז די פאַרשידענע מעכאַנישע, ספּאָנטאַנע און אומווילקירלעכע טאַטן און אימפּולסן, ד.ה. די קאָמפּלעקסן פון אונזער אומבאַוווסטזיין זענען (ווי דאָס ווערט באַשטעטיקט פון פּיער זשאַנעט) פּראָדוקטן פון סביבה און באַדינגונגען. מיר ווייסען אָבער, אַז סביבה און באַדינגונגען ווערן פון זייער זייט געשאַפן דורך די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע אומ־שטענדן, און לויט אָט די דאָזיקע אומשטענדן ענדערן זיך דער באַוווסט־זיין און אומבאַוווסטזיין (דער פּראָצעס איז נאַטירלעך אַ סך פאַרצווייג־טער ווי דאָס קען לויט דעם אויבערפלעכלעכן בליק אָנגענומען ווערן).

פון די שלעכטע ווירקונגען, וועלכע שטאַמען שטענדיק פון די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע אומשטענדן, איז שווערער, דערביי אָבער וויכטיקער פון אַלעמען, אויסצוואָרצלען יענע ווירקונגען, וועלכע זענען שוין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מעכאַנישע, אומבאַוווסטע רעפלעקסן,

ווייל דורך זיי ווערט באַשטימט די ריכטונג פון דער ווייטערדיקער אַנט־ וויקלונג פון די פאַרשידענע קאָמפּלעקסן אין אונז. הויפּטזעכלעך ווערן זיי איבערדערצויגן דורך די נייע אָביעקטיווע אומשטענדן, אָבער אויך דער פּעדאַגאָג (וועלכער איז אַליין אַ טייל פון אָט די אומשטענדן) קען זיי טיילווייז באַקעמפן דורך דעם קלאָר מאַכן די סיבות, וועלכע האָבן געשאַפן אָט די אומבאַוווסטע מעכאַנישע געוווינהייטן, ווי אויך דורך זיין דערפירן צום באַוווסטזיין פון קינד דעם פּראָצעס פון זייער אַנט־ וויקלונג אין דעם לעצטנס פּסיכאָלאָגיע.

אויף דעם זעלבן אופן קענען אויך די גוטע אייגנשאַפטן פאַרטיפט ווערן. דאָס מוז אָבער געמאַכט ווערן נישט מיט דער הילף פון אַריינ־ טייטשונגען און אָפּגעזונדערטע, אינדיווידואַליסטישע גריבלענישן, ווי דאָס מאַכן די פּסיכאָ־אַנאַליטיקער און אינדיווידואַל־פּסיכאָלאָגן, נאָר דאָס מוז קומען דורך אַ פּאָרזיכטיקן און איינצייטיק באַוווסטזיניקן אַרויס־ רופן ביים קינד זעלבסטשטענדיקע אויטאָ־קריטיק, סאָציאַלע זעלבסט־ דערציונג און זעלבסט־באַהערשונג.

פּונקט ווי ס׳איז נויטיק צו דערקענען די אַלגעמיינע, אָביעקטיווע גע־ זעצן פון דער סאָציאַלער אַנטוויקלונג, כדי מיר זאָלן קענען דערציען דעם אינדיווידואום, אַזוי מוזן מיר אויך דערקענען די אינערלעכע אַקט, אַרום וועלכער ס׳באַוועגן זיך אַלע מענטשלעכע שטרעבונגען און טאַטן; מיר דאַרפן אויספאָרשן דעם צענטער, דורך וועלכן ס׳דרייען זיך די ווירקונגען, וואָס די אָביעקטיווע אומשטענדן איבן אויס אויף יעדן אינדיוווידואום באַזונדער און דורך וועלכן אָט די ווירקונגען ווערן טראַנספאָרמירט אין דעם סוביעקטיוון אופן פון אויפנעמען און רעאַגירן, כדי מיר זאָלן קענען סאָציאַל אָרגאַניזירן די דערציונג.

צוליב דעם צוועק וועלן מיר נאָך אַמאָל באַטראַכטן די מיינונגען פון פּר. פּאַוולאָוו, פּר. פרויד, און פּר. אַדלער אין ליכט פון מאַרקסיזם.

פּאַוולאָוו האַלט אַז דער שטאַרקסטער אימפּולס אין יעדן לעבעדיקן וועזן איז (חוץ הונגער) שרעק. ווען מיר אַנאַליזירן אָבער אָט דעם אימ־ פּולס זעען מיר, אַז ער שטאַמט, פּונקט ווי יעדער אימפּולס און עמפּפינ־ דונג, פון אַ צוזאַמענשטויס מיט אַן אויסערלעכן אָביעקט, וואָס שאַפט אַ מין דערשיטערונג אין דער אינערלעכער קאָנסטיטוציע פון דעם לע־ בעדיקן וועזן, אין דעם פאַל פון שרעק איז די דערשיטערונג, דער „שאָק" מער אומגעווענלעך און שטאַרק; אין תוך איז ער אָבער בלויז אַ טייל פון דעם קאַמף פאַר עגזיסטענץ. („קאַמף פאַר עגזיסטענץ", ווי מיר האָבן שוין דעמאָנט, איז אָבער אַ זער ווייט־אַרומנעמנדיקער באַ־ גריף, ער באַציט זיך אויף דעם קאַמף פאַר דער באַפרייונג פון אונטער־ דריקטע קלאַסן (קלאַסן־קאַמף), אויף דעם קאַמף פאַר דער זעלבסט־ באַשטימונג פון פאַרפאָלגטע פעלקער (קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער באַ־

פרייאונג) און אויף דעם סאָציאַלן קאַמף קעגן די רויע נאַטור כחות. אין די אַלע פאָרמען פון קאַמף איז דעם אינדיווידואומס קאַמף פאַר זיין אייגענער עגזיסטענץ און געלטונג שוין איינגעשלאָסן און ער ווערט דורך זיי באַשטימט, געפאָרמט און געענדערט. מ'דאַרף אָבער נישט מיינען אַז „קאַמף פאַר עגזיסטענץ" איז, אין דעם פאַל, אַ קאַמף פאַר דעם פרעזערווירן אַ פאַרגליווערטן „סטאַטוס קוואָ" פון עגזיסטענץ, נאָר גיכער אַ קאַמף פאַר דער מעגלעכקייט פון ווייטערדיקער עקס־פאַנסיע, פאַר דעם פאַרברייטערן די ווירקונגען וואָס מען באַקומט פון און מען איבט אויס אויף די אַרומיקע דערשיינונגען און געשעענישן), פון דער שטרעבונג צו פאַרמיידן אומלוסט און צו געווינען לוסט. פון איין זייט איז שרעק פאַרבונדן מיט דער פאַרשטעלונגס קראַפט, וועלכע שאַפט דעם פאַרגעפיל פון דער דערוואַרטעטער אומלוסט, פון דער אַנדערער זייט איז זי אַ פּראָדוקט פון אומוויסן, ד.ה. פון אומדער־פאַרנקייט אין אַ געוויסן געביט, דאָס איז, מיט אַנדערע ווערטער, די עמפפינדונג פון באַזיגט זיין און פון פילן אַ מאַנגל אין די נויטיקע מיטלען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ. אָבער סיי די נויטיקע דערפאַרונגען, און סיי דער אומוויסן, פונקט ווי דער גאַנצער באַלאַנס פון לוסט און אומלוסט און אַלע פאָרמען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ זענען אָפּהענגיק פון די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אומשטענדן און קענען נאָר דורך זיי געלעזט ווערן.

פר. פּאַוולאָווס עקספּערימענטן און זיינע וויסנשאַפטלעכע דער־גרייכונגען שטימען איין מיט די מאַרקסיסטישע אַנאַליזן און פּראָגנאָזן (אָפּגעזען דערפון, וואָס פּאַוולאָוו אַליין איז נישט אינגאַנצן באַוווּסט דעריבער און וואָס אַנשטאָט צו אָנערקענען, אַז סיי די אַנטוויקלונג און סיי דאָס פאַרשווינדן פון שרעק, איז אָפּהענגיק פון דער געזעלשאַפט־לעכער אָרדנונג און קאָן באַהאַנדלט ווערן נאָר צוזאַמען מיט די נויטן און צילן פון דער געזעלשאַפט, באַקומט זיך ביי אים, אַז די שרעק באַשטימט דעם כאַראַקטער פון דער געזעלשאַפט און אַז דאָס איזאָלירטע באַהאַנדלען און דערלעדיקן אָט די דערשיינונג קאָן ענדערן צום בע־סערן די געזעלשאַפט).

די באַהויפּטונגען פון פר. פרויד, אַז דאָס עראָטישע געפיל איז, ווידער, די באַוועגקראַפט פון דעם מענטשלעכן לעבן און ווירקן און אַז אין פאַל פון אַן אוממעגלעכקייט צו דערגרייכן די דירעקטע באַפרידי־קונג, נעמט די נישט אויסגענוצטע קראַפט אַן פאַרשידענע זייטיקע ווענ־דונגען, אָט די באַהויפּטונגען זענען אומבאַדינגט ריכטיק. זיי שטימען אפילו איין מיט דעם מאַרקסיסטישן אַנאַליז, אויב מען זאָל נאָר פאַר־שטייען די עראָטיק אַלס אַ טייל פון די מענטשלעכע אימפּולסן, וועלכע פאַרקערפּערן מיט זיך די אַלגעמיינע שטרעבונג צו לוסט און וואָס נע־

מען אָן, פונקט ווי יעדער אויסלאָדונג פון ענערגיע, די פאַרשידנסטע פאָרמען, אָפּהענגיק פון די אָביעקטיווע אומשטענדן.

ווען אָט די אויסלאָדונג ווערט פאַרוואַנדלט אין פאַרברעכן, פונקט ווי דעמאָלט ווען זי שטעלט מיט זיך פאָר פאָזיטיווע שאַפונג, ווען דאָס איז סעקסועלע פערווערזיטעט, אָדער סובלימירטע ליבע, הערשזוכט, צי זעלבסט אָפּפערונג א.אז.וו. אין יעדן פאַל ווערן אָט די אַלע קעגנגעזעצטע טאַטן, אין וועלכע ס'איז ווירקלעך דאָ די זעלבע ענערגיע און קראַפט אויסגיסונג, ווי אויך די שטרעבונג זיך אויסצוטאָבן, פאַראורזאַכט דורך די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אומשטענדן.

דער דערציער דאַרף דערפאַר שאַפן דעם ריכטיקן וועג פאַר זייער פאָרוועגדונג, ער דאַרף צוגרייטן דעם געוואונטשענעם באָדן און גיבן די נויטיקע דירעקציע, אין וועלכער די ענערגיע פון אונזערע קינדער און יוגענטלעכע זאָל ברענגען די נויטיקע סאָציאַלע פרוכטן און נישט אָנגעווענדעט ווערן געגן זיך אַליין און געגן דער געזעלשאַפט (דאָס וואָס איז געווענדעט געגן זיך אַליין, איז זער אָפט, שוין במילא, אויך געגן דער געזעלשאַפט, און פאַרקערט, וואָס ס'איז געגן דער געזעלשאַפט, איז אָפט אין לעצטן סך הכל אינדירעקט געגן זיך).

פּר. אַדלער, וועלכער האַלט פון זיין זייט, אַז אין אַלע אונזערע טאַטן און שטרעבונגען שטעקט דער ווילן צו געלטן און צו באַקעמפן דאָס געפיל פון מינדערווערטיקייט, לויט זיין מיינונג, דריקט זיך אָט דער געלטונגס קאַמף אויס אויף פאַרשידענע אופנים און וועגן; ער זעט אָבער דערביי נישט איין, אַז אָט די פאַרשידענע אופנים פון קאַמף פאַר געלטונג ווערן באַשטימט דורך דער געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג. דאָס געפיל פון מינדערווערטיקייט באַגרינדעט ער מיט דער מינדערווערטיקייט פון די אָרגאַנען (פון אָט דער באַהויפּטונג קומט ער ווייטער צו דער מיסטישער פאָרשטעלונג וועגן אַ פסיכישן אָרגאַן, אין וועלכן ס'איז כלומרשט איינגעבוירן די שטרעבונג צו באַקעמפן די אייגענע מינדערווערטיקייט).

ער אָנערקענט נישט, אַז די מינדערווערטיקייט פון די אָרגאַנען ווערט אַליין אַנטוויקלט דורך די אומשטענדן, אין וועלכע דער מענטש געפינט זיך, אָנגעהויבן פון זיין עמבריאָנאַלן צושטאַנד און דורך די אומשטענדן, אין וועלכע ס'האָבן זיך געפונען די פריערדיקע דורות, פון וועמען ער האָט באַקומען זיין פיזיאָלאָגישע ירושה.

פּר. אַדלער פאַרשטייט אויך נישט, אַז דאָס קוואַליפיצירן זיי אַלס אַזעלכע איז אויך אָפּהענגיק פון די אַרומיקע אומשטענדן, ד.ה. אַז ווען די אָרגאַנען זענען צוגעפּאַסט צו אָט די אומשטענדן און העלפן, אַזוי אַרום, דעם מענטשן אין זיין קאַמף פאַר עגזיסטענץ, דעמאָלט ווערן זיי געשאַצט אַלס ווערטפולע, אין קעגנפאַל האַלט מען זיי פאַר מינדער־

ווערטיק.

דאָס וואָס איז אָבער מינדערווערטיק אין איין געזעלשאַפט, קען אָפט זיין ווערטפול אין אַ צווייטער געזעלשאַפט, און פאַרקערט.

דער אינפעריאָריטי קאָמפּלעקס פון יענע מענטשן, וואָס זעען די איינציקע מעגלעכקייט צו דערגרייכן זייער ציל, נאָר דורך דעם אַראָפּ־זעצן און דערנידריקן דעם צווייטן (פיזיש אָדער גייסטיק), כדי אַזוי אַרום זיך צו דערהויבן אויף דעם אַנדערנס חשבון, אָט דער אינפעריאָ־ריטי קאָמפּלעקס איז אויך נישט קיין ריין אינדיווידועלע אייגנשאַפט, נאָר ער בילדעט זיך אויס דורך דער בורזשואַזער אָרדנונג, וועלכע שאַפט אַן אויסגעצייכנט פעלד פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַזעלכע אַס־פּיראַציעס און פון אַזאַ מין אופן פון דענקען.

די קאָנקורענץ און דער אינדיווידואַליסטישער קאַמף פאַר עגזיס־טענץ אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, וועלכער הויבט זיך אָן נאָך אין דער שולע און ווערט שוין ביי די קינדער פאַרשטאַרקט, דורך דעם סיסטעם פון נאָטן און אויסצייכענונגען (אַ קעגנזאַץ צו אָט דער סיסטעם איז דער סאָציאַליסטישער געוועט, ביי וועלכן ס׳ווערט פאַר אַלע גע־שטעלט אַ געמיינזאַמער אידעאַל און ס׳דאַרפן דורך דעם געוועט דער־גרייכט ווערן אַלגעמיינע אינטערעסן), פונקט ווי דער פאַקט וואָס אין אָט דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט לייגט מען די גרעסטע אַכט אויף די פעאיקע און מען פאַרנאַכלעסיגט די שוואַכערע, אָנשטאָט זיי צו דערמוטיקן, אָט דאָס אַלעס דריקט נאָך מער אַרונטער די שוואַכערע, און שאַפט ביי זיי די איבערצייגונג, אַז ס׳איז זיי אוממעגלעך צו באַקעמ־פן זייער מינדערווערטיקייטס געפיל; כדי אָבער צו געפינען כאָטש אַ טיילווייזע קאָמפּענסאַציע פאַר זייער שטרעבונג צו געלטן, זוכן זיי צו אונטערדריקן אַנדערע, וואָס זיינען נאָך שוואַכער פון זיי; אין באַצוג צו די שטאַרקע בלייבן זיי, דאַקעגן, קנעכטיש, אונטערטעניק און באַשיידן. אין געוויסע פאַלן שאַפן זיך דערביי אַזעלכע טיפן, וואָס דערגייען ביז צו פאַרצווייפלונג און ווערן אין זייער יאוש דערשלאָגן, אַפּאַטיש און אומ־זיכער, זיי הערן אויף צו גלויבן אין די אייגענע כחות און שטעלן נישט אויף זייער אייגענער מיינונג.

ביי די שטאַרקערע און טאַלענטירטע ווערט אין דער זעלבער צייט נאָך מער פאַרגרעסערט די איינבילדונג, וואָס די עגזיסטירנדיקע אָרדנונג האָט אין זיי געציכטעט, אויף יעדן שריט און טריט פּרווון זיי צו גיבן יענעם צו פילן זייערע פאָרטיילן, זיי טרעטן מיט די פיס יענעמס אַמ־ביציע און איבערצייגונג, כדי זיך צו פאַרזיכערן אין דעם קאַמף פאַר געלטונג און כדי צו באַקעמפן דאָס אינערלעכע געפיל פון מינדערווער־טיקייט, וואָס שאַפט זיך ביי זיי דורך דער מורא צו פאַרלירן די גאַנצע פּאָזיציע, ביי דעם קלענסטן דורכפאַל.

דער קאַמף פאַר געלטונג אַנטוויקלט זיך דורך נאָך פיל פאַרשידענע זייטן־וועגן און אומוועגן, פאַר אונז איז אָבער וויכטיקער פון אַלעמען יענער אופן פון קאַמף מיט דעם מינדערווערטיקייטס געפיל און פון שטרעבן צו געלטונג, לויט וועלכן ס'ווערט געשטעלט אַ ציל, אַ אידעאַל, און דער מענטש באַמיט זיך אים צו דערגרייכן דורך דערקענטעניש און צופאַסונג.

אויף אַזאַ אופן דאַרפן אונזערע קינדער און יוגענטלעכע געפירט ווערן אין דער ריכטונג פון די צילן פון דער געזעלשאַפט, וואָס שטרעבט פאַרויס און איז פראָדוקטיוו און צוועקמעסיק איינגעאָרדנט.

פונקט ווי ס'איז נישט גערעכט פר. פרויד, וועלכער האַלט, אַז די עראָטיק איז די הויפט קראַפט פון מענטשלעכן לעבן און שטרעבן, אַזוי איז אויך נישט גערעכט פר. אַדלער, וואָס האַלט פאַר דער הויפט קראַפט די שטרעבונג צו געלטן; אַט די צוויי שטרעבונגען, פונקט ווי שרעק און ווי אַלע אַנדערע אימפולסן זענען בלויז טיילן פון דעם מענטשנס קאַמף פאַר עגזיסטענץ (ד.ה. פון דעם דראַנג צו לוסט און פון דעם ווידערשטרעבן קעגן דער אומלוסט), וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר, פון זיין זייט, אַ פראָצעס פון טראַנספאָרמאַציע פון מאַטעריע און ענערגיע. די ענערגיע ווערט פראָדוצירט דורך די פיזיאָלאָגישע אַקטן, ווי אונזער פאַרדייאונג, אָטעמען און אַזוי ווייטער, און די לעצטע, ווידער, ווערן באַשטימט דורך די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אומשטענדן.

(כאָטשע אַלע דערמאָנטע פסיכאָלאָגן שטעלן זיך ערטערווייז אָפ אויף דער ווירקונג פון די אָביעקטיווע פאָליטישע און עקאָנאָמישע אומשטענדן, באַזונדערס דאָרט ווו זיי פרווון צו ברענגען קאָנקרעטע אילוסטראַציעס און זיי שטויסן זיך דירעקט אָן אויף אָט די אומשטענדן, ווערט דאָס אָבער ביי זיי געמאַכט אַזוי בדרך אגב און דאָס שטימט אַזוי ווייניק איין מיט די פאַרשידענע מיסטישע, אָדער איזאָלירטע אינדיווידואַליסטישע אויסטייטשונגען, אַז ביי אַ סך פון זייערע נאָכפאָלגער האָט זיך אויסגעבילדעט אַן אמת אומגעלומפערטע און פאַרפירערישע מיינונג, אַז פאָליטישע געשעענישן זענען אַ פראָדוקט און, אַלס אַזעלכע, אָפהענגיק פון פאַרשידענע פסיכאָלאָגישע קאָמפלעקסן פון טיראַנען און מאַסן פסיכאָזן און אַז זיי קענען באַקעמפט ווערן דורך פסיכאָלאָגישע באַהאַנדלונגען).

רעלאַטיוו צו די אָביעקטיווע, סאָציאַלע און עקאָנאָמישע אומשטענדן, וועלכע ווערן דאַן דורך דער מענטשלעכער ענערגיע פאַרענדערט, און ענדערן זי ווידער צוריק, ווירקן זיך אויס די פאַרשידענע פאַרמען פון די מענטשלעכע אימפולסן.

אַ חוץ דעם פראָצעס, לויט וועלכן ס'אַנטוויקלען זיך די ווירקונגען פון די אָביעקטיווע אומשטענדן אויף דער מענטשלעכער פיזיאָלאָגיע,

און פון דער פיזיאָלאָגיע אויף דער פּסיכאָלאָגיע, און דאַן צוריק פון דער פּסיכאָלאָגיע אויף דער פיזיאָלאָגיע, און פון דער פיזיאָלאָגיע אויף די אָביעקטיווע אומשטענדן; אַ חוץ אַט דעם פּראָצעס באַווירקן זיך די פּסיכאָלאָגישע אימפּולסן אויף קעגנזייטיק.

(דער דערציער דאַרף דערפאַר נישט נאָר קענען די אַלגעמיינע געזעצן פון דער אַנטוויקלונג פון די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אומשטענדן און פאַרשטייען די ווירקונג, וואָס זיי איבן אויס אויף דער פּסיכאָלאָגיע פון מענטשן, נאָר ער מוז זיך אויך קענען אָריענטירן אין יעדן מאָמענט לויט אַט די געזעצן און ווירקונגען, כדי צו עקספּלאָאַטירן די אָביעקטיווע מעגלאַכקייטן פאַר אַ סוביעקטיוו מענטשלעכער פאַרפאָלקאָמונג).

אַזוי גייען די עראָטישע געפילן, וואָס ווערן רייף דורך דעם יוגענט־לעכנס פיזישער אַנטוויקלונג, האַנט אין האַנט מיט אַ געשטייגערטער שטרעבונג צו געלטן און אַ פאַרשטאַרקטער ווּיסנסדורשט.

פון דער פריסטער יוגענט דאַרפן מיר זיך דערפאַר גרייטן צו דעם אַנטשיידנדיקן מאָמענט און וואַרגזאַם באַהאַנדלען די קנאָספּן פון די פאַר־שידענע אימפּולסן, כדי זיי צו גיבן די געוווּנטשענע, סאָציאַלע און פאָלקאָמענע ווענדונג.

## סאָציאַליסטישער מעטאָד פון דערציונג

ווי מיר האָבן שוין איינמאָל אָנגעוויזן, קען דער דערציער נישט אָננעמען קיין נייטראַלע שטעלונג צו דער ריכטונג, אין וועלכער דאָס קינד אַנטוויקלט זיך, ווייל ער מוז דיריגירן און באַאיינפלוסן אַט די אַנט־וויקלונג. פאַר דעם קינד איז פאָלגלעך אוממעגלעך צו זיין אימגאַנצן פריי, סיי דירעקט אין זיינע אָנשויאונגען און שטעלונג צום לעבן, סיי אין דעם אויסוואַל פון די מיינונגען, ווייל אויך דאָס אויסערלעך פרייע אויסקלויבן, איז אויך אָפּהענגיק פון די ווירקונגען, וועלכע מען האָט אויף אים פריער אויסגעאיבט.

די פּראָבלעמע, צי דאַרף די דערציונג זיין אַ פרייע, צי נישט קיין פרייע, האָט דורכגעמאַכט אַ לאַנגע אַנטוויקלונג און איז אַ סך אַרום־גערעדט געוואָרן, אַט די לאָזונג פון פרייער דערציונג האָט געהאַט אַ גרויסן ווערט, דעמאָלט ווען זי איז אַרויסגערוקט געוואָרן געגן דער באַרבאַריי פון דער מיטלאַלטערלעכער דערציונג און ווען זי האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ קעגנזאַץ צו די צוואַנג מעטאָדן און צו דער פאַר־גוואַלטיקונג פון דעם קינדס נאַטור.

די ערשטע צייט זענען אַלע פּראָגרעסיווע כחות מיטגעגאַנגען מיט אַט דער שטרעמונג, אָבער ווי שטענדיק, גייען די אַנאַרכיסטן, (וועלכע פאַרטרעטן מערסטנטייל די לומפּנפּראָלעטאַרישע און קליינבירגערלעכע עלעמענטן, ד.ה. די רעזערוון פונם קלאַסן קאַמף) און די סאָציאַלע פאַר־

טייען אינאיינעם אַזוי לאַנג ס'האַנדלט זיך אין באַקעמפן און צעשטערן דאָס אומגעוווּנטשענע, ווען ס'קומט אָבער צום בויען, דעמאָלט שטייען די אַנאַרכיסטן אָפּ, זיי בלייבן ביי די שרייענדיקע ווערטער און ביי דער אויפגערעקטער שטימונג; די סאָציאַלע אָרגאַניזאַציעס, דאַקעגן, ווען נאָר זיי באַהערשן די לאַגע, הויבן זיי אָן זי צו שטודירן און אָרגאַניזירן אויף אַ צוועקמעסיקן אופן. דאָס זעלבע איז אויך פאָרגעקומען אין דעם געגעבענעם פאַל, די בויער האָבן זיך פאַר אַלעמען געשטעלט די פראַגע, וואָס איז אַזוינס פרייהייט, צי איז זי בכלל פאַראַן און וואָס פאַר אַ פּאָזיטיווע רעזולטאַטן ברענגט זי מיט זיך.

ביי אַ נענטערער באַטראַכטונג זעען מיר, אַז פרייהייט אין אַבסאָלוטן זין פון וואָרט עגזיסטירט נישט און איז נישט מער ווי אַ קליינבירגערלעכער פאָראורטייל, ווי לעניו האָט דאָס באַצייכנט, דאָס זעלבע גילט אויך בנוגע פרייער דערציונג. מיר וואָלטן זי געקאָנט אַזוי אָנרופן, ווען מיר קענען איזאָלירן דאָס קינד פון יעדן איינפלוס, אַזאַ זאַך איז אָבער אוממעגלעך, ווייל אפילו אין אַ מדבר בלייבט די ווירקונג פון זאַמד, הימל און ווילדע חיות, ד.ה. נישט פריי.

אונזער עקזיסטענץ איז אומצוטרענבאַר פון דעם אַרום, פון ווירקונגען, פאַרבינדונגען און קאָנטאַקט; און אויב ס'מוזן זיין השפעות, איז דען גלייכער זיי זאָלן קומען פון אומגעוווּנטשענע קוועלן, פון אַנאַרכישע ווירקונגען און צעשויבערטע, אויף גאָטס־באַראָט־פאַרלאָזטע איינדרוקן? איז דען נישט גלייכער צוועקמעסיק, אָרגאַניזירט און באַוווסטזיניק זיי צו באַשטימען און איינאָרדנען? מיר ווילן אָבער אויך נישט טיראַניזירן און דיקטירן דעם קינד, מיר ווילן נישט באַרויבן זיין איניציאַטיוו, און דערצו קען אונז דינען די דאלטאָן סיסטעמע, (וועלכע מיר דאַרפן אָבער אָננעמען ערשט נאָך דעם וואָס מיר האָבן זי פריער געמאַכט מער ראַציאָנעל און פאַרפאָלקאָמט) וואָס העלפט מיט דער אַנטוויקלונג פון זעלבסטשטענדיקייט, אַקטיוויטעט און זעלבסטבאַוווסטזיין פון דעם קינד.

אונטער דער קאָנטראָל פון אָט דער פאַרבעסערטער, געוויסנהאַפטער און באַוווסטזיניקער מעטאָדע פון דערציונג, קעמפט דאָס קינד פאַר זיין פּאָזיציע אין דער סביבה, אין וועלכער עס לעבט און צווישן די אָביעקטן, וואָס רינגלען אים אַרום, ווי אויך פאַר דער מעגלעכקייט אויסצופּרווון, דורכצולעבן און דערפאַרן די פאַרשידנסטע געשעענישן און דערשיינונגען; דערקענען די עמאָציעס און באַהערשן דאָס וויסן.

די ענערגיע דאַרף דערביי נישט פאַרווענדעט ווערן אויף קיין אומנויטיקע אָנשטרענגונגען (און דאָ שטעקט טאַקע דער חסרון פון דער דאַלטאָן סיסטעמע, מיט וועלכער ס'ווערט פאַרשווענדעט זער פיל כח אומזיסט, אויב מען נעמט זי אָן מעכאַניש און קריטיקלאָז). מיט דער

הילף פון דער וויסנשאַפט און די דערפאַרונגען פון דעם פעדאַגאָג, דאַרף דער וועג פאַרקורצט ווערן און ס'מוזן אויסגעמיטן ווערן אומנויטיקע איבערחזרונגען און דורכפאַלן. איינצייטיק דאַרף מען אָבער זאָרגן, אַז דאָס קינד זאָל אויף אַ מינוט נישט בלייבן פּאַסיוו, ס'זאָל זיך אַליין אי־בערצייגן, זעלבסטשטענדיק קאָנסטאַטירן, אויסקלויבן, אַסימילירן און שאַפן.

אויב מיר אָנערקענען אַז אין דער דערציונג מוז באַנוצט ווערן אמת און אָפנהאַרציקייט, דאַרף אונזער מעטאָד זיין געווענדעט דערצו מיר זאָלן אַריינפירן דאָס קינד אין דעם אַלגעמיינעם לעבן, אין די ראַנגלע־נישן און שטרעבונגען פון די דערוואַקסענע. אויף אַ צוגענגלעכן אופן דאַרף מען אים דערקלערן די געשעענישן, וואָס קומען פאָר אַרום אים, די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע סיטואַציע, אין וועלכער ער געפינט זיך. ס'איז נישט ריכטיק אַז דאָס קינד אינטערעסירט זיך נישט מיט די אַרו־מיקע אומשטענדן און מיט די פּאָליטישע און סאָציאַלע דערשיינונגען, פאַרקערט, עס פילט די גרעסטע אויפרעגונג און פאַרצווייפלונג ווען מען שטופּט אים אָפּ און מען פאַרדעקט פאַר אים די אַלגעמיינע אינטערעסן.

מיר מוזן אויך פּאַרטייאיש און סאָציאַל דערציען אונזערע קינדער. זיי דאַרפן פאַרשטייען די באַדייטונג און ציל פון דער געזעלשאַפט. קלאָר, אַז אַזאַ דערציונג לוינט נישט דער בורזשואזיע, דאָס לוינט איר אָבער אויך נישט ביי די דערוואַקסענע. מען דאַרף נישט מורא האָבן, אַז די פּארטיי אינטערעסן זענען צו דערב, אַלס אַ טייל פון לעבן, קענען זיי דאָך נישט זיין דערבער פון דעם לעבן אינגאַנצן. ווילן מיר דען אָפּ־שליסן פאַר אונזערע קינדער די באַדייטונג פון לעבן און די קוואַלן פון לוסט און פרייד, וועלכע זענען אויסער דעם נישט צו געפינען.

קיין איין פּעריאָד אין מענטשלעכן לעבן דאַרף דערביי נישט פאַר־נאַכלעסיקט ווערן צוליב אַ כלומרשטן געווינס, וואָס מען וועט דערפאַר האָבן אין אַ צווייטן פּעריאָד, ווי דאָס פּרווון צו־תכליתדיקע עלטערן און דערציער איינצורעדן דעם קינד און אויך זיך אַליין.

געניסן דאַרף מען דאָס אייגנאַרטיקע, וואָס יעדער עטאַפּ אין מענטשלעכן לעבן ברענגט. ווערטפול איז דער מענטש אימגאַנצן.

אין דער שטרעבונג צו פּאָלקאָמענקייט דאַרף דער אידעאַל אָבער זיין ד ע ר ר י פ ע ר ס אָ צ י אַ ל ע ר מ י ט ג ל י ד, ווייל אין דעם פּעריאָד דערגרייכט דער מענטש דעם קולמינאַציע פּונקט פון די אייגענע מעגלעכקייטן.

מיט דער גרעסטער פאַראַכטונג דאַרף מען אָפּוואַרפן די חנופה און לאַקייאישע באַוווּנדערונג פאַר דער „יוגענט", וועלכע רופן אַרויס ביי דער לעצטער אַ מין סנאָביזם און לעמען איר שטרעבן ווייטער.

אונז געפעלן נישט קיין קרעטינען און קיין מענטשן, וואָס זענען

פאַרבליבן ביים קינדערישן שכל און נישט־דערוואַקסענעם גייסט.

די יוגענט, פונקט ווי די קינדהייט, זענען שוין נאָר אַלס מעגלעכ־קייטן, אַלס בלומען, וואָס דאַרפן רייפן צו פּרות. שטאַרק און פריש זע־נען זיי נאָר אין זייער ווייטער שטרעבן און אין דעם דינאַמישן ווערן, אָבער קיינמאָל נישט אין זייער זעלבסטצופרידנקייט, וועלכע איז צו באַ־מערקן אין די בירגערלעכע יוגענט באַוועגונגען.

ביים פּראָלעטאַריער, אין אַן אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט, איז נישטאָ דער שאַרפער איבערגאַנג פון דער יוגענט, פון דעם „פייער אין בלוט", צום בעל הביתלדיקן, ער בלייבט יונג אויך דעמאָלט ווען ער ווערט על־טער אין די יאָרן. אין אַ קלאַסנלאָזער געזעלשאַפט איז דערפאַר נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר קיין אַנטאַגאָניזמען צווישן עלטערן און קינדער, צווישן אַלטע און יונגע.

דער סאָציאַלער אידעאַל דינט אַלס אַן אַנטיטעזע, סיי צו דער לייכט־זיניקייט און אומדערפאַרנקייט פון דער יוגענט, סיי צו דער טרעגהייט און קאָנסערוואַטיזם פון די עלטערע מענטשן.

אָט די אַנטיטעזע אַנטוויקלט ביי די ערשטע אַן ערנסטע באַציונג צו די עלטערע, פון וועלכע זיי ווילן זיך לערנען, און ביי די אַנדערע בילדעט זי אויס די שטרעבונג צו באַהערשן די נאַטור, צו לייסטן אַ ווידערשטאַנד דער צייט און ביז צו די לעצטע כחות זיך צו באַוועגן ווייטער אינאיינעם מיט דער יוגענט.

אַזוי בויעט איין דור פאַרן אַנדערן, און דער צווייטער קריטיקירט לאָיאַל און באַוווסטזיניק דאָס דערוואָרבענע, קלויבט אָפּ דאָס נויטיקע און בויעט ווייטער.

קאַפּיטל 21.

## דער איינפלוס פון דעם דערציערס כאראקטער אויף דער מענטאליטעט פון קינד.

מענטשן מיט „מאָדערנע" אַנשויאונגען האַלטן געוועגלעך פון פרייער דערציונג, ווען ס׳קומט זיי אָבער אויס צו פאַרווענדן אין לעבן אָט די אַנשויאונגען איז נישט נאָר וואָס זיי האַלטן זיך נישט ביי זיי, נאָר זיי שפרונגען אָפּט אַריבער אין אַ פאַרקערטער זייט און באַנוצן גע־וואַלט, זיי שלאָגן דאָס קינד און באַליידיקן עס.

צווישן די „פרייע" דערציער טרעפן זיך אויך אַזעלכע, וואָס ווערן אַפּהענטיק און וויסן נישט ווי אַזוי זיך אַן עצה צו געבן מיט דעם קינד. איןביידע פאַלן קענען די דאָזיקע מענטשן נישט שאַפן ביי די קינדער קיין ליבע און אַכטונג צו זיך, במילא איז זייער דערציונג גאַרנישט

ווערט, אָדער גאָר שעדלעך. זער כאַראַקטעריסטיש איז דער קליינער אַנעקדאָט, וואָס קאָן אונז דאָ דינען אַלס אַן אילוסטראַציע און לויט וועלכן ביי פרווידס אַן אַנהענגער, אַ מענטש וואָס האָט געהאַלטן פון פרייער דערציונג, האָט זיך אַמאָל געטראָפן, אַז זיין קינד האָט זיך שטאַרק צעשפּילט, ס׳האָט אָנגעהויבן צו ווייזן און איז געוואָרן ווילד, ווי דאָס טרעפט אָפט מיט קינדער. דער פאָטער האָט אים נישט גע־וואָלט מאַכן קיין באַמערקונג, ווייל לויט זיינע טעאָריעס דאַרף מען לאָזן דעם אומבאַוווסטזיין זיך פריי אויסווירקן ביים קינד, אָבער דאָס קינד איז וואָס אַמאָל געוואָרן ערגער, נישט פילנדיק אויף זיך קיין שום אויפזיכט, איז עס אימגאַנצן אַרויס פונם געלייז, ס׳איז שטאַרק צעלאָזט געוואָרן און אָנגעהויבן אַזוי צו קריכן אויפן קאָפּ, אַז ס׳איז שוין אימ־גאַנצן אוממעגלעך געווען פון אים אויסצוהאַלטן, אפילו שרייען און וואָ־רענען האָט שוין אויך נישט געהאָלפן, ביז דער „פרייער דערציער“ האָט אים גוט אָנגעשמיסן אין אונטער . . . באַוווסטזיין.

די ענערגיע פונם קינד איז כאַאָטיש, מען מוז שאַפן אַ געוויסע אָרדנונג אין איר און זי ווענדן אין דער געוווּנטשטער ריכטונג, ווייל זי קאָן ווי אַ פייער פאַרנוצט ווערן צוועקמעסיק, אָדער ברענגען דעם גרעסטן שאָדן.

פריי דערציען, הייסט בכלל נישט דערציען, ווייל קיין פרייהייט אין פאָזיטיוון זין עגזיסטירט נישט, זי עגזיסטירט בלויז אַלס אַ באַגריף פון נעגאַציע, אי דאָס נאָר אין רעלאַטיוון זין. ערלעכע מענטשן, וואָס ווילן נישט פאַרבלענדן די אויגן, נאָר ווירקלעך פאַרווענדן די שיטה אין לעבן, מוזן זיך איבערציגן, אַז זי פירט צו כאַאָטישקייט און שלעכטע רעזולטאַטן.

איידער דער דערציער טרעט צו צו זיין אַרבעט, מוז ער גוט קאָנ־טראָלירן זיין סיסטעמע, אָבער ווען ער קומט שוין דערציען דאָס קינד, טאָר ער נישט אַרויסווייזן קיין שום וואַקלענישן און אומאַנטשלאָסנ־קייט, ווייל אויב ער ווייזט אַרויס אַ שוואַכקייט, פאַרלירט צו אים דאָס קינד דעם גאַנצן צוטרוי און אינטערעס. צו דער גלייכער צייט טאָר אָבער דער דערציער אויך נישט שפּילן דעם „אַל־וויסנדיקן“ און „אַל־מעכטיקן“, ער דאַרף אויך נישט אָנהענגען אַזעלכע געדאַנקען, וועלכע זענען דעם קינד גאַנץ פרעמד און אוממעגלעך צו פאַרדייען. נאָר ער דאַרף פירן די קינדער אין די וועגן, ווו זייער אויג קען זיך אָנשטויסן אויף די וויכטיקסטע פאַקטן אין לעבן, אויף די באַדייטנדיקסטע סאָציאַלע פּראָבלעמען. דאָס מוז דורכגעפירט ווערן אויף פאַרשידענע אופנים; ווי דורך לאָזן דאָס קינד דירעקט באַאָבאַכטן און דורך ליטעראַטור, דורך דערציילונגען וואָס שפּיגלען אָפּ אין זיך דאָס לעבן א.אז.וו.

דער דערציער דאַרף שטעלן די קינדער פראַגן, אָבער אַזוי, אַז זיי זאָלן נישט קענען ענטפערן אויף זיי מיט בלויז יאָ, אָדער ניין, ער דאַרף אַרויספאָדערן זייער מיינונג און זיי הייסן רעאַגירן; אויף אַזאַ אופן באַקעמפט ער די אינערטישקייט און טרעגהייט פון זייער דענקען און העלפט זיי זיך צו שאַפן אַ קריטעריום און צוגאַנג צו זאַכן.

דער דערציער דאַרף לאָזן יעדעס קינד אַרויסזאָגן זיין מיינונג ביז צום סוף, דערנאָך דאַרף ער אָנווייזן די דעפעקטן און אויך די ריכטיקע זייטן פונם קינדס דענקען. אין פאַל ווען דאָס קינד ווייזט אַרויס אַן אומלאָגישן דענקונג סיסטעם, דאַרף מען אָנווענדן די זעלבע מעטאָדע פון לאָזן אים אויסרעדן זיך און אויף אַזאַ אופן אַליין צו דערגייען צום אַבסורד, וועלכער מוז קומען אַלס דער רעזולטאַט פונם נישט ריכטיקן דענקען. אַזוי אַרום איז לייכטער צו איבערצייגן דעם קינד; און אָפט איבערצייגט זיך עס שוין אַליין אויך אין זיין טעות. דער לערער דאַרף נאָר אָנווייזן ווו ס׳שטעקן די געמאַכטע פעלער, פון וואַנעט זיי האָבן זיך גענומען און ווי אַזוי מען זאָל זיי אויסמיידן.

אין פאַל ווען דאָס קינד ווייזט אַרויס אַ נישט גענזעלשאַפטלעך און נישט גענוג מענטשלעך אורטיילן, דאַרף דער דערציער אויפדעקן די סיבות און קלאָר מאַכן דעם פאַל, דערביי שטויסן דאָס קינד ס׳זאָל מאַכן אַ פאַרגלייך מיט זיך אַליין, בכדי ס׳זאָל קענען איינזעען און דערפילן, אַז ס׳האָט שלעכט געאורטיילט.

אין תוך גענומען, זענען די געזעצן פון קאַוזאַליטעט, לויט וועלכע די מענטשן אַנטוויקלען זיך, איינע און דיזעלבע, און אויב דאָס קינד רעאַגירט נישט גוט אויף געוויסע דערשיינונגען, האָט עס דאָס פון ערגעץ גענומען, פון אימיצן געהערט. דער דערציער קען דערפאַר אָפט זער גרינג צעשטערן די פאַלשע ווירקונג, ווען ער פירט צוריק דאָס קינד צום אויסגאַנג־פונקט און העלפט אים שאַפן אַ נייע מיינונג.

דאָס קינד דאַרף לערנען סיי זיינע אייגענע און סיי יענעמס טאַטן צו אורטיילן רעלאַטיוו צו די געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן, וועלכע דער דערציער מוז שטענדיק ברענגען דעם קינד.

יענע דערציער וואָס ווילן איינרעדן, אַז זיי זענען גאַנץ אָביעקטיוו און האָבן נישט קיין באַשטימטע פּאַרטייאישע ריכטונג, זענען אָדער פאַלש, אָדער זייער אידעאַל איז צו נישטיק מען זאָל אים קענען אָנערקענען. סיי ווי סיי זוכט דאָס קינד אידעאַלן, און אין פאַל ווען דער דערציער ווייזט זיי אים נישט אָן, געפינט ער זיי ערגעץ אַנדערש, אַמאָל אין די דעטעקטיוו ראָמאַנען, ביי שערלאָק האָלמס, אַמאָל אין גאַס, ביי די באַקסערס און אַמאָל ביי די גענגסטערס.

מ׳באַמערקט ביי קינדער, וועלכע ווערן כלומרשט פריי דערצויגן,

אַז זיי זענען שרעקלעך עגאָאיסטיש, ווייזן נישט אַרויס קיין שום אינטע־רעס פאַר יענעמס מיינונגען, זיי מיינען, אַז זיי טוען אַ טובה, ווען זיי הערן אימיצנס געדאַנקען. זיי האָבן נישט קיין קריטעריום צו קאָנטראָ־לירן זיך און די ארומיקע ווערטן און זענען דערפאַר אומבאַהאָלפן, קאַפּ־ריזנע און עגאָצענטריש אין זייער אורטיילן.

די ריכטיקע סיסטעמע פון סאָציאַלער דערציונג איז צו אָרגאַניזירן דאָס קינד פאַר זיין זעלבסט דערציונג, ד.ה. אַז די אָריענטאַציע, וועלכע מען מוז דעם קינד ברענגען, זאָל פון אים נישט מעכאַניש אָנגענומען ווערן, נאָר דאָס קינד זאָל צו איר קומען דורך זיינע דערפאַרונגען, זי זאָל אַרויסדרינגען פון זיין אייגענער פאַר־שטעלונג און פון די געפילן, וועלכע מוזן זיך פון אָט די דערפאַרונגען אַנטוויקלען.

דער דערציער דאַרף זיך דערביי אומבאַדינגט צופּאַסן צו דעם טעמפּאָ און צו דער שטופע פון דעם קינדס אַנטוויקלונג, ער דאַרף אויך שאַפן צו זיך צוטרוי, אַכטונג און פריינטשאַפט, ער מוז דערביי אַרויס־ווייזן ווירדע און זיין אַ באַוווסטזיניקער און דרייסטער פירער. מיט זיין הילף דאַרף דאָס קינד געפירט ווערן אין דער ריכטונג פון די געזעל־שאַפטלעכע אידעאַלן . . .

דער וויכטיקסטער דערציער פון דעם קינד, פונקט ווי פון דעם דערוואַקסענעם מענטשן, איז די געזעלשאַפט אין וועלכער ס׳געפינט זיך.

די לאַגע, וואָס דאָס געגיבענע קינד פאַרנעמט רעלאַטיוו צו דער אַנטוויקלונג פון די עקאָנאָמישע אינטערעסן און צו דעם צושטאַנד פון דער סאָציאַלער אָרדנונג, אָט די לאַגע זיינע פאַראורזאַכט הויפּטזעכלעך די רעאַקציאָנערע, אָדער רעוואָלוציאָנערע אידעאַלן, די סאָציאַלע, אָדער אַנטיסאָציאַלע ריכטונגען אין זיין פּסיכאָלאָגיע.

דער לערער, וועלכער איז אַליין אויך אָפּהענגיק פון די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אומשטענדן, קען נאָר פאַרשנעלערן און פאַרפאַלקאָמען, אָדער פאַרהאַלטן און פאַרקריפּלען אָט די אַנטוויקלונג, ער קאָן זי אָבער נישט אימגאַנצן ענדערן.

ס׳איז זער וויכטיק אַז דער לערער אַליין זאָל נישט זיין קיין באַנאַלער מענטש און ער זאָל נישט האַלטן, ווי דער שול לערער פון טשעכאָווס אַ דערציילונג, אין איין דעקלאַמירן פאַר די קינדער אַלגעמיין באַוווסטע אמתן און שאַבלאָנע פראַזעס, ווייל דערמיט מאַכט ער זיי פאַר פּרוכטלאָזע מענטשן.

דער לערער דאַרף העלפן די קינדער אויסצובילדן זייערע מיטלען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ, די מיטלען, וועלכע ווערן אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט אָנגעווענדעט

אויף צו דערווערבן די דערקענטניש און באַהערשונג פון די אָביעקטיווע נאַטור געזעצן, אויף דער דערקענטעניש און באַהערשונג פון די סאָציאַלע, עקאָנאָמישע און פסיכאָלאָגישע אייגנשאַפטן, ווי אויך אויף צו שאַפן אַ געזונטע געזעלשאַפטלעכע אָריענטאַציע און אויף דער פאַרפאָלקאָמונג פון דער טעכניק און פון די אינדיווידועלע אייגנשאפטן און פעאיקייטן.

די באַנאַליטעטן און פראַזעס ווענדן אָפּ דעם קינדס אויפמערקזאַמקייט פון דער שטרעבונג צו פאַרפאָלקאָמונג און מאַכן אים גייסטיק פויל און אינערטיש, די קינדער הערן אויף זיך אָנצושטרענגען און בלייבן אומבאַוועגלעך אין זייער גייסטיקער אַנטוויקלונג און אונטערשטעליק אין דעם אויסבילדן דעם סאָציאַלן ווערט פון זייערע מיטלען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ.

קאַפיטל 22.

## נאאיוויטעט אין ליכט פון דער סאציאלער דערציונג.

פאַר דער דערציערישער אַרבעט, וואָס דרינגט אַרויס, דירעקט, אָדער אינדירעקט, פון יעדער קינסטלערישער שאַפונג, פון אַלע פעדאַגאָגישע ווירקונגען, פונקט ווי פון יעדן סאָציאַלן, פיזישן, אָדער גייסטיקן, עקאָנאָמישן און קולטורעלן קאָנטאַקט (דורך יעדן סאָרט פון סאָציאַלן קאָנטאַקט נעמען מיר אויף און אַסימילירן פרעמדע ווירקונגען, ד.ה. מיר געווינען די מעגלעכקייט פאַר אונזער זעלבסט דערציונג, און מיר באַווירקן דערמיט אייגנצייטיק אויף דעם מיטמענטשן און סטימולירן זיין דערציען זיך). פאַר אָט דעם דערציערישן ווערט איז זער וויכטיק צו קאָנטראָלירן די שפּראַך און די באַגריפן, מיט וועלכע מען אָפּערירט און וואָס ווערן זער אָפט אויסגעליידיקט פון זייער אינהאַלט.

אויב מען טוט דאָס נישט, קענען די באַגריפן פאַרטונקלען דעם מוח, אַנשטאָט אים אויפצוקלערן.

דאָס זעלבע איז אויך געשען מיט די באַגריפן נאַאיוויטעט און מאָראַלע ריינקייט, וועלכע ווערן אָפט באַטראַכט אַלס סינאָנימען.

כדי אָט די צווי באַגריפן צו קאָנטראָלירן דאַרפן מיר צוערשט זען פון וואַנעט דער באַגריף נאַאיוויטעט קומט, וואָס פאַר אַ פונקציע ער דערפולט אין לעבן, וואָס פאַר אַ שייכות די נאַאיוויטעט האָט צו מאָראַלער ריינקייט און צי פאַרפיינערט זי דעם מענטשן, צי גאָר פאַרקערט.

נאַאיוויטעט איז פאַר אַלעמען די אייגנשאַפט פון קינדער, דערביי זענען אייניקע פון זיי מער, די אַנדערע ווייניקער נאַאיוו, דער חלוק ליגט

אין דעם אונטערשיד פונם טעמפּעראַמענט, פון דער אויפגעוועקטקייט, פאַרשטאַנד און דורכדרינגלעכקייט פון קינד.

קינדער וואָס פאַרמאָגן די דאָזיקע אייגנשאַפטן אין אַ שטאַרקערער מאָס זענען וועניקער נאַאיוו, קינדער וואָס פאַרמאָגן די דאָזיקע אייגנ־שאַפטן אין אַ שוואַכערער מאָס זענען מער נאַאיוו.

זיין נאַאיוו, הייסט פאַרשטייען מער אויבערפלעכלעך, מאַכן פּשוטערע פאַרגלייכן און נענטערע אַסאָציאַציעס.

וואָס פאַרצווייגטער די אַסאָציאַציעס, רייכער די פאַרגלייכן און דאָס קענען צעגליפּירן די פאַרשידנאַרטיקסטע זאַכן, לויט זייער אינערלעכן מהות; וואָס טיפער מען דריגנט אַריין אין דעם זין פון אַ דערשיינונג, בילד, אָדער געשעעניש, אַלץ וועניקער נאַאיוו איז מען.

די נאַאיוויטעט פון קינדער איז נאָר אויף אַזוי פיל אינטערעסאַנט אויף וויפיל זי איז אַ שטופנווייזער איבערגאַנג פון פּשוטערע פאַרגלייכן צו מער קאָמפּליצירטע און אויף וויפיל זי ווייזט אָן די לאַנגזאַמע אַנט־וויקלונג פונם קינד און זיין נאָרמאַל אַרויסוואַקסן פון דער דאָזיקער נאַ־איוויטעט.

ס'איז טאַקע נישט גוט צופיל צו פאַרגיכערן דעם פּראָצעס פונם קינדס גייסטיקן וואַקסן, ווייל מען קען דערמיט איבעראַנשטרענ־גען און, אַזוי אַרום, שטערן די אַנטוויקלונג פון זיין געהירן.

מיר באַדויערן אויך די אויפגעוועקטקייט פון קינדער, וואָס זענען אויס־געוואַקסן אויף דער גאַס, די אויפגעוועקטקייט וועלכע האָט זיך אַנטוויקלט דורך דער נויט, שלעכטע אומשטענדן און דער רויקייט פונם לעבן. דאָס איז אָבער נאָר דערפאַר, ווייל זייער אויפגעוועקטקייט איז נישט פּראָפּאָר־ציאָנעל צו זייערע כחות און איז נישט האַרמאָניש מיט זייער גאַנצן וועזן. זיי ווייסן נישט ווי אַזוי צוועקמעסיק און אָרגאַניזירט צו פאַרווענ־דן זייער לעבנס דערקענטעניש און דאָס פירט זיי אָפט צו פערווערזיטעט און פאַרקריפּלונג.

אַדאַנק הערעדיטאַרע סיבות און דורך אַ געזונטער פיזישער און גייסטיקער דערציונג, באַזונדערס אין צייטן פון שטורמישן געזעלשאַפט־לעכן שאַפן, אין פּעריאָדן פון אויפבוי, אונטער דער ווירקונג פון שטאַרקע אָנשטרענגונגען און רייכע סאָציאַלע שטרעבונגען, אַנטוויקלט זיך ביי אַ סך קינדער אַ שטאַרקערער טעמפּעראַמענט, און דער שטאַרקערער טעמפּעראַמענט גייט האַנט אין האַנט מיט אַ רייכערער פאַנטאַזיע, מיט אַ ברייטער פאַרמעסטן זיך און מיט אַ טיפערן דורכדרינגען. דורך אָט דעם דורכדרינגען די דערשיינונגען, הויבט דאָס קינד אָן צו אונ־

טערשיידן דאָס פאַרשידנאַרטיקע אין אָביעקטן, וועלכע זענען לויט דעם ערשטן בליק גאַנץ ענלעך איינער צו דעם צווייטן, ווי אויך צו געפונען דאָס געמיינזאַמע, וואָס איז פארבאַהאַלטן אין פאַרשידענע זאַכן, אַזוי הויבט עס אויך אָן זיך פאָרצושטעלן ד אָ ס א ו מ ב אַ ק אַ נ ט ע, און ווערט פאָלגלעך אַלץ וועניקער נאַאיוו.

דער שטאַרקערער טעמפּעראַמענט, גייט אויך האַנט אין האַנט מיט אַ פאַרשטאַרקטער נייגעריקייט, און די נייגעריקייט פירט שוין צום וויסן.

פון דער ווירקונג, וואָס די סאָציאַלע אומשטענדן און דער לערער איבן אויס אויף דעם קינד, איז אָפּהענגיק ד י פ אָ ר ם א ו ן ד י ר י כ ט ו נ ג, ו ו אָ ס ד י נ י י ג ע ר י ק י י ט נ ע מ ט אָ ן. מיט זייער הילף קען זי אָפּגעווענדעט ווערן פון קליינלעכע זאַכן און געריכטעט ווערן אין דער נויטיקער און געוווּנ־טשענער זייט.

אין דער בורזשואַזער אָרדנונג האַלט מען אונטער און מען ציכטעט די מיטלאַלטערלעכע, אָפּגעשטאַנענע און נאַרישע מיינונגען, אַז ס׳איז אַ מעלה צו זיין נאַאיוו, און אַ חסרון עס נישט צו זיין.

אין אַן אמת אָבער איז נאַאיוויטעט בלויז אַ נויט, פון וועלכער אַיע, מוז ליידן און וועלכע מען מוז באַקעמפן, ביז מען ווערט פון איר

גאַגישע וועריי

ס׳איז נישטאָ קיין אַבסאָלוטע נאַאיוויטעט, פונקט ווי ס׳עגזיסטירט נישט קיין אַבסאָלוט באַוווּסט זיין איבער זאַכן;ביידע זענען בלויז רעלאַטיווע באַגריפן. מיר זענען שטענדיק אין אַ געוויסער מאָס נאַאיוו, און ביז אין אַ געוויסער שטופע באַוווּסט איבער דעם אַרום. (דאָס זעלבע איז ריכטיק אויך בנוגע דערקענטעניש און אומדערקלערבאַרקייט). אָבער ס׳איז שטענדיק פאַראַן אַ באַשטימטער סאָציאַלער סטאַנדאַרד אין פאַרגלייך מיט וועלכן מיר קענען דעפינירן די דאָזיקע, פונקט ווי אַלע אַנדערע אייגנשאַפטען און אויף אַזוי ווייט זיי אויך באַהאַנדלען באַגלייך ווי זיי וואָלטן געווען „אַבסאָלוטע“ ווערטן.

(דאָס קינד וואָס האָט אויף זיך אַן „אַלט קעפּל“, ווי דאָס ווערט געוויינטלעך באַצייכנט אין דעם פאָלקס מויל, איז אָפט אין אַן אמת נישט וויניקער נאַאיוו, ווי יענע קינדער וואָס שטעלן נאַאיווע פראַגן און שאַפן זיך נאַאיווע פאָרשטעלונגען, ווייל אין אָט די קינדערישע פראַגן און פרימיטיווע גייסטיקע קאָמבינאַציעס, איז מערסטנטייל פאַר־קערפּערט דעם קינדס גייסטיקע אָנשטרענגונג צו פאַרשטייען און אַסי־מילירן די ווערטן וואָס די דערוואַקסענע ברענגען אים, ווי אויך דעם קינדס פאָרשן די אַרומיקע אומשטענדן און זיין קאַמף מיט דער אייגענער אומבאַהאָלפנקייט, נאַאיוויטעט און אומוויסן, בשעת „דאָס אַלטע קעפּל“

רעדט אָפט נאָך און מאַכט נאָך די דערוואַקסענע פשוט מעכאַניש).

ווען די סביבה, די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע אומשטענדן איבן אָבער אויס רייכערע ווירקונגען אויף דעם קינד און סטימולירן זיין טעמפעראַמענט און פאַרשטאַנד, דעמאָלט דאַרף דער דערציער אָט דעם אומשטאַנד אויסנוצן און געזעלשאַפטלעך אָרגאַניזירן. ס'איז אָבער אַן אומזין פאַר דער דאָזיקער דערשיינונג זיך צו דערשרעקן, אָדער זי צו באַקעמפן, ווי דאָס טאָען אָפט קליינבירגערלעכע לערער.

דאָס וואַקסן פונם קינד ברענגט מיט זיך אַ באַרייכערונג פון ענערגיע, פון דענקען און פון לעבנס דערפאַרונג, במילא שוין אויך אַ פאַרמינערונג פון נאַאיוויטעט.

ברענגט אָבער די פאַרמינערונג פון נאַאיוויטעט אויך אַ פאַר־מינערונג, צי גאָר אַ באַרייכערונג פון לעבנס לוסט?

די מערהייט מענטשן וועלן ענטפערן לויט דעם שאבלאָן און איבער־חזרן די וויל באַקאַנטע פראַזן, אַז גליקלעך איז מען נאָר אין דער קינדהייט א.א.וו.

די אָנגענומענע פראַזן זענען אָבער גרונט פאַלש. דאָס קינד פילט גאָרנישט אַזוי גוט אין זיין לאַגע. ס'איז אָרימער פון דעם דער־וואַקסענעם אין לעבנס לוסט און ס'פעלט אים די אָפשאַצונג פון דעם אייגענעם גליק. און אין דער אָפשאַצונג אַליין ליגט דאָך די פרייד.

אַ געזונטער מענטש, וואָס ווייסט ווי אַזוי זיך צו באַנוצן מיט זיין וויסן און לעבנס דערפאַרונגען, קאָן האָבן אַ סך מער לוסט און פרייד, אויב ער פאַרשטעט נאָר דאָס לעבן.

ס'זענען אָבער דאָ מענטשן, וואָס פאַרבלייבן נאַאיוו אויך גרויסער־הייט, אין אַזאַ פאַל זענען זיי אָפהענטיק, נאַריש און עגאָאיסטיש (אויך קינדער זענען עגאָאיסטיש און גיבן זער שווער עפעס אַוועק דעם צווייטן). אונזער פאַרבינדן נאַאיוויטעט מיט עגאָאיזם קען אפשר אין פלוג אויס־קומען טשיקאַווע, אָבער אין אַן אמת זענען אָט די צוויי אייגנשאַפטן נעענטער צווישן זיך, ווי די נאַאיוויטעט און מאָראַלע ריינקייט, ווייל אַ נאַאיווער מענטש קען זיך בשום אופן נישט פאָרשטעלן דעם צווייטנס אינערלעכע וועלט און זי פאַרגלייכן מיט זיינער, ער קאָן נישט דורכ־דרינגען דעם צווייטנס געפילן און געדאַנקען און ער איז אויך נישט נייגעריק דערצו. ער ווערט אַמאָל אויסגענוצט, אָבער נישט צוליב זיין גוטקייט, נאָר איבער זיין נאַרישקייט און אָפהענטיקייט, ס'טרעפט אַז אַזעלכע מענטשן רעדן זיך און יענעם איין, אַז זיי זענען נביאים, קינסטלער, אידעאַליסטן, זיי באַנוצן זיך דערביי מיט קלינגענדיקע פראַזן, וועלכע זיי האָבן נישט דורכגעדרונגען און נישט קאָנטראָלירט זייער אומרעאַלישקייט.

אַזוי אַרום פֿאַרדרייען זיי אָפּט דעם קאָפּ פֿון די פֿאָלקס מענטשען, וועלכע זענען צו די פֿראַזן נישט צוגעוווינט און פֿאַרמאָגן ניט גענוג ווי זען זיי צו קריטיקירן.

אינם מויל פֿון אַזעלכע אידעאַליסטן קלינגען באַזונדערס קינדעריש נאַאיוו און פֿאַרעקשנט די פֿראַזעס איבער „פֿרייהייט", „טאָלעראַנץ" און „מענטשען ליבע". זיי זענען איבערצייגט, אַז נאָר אונטער דעם עול פֿון זייער נאַאיווער פֿלאָפּלעריי, עגאָאיסטישער צודרינגלעכקייט און קאַפּריזנער טיראַניי, געפֿונען זיך די פֿרייהייט און מענטשן ליבע, זיי באַטראַכטן די גאַנצע וועלט ווי אַ קראַנקן הויז און זיך פֿאַר די קראַנקן פֿלעגער, זענען שטענדיק פֿאַרמרהשחורעט און טראָגן אויף זיך דעם וועלט שמערץ.

נאָך מער פֿאַרפּלאָנטערט ווערן די באַגריפֿן איבער נאַאיוויטעט און מאָראַלער ריינקייט אויף דעם געביט פֿון סעקסועלן לעבן. מען מיינט, אַז די יוגענט מוז אומבאַדינגט זיין נאַאיוו און דאַרף גאַרנישט ווי זען פֿון דעם אַלעמען, וואָס האָט אַ שייכות מיט סעקס, ווייל אין קעגנפֿאַל קאָן זי נאָך פֿאַרלירן איר מאָראַלע ריינקייט און ווערן אויסגעלאַסן.

דאָס איז אָבער גרונט פֿאַלש.

אויף דעם סעקסועלן געביט לאָזט זיך אָמבולטסטן מערקן אויף וויפֿיל נאַאיוויטעט איז שטענדיק אין אַ פֿאַרקערטער פּראָפּאָרץ צום טעמפּעראַמענט.

וואָס טעמפּעראַמענטפֿולער די יוגענט איז, אַלץ מער ווייסט זי, ווייל אַלץ מער אינטערעסירט זי זיך צו ווי זען וועגן אַלעמען וואָס איז פֿאַרבונדן מיט סעקס. דאָס דאָזיקע ווי זען מוז אָבער בשום אופֿן נישט פֿירן צו קיין אויסגעלאַסנקייט, ווי מען מיינט. פֿאַרקערט ווען די דער־ציער גיבן דערצו די ריכטיקע דערקלערונגען, אַנטוויקלען דעם באַ־וווסטזיין, דאָס אורטיילן און איינציטיק דאָס באַהערשן זיך, קומט דער־מיט אויך די געזונטע און מאָראַלע באַציונג צו די סעקסועלע געפֿילן. ווייל נאָר אין אָרדנונג און אין דער באַוווסטזיניקער באַהערשונג (נישט בלויז אין דעם זיך פֿון אָבסטינענץ) עגזיסטירט ריינקייט.

דאָרט וווּ געוויסע יוגענטלעכע זענען ווירקלעך נאַאיוו, קומט עס פֿון טעמפּעראַמענטלאָזיקייט און קאַלטקייט, דאָס זענען אָפּט צעקראָכענע בלוטלאָזע מיידלעך, וועלכע בלייבן נאַאיוו אויך ווען זיי האָבן התונה, זיי טראָגן אויס אַזוי פֿיל קינדער, וויפֿיל דער מאַן הענגט זיי נאָר אָן, דערציען די קינדער שרעקלעך אָפּגעלאָזן און קענען ביי זיי בשום אופֿן נישט דערוועקן קיין שום אַכטונג צו זיך.

ביי געוויסע אומשטענדן ווערן אַזעלכע פֿרויען זער לייכט פֿאַר־פֿירט, ווייל דער שוואַכער טעמפּעראַמענט, נישט נאָר וואָס ער ווערט גרינג באַזידקט, נאָר ער וועהרט זיך אויך שוואַכער.

אָט דידאָזיקע פרויען בילדן דעם טיפּ פון דער ווילנלאָזער פּראָס־טיטוטקע. אַ געזונטע געזעלשאַפט טאָר זיי נישט נעמען פאַר קיין ביישפּיל. זיי זענען דער אידעאַל־טיפּ פון דעם מיטלאַלטער.

אַ צווייטן פאָרשטייער פון נאַאיוויטעט שטעלט מיט זיך פאָר די אַלטע יונגפרוי, די נאַאיווע, עגאָאיסטישע „העלדין" . . . נאַאיוו, אין אַ געוויסן זין, זענען אויך פויערים, באַזונדערס אין די ווירטשאַפטלעך אָפּגעשטאַנענע לענדער. זיי גיבן זיך אונטער די נאַטירלעכע עמאָציעס און קאָנטראָלירן נישט זייערע אייגענע געפילן. אויך זייער נאַאיוויטעט איז פיל מאָל באַזונגען געוואָרן, אין אונזערע צייטן, פּונקט ווי אין מיטל אַלטער, ווייל גאָטס משרתים האָבן זער גרינג געקאָנט פאַרזייען אין זייערע נאַאיווע, „ריינע הערצער" די מורא פאַר גאָט. און זיי אויסנוצן.

אַ גרויסע פּראָפּאָרץ פון סעקסועלע און אַנדערע קראַנקייטן; פון רויקייט און דערבקייט איז דערפאַר דער גורל פון פויערישן לעבן.

נאַאיוויטעט איז, אַזוי אַרום, נישט דער סינאָנים פון מאָראַלער ריינקייט, נאָר פון אומוויסן, אין פאַל ווען זי ווערט אַרויפגעצווונגען דורך די שלעכטע אומשטענדן, ווי ס'איז דער פאַל מיט די פויערים.

דעמאָלט ווען זי איז אָבער אַ אינדיווידועלע אייגנשאַפט און קומט פון אַזעלכע סיבות, וואָס שטעלן שוין, אין אַ געוויסן זין, מיט זיך פאָר דעם מענטשנס נאַטור, (ווי איינגעבוירענע, הערעדיטארע, פיזיאָלאָגישע א.א.) איז זי אַ סינאָנים פון טעמפּעראַמענטלאָזיקייט, עגאָאיזם, נאַריש־קייט און טעמפּקייט.

קיינער קען נישט אַזוי טיף באַליידיקן, ווי אָט די נאַאיווע מענטשאַ־לעך. קיינער האָט נישט געקאָנט אונטערציגנדן דעם שייטערהויפן פון אונטער די פיס פון יאָהאַן הוס, ווי די אַלטע פרוי מיט איר עגאָאיסטישער, „הייליקער" נאַאיוויטעט, בכדי אַליין אַריינצופאַלן אין גן עדן.

ס'קאָן קלינגען ווי אַ פּאַראַדאָקס, אָבער דאָך קען קיינער נישט אַזוי אויסנוצן און אָפּנאַרן ווי אָט די נאַאיווע פארשוינען.

דער קלוגער מענטש מוז פאַרמאָגן אַ געוויסע מאָס זעלבסטקריטיק, ער וויל אויך אין די אייגענע אויגן געוווּנען אַ אמת פאַרדינטע אַכטונג צו זיך און מוז זיך דערפאַר שטעלן אויך געוויסע פאָדערונגען, אָבער דער נאַאיווער קריטיקירט זיך נישט, ער איז תמיד גערעכט אין די אייגענע אויגן.

צוליב זיין טעמפּקייט באַמערקט ער נישט זיינע פעלערן, דערביי גיט אים זיין אָפּהענטיקייט און גייסטיקע שוואַכקייט אַ געוויסע פּריווי־לעגיע און ער פילט זיך אומעטום דער צדיק און די אייביק באַעולעטע גערעכטיקייט.

קאפיטל 23

## צי איז באשיידנקייט א סאציאלער ווערט?

מיר האָבן שוין אין אַן אַנדער פלאַץ אָנגעוויזן, אַז כדי דיאַלעקטיש צו פאַרשטייען און אויסצופאַרשן אַ דערשיינונג, מוז מען זי צוערשט אָפטיילן פון דעם אַרום, (דאָס מוז קלינגען פאַראַדאָקסאַל פאַר די וולגאַר מאַטעריאַליסטן) מען דאַרף אָבער קענען איינצייטיק אָנווייזן אויך דאָס געמיינזאַמע, ד.ה. מען דאַרף פאַראייניקן די פאָרשונג פון דער געגיבענער דערשיינונג מיט דער פאָרשונג פון די אומאויפהערלעכע פאַרבינדונגען מיט דעם אַרום, אין וועלכע אָט די דערשיינונג געפונט זיך אין דער רעאַליטעט. (אַזוי ווי ס'איז אָבער אוממעגלעך אַרום־צונעמען אַלע פאַרבינדונגען, מוז דער וויסנשאַפטלער וועניגסטנס טייל־ווייז אָנווייזן אויף די וויכטיקסטע פון זיי; אין פאַל דאָס איז אָבער אוממעגלעך צוליב טעכנישע טעמים דורכצופירן, דאַרף מען אָט דעם אומשטאַנד אונטערשטרייכן, כדי אָנצורעגן דערמיט די אַנדערע פאָר־שער, זיי זאָלן זיך אויף דעם אָפשטעלן, און דעם ליינער ער זאָל איבער אָט די פאַרבינדונגען דענקען).

און ווייל די באַוועגונג באַשטייט נאָר אין פאַרבינדונג און אויפ־לעזונג, קען אויך די דיאַלעקטישע דערקענטעניש דערפאַר דערגרייכט ווערן נאָר דורך דעם פריער אָפטיילן אונזער פאָרשונגס געביט און דערנאָך אים ווייטער פאַרבינדן מיט דער באַוועגונג און ענדערונג פון די אַלגעמיינע דערשיינונגען און געשעענישן, לויט די אָביעקטיווע נאַטור געזעצן.

סיי אויפלעזונג און סיי פאַרבינדונג זענען דערביי בלויז רעלאַטיווע באַגריפן און פונקט ווי ס'איז נישטאָ קיין אַבסאָלוטע איזאָלאַציע, אַזוי עגזיסטירט אויך נישט קיין אַנטגילטיקע און פאָלקאָמענע פארשמעלצונג.

יעדער אָביעקט, וואָס זעט אויסערלעך אויס ווי איין גאַנצקייט (ווי צום ביישפיל אַ טיש, אַ מענטש, אַ טעלער א.א.וו.) באַשטייט אין אַן אמת פון באַזונדערע טיילן, און אַלע זאַכן וואָס מיר האַלטן, ווידער, פאַר אָפגעטיילט איינס פון אַנדערן (ווי אַ שטייגער דעם טיש פון דעם מענטשן, אָדער דאָס בענקל פון דעם סופיט א.ד.ג.) זענען אין דערווירקלעכקייט פאַרבונדן איינס מיט דעם צווייטן און מיט דעם אַרום, דורך דער לופט, דורך דעם באָדן, און דורך אַנדערע פילפאַכיקע באַציונגען.

די פאָרשטעלונג וועגן אַן אַבסאָלוטער פאַרבינדונג איז, אַזוי אַרום,

נישט וויניקער איינזייטיק און דערפאַר פונקט אַזוי סטאַטיש, ווי די באַגריפן וועגן אַ פאלקאָמענער איזאָלאַציע.

ס׳זענען דאָ בלויז פראָפאָרציאָנעל לויזערע, און פעסטערע, אָדער געדיכטערע פאַרבינדונגען און באַציונגען, וועלכע דערגרייכן קיינמאָל נישט קיין אַבסאָלוטן גלייכגעוויכט.

דורך אָט דעם פעלן פון גלייכגעוויכט ווערט פאַראורזאַכט די אייביקע באַוועגונג. און אין דער רעגלמעסיקייט פון די פראָפאָרצן, (דער באַגריף פראָפאָרץ מיינט אויך נישט קיין אַבסאָלוטן גלייכגעוויכט, ער אַנטהאַלט אין זיך בלויז די פאָרשטעלונג וועגן דער פעסטער אָרד־נונג, אין וועלכער די נויטווענדיקע צעשטערונג און אויפשטעלונג, באַ־וועגונג און ענדערונג קומען פאַקטיש פאָר) אין די קעגנזייטיקע ווירקונ־גען, וואָס די דערשיינונגען איבן אויס איינס אויפס אַנדערע, באַשטייען די געזעצן.

דער ציל פון דער וויסנשאַפט איז בלויז צו דערקענען די פאַרשידענע פראָפאָרצן.

אַזוי ווי די לויזערע פאַרבינדונגען און באַציונגען פון אַ דער־שיינונג זענען אין אַ פאַרקערטער פראָפאָרץ צו אירע פעסטערע פאַר־בינדונגען (דער אונטערשיד צווישן די פעסטערע פאַרבינדונגען פון די אינערלעכע טיילן פון אַ דערשיינונג, און צווישן אירע לויזערע באַציונגען מיט די אַרומיקע דערשיינונגען איז גרעסער, ווען די באַציונג פון דער געגיבענער דערשיינונג צו די אַנדערע דערשיינונגען איז לויזער, דער אונטערשיד איז קלענער, ווען די דיאַזיקע פאַרבינדונגען זענען פעסטער.

און פאַרקערט, דער אונטערשיד איז גרעסער אין דער זעלבער פראָפאָרץ, וואָס די פאַרבינדונג פון די אינערלעכע טיילן איז פעסטער, און קלענער אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל די אינערלעכע פאַרבינדונגען זענען לויזער). בלייבט דער רעזולטאַט פון דער פראָפאָרץ דער זעלבער ווען מען פאַרגרעסערט איין טייל פונקט אויף אַזוי פיל אויף ווי פיל מען פאַרקלענערט דעם צווייטן טייל.

די וויסנשאַפטלער באַקומען דערפאַר אַרויס די ריכטיקע רעזולטאַטן, ווען זיי פאַרגרעסערן די פעסטערע פאַרבינדונגען ביז צו אַן אַבסטראַק־טער איינהייט, און די לויזערע פאַרבינדונגען פאַרקלענערן זיי איינצייטיק ביז צו אַן אַבסטראַקטער, אַבסאָלוטער איזאָלירטקייט.

אויב די וויסנשאַפטלער ווייזן אָבער נישט אָן אויף דעם רעלאַטיוון כאַראַקטער פון אָט די פראָפאָרצן, אויב זיי באַמערקן נישט, אַז די

רעאַלע דערשיינונגען געפונען זיך אין אומאויפהערלעכע פאַרבינדונגען און אויפלעזונגען, לויט וועלכע זיי האַלטן זיך אין איין באַוועגן און ענדערן, ענדערנדיק דערמיט די אינערלעכע באַציונגען פון די דער־שיינונגען און דערמיט אויך די גאַנצע פּראַפּאָרץ, דעמאָלט פאַרפעלן אָט די וויסנשאַפטלער צו דערקענען אי דעם קאָנקרעטן ווערט פון אָט די פּראָפּאָרצן, אי זייער באַוועגונג אין פאַרבינדונג מיט און רעלאַטיוו צו די אַנדערע פּראָפּאָרצן.

די איינזייטיקייט און איזאָלירטקייט פון דער פּסיכאָ־אַנאַליזע, לויט וועלכער יעדער דערשיינונג אינ׳ם מענטשן ווערט פאַרשטאַנען אַלס אַן אויסדרוק פון דער עראָטישער קראַפט; און פון דער אינדיווידואַל פּסיכאָלאָגיע, וואָס נעמט אָן אַלע פּסיכישע אייגנשאַפטן אַלס פאָרמען פון געלטונגס קאַמף, באַשטייט פאָלגלעך נישט אין דעם, וואָס זיי האָבן זייערע געביטן פון פאָרשונג אַפּריאָרי אָפּגעטיילט, (דערמיט האָבן זיי דוקא דערגרייכט געוויסע ריכטיקע רעזולטאַטן) נאָר אין דעם, וואָס זיי האָבן נישט אָנגעוויזן דעם רעלאַטיוון כאַראַקטער פון זייערע פאָר־שונגס געביטן און האָבן אַרויסגעלאָזט פון באַטראַכט די באַוועגונג און ענדערונג, וואָס קומט אין זיי פאָר אין פאַרבינדונג מיט דער אומגעבונג.

כאָטשע אָט די ביידע טעאָריעס קענען צווישן זיך פאַראייניקט ווערן צו איין סינטעטישן אמת, וועלכער גיט זיך אָמבעסטן איין, ווען ס׳קומט צו דערקלערן די אייגנשאַפטן פון באַשיידנקייט און שטאָלץ, מיט אַנדערע ווערטער, כאָטשע דער אונטערשיד צווישן דער באַשיידנקייט און דעם שטאָלץ, וואָס זענען ביידע פאָרמען פון געלטונגס קאַמף, ווערט באַשטימט פאַראורזאַכט פונקט ווי די אינטענסיוקייט פון דעם סעק־סועלן דראַנג, דורך דעם אונטערשיד פון דעם טעמפּעראַמענט, איז אָבער אויך אָט די נייע פּראָפּאָרץ מיט אירע באַשטאַנדטיילן, ד.ה. סיי די עראָטיק, וואָס ווערט דורך פרוידן דערקלערט אַלס דער גרונט פּרינציפּ פון יעדער אַקטיוויטעט, און סיי דאָס געפיל פון מינדערווערטיקעט, וואָס אַדלער באַצייכנט אַלס דעם וויכטיקסטן סטימול פון לעבן, ביידע באַוועגן זיי זיך נישט איזאָלירט אין רוים, נאָר ווי יעדע באַוועגונג זענען זיי פאַרבונדן מיט דעם אַרום און אָפּהענגיק אפילו אין דעם אופן פון באַווירקן איינע די אַנדערע, פון דער אָביעקטיווער וועלט, אין וועלכער זיי געפונען זיך.

פונקט ווי אַלעס אויף דער וועלט, אַזוי איז אויך דער מענטשלעכער טעמפּעראַמענט, (וועלכער באַשטימט פון זיין זייט די עראָטישע קראַפט און שטרעבונגען, ווי אויך דעם פאַרנעם פון דעם קאַמף פאַר געלטונג) אַ רעזולטאַט פון דעם באַלאַנס צווישן די פאַרשידענע דרויסנדיקע כחות אין פּראָפּאָרץ צו זיין באַשטאַנד.

דער באַלאַנס איז אַ באַוועגלעכער, ער באַוועגט זיך און ענדערט זיך לויט די געזעצן פון דער אייביקער דינאַמיק.

סיי דער מענטשלעכער טעמפעראַמענט און סיי דער קאַמף פאַר געלטונג, ווי אויך זייער מאַניפעסטירן זיך אין די פאַרשידענע איינצעלנע אייגנשאַפטן, ווי באַשיידנקייט, שטאָלץ, דרייסטקייט און אַזוי ווייטער, ווערן באַשטימט דורך די מיטלען פון פּראָדוקציע און דורך דער היס־טאָרישער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט.

דער מיטגליד פון דער פּרימיטיווער געזעלשאַפט, וואָס איז געווען פאַרשקלאַפט פון דער נאַטור און אימגאַנצן אָפּהענגיק פון איר מאַכט, זיין כאַראַקטער, אויסזעען און אייגנשאַפטן, פּונקט ווי זיין טעמפּעראַמענט אימגאַנצן, איז געווען אָפּהענגיק און איז הויפּטזעכלעך באַשטימט געוואָרן פון דער ערד, פון דעם קלימאַט, פון די חיות און פון די רויע לעבנס מיטלען, וואָס האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט זיינע צילן און מיטלען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ.

וואָס מער דער מענטש באַהערשט די נאַטור, וואָס אָרגאַניזירטער ס׳ווערט זיין קאַמף פאַר עגזיסטענץ און דיפערענצירטער די סאָציאַלע באַציונגען, אַלץ מער הויבט אָן זיין טעמפעראַמענט באַשטימט צו ווערן דורך דער געזעלשאַפט, אין וועלכער ער געפונט זיך און פון דעם פּלאַץ, וואָס ער פאַרנעמט אין איר.

דער אונטערשיד צווישן דעם טעמפעראַמענט, וועלכער איז ביי די פּרימיטיווע מענטשן באַשטימט געוואָרן דורך דער פאַרשידנקייט פון זייערע קלימאַטן, אַ שטייגער ווי דער חילוק פון פּרימיטיוון פראַנצויז, און פון דעם אוראַלטן דייטש, אָדער ענגלענדער, אָט דער אונטערשיד אין טעמפעראַמענט ווערט איצטערט באַשטימט גיכער דורך די קעגנזאַצן אין דער סאָציאַלער אָרדנונג און אין דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער לאַגע פון צוויי פעלקער און זייערע קלאַסן, ווי דורך דער קלימאַטישער פאַרשידנקייט פון צוויי לענדער.

דער מאָדערנער פראַנצויזישער פּראָלעטאַריער איז אַ סך ענלעכער מיט זיין טעמפעראַמענט צו דעם ענגלישן פּראָלעטאַריער, ווי צו דעם פראַנצויזישן אַריסטאָקראַט, און פאַרקערט צוויי קאַפּיטאַליסטן, אָדער אַריסטאָקראַטן פון פאַרשידענע לענדער זענען זיך ענלעכער, ווי אַ קאַפּיטאַליסט און אַ פּראָלעטאַריער פון איין לאַנד.

פון דער אַנדערער זייט, ווידער, איז דער טעמפעראַמענט פון אַ סאָוויעטישן אַרבעטער גאַנץ פאַרשידן פון דעם דייטשן אַרבעטער א.א.וו.

פּונקט ווי די געזעלשאַפט באַשטימט די פאָרם פון דעם טעמפעראַ־מענט און במילא שוין אויך די אייגנשאַפטן, אין וועלכע ער דרוקט זיך אויס, אַזוי באַשטימט די געזעלשאַפט אויך די באַציונג צו אָט די אייגנ־שאַפטן און די אָפּשאַצונג פון זייער ווערט.

אויף דעם זעלבן אופן, ווערט אויך באַשיידנקייט אַנטוויקלט דורך דער געזעלשאַפט און די געזעלשאַפט באַשטימט איר פּלאַץ.

לאָמיר פאַר אַלעמען זען אין וואָס דרוקט זיך אויס באַשיידנקייט, פאַרוואָס ווערן די מענטשן, וועלכע באַזיצן אָט די אייגנשאַפט געלויבט און וואָס איז זייער שכר ?

באַשיידנקייט דרוקט זיך אויס אין צוריקגעצויגנקייט, קאָנטאַקט־לאָזיקייט, שווערמוטיקייט און פאַרשלאָסנקייט, דערביי זענען פאַראַן צווייערליי טרעגער פון באַשיידנקייט, דער ערשטער מין זענען מענטשן מיט אַן אויפריכטיק געפיל פון דער אייגענער מינדערווערטיקייט און פחדנות, וועלכע דערגייען ביז האָפנונגסלאָזיקייט, זיי דעגענערירן דער־פאַר צו אָפּגעלאָזטקייט און פרינציפּלאָזיקייט. אָט די מענטשן פאַרמאָגן דוקא זעלבסט קריטיק, זיי זענען אָבער שוואַכע טעמפּעראַמענטן און זיי פילן נישט אין זיך דעם כח איבערצואַנדערשן דאָס, וואָס זיי האַלטן פאַר שלעכטס אין זיך און זיי קענען נישט באַקעמפן זייערע אייגענע חסרונות, זיי פאַרמאָגן אויך נישט די ריכטיקע מאָס פון קריטיק פאַר די אַרומיקע, וועלכע איז אַ נויטיקער באַלאַנס צו דער זעלבסט קריטיק. אָט די מענטשן זענען גייסטיק קראַנק, זיי קענען נישט ברענגען דער מענטשהייט קיין ווערטפולס, גרויס און שאַפערישס ; זיי קענען אָבער צוליב זייער שוואַכן טעמפּעראַמענט אויסגענוצט און עקספּלאָאַטירט ווערן פון אומווירדיקע פאַרשוינען, סיי פיזיש און סיי גייסטיק.

צום צווייטן, מער פאַרשפּרייטן מין באַשיידענע מענטשן געהערן די נישט אויפריכטיקע, קליינמוטיקע און עגאָאיסטישע פחדנים, זיי וואָלטן געוואָלט זיין שטאָלץ, און האָבן מורא, זיי וואָלטן געוואָלט זיך פאַרשאַפן כבוד, און וואגן עס נישט צו טאָן, זיי זענען נישט גענוג ענערגיש און האָבן נישט דעם נויטיקן טעמפּעראַמענט דערצו. זייער פחדנות דערגייט אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן מורא צו קריטיקירן זיך אַליין און וואגן נישט אין דער הויך אַרויסצוזאָגן זייער מיינונג וועגן יענעם. זיי זונדערן זיך אָפּ, שווייגן „הויכמוטיק" און די אויגן סטאַרטשן זיי אַרויס, וואַרטנדיק מען זאָל זיי זוכן ערגעץ אין זייער לאָך און מען זאָל זיך קומען בוקן צו זיי אין זייער „פאַרבאָרגעניש".

ווען ס׳טרעפט, אַז אַ נישט באַוווסטזיניקער מענטש ברענגט זיי דעם אויסגעקוקטן, לאַנג דערוואַרטעטן כבוד און באַוווּנדערונג, ווערט דעמאָלט אָט דער קרבן שרעקלעך פאַרמאַטערט פון דידאָזיקע קאַפּריזנע, קליינלעכע, פחדנותדיקע און טיראַנישע כאַראַקטערן. דאָס פּאַסירט אָבער נישט צו אָפט, ווייל מיר לעבן אין אַ געזעלשאַפט, וואָס איז געבויעט אויף קאָנקורענץ און אונטערדריקונג, די פעאיקע און שטאַרקע רוקן זיך אַרויס, און די שוואַכערע בלייבן אונטערשטעליק צוליב זייער אייגע־

נער אָפּהענטיקייט און צוליב דער אומפּאַלקאַמענקייט פון דער געזעל־שאַפט, וועלכע דערדרוקט נאָך מער די אָפּגעשטאַנענע.

די געזעלשאַפט איז דערביי זער היפּאָקריטיש, כאָטשע מען לויבט אין אַט דער געזעלשאַפט די באַשיידנקייט, אַכטעט מען אָבער נאָר די שטאָלצע; מען פילט זיך באַקוועם אין דער אַנוועזנהייט פון די באַשיי־דענע, ווייל מען וויל זיך אויפהויבן אויף זייערע פּלייצעס, מען באַ־וואונדערט אָבער נאָר די דרייסטע און נאָר פון זיי נעמט מען זיך אַ ביישפּיל.

אין קאָנטראַסט צו די באַשיידענע זענען די שטאָלצע און דרייסטע, (אין שטאָלץ מוז זיין אַ געוויסע דרייסטקייט, און אין דרייסטקייט אַ געוויסע זיכערקייט און שטאָלץ) מיר מוזן דאָ אָבער צוגיבן, אַז קיין „ריינע טיפּן" עגזיסטירן אין דעםווירקלעכקייט איבערהויפּט נישט, און מיר באַנוצן זיך אין דעם פאַל מיט זיי בלויז ווי מיט אַ אומפאַרמייד־לעכער קאָנווענציאָנעל וויסנשאַפטלעכער אבסטראקציע. געוויסע אייגנ־שאַפטן קענען ביי איינעם זיין מער אויסגעפּרעגט, און ביי דעם צווייטן ווייניקער. מערסטנטייל זענען זיי אָבער ביי יעדן מענטשן אויסגעמישט; און אָפּהענגיק פון די אומשטענדן ווערן זיי אַמאָל שטאַרקער און אַמאָל שוואַכער באַטאָנט.

די שטאָלצע און דרייסטע מענטשן זענען טעמפּעראַמענטפולער, זיי פאַרמאָגן גייסטעס־געגנוואַרט, מוט און ענערגיע. אין דער בורזשואזער געזעלשאַפט דעגענערירן זיי אָבער (אויב זיי טרעטן נישט אַרויס געגן דערדאָזיקער געזעלשאַפט) צוליב דער הפקרות, וואָס הערשט אַרום. דרייסטקייט אַנטוויקלט זיך צו אויבערפלעכלעכקייט, צו גראָבקייט און צו אומפאַראַנטוואָרטלעכער חוצפּה.

שטאָלץ גייט אין אַזאַ פאַל איבער אין אַ גרינגשעצונג צו אַנדערע און קריטיקלאָזיקייט צו זיך. אַמאָל דערגייען אַט די מענטשן צו אַ מאַניע פון גרויסקייט, וועלכע אַנטשפּרעכט אַבסאָלוט נישט זייערע רעאַלע פעאיקייטן. אין אונזערע אינסטיטוציעס, אויף הויכע פּאָסטנס, אין גאַס, אין די ביוראָס, דרייען זיך אָפּט אַרום אַזעלכע מאַניאַקן און זיי דרוקן אויף דעם באַוווסטזיין און מוט פון די אַרומיקע. פר. אַדלער דערוויזט, אַז אין דעם אָנגעבלאָזענעם און איבערטריבענעם שטאָלץ און חוצפּה איז אויך פאַראַן אַ געפיל פון מינדערווערטיקייט, אַ מורא צו קוקן דער אייגענער נישטיקייט גלייך אין די אויגן אַריין און דערפאַר פאַרדעקט מען זי און מען פאַרטויבט סיי זיך, סיי יענעם מיט ליגנערישער און נישט באַוווסטזיניקער באַרימעריי.

די מיטמענטשן האָבן פיינט די חוצפּה און גראָבקייט פון די דרייסטערע, ווייל זי שטערט זיי און זיי פילן דורך איר זיך אַראָפּגעזעצט, זיי פּרוווּן אָבער דאָך נאָכצומאַכן, חנופהנען זיך אונטער, שאַרן זיך אַרום די

שטאָלצע און נעמען אָן מיט טיפער דאַנקבאַרקייט זייער קלענסטע אויפ־מערקזאַמקייט. ביי דעם ערשטן ווונק, פאַראַטן די קליינבירגער די איבערגיבנקייט פון דעם אויפריכטיק באַשיידענעם און מיט חנופה און חוצפה פּרובירט יעדער לויט זיין כח זיך צו דערשלאָגן צו אַ שטעלונג אין דעם לעבן.

דאַקעגן מוז אַ פּראָגרעסיווע געזעלשאַפט ווערן געבויעט אויף קריטיק, איינצייטיק מיט זעלבסטקריטיק, ס'מוז פאָלגלעך פאַרשווינדן דער פּלאַץ פאַר דערשלאָגנקייט, פונקט ווי פאַר פאַריסנקייט, ווייל אַ צוועקמעסיקע געזעלשאַפט דאַרף זיך באַזירן אויף באַוווסטזיניקע מענטשן, יעדער מיטגליד מוז דעריבער זיין באַוווסט איבער דיווירקלעכע, רעאַלע, גייסטיקע ווערטן, וועלכע ער פאַרמאָגט.

אויף דעם אָרט פון איינגעבילדעטקייט, אויבערפלעכלעכקייט און חוצפה, מוז קומען אַ טיפער זעלבסטבאַוווסטזיין.

צוליב דער האַרמאָנישער אָרגאַניזירטקייט פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט ווערט יעדער אויפגעמונטערט צו שאַפן, און דעם שוואַכערן ווערט אַרויסגעהאָלפן און אונטערגעגיבן מוט.

אַזוי דערציט די געזעלשאַפט אַ באַוווסטזיניקן, טעמפּעראַמענטפולן, דרייסטן און געזעלשאַפטלעך שטאָלצן מענטשן.

באַשיידנקייט איז אָבער, אין דעם פאַל, אַן אומנויטיקע קוועלעניש פאַר דעם אינדיווידואום, און אַן איבעריקער באַלאַסט פאַר דער געזעל־שאַפט.

די סאָציאַלע דערציער, וועמענס ציל ס'איז צו אַנטוויקלען דעם קינדס כאַראַקטער, אין איינקלאַנג מיט די אינטערעסן און שטרעבונגען פון דער סאָציאַליסטישער אָרדנונג, אויך זיי, פון זייער זייט, טאָרן נישט קולטיווירן ביי זייערע שילער קיין באַשיידנקייט; שוין פון קינדוויז אָן מוזן זיי דערציען די געזונטע, דרייסטע, אויפריכטיקע (ווי מיר וועלן זען אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען, איז אויפריכטיקייט פאַרבונדן מיט דרייסטקייט) און געזעלשאַפטלעכע מיטגלידער, וועלכע זענען אַזוי נויטיק פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט פון אונזער צייט און פאַר דער צוקונפטיקער מענטש־הייט.

קאַפּיטל 24

# די פּסיכאָלאָגיע פון שווייגן

דאָס „שען" שווייגן ביי מענטשן ווערט צוגעשריבן אויפן חשבון פון זייער „פיינער" באַשיידנקייט, אָדער „דערהויבענעם" שטאַלץ. אין ביידע פאַלן האַלט מען זיי פאַר אינטערעסאַנטע, סודות׳פולע מענטשן.

אין אַן אמת האָבן זיי אין זייער פסיכאָלאָגיע מער געמיינזאַמקייט מיט די אַזוי גערופענע באַשיידענע. פונקט ווי די באַשיידענע קען מען שווייגנדיקע איינטיילן אין צוויי קאַטעגאָריעס, אין אויפריכטיקע, און נישט אויפריכטיקע; די ערשטע זענען קרענקלעכע נאַטורן, נאַרישע־וואַטע און דערשלאָגענע, זיי האָבן צו קיינעם נישט קיין צוטרוי און האַלטן זיך פאַרבאָרגן מיט זייער נישטיקייט; די צווייטע, די נישט אויפ־ריכטיקע זענען אָט יענע, וואָס מאַכן דעם איינדרוק אַז אונטער זייער שווייגן שטעקט דער פאַרבאַהאַלטענער און דערהויבענער שטאָלץ.

דערדאָזיקער שטאָלץ, וואָס באַהאַלט זיך אונטער דער צוריקגעצויגנקייט פון שווייגן איז אין תוך בלויז אַ פאָרם פון אַ שטאַרקן געפיל פון מינדערווערטיקייט, וועלכעס מען וויל אונטערדרוקן אין זיך. מען זוכט זיך אַליין איינצורעדן, אַז מען איז גרויס, כדי צו געלטן כאָטש אין דער אייגענער פאַנטאַזיע, אַזעלכע שווייגער באַזיצן נישט קיין פּאָזיטיווע ווערטן און האָבן נישט מיט וואָס צו געלטן, זיי קאָנען נישט און האָבן מורא אָפּען צו קעמפן פאַר זייער עגזיסטענץ און געלטונג. ווייל זיי געהערן אָבער צו דער אַזוי גערופענער אינטעליגענץ קענען זיי אָפּט (וויניקסטנס אומבאַוווסטזיניק) די שוואַכקייט פון די אַרומיקע, זיי ווייסן אַז דער אומוויסן פון די מענטשן אַנטוויקלט זיך אָפּט צו אַ געפיל פון מורא, אַז יעדע אומבאַקאַנטע און אומפאַרשטענדלעכע דער־שיינונג קען אָט דאָס געפיל פאַרגרעסערן און אַז די מורא גייט פּאַמעלעך איבער אין אַכטונג און אפילו אין פאַרגעטערונג, אַז אַלע קולטן זענען באַזירט אויף מורא און אַז אָט די שוואַכקייט קענען זיי אויסנוצן, כדי צו שאַפן אַזאַ קולט פאַר זיך, זיי נויטיקן זיך אין אים, ווייל וואָס שטאַרקער דאָס געפיל פון מינדערווערטיקייט, אַלץ מער נויטיקט מען זיך אין דער פאַרערונג פון אַנדערע, אין דעם כבוד, וואָס אַנדערע זאָלן צוטיילן. זייער שווייגן דאַרף צוליב דעם צוועק באַצייכענען זייער „אומדערגרייכבאַרקייט" פאַר דעם פאַרשטאַנד, „אומדערקלערבאַרקייט" פאַר דעם פשוטן שכל און נישט „אויסדרוקבאַרקייט" אין ווערטער.

דער קולט פון שווייגן האָט זיך באַזונדער אַנטוויקלט אין דער צייט ווען מען האָט זיך געצאַצקעט מיט ראָמאַנטישע סענטימענטן און

דורות לאַנג געמאַטערט די שוואַכע מוחות און קרענקלעכע, נאַרישע פאַנטאַזיעס פון די מענטשן, ביי וועלכע מען האָט אַנטוויקלט די פאַר־ערונג פון די „אינטערעסאַנטע“ און „רעטזלהאַפטיקע“ טיפּן, די אַזוי גערופענע „ספינקסן“.

אַ סך ווערק זענען דעמאָלט געשריבן געוואָרן, אין וועלכע די קינסטלער, וואָס האָבן זיי געשאַפן, האָבן געוואָלט מאַכן מיט זיי אַן איינדרוק דורך דעם, וואָס נישט נאָר די העלדן, נאָר אויך די ווערק אַליין זענען אויך אומפאַרשטענדלעך און קענען נישט דערקלערט ווערן מיט קיין ווערטער און אַנאַליזירט ווערן דורך קיין טעאָריעס. לויט זייערע ווערטער קען מען זייערע שאַפונגען נאָר באַגרייפן מיט דעם געפיל, דורך אינטואיציע.

— אַזוי ווי דאָס געפיל מוז לויט זייער מיינונג נישט האָבן קיין זין, האָבן זיי מיטאַמאָל זיך אַרויסגעראַטעוועט פון יעדן קריטישן אור־טייל און אַזוי אַרום געקאָנט געניסן פון דעם קולט, וואָס פאַרגרעסערט נאָך מער די קריטיקלאָזיקייט פון די פאַרערער. אין אָט דער צייט איז געשאַפן געוואָרן מעטערלינקס בוך שוויגן, וואָס איז די טעאָריע פון דעם „שוויגן קולט“.

געגן אָט דער דעגענערירטער אידעאָלאָגיע טרעט בולט אַרויס שפינאָזאַ׳ס געזונטער און שאַרפער פאַרשטאַנד און זיין מיינונג וועגן די מענטשלעכע פאָרמען פון אויסדרוק. יעדע זאַך, האַלט שפינאָזאַ, קאָן אויסגעדרוקט ווערן אין ווערטער, ווייל אונזער דענקען איז בילדלעך, מיר קענען זיך נישט פאָרשטעלן קיין זאַך, וואָס מיר האָבן נישט געזען, אָדער נישט עמפּפונדן מיט איינעם פון אונזערע פינף חושים און וואָס געפונט זיך נישט אַרום, אָדער אין אונז. אויב מיר קענען עפּעס נישט אויסדרוקן דורך אונזער שפּראַך, ווייזט דאָס גאַנץ איינפאַך אָן, אַז מיר האָבן דאָס נישט פאַרשטאַנען, אָדער ס׳איז אונז נישט אימגאַנצן קלאָר.

אין איינצלנע פאַלן, ווען שוויגן קומט פון אַ באַוווסטזיניקער באַ־הערשונג, ווען מען ווייסט, אַז רעדן איז אין דעם, אָדער יענעם פאַל אומנוציק, אָדער שעדלעך, דינט דאָס שוויגן אַלס אַ געוויסע טאַקטיק, אָבער אין אַנדערע פאַלן קומט עס פון פחדנות, פון דער מורא אויס־צודרוקן די אייגענע געדאַנקען, אָדער פון נאַרישקייט און נישט געע־זעלשאַפטלעכקייט.

אַ באַוווסטזיניקער מענטש האַלט נישט פון דעם אָנשטעל, אַז מען ווייסט, נאָר מען וויל נישט, אָדער מען קאָן נישט רעדן. באַוווסטזיניקע מענטשן שוויגן נאָר דעמאָלט, ווען זיי ווילן הערן, שטודירן, דערקענען און זיך לערנען צו רעדן אַזוי, אַז דאָס רעדן זאָל ביי זיי קומען פון

דער ריכטיקער דערקענטעניש און זאָל ברענגען אויפקלערונג אויף פאַר אַנדערע.

די שפּראַך איז אויך דאָס מיטל צו שאַפן אַ פּריינטלעכע שטימונג צווישן מענטשן; און דורך דעם טיילן זיך מיט די איינדרוקן, אַנטוויקלט זיך די מענטשלעכע פאַרשטעלונגס קראַפט.

דאָס רעדן מוז אָבער געמעסיקט ווערן, כדי נישט צו דערעסן יענעם מיט קיין איינצלהייטן פון׳ם אייגענעם לעבן, וועלכע האָבן נישט קיין אַלגעמיינעם ווערט, אָדער פאַרמאָגן אין זיך אַ לאַנג שוין באַקאַנטן און אויסגעדראָשענעם מוסר השכל, באַזונדערס מוז מען זיך צוריקהאַלטן פון רעדן אין דער צייט ווען דער צווייטער קאָן גאָרנישט העלפן און ס׳אינטערערסירט אים נישט.

ביי טיפע און וויכטיקע איבערצייגונגען, דאָרט ווו ס׳האַנדלט זיך אין געזעלשאַפטלעכע אמתן און אינטערעסן, טאָרן די מאַסן נישט באַשיידן שווייגן, און דער באַוווסטזיניקער מיטגליד קאָן אין אַזאַ פאַל נישט זיין אומפּאַרטייאיש, (אומפּאַרטייאישקייט מאַניפעסטירט זיך אויך אָפט אין שוויגן) ווייל אומפּאַרטייאיש איז מען נאָר אויף אַ געביט ווו מען פאַרשטייט נישט און מען פילט גאָרנישט, דאָס וואָס דער מענטש פאַרשטייט און פילט, מוז ער אָדער אַקצעפּטירן, אָדער פאַרניינען.

אויב מען שווייגט באַשיידן קומט עס פאָלגלעך פון נאַרישקייט און פּוסטקייט, אָדער פון פחדנותדיקייט און נישט ערלעכקייט.

טאַקטיק און פאָרזיכטיקייט זענען נישט אידענטיש מיט קיין שווייגן, נאָר זיי זענען באַזונדערס ראַפינירטע פאָרמען פון רעאַגירן.

אַלע גרויסע דענקער, אויב זיי האָבן באַשיידן געשוויגן, איז דאָס געווען נאָר כל זמן זיי האָבן נאָך געפאָרשט, געלערנט און זיך געגרייט, קוים האָבן זיי זיך איבערצייגט אין זייער רעכט, האָבן זיי שטאָלץ געקעמפט און אויסגעשריגן זייער אמת פאַר דער וועלט.

אפילו דער שייטערהויפן האָט נישט געקאָנט פאַרמאַכן דאָס מויל פון אַ קאָפּערניקוס און בויגן זיין ערדישן שטאָלץ.

„דער גרעסטער מענטש איז דער, וועלכער איז נאָך נישט געבוירן געוואָרן, דאָס בעסטע בוך איז דאָס יעניקע, וואָס איז נישט געשריבן געוואָרן, און דאָס העכסטע וואָרט איז דאָס וואָס איז נישט געזאָגט געוואָרן,“ איז די לאָזונג פון אַלע פיזישע און גייסטיקע אימפּאָטענטן.

דער מענטש דאַרף נישט זיין צוריקגעצויגן, שווייגנדיק און באַשיידן, נאָר ער דאַרף שטרעבן זיך צו דערווערבן אַזאַ שטאַרקע דער־

קענטעניש און טיפן וויסן, אַדאַנק וועלכע ער זאָל קאָנען זיין באַוווסט־זיניק שטאָלץ און רעדן מוטיק און הויך.

די פּראָלעטאַרישע דערציער מוזן דערפאַר אויפבערענגען די קינדער נישט צו קענען שווייגן, נאָר צו וויסן ווען און ווי אַזוי צו רעדן, סיי אין דער הינזיכט פ ו ן א י נ ה אַ ל ט און סיי אין דער הינזיכט פון מ אָ ס א ו ן פ אָ ר ם.

קאַפּיטל 25

## די מאראל פון די שטארקע און שוואכע

דער גאַנצער פּראָצעס פון אונזער אַנטוויקלונג, די באַרייכערונג פון אונזער גייסטיקן לעבן, די ברייטע פאַרצווייגטקייט פון אונזער קאָנטאַקט מיט דעם אַרום, אַלעס איז אַ רעזולטאַט פון דעם מענטשנס אומאויפהערלעכן אינערלעכן קאַמף און איז געבויעט אויף זעלבסט־באַהערשונג.

אונזער גאַנצע מאָראַל, וואָס פאַר אַ פאָרם זי זאָל נישט אָננעמען, מוז שטענדיק זיין געבויעט אויף די הויפּט סובסטאַנצן: זעלבסט־באַהערשונג, אָפּפערפעאיקייט און געזעלשאַפטלעכקייט. די לעצטע צוויי אייגנשאַפטן זענען בלויז ניואַנסן פון דער ערשטער, פון דער זעלבסט־באַהערשונג.

זעלבסטבאַהערשונג פאָדערט אָבער אַ סאָלידן זאַפּאַס פון פיזישער און נאָך מער פון גייסטיקער, ד.ה. ו ו י ל נ ס ק ר אַ פ ט.

יעדע סאָציאַלע איבערקערעניש, יעדע נייע עקאָנאָמישע און פּאָ־ליטישע אָרדנונג, יעדע גייסטיקע רעוואָלוציע איז אין אַלע עפּאָכעס דורכגעפירט געוואָרן, און יעדע מאָראַל ווערט שטענדיק דיקטירט דורך יענע וואָס זענען אויף דעם געגיבענעם געביט די שטאַרקע.

פון די מיטלען פון פּראָדוקציע און פון די פּאָליטישע און עקאָנאָ־מישע אומשטענדן איז אָפּהענגיק אין וואָס פאַר אַ פאָרם די מאַכט פון די שטאַרקע דרוקט זיך אויס, צי אין דירעקטן, צי אין אינדירעקטן אונטערדרוקן, באַהערשן און אויסנוצן, צי אין אָרגאַניזירן גרויסע מענגעס מענטשן, אָדער זיי באַקעמפן דורך פיזישן, צי דורך גייסטיקן כח, אָבער תמיד האָבן די טאַטן, אפילו ביי די אונטערדרוקטע, געהייסן געזעלשאַפטלעך, (ווייל אַ געוויסע מאָס פון געזעלשאַפטלעכן פאַרזאָרגן, ווי נעבעכדיק דאָס זאָל נישט זיין, מוז שטענדיק עגזיסטירן, אפילו אין די אָרדנונגען, ווו ס'הערשט די ערגסטע עקספּלאָאַטאַציע, כדי צו קענען פאַרזיכערן די פּראָפיטן, די מאַכט און דעם ווילשטאַנד פון די הער־

שנדיקע; און אָט די נישטיקע געזעלשאַפטלעכקייט פאָדערט אויך אַ געוויסע מאָמענטאַנע אָפּפּערפּעאיקייט, וועלכע קען קומען נאָר אויף דעם חשבון פון דער זעלבסטבאַהערשונג פון די אונטערדרוקער) און זענען געווען מאָראַליש, אויב יענע וואָס האָבן זיי דיקטירט האָבן נאָר געהאַט אַ שטאַרקן ווילן, אַ פעסטן כאַראַקטער און האָבן פאַר אַלעמען געקענט באַהערשן זיך אַליין, אויב זיי האָבן געפונען גייסטעס־געגנוואַרט ביי יעדער סיטואַציע און באַוווסטזיניק פאַרוואַלטעט מיט דעם אייגענעם וועזן.

ווען די אָביעקטיווע אומשטענדן מאַכן אומפאַרמיידלעך דעם אונטערגאַנג פון דעם הערשנדיקן קלאַס, שפּיגלט זיך אָט די היסטאָרישע נויטווענדיקייט אָפּ אויף דעם כאַראַקטער פון די אינדיווידואומס און זיי זענען גענייגטער אַרויסצוווייזן שוואַכקייט, דאַן הויבן אָן זייערע טאַטן צו וועקן צווייפל. מען הויבט אָן קריטיקירן זייער האַנדלונג, זייער מאָראַל. די שוואַכע און אונטערדרוקטע הויבן אָן קעמפן און אַרויסרוקן זייערע געזעצן אויף צו באַשרענקען די מאַכט פון די שטאַרקערע.

די געזעצן זענען תמיד באַשטימטער און דירעקטער, ווי די מאָראַל, ווייל אויף זיי שטיצן זיך די שוואַכע, וואָס פילן אָפּהענגיק און האָבן מורא צו פאַרלירן זייער אָנשפּאַר. די מאָראַל דאַקעגן איז נישט קיין באַשטימטע און נישט פאַרפליכטנדיק, ווייל זי קומט פון מענטשן, וואָס האָבן נישט מורא און פאַרלאָזן זיך אויף זייערע אייגענע כחות; די ווירקונג פון דער מאָראַל איז תמיד אַ אינדירעקטע און זי דרינגט לאַנגזאַם אַריין אויך אין דער פּסיכאָלאָגיע פון די שוואַכערע, וועלכע ווייסן נישט פון וואַנען זי קומט און פאַרטיידיקן זי הייס.

אויך דעמאָלט ווען אַ געזעלשאַפט ווערט געזעצמעסיק פאַרוואַלטעט און באַזירט זיך אויף דער גרויסער קראַפט, וואָס הייסט די פאַראייניקונג פון די שוואַכע, אויך דעמאָלט מוזן די באַזונדערע אינדיווידואומס באַזיצן אַ שטאַרקן גייסט כדי צו מאַכן פאָלקאָם די מאַכט פון דער סאָציאַלער סיסטעם; און פאַר דעם מענטשן מיט אַ שוואַכן כאַראַקטער

און אַ קראַפּטלאָזן ווילן איז ערשט דעמאָלט באַזונדערס אוממעגלעך צו זיין דער אָפּפּערפּעאיקער, סאָציאַלער און גוטער מיטגליד, וועלכן זיין געזעלשאַפט פאָדערט, ד.ה. צו זיין מאָראַליש. (די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט דערציט נאַטירלעך דעם מענטשלעכן ווילן און צוזאַמען דערמיט אויך די אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אייגנשאַפטן).

מערסטנטייל מוז דער געוועגלעכער בירגער זיין מאָראַליש בלויז אויסערלעך, ווייל אָט די אייגנשאַפט איז זיין זיכערסטע, אַמאָל די איינציקע וואפע אין לעבן, (כאָטשע מען אַנערקענט דאָס זעלטן) אָבער ווירקלעך מאָראַליש, רעלאַטיוו צו דער געזעלשאַפט אין וועלכער זיי געפונען זיך, קאָנען זיין נאָר די מענטשן מיט דעם פעסטן ווילן און שטאַרקן כאַראַקטער.

אין דער אינערלעך מענטשלעכער וועלט, צווישן די מענטשלעכע געפילן זענען אויך דאָ שטאַרקערע און שוואַכערע, ביי געוויסע אומשטענדן באַהערשט איין געפיל דאָס מענטשלעכע וועזן, אונטערדריקט דעם באַוווסטזיין און דיקטירט זיין אייגענע מאָראַל. (אַלע מענטשלעכע טאַטן, ביז צו די אויפפירונגען פון אַ קרימינעלן פאַרברעכער אפילו, ווערן שטענדיק באַגלייט פון אַן אינערלעכן פּרווו און אַ גייסטיקער אָנשטרענגונג זיי צו באַרעכטיקן פ אַ ר ז י ך און פאַר יענעם). דאָסדאָזיקע געפיל רופן מיר אָן דאָמינאַנט, זער אָפט ווירקט אָט דאָס דאָמינאַנטע געפיל זער שעדלעך אויף דער מענטשלעכער קאָנסטרוקציע, ווייל ס׳פאַרדרענגט אַלע אַנדערע געפילן, באַשרענקט זיי אויף אַ מינימום און שטעלט אָפּ זייער אַנטוויקלונג, אָבער די לוסט, וואָס דאָס שטאַרקע געפיל פאַרשפּרעכט, אָדער ברענגט, פאַרבלענדעט דעם מענטשן און ער באַרעכטיקט, באַזינגט, פאַרגעטערט עס. סוף כל סוף ווערט אָבער אָט דאָס געפיל אָפּגעשוואַכט דורך אינערלעכער איבערמידונג, אָדער אויסערלעכער אַנטוישונג, און דעמאָלט הויבן אָן די איבעריקע געפילן צו קעמפן און זיי שטעלן זייערע פאָדערונגען און רוקן אַרויס זייערע געזעצן.

ביי אַ נישט דיסציפּלינירטן מענטשן רוקט זיך אַלעמאָל אַרויס אַ נייַ געפיל, וואָס איז אין דעם געגיבענעם מאָמענט צוגעפּאַסטער צו די נייַע אומשטענדן און הויבט אָן באַהערשן דעם מענטשלעכן גייסט און קערפּער און ווערט דאָמינאַנט.

כדי דער מענטש זאָל אימגאַנצן נישט אונטערגייען, מוז זיך שטענדיק שאַפן אין זיין וועזן אַ געוויסע אָרדנונג און עס מוזן זיך אויסבילדן געזעצן, וועלכע זענען אַלגעמיין פאַר אַלע אינסטינקטן און געפילן. דער קאָמפּלעקס פו אָט דער געזעצמעסיקער פאַרוואַלטונג באַשטייט אין דעם באַוווסטזיין, וואָס שפּיגלט אָפּ אַלע עמאָציעס און שטרעבונגען פון דעם מענטשן, אין פאַרבינדונג מיט די דורכגעלעבטע דערפאַרונגען און איינצייטיק מיט דער פאָרשטעלונג פון די קומנדיקע רעזולטאַטן

און זייער באַציונג צו די אינטערעסן פון דער מענטשלעכער עגזיסטענץ.
וואָס שטאַרקער דער באַוווסטזיין, אַלץ האַרמאָנישער דעם מענטשנס קאָנסטרוקציע, אַלץ צוועקמעסיקער זיין לעבן און אַלץ מער געזעלשאַפטלעך איז ער, ווייל דער באַוווסטזיין מוז אָנערקענען אַז די געזעלשאַפט איז דער מעכטיקסטער פאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג פונ'ם אינדיווידועלן לעבן. די שטאַרקקייט פון דעם מענטשלעכן באַוווסטזיין, איז די שטאַרקקייט פון דעם מענטשן אימגאַנצן. די מעגלעכקייט צו פאַרוואַלטן מיט זיך, באַהערשן די שעדלעכע אויפברויזן און מאָמענטאַלע שוואַכקייט, מיט דער הילף פון אַ שטאַרקן ווילן און אַ פעסטן כאַראַקטער, שאַפט דעם גוטן מאָראַלן מענטשן, אין דעם ברייטסטן זין פון וואָרט.
די דורכשניטלעכע גוטקייט פון דעם מענטשן ווערט פאַראורזאַכט פון אַ דורכשניטלעכער זעלבסטבאַהערשונג. דער מענטש באַזיגט זיין זשעדניקייט, זיין אינדיווידועלע פרייהייט, זיין אומגעדולד, צוליב אַ צווייטן, צוליב דער געזעלשאַפט. ס'קאָן דערביי זיין אַ געוויסע אומבאַוווסטע אויסרעכנונג אַז מען וועט דערפאַר אַליין אויך בעסער באַהאַנדלט ווערן, עס קאָן אויך זיין די אַסאָציאַציע פון יענעמס נויט מיט זיין אייגענער, אָבער סיי ווי סיי איז אָן אַ באַוווסטזיניקער זעלבסטפאַרוואַלטונג און זעלבסטבאַהערשונג אוממעגלעך ס'זאָל פאַרווירקלעכט ווערן דער געוווּנלעכסטער מאָראַלישער אַקט.
דער דורכשניטלעכער מענטש, וואָס איז פעאיק צו טאָן אַ סך גוטס פאַר דעם צווייטן און רירט געוווינלעך נישט אָן קיין פליג אויף דער וואַנט, קאָן זיך אין געוויסע מאָמענטן פון געפאַר אַרויסווייזן פאַר אַ שרעקלעכן שמאָלן און גראָבן עגאָאיסט, פאַר אָן אויסעראָרדענטלעך שלעכטן און אפילו פאַרברעכערישן מענטשן. זיין פחדנות קאָן אים ברענגען צום נידעריקסטן פאַראַט, וואָס באַשטייט תמיד אין שוואַכקייט. די אוממעגלעכקייט צו באַהערשן די עמפפינדונגען פון גייסטיקן וועטאָג, אָדער פיזישע שמערצן, קאָן אים דערפירן צו די נידעריקסטע האַנדלונגען קעגן זיינע נאָענטע און קעגן זיין מענטשלעכער ווירדע.
אַ מאָלער האָט אַמאָל געוויזן אויף אַ בילד מענטשן, וועלכע זענען אַזוי צוגעווינט געוואָרן צו פוילקייט און נאָכגעלאָזנקייט, אַז זיי קענען נישט באַהערשן זייער אינערציע און בלייבן פּאַסיוו אפילו דעמאָלט, ווען פאַר זייערע אויגן זינקט אַ מענטש אונטער זיין קרייץ, כאָטשע די זעלבע מענטשן זענען גאָרנישט אויס צו זיין אַזוי שלעכט.
געמיטלעכקייט, וועלכע מען קאָן נישט באַהערשן, ווערט אויך פאַרברעכעריש. דער מענטש מיט דעם שטאַרקן באַוווסטזיין און מיט דעם אייזערנעם ווילן, וועלכער קאָן באַהערשן יעדן פחד און האָט פאַר גאָרנישט מורא, ער קאָן פאַרוואַלטן מיט די אייגענע טאַטן און גיט זיך נישט אונטער קיין שום שעדלעכע און אומווערטיקע עמפפינדונגען;

דער מענטש וואָס קאָן איבערטראָגן פיזישע ליידן און קערפּערלעכע פּייניקונג און הערט דערביי נישט אויף אַקטיוו צו רעאַגירן קעגן אַלעמען, וואָס צעשטערט די האַרמאָניע פון זיין עגזיסטענץ, ד.ה. געגן אַלעמען וואָס זיין באַוווסטזיין פאַרניינט, אָט דער מענטש, וואָס קאָן באַקעמפן זיין פוילקייט, וואָס ווערט נישט אינערטיש, לאָזט זיך נישט מיטרייסן און פאַרלירט נישט די אינערלעכע דיסציפּלין, ער איז דער איינציקער, וועלכער איז פעאיק צו שאַפן אַ געזונטע און אמתע מאָראַל.

דערציען אַ באַוווסטזיניקן, גאַנצן און שטאַרקן מענטשן, הייסט דערציען אַ מאָראַלישן מענטשן.

דער געניאַלסטער ליגנער, וואָס דערפירט זיין אַרבעט ביז דער העכסטער מדרגה פון קונסט, ווייזט סוף כל סוף אַרויס, אפילו אויף זיין אייגענעם געביט פון אַקטיוויטעט, אַ פּלוצימדיקע מיטלמעסיקייט. דער ערגסטער פאַרברעכער ווייזט סוף כל סוף אַרויס אַן אומדערוואַרטעטע שוואַכקייט.

דער באַוווסטזיניקער, דיסציפּלינירטער און גייסטיק שטאַרקער מענטש, ווייזט דאַקעגן אַרויס אַ נישט פאַרויסגעזעענע אויפריכטיקייט און מאָראַל, אַ נישט געאַנטע גרויסמוטיקייט און מענטשלעכקייט.

די עכטע קונסט, די טיפע פאָרשונג, די גערעכטע געזעלשאַפטן, אַלע מענטשלעכע אידעאַלן מוזן געגרינדעט ווערן דורך שטאַרקע, באַ־וווסטזיניקע, דיסציפּלינירטע מענטשן, וועלכע קאָנען זיך באַהערשן און פאַרוואַלטן מיט די אייגענע עמאָציעס און פעאיקייטן.

אַלע איבעריקע באַגריפן איבער שענקייט, גוטקייט, מאָראַלישקייט און מענטשן ליבע זענען זער אָפט בלויז פאַרדעקטע נישטיקייטן און צעבראָכנקייט, ביי אַ ריכטיקן קוועטש אין דער האַנט, פּלאַצט די שאָלעכץ און ס׳אַנטפּלעקט זיך שמוץ, פּאַראַט, מיאוסקייט און נידער־טרעכטיקייט.

קאַפּיטל 26

## אויפריכטיקייט און טאַקטיק

יעדער רעוואָלוציאָנערער קלאַס באַזיצט געוויג מוט און ענערגיע צו קוקן דעם לעבן גלייך אין פּנים אַריין, ער דערשרעקט זיך נישט פאַר דעם שמוץ און גרויזאַמקייט פון דעם אַרום, פאַרלירט נישט דערביי זיין אונטערנעמערישקייט און לעבנס לוסט און פילט זיך אין כח אָט דעם שמוץ און גרויזאַמקייט צו באַקעמפן.

אָט די אייגנשאַפטן פאַרקערפּערן מיט זיך די אויפריכטיקייט, וואָס דינט דעם רעוואָלוציאָנערן קלאַס אַלס איינע פון די וויכטיקסטע, סאָציאַלע קאַמפס מיטלען, אין וועלכע ער נויטיקט זיך.

דאָרט ווו ס'פעלט אויפריכטיקייט, מוז קומען אַ שטילשטאַנד אין דער לעבנס ענערגיע, ווייל די מורא פאַר דער אויפריכטיקייט, איז די מורא פאַר דער דינאַמיק און שאַפן פון לעבן, פאַר איר רויקייט און האַרטקייט און פאַר איר שטורמישער שענקייט.

די שוואַכע אונטערנעמערישקייט און די אָפּגעלעבטקייט פון זייער גייסט, שטויסט די הערשנדיקע קלאַסן, וועלכע דערנענטערן זיך צו זייער אייגענעם אונטערגאַנג, זיי זאָלן אָננעמען אַ דעפענסיווע פּאָזיציע אין דעם סאָציאַלן קאַמף פאַר עגזיסטענץ, (דער קאַמף, וועלכער באַשטייט אין דעם באַהערשן די אַרומיקע נאַטור כחות, אין דעם אָרגאַניזירן די פּראָדוקציע מיטלען און אין דעם פאַרוואַלטן מיט די געזעלשאַפטלעכע נויטן) און דאָס הייסט, אַז זיי זאָלן ווערן קאָנסערוואַטיוו אין זייערע אידעאָלאָגיעס.

אַזוי ווי די אָביעקטיווע אומשטענדן אַנטוויקלען זיך אָבער ווייטער און אָט די אידעאָלאָגיעס קענען שוין מער נישט איינשטימען מיט דעם ווירקלעכן לעבן, הויבן אָן די הערשנדיקע קלאַסן מורא צו האָבן פאַר דער אויפריכטיקייט און זיי באַהאַלטן זיך אינסטינקטיוו אונטער די שירעמס פון טראַדיציע, פון פילאָסאָפישן מיסטיציזם און פאַלשן אידעאַליזם.

מען דאַרף אָבער נישט מיינען, אַז זיי אַליין רעדן נישט אינם נאָמען פון אויפריכטיקייט און פּרווון נישט צו מיסברויכן מיט אָט דעם באַגריף. אָבער יעדער דרייסטער און פאָרשנדיקער מענטש מוז דערזעען, אַז אין דער גלאַטקייט, באַפּוצטקייט און זיסלעכקייט, אין וועלכער ס'זענען פאַרוויקלט זייערע אידעאָלאָגיעס, ווערטער און טאַטן, מוז אין אַן אמת שטעקן אַ פאַלשער אָנשטעל, ליגן און צביעות, וועלכע פאַרדעקן זיך היפּאָקריטיש מיט דעם מאַנטל פון אויפריכטיקייט, ווייל קיינמאָל קען זיך די אויפריכטיקייט נישט געפונען אין די פאַרגלאַצטע אויגן, אין דעם אייביק זיסלעכן שמייכל און שטענדיק ווייכע רייד, אָדער פּאַטעטישע דרשות. אויפריכטיקייט איז האַרט און פעסט ווי דער אמת, שטורמיש און ניכטער ווי דאָס לעבן.

דערפאַר קענען נאָר דרייסטע מענטשן מיט אַ שטאַרקער ווילנס קראַפט זיין אויפריכטיקע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט.

אַ אונטערגייענדיקער קלאַס, וועלכער מוז זיך באַזירן אויף היפּאָקריזיע, קען נישט אַנטוויקלען קיין געזונטע, דרייסטע און אויפריכטיקע מיטגלידער, אויב ער פאַרמאָגט נאָך יאָ אַ געוויסע צאָל פון אַזעלכע אינדיווידואומס, רייסן זיי זיך מערסנטייל פון אים אָפּ און שטייען צו צום צווייטן קלאַס.

דאַקעגן אַנטוויקלט דער יונגער און רעוואָלוציאָנערער קלאַס מיטגלידער, וואָס פאַרמאָגן אַ שטאַרקן, אויפריכטיקן גייסט און צווישן וועלכע די נישט אויפריכטיקע מוזן אָפּפאַלן, אָדער אויסגעבעסרט ווערן.

אָן דער הילף פון אויפריכטיקייט קענען נישט באַקעמפט ווערן די שעדלעכע כחות, די מינדערווערטיקע און פעלערהאפטיקע אייגנשאַפטן.

פאַר פּחדנים, קליינמוטיקע און שוואַכלעכע מענטשן, וועלכע קענען נישט פירן קיין דרייסטן קאַמף מיט זייערע אייגענע חסרונות, איז אוממעגלעך צו זיין אויפריכטיק און דערפאַר אויך זיך צו פאַרפאָלקאָמענען און צו ווערן סאָציאַל.

אין בעסטן פאַל באַשרענקען זיי די אויפריכטיקייט צו קליינלעכע און איבערפלעכלעכע אויפגאַבן, ווי זאָגן, אין זייער אייגענעם קרייז, דעם אמת, אָדער זיך היטן פון ליגן, (און אפילו דאָס איז אויך אוממעגלעך דורכצופירן ווען ס'פעלט מוט און דרייסטקייט) זיי האָבן אָבער מורא אַריינצוקוקן טיף אין זיך און צו באַטראַכטן די אייגענע אומפאָלקאָמענקייט און מינדערווערטיקייט און זיי ווילן נישט זען דעם שמוץ, וואָס באַהאַלט זיך אָפּט טיף אין מענטשן, זיי קענען נישט באַהערשן דעם עקל און ווייטאָג, וואָס איז פאַרבונדן מיט דעם פּראָצעס פון אַרויסשלעפּן, אָפּרייניקן און איבעראַנדערשן, זיי פאַרמעסטן זיך נישט גרויס, באַרירן נישט די פונדאַמענטן פון פאַלשקייט, די ליגנס, וואָס זענען אַלט הונדערטער יאָרן און וועלכע נעמען אַרום מיליאָנען מענטשן.

סיי אין ברייטסטן זין פון וואָרט, און סיי ביי די קלענסטע אויפגאַבן מוז אָבער די אויפריכטיקייט, פונקט ווי יעדער ווערט, באַוווסטזיניק פאַרוואלטעט ווערן, אין קעגנפאַל הויבט זי אָן צו פאַרלייקענען זיך אַליין און גייט איבער אין דעם קעגנזאַץ פון אירע אייגענע שטרעבונגען. אנשטאט צו באַקעמפן דעם שמוץ, נישטיקייט און שטערונגען, פאַרגרעסערט זי זיי נאָך מער און אַנשטאט זי זאָל דינען דער געזעלשאַפט, קען זי ווערן אַנטי סאָציאַל.

יעדער קאַמף מוז האָבן אַ טאַקטיק. יעדע באַוווסטזיניקע פאַרוואַלטונג פאָדערט דערפאַר אַ געוויסן פּלאַן, לויט וועלכן די גייסטיקע קאַמפּס מיטלען זאָלן אויך אָנגעווענדעט ווערן מיט אַ געוויסן טאַקט, כדי זיי זאָלן ברענגען דעם נויטיקן נוצן און די מיטלען אַליין זאָלן פאַרפיינערט ווערן.

די טאַקטיק פון דער אויפריכטיקייט מוז באַשטייען אין דעם, אַז אָנווייזן זאָל מען נאָר דאָס, וואָס קען פאַרבעסערט ווערן, קעמפן דאַרף מען נאָר מיט דעם, וואָס קען איבערגעאַנדערשט ווערן.

אַזוי איז צום ביישפּיל זער אומטאַקטיש אָנצווייזן אויף פיזישע

חסרונות, אויף אויסערלעכע פעלערן און אויף אַ געוויסער גייסטיקער אַראָפּגעזעצטקייט.

ס׳איז געוויסנלאָז צו זאָגן אַ מענטשן, וועלכער איז אויסערלעך נישט שען, אַז ער איז מיאוס, ס׳איז נישט מענטשלעך צו רופן אַ נאַרישן מענטשן, און באַזונדער אַ קינד, נ אַ ר א.א.וו. ווייל אַזאַ אויפריכטיקייט ברענגט נישט קיין שום נוצן און זי אַנטמוטיקט נאָר דעם מענטשן.

אָבער אויך אויף אייגנשאַפטן, וואָס קענען יאָ אויסגעבעסערט ווערן, מוז מען נאָר לאַנגזאַם, פּאָרזיכטיק און פּעדאַגאָגיש אָנווייזן. מען דאַרף פריער אויפמונטערן און שטאַרקן דעם גייסט פון מענטשן, אָדער קינד, און ערשט שפּעטער אים אָנווייזן אויף זיינע חסרונות, כדי ער זאָל זיי קענען קוקן גלייך אין פּנים אַריין און זיי פאַרבעסערן.

מען טאָר נישט האַלטן אין איין איבערחזרן און אָנווייזן אויף די פעלערן, ווייל דאָס קען דערפירן דערצו, אַז דער מענטש זאָל פאַר־צווייפלען און דורך דעם נאָך מער זינקען אין זיינע חסרונות.

ווען מען וויל יענעם אָנווייזן אויף שלעכטע אייגנשאַפטן, דאַרף מען פאַר אַלעמען זיין מענטשלעך, קוקן אָן פאַראַכטונג אויף יענעמס אומפּאָלקאָמענקייטן און דערביי האָבן דעם מוט צו מאַכן אויך זיך די נויטיקע פאָרוואורפן און אויך זיך צו שטעלן די זעלבע פאָדערונגען. אין געגנפאַל ווייזט די כלומרשטע אויפריכטיקייט אָן אויף דער קליינ־לעכקייט פון דעם מענטשן, וואָס טראָגט מיט פאַריסנקייט איר נאָמען און באַנוצט זי אין אַן אמת בלויז כדי זיך אַרויסצושטעלן, כדי יענעם צו דערנידעריקן און זיך אַליין צו דערהויבן אויף יענעמס פּלייצעס.

אַזאַ אויפריכטיקייט קאָן נישט וועקן קיין ליבע, נישט צו דעם מענטשן, וואָס רעדט אין איר נאָמען, נישט צו אָט דעם גייסטיקן ווערט אַלס אַזעלכן.

מער פון אַלעמען איבערצייגנדיק איז ווען מען ווייזט אָ ן א ו י ף ט אַ ט ן , וואָס ווערן נישט ריכטיק באַגאַנגען.

אין דעם פאַל פון אַקטיווע מיסברויכן דאַרף מען אָפן אָנווייזן זייער שעדלעכקייט און נישט נאָכלאָזן, אַזוי לאַנג ביז זיי ווערן נישט אויס־געוואָרצלט און איבערגעאַנדערשט, ווייל איבערלאָזן דעם קאַמף אין דער מיט איז אָפט נאָך ערגער ווי אים נישט אָנצוהויבן.

דאָרט ווו די אויפריכטיקייט נעמט אָבער אָן אַ געזעלשאַפטלעכן מאסשטאַב, מוז זי זיין אומברחמנות׳דיק אין דעם קאַמף מיט די טיפע שטערונגען און פאַרוואָרלאָזטקייט אין דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג.

די אויפריכטיקייט קען אפילו אָפט דערגרייען ביז גראָבקייט, אָ ב ע ר ו ו אָ ס ש ט אַ ר ק ע ר ס ׳ ז ע נ ע ן ד י ש ו נ א י ם פ ו ן ג ע ז ע ל ש אַ פ ט ל ע כ ע ר ג ע ר ע כ ט י ק י י ט א ו ן פ ר אָ ג ר ע ס און וואָס מ ע ר ל ע ב נ ס ו ו י כ ט י ק

ס'איז דער קאַמף, אַלץ גרעבער און צינישער מוז אָפּט זיין די אויפ־ריכטיקייט, אַלץ שטאַרקער און דרייסטער מוזן זיין די מיטלען פון קאַמף און אַלץ האַרטער, אָבער אויך אַלץ ראַפינירטער מוז זיין די טאַקטיק, כדי אויסצוווּאָרצלען דאָס שלעכטע און אַנטי סאָציאַלע.

קאפיטל 27

## סאציאלישקייט און אינטערעסאנטקייט

די באַגריפן אמת און וויסן קלינגען זער באַנאַל און אויסגעדראָשן ווען מען גייט צו זיי צו מיט דער סטאַטישער מאָס פון די פעאדאלע און בורזשואַזע געזעלשאַפטן, וועלכע האָבן זיי געשילדערט אַלס אייביקע, אָביעקטיווע און אַבסאָלוטע ווערטן און, אַזוי אַרום, געפּרוווט זיי צו מאָנאָפּאָליזירן פאַר זייערע קלאַסן אינטערעסן און איינצייטיק געוואָלט (אויף דעם באַזונדערן היפּאָקריטישן אופן פון אָט די געזעלשאַפטן) פאַרדעקן מיט זיי אָט די אינטערעסן.

ווען מיר באַטראַכטן אָבער אָט די באַגריפן אין ליכט פון דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם, דערזעען מיר אַז זיי האַלטן אין איין בייטן זייער פאָרם אין פאַרבינדונג מיט דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקציע מיטלען און אין איינקלאַנג מיט די סוביעקטיווע, עקאָנאָמישע אינטערעסן פון די פאַרשידענע קלאַסן, שטענדיק דינען זיי אָבער אַלס די אומפאַרמיידלעכע מיטלען פון דעם געזעלשאַפטלעכן קאַמף פאַר עגזיסטענץ אין יעדער עפּאָכע.

דער א מ ת איז אַ מיטל פון דעם געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענ־לעבן און פון דער קעגנזייטיקער פאַרשטענדיגונג, אָן אים איז אומ־מעגלעך יעדע געמיינזאַמע אַרבעט; מיט דער הילף פון דעם ו ו י ס ן, ווידער, האָט דער מענטש געצוימט די נאַטור, טיילוויז באַהערשט די־אינערלעכע מענטשלעכע וועלט, אַנטוויקלט די קולטור און טעכניק.

דידאָזיקע צוויי ווערטן א מ ת א ו ן ו ו י ס ן זענען אומ־טיילבאַר און זיי דערגענצן איינער דעם אַנדערן. ס'איז נישטאָ קיין אמת אָן קיין וויסן, און קיין וויסן אָן קיין אמת.

ביידע העלפן זיי מיט דעם מענטשן אין זיין אייביקן קאַמף מיט דעם פארהוילענעם ליגן, וועלכער שטערט דעם מענטשן אין זיין אַנטוויקלונג.

אונטער דעם אומוויסן פילט דער מענטש תמיד אַ געפאַר, דאַקעגן מיט דער באַזייטיקונג פון אומוויסן און פון דעם אָפּגעגנאַרט זיין, קומט די דערנענטערונג פון זיין זיג איבער אַלע שטרויכלונגען.

די נייגעריקייט און אינטערעס פון די מענטשן פאַר אַלעמען, וואָס

איז פאַרדעקט, ניי און אויסטערליש, איז נישט עפּעס אַנדערש, ווי די מורא פאַר דעם אומבאַקאַנטן, וואָס געפינט זיך אין דעם. (אָפט איז די נייגעריקייט אויך פאַרבונדן מיט דער האָפנונג צו דערגרייכן לוסט, דאָס טרעפט אָבער נאָר אין אַ פאַל ווען די דערשיינונג, וועלכע מען שטרעבט צו דערקענען, איז דעם מענטשן טיילווייז באַקאַנט און זי איז פאַרבונדן מיט אַזעלכע אַסאָציאַציעס, וואָס שאַפן ביי אים דעם פאָרגעשמאַק פון אַ מעגלעכער לוסט, דאָס וואָס איז אָבער אימגאַנצן אומבאַקאַנט און פרעמד וועקט בלויז שרעק) די שוואַכערע מענטשן פרווון זיך דערפון צו ראַטעווען דורך דעם וואָס זיי אַנטלויפן, די שטאַרקערע, ווידער, שטרעבן עס צו דערקענען און אַזוי אַרום צו באַזיגן.

פאַראַן אָבער איבערזעטיקטע, דעגענערירטע און פוילנדיקע געזעל־שאַפטלעכע שיכטן, וועלכע ווערן אין זייער פּסיכאָלאָגיע ענלעך צו אַ זאַטער קאַץ, וואָס לויפט נאָך דעם מייזל נישט כדי עס צו כאַפּן און אויפ־צועסן, נאָר כדי זיך מיט דעם צו שפּילן. זיי הויבן אָן ליב צו קריגן נישט דעם זיג, נישט דעם ציל, נאָר דאָס מיטל, דעם קאַמף. ווען זיי באַווייזן שוין אויפצודעקן דאָס פאַרהוילענע, באַזיגן דעם אומוויסן און אַנטדעקן דעם סוד, איז דעמאָלט, אַנשטאָט זיך צו באַנוצן מיט דעם דערגרייכטן אמת אין דעם ווייטערדיקן פאַרניכטונגס קאַמף, וואָס ווערט געפירט געגן די סודות און שונאים פון דעם מענטש, וואַרפן זיי דאָס דערוואָרבענע אַוועק, (עס אינטערעסירט זיי נישט מער) אָדער זיי פאַר־הוילן און פאַרשלייערן עס נאָך מער.

אַזאַ פּסיכאָלאָגיע אַנטוויקלט זיך מערסטנטייל אין פאַרבינדונג מיט אַ זאַטער זיכערקייט, וועלכע שוואַכט אָפּ די נויטווענדיקייט אין ווייטער־דיקע שטרעבונגען. אָט דער אומשטאַנד ווערט אין דער בורזשואַזער געזעלשאַפט פאַרערגערט דורך דער פלאַנלאָזיקייט און אַנאַרכיע פון דער עגזיסטירנדיקער אָרדנונג און דורך דער באַגרעניצטקייט פון דער אינדיווידואַליסטישער פאָרם פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ.

אינאיינעם מיט די שטרעבונגען ווערן דערביי אָפּגעטעמפּט אויך די מיטלען, וועלכע דאַרפן באַנוצט ווערן אָט די שטרעבונגען צו דערגרייכן. די מיטלען וואָס ווערן אַ ציל פאַר זיך אַליין, דערפירן די געזעלשאַפט צו דעגענעראַציע און טעמפּקייט, זיי האַלטן זיך, אין אַזעלכע פאַלן, אין איין איבערחזרן, זיי שאַפן נישט קיין נייע מעגלעכקייטן אין דעם ווייטערדיקן קאַמף פאַר עגזיסטענץ און ווערן דערפאַר באַנאַל.

פונקט ווי דאָס אומבאַקאַנטע פון דער אויסערלעכער נאַטור שטערט דעם מענטשן זי צו באַהערשן, אַזוי שטערן אים אויך די אומבאַקאַנטע אייגנשאַפטן פון דער אינערלעך מענטשלעכער נאַטור און דערפאַר

וועקט תמיד דער אויסטערלישער, אָריגינעלער מענטש שרעק אין די איבעריקע מענטשן. זיי ווייסן נישט וואָס פאַר אַ געפאַר, וואָס פאַר אַ אומאַנגענעמלעכקייט עס קאָן אויף זיי לויערן פון אונטער זיין אַנדערש־קייט.

די שוואַכערע אַנטלויפן פון דעם נייעם ווי אַזוי זיי קענען נאָר, דורך אויסמיידן, באַיקאָטירן און אפילו דורך פאַרניכטן, (פאַרניכטן עפּעס הייסט אָפט אַנטלויפן פון דעם) ווען זיי האָבן נאָר די מעגלעכקייט דאָס צו טאָן און ווען עס שרעקט זיי שוין צופיל.

דאַקעגן אָבער די שטאַרקע, זיי פאָרשן, שטרייטן, פּרובירן זייערע גייסטיקע כחות, גייען אַרויס אין געראַנגל.

דער זיג איבער דעם סוד פון דעם מענטשנס אינערלעכער נאַטור ברענגט, פּונקט ווי דער זיג איבער דער אַרומיקער נאַטור, די מעגלעכ־קייט צו באַהערשן און אויסצונוצן דאָס נייע וויסן צו גונסטן פון אַ העכערער לעבנס מעגלעכקייט.

אָבער אין אָפּשטאַרבנדיקע שיכטן, ביי וועלכע די פּאַרטעמפּטקייט איז די איינציקע רפואה אויף נישט צו זען דעם אייגענעם אונטערגאַנג, נוצט מען נישט אויס דעם באַזיגטן סוד, דעם געוואונענעם אמת, אין דעם ווייטערדיקן קאַמף פאַר פאַרפאָלקאָמונג, נאָר מען זוכט סודות צוליב זייער סודותדיקייט, מען פאַרמאַכט די אויגן כדי נישט צו זען.

מען האָט ליב דאָס רעטזעל און מען וויל עס נישט פאַרניכטן און מען זוכט נישט צו באַקומען דעם אמת.

דאָס איז די ליבע צו יענעם סאָרט שפּיל, וואָס קומט אויפן חשבון פון דעם פאַרלוירענעם אַפּעטיט, דאָס איז די דעקאַדענץ, וועלכע באַ־זינגט דאָס „אינטערעסאַנטע“, אַנשטאָט צו שטרעבן עס צו דערקענען און צו מאַכן פאַר אויס אינטערעסאַנט, ווייל די אונטערעסאַנטקייט ווייזט דאָך אָן, אַז מען איז אומוויסענדיק (דאָס באַזינגען איז נאָך דערצו אַן אַפּאָלאָגעטיק פון אומוויסן) און אַז „די אינטערעסאַנטע“ שפּילן מיט אונז אַ נישט ערלעכן שפּיל, נאַרן אונז, שאַפן פון זיך רעטזלען און ווילן אונז נישט אויפקלערן (אַמאָל אפילו זיך אַליין אויך נישט) און זוכן נישט אַרויסצובאַקומען דעם אמת.

די אַלע „דעקאַדענטן“, די „אינטערעסאַנטע“ און זייערע באַזינגער לאָזן אַרויס פון באַטראַכט דעם געזעלשאַפטלעכן מאָמענט, זיי פאַרגעסן, אַז דאָס ווירקלעך אינטערעסאַנטע, דאָס הייסט דאָס אומבאַקאַנטע, דאַרף אויסגעפאָרשט און באַנוצט ווערן צום גונסטן פון דער מענטש־לעכער פאַרפאָלקאָמונג.

די קרענקלעכע פאַרקריפּלטע טיפּן ווילן אויסזען אָריגינעל און פאַלן אויף צעדרייטע המצאות, זיי אימיטירן, קאָקעטירן, ברעכן זיך

און קריכן פון דער הויט אַרויס, ביים זוכן אַ פּאַרטל ווי אַזוי זיך אויס־צוטיילן פון דעם אַרום.

איינער פון זייערע באַליבטע לאָזונגען איז, „זיי דאָס, וואָס דו ביסט“, זיי פאַרשטייען נישט, אַז דערמיט לייקענען זיי אָפּ זייער עצם לעבנס דערשיינונג, ווייל לעבן, הייסט דורכלאָזן דורך זיך אַ געוויסע סומע פון ענערגיע, עס הייסט נעמען און גיבן, באַווירקט ווערן און ווירקן, אַסימילירן פרעמדע שטאָפן און זיי אויסטיילן.

„זיי דאָס, וואָס דו ביסט“, הייסט זיי גאָרנישט, ווייל, ווי אַלעס אין דער נאַטור, איז אויך דער מענטש די דינאַמישע פאַרבינדונג און אויפלעזונג אין רוים, ער איז נישט אין דעם זיין, נאָר אין דעם אומאויפהערלעכן ווערן, אין דער אומאונטערבראָכענער ענדערונג אין פאַרבינדונג מיט דעם אַרום.

דער שווערער וועג, וואָס די מענטשהייט האָט דורכגעמאַכט ביז זי האָט דערגרייכט די קולטור, האָט געפירט דורך אַ פאַרביטערטן קאַמף מיט דער רייכער און קאַרגער נאַטור. אָט דער קאַמף מיט דער אויסערלעכער נאַטור, האָט געמוזט גייען האַנט אין האַנט מיט אַן אומדערמידלעכן אינערלעכן קאַמף.

די מענטשהייט האָט זיך געמוזט שולן און געזעלשאַפטלעך אָרגאַני־זירן אויף אַזאַ אופן, ווי עס אַנטשפּרעכט אַמבעסטן דעם קאַמף מיט דער אומגעבונג.

אָט די היסטאָרישע נויטווענדיקייט שפּיגלט זיך אָפּ אין דער מענטשלעכער פסיכאָלאָגיע, אין דעם אופן פון שאַפן אידעאַלן, מוסטערן וועלכע יעדער איינער פון די מיטגלידער דאַרף שטרעבן צו דערגרייכן און פאַרקערפּערן, וואָס נענטער מען איז צום אידעאַל, אַלץ פאָלקאָמענער איז מען, אין אָט דער געזעלשאַפט, אַלס מענטש. די אידעאַלן, ווידער, בייטן זיך מיט יעדער פרישער דערגרייכונג, מיט יעדער נייער לעבנס פאָרם.

אַזוי האָט זיך דעם ווילדנס אידעאַל, מיט יעדן זיג איבער דער נאַטור, אַלץ מער דערנענטערט צום אידעאַל פון אַ קולטור מענטש. און דער קולטור מענטש, וועלכער געהערט צו אַ געזונטער מענטש־לעכער אָרגאַניזאַציע, צו אַ שיכט צו וועמען ס׳באַלאַנגט די צוקונפט, מוז אויך אייביק שטרעבן צו דער דערגרייכונג פון אַ געוויסן געזעל־שאַפטלעכן אידעאַל טיפּ.

דורך דעם קען דער מענטש נישט ווערן שאַבלאָן־אַרטיק, ווי

קורצזיכטיקע קריטיקער מיינען, ווייל יעדער מענטש האָט אין זיך עפּעס ספּעציפישעס, (ס'איז פיל מאָל דערוויזן געוואָרן, אַז צוויי פאַלקאָמען ענלעכע מענטשן לויט זייערע פינגער צייכנס זענען אין משך פון טויזנטער יאָרן נישט געפונען געוואָרן. דער איי ווייס, וועלכער איז איינער פון די פילע עלעמענטן, פון וועלכע דער מענטש באַשטייט, האָט אַליין טויזנטער פאָרמען, ס'איז קלאָר ווי פאַרשידן די מענטשן מוזן זיין, כאָטש זיי פאַרמאָגן איינצייטיק אויך אַ סך געמיינזאַמס).

דער אופן פון אויפנעמען און רעאַגירן איז ביי יעדן איינעם אייגנאַרטיק, וואָס אויפריכטיקער און אמתדיקער מען איז, אַלץ מער קומט צום אויסדרוק דאָס שאַפערישׂ אייגנאַרטיקע, אין קעגנזאַץ צו דער ליגנערישער אינטערעסאַנטקייט און פערוורזער אָריגינעלקייט.

אינם קאַמף מיט דער אינערלעכער נאַטור פאַר אַ העכערער פאַר־פאָלקאָמונג, אין דעם שטרעבן צו דערגרייכן אַ אידעאַלע הויך, ווערט יעדער אייגנאַרטיק פּראָדוקטיוו, און דער חלוק פון דעם זשעני ביז דעם פּראָפאַן, איז דעמאָלט נאָר אַ קוואָנטיטאַטיווער. עכט אין דעם מענטשן איז בלויז דער אינערלעכער קאַמף, מיט דעם ציל צו דערגרייכן אַ געוויסע שטופע פון פאַרפאָלקאָמונג, די שטרעבונג צו אַ באַשטימטן אידעאַל. וואָס אמתדיקער זיי זענען, אַלץ אויטענטישער דער אופן פון אויפנעמען און רעאַגירן און, במילא שוין, אויך דער מענטש אַלס גאַנצער.

באַנאַל איז בלויז דער ליגן, די היפּאָקריזיע פון וועלן פאַרשטעלן מיט זיך דאָס, וואָס מען קען אפילו נישט זיין, דאָס פאַרבלענדן די אויגן, פאַרקריפּלען דעם אינערלעכן מהות און אונטער דעם קלאַנג פון שענע ווערטער, פּראָפּאַנירן דעם קליינעם, אָבער ווערטפולן קערן פון דער אייגענער אויטענטישקייט.

יעדער פיינפילנדיקער מענטש ווייסט, אַז ס'איז נישטאָ עפּעס מער עקלהאַפטיקס, ווי פאַטעטישע פּראַזעס, וואָס האָבן נישט קיין רעאַלן ווערט, אָט די באַנאַלקייט קומט פון דעם ליגן וואָס שטעקט אין זיי.

אויך די אָפטע איבערחזרונגען וואָס מיר הערן, רופן אַרויס אונזער ווידערווילן, נישט דערפאַר, ווייל זיי זענען אונז שוין גלאַט באַקאַנטן (און ווייל, ווי פילע מענטשן מיינען, ווערט אונז דאָס באַקאַנטע און צוגעוווינטע נמאס) נאָר דערפאַר, וואָס אין זיי פעלט די אויפריכטיקייט און די נויטיקע גייסטיקע אָנשטרענגונג, אָן וועלכע יעדער שאַפערישער פּראָצעס איז אוממעגלעך; און ס'איז אין זיי נישטאָ יענער אמת און

וויסן, אין וועלכע די געזעלשאַפט בויטיקט זיך און וועלכע מוזן זיך אומאויפהערלעך אַנטוויקלען, כדי צו אַנטשפּרעכן אירע פאָדערונגען, וואָס האַלטן זיך אין איין באַוועגן און ענדערן.

(נאָר דעמאָלט ווען אַ ליגן דינט אַלס אַ מיטל צו דערגרייכן אַ העכערן אמת, ווערט ער סאָציאַל, אין פאַל ווען דער אמת דאַקעגן דינט אַלס אַ מיטל פאַר אַ גרעסערן ליגן, איז ער, ווידער, אַנטי סאָציאַל).

וויפיל מאָל חזרט זיך איבער דער זון אויפגאַנג, דאָס בליען פון בלומען, די ליבע, און דאָך ווערן זיי דורך דעם קיינמאָל נישט באַנאַל, פּונקט אַזוי קענען אויך געזעלשאַפטלעכקייט, אָפּפערוויליקייט, עקסטאַז קיינמאָל נישט ווערן באַנאַל, (זיי מעגן פאַר אונזערע באַגרעניצטע אויגן זיין ענלעך איינער צום צווייטן, ווי צוויי טראָפּן וואַסער) אויב אונטער זייער אויסערלעכער פאָרם פארבאהאלט זיך נישט קיין ליגן, אויב זיי זענען אויפריכטיק. און זאָל דער ליגן נאָך אַזוי שען זיין, וועט דער מבין תמיד דערפילן די ביליקייט פון דעם נאָכגעמאַכטן שטיין און וועט אים נישט אויסבייטן אויף דעם קלענסטן איידלשטיין.

זער באַלערנדיק איז די דערשיינונג, וואָס כמעט אַלע גרויסע קאָמפּאָזיטאָרס האָבן געשאַפן וואַריאַציעס איבער שוין פאַראַנענע קאָמפּאָזיציעס, און דאָס האָט דאָך נישט געשטערט זיי זאָלן זיך אויך דאָ אַרויסווייזן אין זייער גאַנצער ספּעציפישקייט.

ווי כאַראַקטעריסטיש איז שומאַנס אויסרוף איבער שאָפּענס וואַריאַציעס פון מאָצאַרטס דאָן זשואַן, „עס איז אויפגעשטאַנען אַ זשעני“, אָדער מאָצאַרטס באַגייסטערונג איבער בעטהאָווענס אימפּראָוויזירטע וואַריאַציעס, וועגן וועלכע ער האָט געזאָגט „די געשיכטע וועט אַמאָל רעדן דערפון“.

אַזוי זענען קאָפּיעס פון באַרימטע בילדער, וועלכע גרויסע קינסטלער האָבן געמאַכט, אַ סך ווערטפולער און אויטענטישער פון געוויסע „אָריגינעלע“ פּראָדוקציעס, וואָס זענען אין אַן אמת באַנאַל און אין וועלכע עס שטעקט אַ באַוווסטזיניקע, אָדער אומבאַוווסטזיניקע פעלשונג; נישט דורכגעקאָכטע, נאָר אויבערפלעכלעך נאָכגעקרימטע אידעען, אונטער וועלכע עס באַהאַלט זיך אַן אַלגמיין פּיליסטערישע, אָדער דעקאַדענטישע אָריענטאַציע.

די לאָזונג פון אַ סאָציאַלן מיטגליד מוז דערפאַר זיין, נישט זיי, (אַזוי אומגעלונגען) ווי דו ביסט, נאָר ווער, אויף דער באַזע פון אמת און וויסן, אַזוי פאַלקאָמען, ווי דו קענסט נאָר ווערן אין איינקלאַנג מיט די סאָציאַלע אינטערעסן . . .

קאַפּיטל 28

## די פּסיכאלאגיע פון ליבע.

די קראַפט פון צוציונג און רייץ, וואָס ווערן צוגעשריבן צו די פּערזאָנען, אין וועלכע מען פאַרליבט זיך, זענען אין אַן אמת נאָר סוב־יעקטיווע אָפּשאַצונגען און נישט קיין אָביעקטיווע ווערטן.

אָט די אָפּשאַצונגען זענען פון זייער זייט אָפּהענגיק דערפון, וואָס זייערע טרעגער אַנטשפּרעכן דער סביבה, אין וועלכער זיי ווירקן, און זיי געפונען זיך אין איינקלאַנג מיט די אומשטענדן פון יענע מענטשן, אויף וועלכע זיי מאַכן דעם איינדרוק.

די אָביעקטיווע סיבות, וועלכע באַשטימען סיי די פאָרמען פון אונזער טעמפּעראַמענט און כאַראַקטער, סיי דעם אינהאַלט פון אונזערע שטרעבונגען, זיי שאַפן אויך די געזעצן פון ליבע.

די מיסטישע כחות און די צויבערקראַפט, מיט וועלכע די געליבטע פאַרכישופן כלומרשט, זענען נישט מער ווי קינדערישע פאַנטאַזיעס און קומען פון גייסטיקער אָפּגעשטאַנענקייט.

מיט יעדן צייט אָפּשניט, בייט זיך, רעלאַטיוו צו די פּראָדוקציע מיטלען און די פאָרמען פון פּראָדוקציע, אויך דער אינהאַלט פון רייץ און ליבע.

יעדער קלאַס האָט, אָפּהענגיק פון זיין סביבה און פון די עקאָנאָמישע אומשטענדן, אין וועלכע ער געפונט זיך, אַן אַנדערן אידעאַל פון ליבע.

די אָביעקטיווע עקאָנאָמישע אומשטענדן שפּילן אַ אינדירעקטע ראָלע אין דער אויסבילדונג פון די באַזונדערע אידעאַלן און פאָרשטעלונגען וועגן ליבע, פּונקט ווי איבער אַלע אַנדערע דערשיינונגען פון לעבן; זיי דינען דאָס אַלס די סיבה פאַר דער פאָרמירונג פון דער סוביעקטיווער דיספּאָזיציע פון אַ באַשטימטן קלאַס אויפצונעמען אָט די, אָדער יענע אידעאַלן.

די עקאָנאָמישע אינטערעסן זענען אָבער קיינמאָל נישט דער דירעקטער ציל פון דער ליבע, (דאָס איז כדאי צו דערמאָנען צו געוויסע וווּלגאַר מאַטעריאַליסטן, וועלכע מישן זער אָפט אויס די אינדירעקטע אָביעקטיווע סיבות, מיט די דירעקטע סוביעקטיווע צילן פון אַ מענטשן) וואָס האָט דירעקט גאָרנישט צו טאָן מיט קיין קליינלעכע אויסרעכענונגען, און בלויז ביי אַ טייל בורזשואַזע שיכטן זענען זיי דער אַנטגילטיקער ציל.

דער מענטש, וועלכער אַנטשפּרעכט מיט זיין אינערלעכן און אוי־

סערלעכן מהות דער נויטווענדיקייט און די אידעאַלן פון אַ געוויסן קלאַס, האָט מער אויסזיכטן צו געפעלן און געליבט צו ווערן.

וויכטיג איז אויך דער ספּעציפישער אינערלעכער צושטאַנד פון דעם באַזונדערן אינדיווידואום, וואָס נויטיקט זיך אין ליבע. אַ חוץ זיין קלאַסן צוגעהעריקייט, איז עס אויך זיין עלטער, די שטופע פון זיין פיזי־שער אַנטוויקלונג און פון זיין גייסטיקן פאַרנעם, וועלכע גרייטן צו דעם באָדן אַז די ליבעס ווירקונג פון אַ באַשטימטער פערזאָן זאָל קענען אָנ־גענומען ווערן.

צווישן אַ סך מענטשן וועט דער ליבנדיקער אויסקלויבן דעם יע־ניקן, וועלכער אַנטשפּרעכט אַמבעסטן דעם אייגענעם טעמפּעראַמענט, וועלכער איז נענטער צום אייגענעם פּסיכישן לעבן און איז דורך פאַר־שידענע אַסאָציאַציעס פאַרבונדן מיט די עמאָציעס, וואָס מען האָט פריער דורכגעלעבט און מיט די שטרעבונגען, וועלכע האָבן זיך אויסגעבילדעט דורך די אָביעקטיווע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע סיבות.

אין דער צייט ווען דער גאַנצער פיזישער און פּסיכישער קאָמפּלעקס איז רייף ליב צו האָבן און נויטיקט זיך אין אָט דעם געפיל, איז אפילו ווען מ׳טרעפט נישט די פּערזאָן, וועלכע אַנטשפּרעכט די אינערלעכע פאָרשטעלונגען און שטרעבונגען, פאַרליבט מען זיך אויך אין אַ בלייכן כוראַגאַט, וועלכער קומט אונטער.

כדי צו באַלוינען די אייגענע באַגערן, טרייבט מען איבער, מען שרייבט די געליבטע צו אַזעלכע אייגנשאַפטן, וואָס זיי באַזיצן גאָרנישט, די פאַנטאַזיע דערגענצט דאָס, וואָס פעלט, און מען רינגלט אַרום די גע־ליבטע פערזאָנען מיט אַ פאַרגעטערונג, איבער וועלכער זייטיקע מוזן שטוינען.

אויב מען טרעפט אָבער דערנאָך אָן אויף אַ ליבעס געשטאַלט, וואָס איז אַ מער אויסדרוקלעכע און פולע פאַרקערפּערונג פון די אייגענע פאַרלאַנגען, דערזעט מען גלייך דעם פריערדיקן טעות און מען פילט זיך אַנטוישט.

אין יעדן פאַל, ווערט דער מאָמענט פון „ליבעס צויבער" צוגעגרייט אין דעם מענטשנס פּסיכאָלאָגיע נאָך אַ סך פריער איידער ער באַגעגנט די געליבטע פערזאָן.

עוואָלוטיוו זאַמלען זיך די כחות, די ענערגיע, די פאָרשטעלונג און די אינערלעכע שטרעבונג ליב צו האָבן.

דער מאָמענט פון פאַרליבן זיך ביי אַ באַשטימטן מענטשן איז דער איבערגאַנג פון קוואַנטיטעט אין קוואַליטעט, עס קומט פאָר אַ אינערלעכע גייסטיקע רעוואָלוציע, וועלכע איז שוין פון לאַנג, אומבאַוווסטערהייט פאַר דעם מענטשן, געוואַקסן אינאיינעם מיט זיין פיזישער אַנטוויקלונג און זיך געהאַלטן אין איין ענדערן דורך די פאַרשידענע דערפאַרונגען אין זיין

לעבן. מיט יעדער נייער ווענדונג אין דער אַנטוויקלונג פון דעם יעניקן וואָס האָט ליב, קאָן פאַרשווונדן די „צויבערקראַפט“ פון דער געליבטער פערזאָן, אויב זי האַרמאָנירט נאָר נישט מיט אָט דער נייער ווענדונג.

דער איבערגאַנג פון דעם מעכאַנישן, כמעט נאָך אומבאַוווסטן, פיזישן סעקס־רעפלעקס, ווען מען איז מער ווייניקער גלייכגילטיק צו די פיזישע און גייסטיקע אייגנשאַפטן פון דער פערזאָן פון דעם אַנדערן מין, אין דעם מער אַנטוויקלטן און מער באַוווסטזיניקן קאָמפלעקס פון ליידנשאַפט און געפיל פון ליבע צו אַ באַשטימטער פערזאָן (אָט דער איבערגאַנג הויבט זיך שוין אָן ביים גאַנץ פרימיטיוון מענטשן און ווערט אַלץ מער פאַרצווייגט און פאַרפאָלקאָמט מיט דער אַנטוויקלונג פון דעם מענטשנס קולטור), שאַפט זיך דורך די ווירקלעכע, אָדער פאָרגעשטעלטע רעלאַציעס, וואָס מוזן עגזיסטירן צווישן אָט די צוויי פערזאָנען, און צווישן די פאַרשידענע אָביעקטן, וואָס שטייען אויסער זיי, דורך דער ענלעכער באַציונג, וואָס זיי האָבן צו פאַרשידענע געשעענישן און דערשיינונגען, דורך דער געמיינזאַמער שטעלונג צו זאַכן, דורך די אַלגעמיינע פאַר די ביידע פון זיי סאָציאַלע און עקאָנאָמישע אינטערעסן און דורך די בשותפות׳דיקע שטרעבונגען צו לוסט, מאַכט און ווילטאָג, וואָס זיי האָבן. (לוסט באַציט זיך, אַ חוץ סעקסועלער באַפרידיגונג, אויך צו אַ גאַנצער רייע פון אַנדערע זאַכן).

די געמיינזאַמע פאַרשטענדניש ווי אַזוי צו דערגרייכן און געניסן די פאַרשידענע פאָרמען פון לוסט באַאיינפלוסט, פאַרשטאַרקט און באַרייכערט פון איר זייט די לוסטן פון די עראָטישע עמאָציעס און סעקסועלע אָנרעגונגען.

אַ קרובישע באַציונג צו זאַכן, דורך וועלכע די אייגנשאַפטן פון מענטשן קומען צום לעבן און געשטאַלטן זיך, ווערט צוגעשריבן אפילו צו יענער פערזאָן, וועלכע מ׳שטעלט זיך בלויז פאָר ווען מען טרוימט וועגן ליבע.

ליבע איז די האַרמאָניע צווישן די געדאַנקען, געפילן און טאַטן פון צוויי פערזאָנען, (האַרמאָניע איז נישט גראָד דער רעזולטאַט פון פאָלקאָמענער גלייכקייט, — אפילו אויף וויפיל אַזאַ מין זאַך קען בכלל עגזיסטירן — זי איז אָבער אויך נישט דער פראָדוקט פון גאַנץ קעגענזעצטע אייגנשאַפטן פון צוויי פערזאָנען; ס׳מוז אין זיי זיין עפעס גלייכס און עפעס קעגנגעזעצט, אַזוי אַז די אייגנשאַפטן זאָלן איינע די אַנדערע דערגענצן) אָבער געדאַנקען, געפילן און טאַטן

קענען קומען צום אויסדרוק נאָר אין פאַרבינדונג מיט פאַרשידענע אויסער־לעכע אָביעקטן און פּאַסירונגען, נאָר אין באַציונג צו פאַרשידענע אָביעקטיווע דערשיינונגען און געשעענישן.

ווען דער אַלגעמיינער אינטערעס צו געוויסע זאַכן פאַרשווינדעט, ווערט די ליידנשאַפט און ליבע דערפירט צו אַ מינימום און אַלס קאָנ־סעקווענץ דערפון הויבט אָן אין די באַציונגען פון די צוויי מענטשן אַריינצודרינגען איבערדריסיקייט, גלייכגילטיקייט און סעקסועלע אַפּאַ־טיע. פון דער אַנדערער זייט, איז דעמאָלט ווען די אינטערעסן זענען פאַרשלינגנדיק גרויס און פאַרכאַפּנדיק, קענען זיי צייטווייליק טיילווייז פאַרדרענגען דעם סעקסועלן טריב, אָבער זיי לעשן נישט אָפּ און פאַר־קליינערן נישט די ליבע, נאָר פאַרקערט.

די אינערלעכע מעלות פון די געליבטע מוזן אַנטשפּרעכן איינע די אַנדערע, זיי מוזן זיך אַנטוויקלען אין אַ פולער גייסטיקער און פיזישער האַרמאָניע, כדי צו קענען אויפהאַלטן דאָס לעבן פון דער ליבע. די טיפקייט פון דער ליבע לאָזט זיך דערפאַר אַמבעסטן פעסטשטעלן דעמאָלט, ווען די אַכטונג און איבערגעגעבנקייט, וואָס גייען האַנט אין האַנט מיט ליבע, ווערן נאָך טיפער, נאָך דעם וואָס די מענטשן האָבן זיך שוין צוזאַמענגעלעבט.

זער אָפט ווערן מענטשן דורך זייער געפיל פון מינדערווערטיקייט אַזוי קליינלעך און נישט זעלבסטשטענדיק אין זייערע מיינונגען, אַז ס'געפעלט זיי נאָר יענע פּערזאָן, וואָס געפעלט אימיצן אַנדערש, אַ פּערזאָן וואָס האָט דערפאָלג; באַזונדערס אינטערעסאַנט פאַר זיי זענען די יעניקע צוליב וועלכע מען האָט זיך „געהרגעט“, „געהאָנגען“, אָדער „געשאָסן“.

אַזעלכע אַספּיראַציעס קענען נאַטירלעך נישט שאַפן קיין אויפריכטיק און טיף געפיל און דערפאַר קומען מערסטנסטייל פאַר מיספאַרשטענדע־נישן נאָך דעם וואָס די מענטשן קומען זיך צונויף אויף אָט די אויבער־פלעכלעכע באַזיסן.

די פראַזן וועגן דעם, אַז דער מענטש האָט ליב נאָר דאָס, וואָס ער קאָן נישט דערגרייכן, זענען פּוסטע און נאַריש.

אין אַן אמת איז דאָס פּונקט פאַרקערט. לויט דעם געזעץ פון זעלבסט פאַרהיטונג און דעם מענטשנס ווערן זיך פון אומלוסט, אַנטלויפט יעדער נאָרמאַלער מענטש, אינסטינקטיוו, פון דעם וואָס איז אַבסאָלוט אומדערגרייכבאַר פאַר אים. מען טראַכט אפילו נישט דערפון און מען באַמערקט עס נישט, ווייל דאָס וואָלט געקאָנט זיין אַ האָפענונגסלאָזע קוועלעניש און אַן אומאויפהערלעכע פיין.

אויב דער מענטש הויבט אָבער דאָך אָן טראַכטן און שטרעבן צו אומדערגרייכבאַרע זאַכן, איז דאָס נאָר דעמאָלט, ווען מען האָט אים געגיבן אַן אנלאָס דערצו, ווען מען האָט אים דירעקט, אָדער אינדירעקט, עפּעס צוגעזאָגט און נאָר דעמאָלט ווען ער האָט אַ שטיקל האָפנונג דאָס צו דערגרייכן, אומבאַוווסטערהייט איז ער מערסטנטייל אפילו איבער־ציינגט אין דער קומנדיקער דערגרייכונג.

ווען דער מענטש, וואָס איז נישט געוווינט באַוווסטזיניק און דיסצי־פּלינירט, נויטיקט זיך אין ליבע, פאַרגרעסערט ער אָפט אין זיין פאַנ־טאַזיע דעם אַנלאָס, וואָס מען האָט אים געגיבן און אַ געווויסע צווייַ־דייטיקייט געגעבן אים, אין זיין סיטואַציע, צו דינען אים אַלס אַ סימן פון ליבע.

די געניטע קאָקעטעריע בויט אויף אָט דער באַזע אירע ליבעס דערפאָלגן.

די קליינלעכע נאַטורן, וואָס האָבן ליב צו „האָבן דערפאָלג" און ווילן אויף דעם חשבון פון יענעמס דערנידעריקונג קאָמפּענסירן זייער געפיל פון דער אייגענער מינדערווערטיקייט, באַנוצן מערסטנטייל אַזאַ שטעלונג: זיי ציען מיט איין האַנט צו, און מיט דער אַנדערער שטויסן זיי אָפּ, און שטענדיק מיט אַ האַלב מויל, כדי דער קרבן זאָל זיך נישט אימגאַנצן איבערצייגן אין דער אומדערגרייכבאַרקייט זייערער און, אַזוי אַרום, אָנהויבן באַקעמפן די אייגענע געפילן און זיך פון זיי באַפרייען.

אָבער אויך צו־לייכט דערגרייכבאַר ווילן זיי נישט זיין, און דאָס הויפּטזעכלעך, אָדער ווייל זיי האָבן דעם צווייטן פּערזאָן פּשוט נישט ליב, אָדער ווייל זיי קאָנען אים קיין שום פּאָזיטיווע ווערטן נישט ברענגען און האָבן צוליב זייער אייגענער נישטיקייט מורא צו פאַרלירן דעם ווערט אין יענעמס אויגן, בשעת ער וועט געווונען די מעגלעכקייט זיי צו דערקענען און קריטיקירן פון דער נאָענט....

זער אָפט פאַרלירט טאַקע דער ליבנדיקער די אַכטונג צו דער פּערזאָן, וועלכע ער האָט דערגרייכט און דאָס איז, ווידער, דערפאַר, וואָס אים אַליין פעלט זעלבסטווירדע און באַוווסטזיניקייט.

דער, וואָס האָט נישט קיין אַכטונג צו זיך אַליין, קען עס אויך נישט האָבן צו יענעם, וואָס איז פאַר אים דערגרייכבאַר און נאָענט, און ער פאַרגעטערט נאָר דעם יעניקן, וואָס וועקט אין אים קנעכטישע און פּחדנותדיקע האָפנונג.

דער באַוווסטזיניקער מענטש ווייסט, אַז **דאָס אומדער־גרייכבאַרע איז אָפט נישטיקער און לײדיקער ווי דאָס דערגרייכבאַרע,** און ער האָט פיינט דעם געמיינעם שפּיל, די נאַרישע בענקעניש און די פּוסטע האָפנונגען.

ווי מיר האָבן דערוויזן איז דאָס געליבט זיין נישט אָפּהענגיק פון קיין שום באַזונדערע געטלעכע מעלות פון דער געליבטער פערזאָן, און דאָס נישט געליבט זיין באַשטימט נישט דעם מענטשנס גייסטיקע און פיזישע מינדערווערטיקייט.

דער באַוווסטזיניקער מענטש דאַרף דערפאַר שטרעבן צו דערקענען די אומשטענדן, וועלכע פאַראורזאַכן זיין דערפאָלג, אָדער מיסדערפאָלג און דורך דעם פאַרפאָלקאָמען זיך, אָט די אומשטענדן ראַציאָנעל צו באַהערשן.

ער מוז באַקעמפן און פאַרניכטן די אומנוצלעכע געפילן צו די מענטשן, וועלכע זענען פאַר אים אומדערגרייכבאַר.

דעם וואָס איז ווערט זיין אַכטונג און ליבע, דעם שטרעבט ער צו דערקענען און דורך זיינע אמתע גייסטיקע און פיזישע מעלות צו דער־גרייכן, אָבער נאָך דעם דערגרייכן ווערט אים די פערזאָן נאָך טייערער, ווייל דער ערלעכער, באַוווסטזיניקער און פיינער מענטש איז אַ קוועלע פון אומאויפהערלעכן, טיפן רייכטום אין געפיל, אין שענקייט און אין געזעלשאַפטלעכקייט, אָן וועלכער ס׳איז אוממעגלעך יעדע סעקסו־עלע עמאָציע, יעדער געפיל פון ליבע, פונקט ווי ס׳איז אוממעג־לעך באַוועגונג אָן פאַרבינדונג.

סעקס איז אַ פאָרם פון באַוועגונג, און געזעלשאַפטלעכקייט איז איינע פון די וויכטיקסטע פאָרמען פון מענטשלעכע פאַרבינדונגען.

אפילו די אנאניסטישע באַפרידיגונג קומט דורך דעם, וואָס מען דערגענצט מיט דער פאָרשטעלונג דעם אנטיילנעמער וואָס פעלט.

דאָס וואָס איז ווירקלעך פייך, געזעלשאַפטלעך און שען אין דעם מענטשן, האַלט זיך אין איין אַנטוויקלען, עס ווערט פון דער נאָענט נאָך מער באַוווּנדערט ווי פון דער ווייטנס און פולט אונז אָן מיט אַלץ מער ליבע, אַכטונג און פאַרגעניגן, וואָס מער מיר דערקענען עס.

אַלע פוילע געשטאַלטן פון ליבע, ווי די מענטשן, וועלכע ווערן לייכט פאַרפירט און יענע וואָס פאַרפירן, עראָטאָמאַניאַקן, איבערטריבענע סעקסואַליסטן און פערווערזע מענטשן, זיי אַלע געהערן טיילווייז צום פאַרברעכער טיפּ, מיט זיי מוז די געזעלשאַפט קעמפן, און טיילווייז גע־הערן זיי אין אַ קראַנקן־הויז. . . .

## קונסט, שפיל און דערציונג

### קאַפּיטל 29

דער באַגריף אַז קונסט איז שפיל, איז נישט יונ־גער און נישט עלטער, ווי די פאָרשטעלונג אַז קונסט איז אַ

ד ע ר צ י ו נ ג ס מ י ט ל. ביידע מיינונגען זענען אַזוי אַלט, ווי ס'איז אַלט די קונסט אינגאַנצן. דאָס הייסט, אַז פּונקט ווי די קונסט, האָבן זיי געלעבט אינ'ם מענטשן (און אומבאַוואוסטערהייט זענען זיי אין דער פּראַקטיק שוין פאַרווירקליכט געוואָרן פון דער חיה) זינט די אַנטוויקלונג פון די העכערע, קאָמפּליצירטע אָרגאַניזמען און זייער קאַמף פאַר עגזיס־טענץ איז פאַראַן אויף דער וועלט.

און נישט נאָר וואָס דער פּרימיטיוועך מענטש האָט אינציייטיק פאַר־מאָגט אָט די צוויי באַגריפן מיטאַמאָל, נאָר ער האָט בכלל נישט גע־מאַכט קיין שום דיפערענצירונגען צווישן זיי.

אין דעם האַרטן, אָבער פּשוטן לעבן פון די ווילדע מענטשן, אין וועלכע ס'האָט שוין געעָטעמט און זיך אָנגעהויבן צו צעוואַקסן די קונסט, איז עס געווען באַשיינפּערלעך קלאָר, אַז דער טאַנץ און די פאַרשידענע שפּילן (טאַנץ איז איינע פון די פּרימיטיווסטע פאָרמען פון שפּיל), וועלכע האָבן ביי זיי שטענדיק סימבאָליזירט דאָס געיעג, אַז דאָס אויסמאָלן די חיה, וועלכע מ'וויל באַזיגן און פאַרצערן (כדי אַזוי אַרום צו באַזייטיקן די אומלוסט פון הונגער, פון קעלט און פון דער געפאַר אַליין דורך דער זעלבער חיה פאַרצערט צו ווערן, ווי אויך כדי צו דער־גרייכן די לוסט פון זיג, זאַטקייט, וואַרעמקייט און זיכערקייט), אַז דאָס אַלעס, דאָס הייסט, אַז זייער גאַנצע פּרימיטיווע קונסט איז אַ טרענירונג, אַן איבונג; אַז דאָס איז די ער־ציונג אינ'ם קאַמף פאַר עגזיסטענץ, אינ'ם קאַמף פאַר לוסט און קעגן אומלוסט.

אין דעם בלויזן שטרעבן צו דערגרייכן דעם פרײדיקן ציל און אין דעם הוילן איבן און טרענירן זיך צו געווונען דאָס געוווּנטשטע גליק, שטעקט אַ געוויסע (מ'קען זאָגן שוין גייסטיקע) באַפרידיקונג און לוסט; ס'איז אָבער אין דעם פאַראַן אויך אַ גייסטיקע און פיזישע אָנשטרענגונג, אַן אָנשטרענגונג, וואָס איז פאַרבונדן מיט דעם לערנען־זיך בייצוקומען די פאַרגעשטעלטע און פאָרויסגעזעצטע שטערונגען און מכשולים אין לעבן. ווייל דער שפּיל מוז זיין ענלעך אויף דעם אמתן, ווירקלעכן לעבן, און וואָס מער רעאַלע מעגלעכקייטן דאָס „כלומרשטע" פאַרמאָגט אין זיך, וואָס וויניקער בולט ס'איז דער אָנשטעל, אַלץ לעבעדיקער און אינטע־רעסאַנטער איז דער שפּיל.

דער שפּיל אין וועלכן דער קאַטאָוועס (כטעות) איז געניט מיט וויסע פאַדעם און אַלעס איז אויף צוקלאַמפערשטען, נודיעט עס דאָס קינד און דעם ווילדן, פּונקט ווי דעם הערוואַקסענעם קולטור־מענטש. טאָקע דערפאַר מוזן אין דעם שפּיל פאָרגעשטעלט ווערן אויך געוויסע

שווערִיקייטן, וועלכע מ׳זאָל דאַרפן, פונקט ווי אין לעבן, בייקומען, ווייל אַז נישט ווערט עס ווידעראַמאָל לאַנגווייליק.

דער אמת־פאַרכאַפּענדיקער שפּיל מאַטערט איבער דעם אָפּט אויס די מענטשן, וועלכע פאַראינטערעסירן זיך מיט אים. די קינדער וואָס נעמען אין אים אָנטייל, שוין אָפּגערעדט פון די ווילדע, וועלכע פלעגן אַוועקפאַלן האַלב־טויטע נאָך זייערע גרויסע טענץ און שפּילען. אָט דאָס בייקומען די שווערִיקייטן אינ׳ם שפּיל, ברענגט אָבער דערביי א ג ע פ י ל פ ו ן ז י כ ע ר ק י י ט א ו ן ז ע ל ב ס ט ב אַ־ ו ו ו ס ט ז י י ן אויף דעם געגעבענעם געביט.

דער אידעאַלסטער און געזונטסטער שפּיל איז יענער, אין וועלכן מ׳פילט אַמווייניקסטן אַז ער איז ב ל ו י ז ש פּ י ל , יענער וועל־כער איז נישט קיין „ש פּ י ל פ אַ ר ש פּ י ל״, נאָר אין וועלכן מ׳קען זיך פאַרגעסן און מיינען אַז דאָס איז „טאַקע אַן אמת״ (ווי קינדער דרוקן זיך אויס), יענער וועלכער איז זער נאָענט צו דער רעאַלי־טעט, צום לעבן, דאָס הייסט, דער שפּיל, וואָס דינט אַלס אַ דערציונגס מיטל.

ווידער, די אידעאַלע דערציונג, פון איר זייט, איז יענע, וואָס ווערט דערגרייכט דורך שפּיל.

פונקט ווי אין אַלע אונזערע שאַפונגען איז פאַראַן אַן עלעמענט פון דערציונג, אַזוי איז אין זיי פאַראַן אויך אַן עלעמענט פון שפּיל, אַלס אַ מ י ט ל פ ו ן ד ע ר צ י ו נ ג . און ווי געוואָגט ס׳זאָל נישט קלינ־גען דאָס געזאָגטע, איז שפּיל פון אָט דעם ערנסטערן און פאַרפיינערטן מין פאַראַן אין אונזער וויסנשאַפט נישט ווייניקער ווי אין דער ליטעראַ־טור, אין דער מוזיק, אין דער מאַלעריי, א.אַ.וו., אין וועלכע געשטאַלטן, בילדער, אותיות, זאַצן, נאָטן, געאָגראַפישע צייכענונגען, ציפערן א.אַ.וו. (די ציפער איז דער אַבסטראַקטעסטער סימבאָל פון אַלעם וואָס עגזיס־טירט אויף דער וועלט) זענען פונקט ווי אין שפּיל בלויז סימבאָלן, בלויז אַ מין קאָנווענציע, אַ „לאָמיר זאָגן״, „לאָמיר זיך פאָרשטעלן״, אָדער „לאָמיר שפּילן אין דעם און אין דעם״... און פאַר די אמתע וויסנשאַפט־לער, פונקט ווי פאַר די עכטע קינסטלער, איז אָט דער שפּיל אַ געוואַלדיק אינטערעסאַנטער און פאַרכאַפּענדיקער, כאָטש ער איז אויך אומגע־הויער שווער און אָנשטרענגענדיק און כאָטש ער איז אָפּט אפילו ביז גאָר אויסמאַטערנדיק.

די פאַרשידענע דילעטאַנטן און דעקאַדענטן באַרימען זיך שטענדיק דערמיט, אַז זיי קומט אָן זער לייכט זייער שאַפן, אַז די קונסט פליסט ביי זיי ארויס נישט ווי קיין פועל יוצא פון טיף־אַסימילירטער קולטור און שווערער גייסטיקער אַרבעט און אָנשטרענגונג, נאָר ז׳ גיסט זיך ווי פון אַ מין „סטיכישן אורקוואַל״, און זיי ווייסן נישט, אַז אין אַן אמת

שטראָמט ביי זיי אַרויס אין זייערע, אַזוי גערופענע, קינסטלערישע ווערק, בלויז דאָס באַנאַלסטע און אויסגעדראָשנסטע, מיט וועלכן זיי האָבן זיך אָנגעהערט און וואָס ליגט אומעטום אויף דער אויבערפלאַך. ס׳איז אַן אמתער קוריאָז, ווי אַזוי אַזעלכע „קינסטלער" ווייזט זיך נאָך אָפט אפילו אויס, אַז מען מאַכט זיי נאָך און מען פלאַגירט זיי. דאָס לאָזט זיך מער־סטענטייל זער גרינג דערקלערן דערמיט, וואָס די זעלבע אויבערפלעכ־לעכע מיינונגען און פאָרשטעלונגען, מיט וועלכע זיי אָפערירן זענען הפקר, און די אויבן דערמאָנטע „שאַפער" זענען נישט קיין איין און איינציקע, נאָר ס׳איז שטענדיק פאַראַן אַ גענוגנדיקע צאָל פון אַזעלכע וואָס כאַפּן זיך פאַר אַזאַ מאַטעריאַל.

„דאָרט ווו ס׳פעלט אָנשטרענגונג, קומט באַנאַליטעט", האָט ראָמען ראָלאַן געזאָגט וועגן דעם פּראָצעס פון קינסטלערישן שאַפן.

„אַ שרייבער איז אַזאַ מענטש, וואָס דאָס שרייבן קומט אים אָן שווע־רער ווי דאָס קומט אָן אַנדערע מענטשן", שרייבט טאָמאַס מאַן.

אפילו די קינסטלערישע עלעמענטן, וועלכע זענען אָפט אַזוי באַ־שיינפערלעך אינ׳ם קינד שטאַמען דערפון וואָס דאָס קינד געפינט זיך אין אַ צושטאַנד פון פערמאַנענטן אָנשטרענגען זיך.

דאָס קינד שטרענגט זיך אָן צו באַהערשן זיין קערפּער, עס שטרענגט זיך אָן צו באַהערשן די אויסערלעכע אָביעקטן און קעגנשטאַנדן, דעם אַרום; עס שטרענגט זיך אָן צו באַהערשן זיין אייגענע אומבאַהאָלפנקייט. און אָט דער פּראָצעס פון אָנשטרענגען זיך באַגלייט דעם גאַנצן גאַנג פון זיין פיזישן און גייסטיקן וואַקסן.

דאָס קינסטלערישע שטעקט אָבער קיינמאָל נישט אין זיין אומבאַ־האָלפנקייט אַליין, ווי פילע דילעטאַנטן מיינען. אומבאַהאָלפנקייט איז אַ בויט (זי פאַרוואַנדלט זיך אין מיאוסקייט, ווען מען פרוווט פון איר צו מאַכן אַ טוגענט און מ׳האַלט זי פאַר אַ מעלה און פאַרדינסט), אַ בויט וועל־כע דאָס קינד באַקעמפט אומאויפהערלעך און פון וועלכער עס וואַקסט אַרויס מיט דער הילף פון זיינע אייגענע אָנשטרענגונגען און די אָנ־שטרענגונגען פון די באָענטע דערוואַקסענע.

דער קינסטלער שפּילט זיך מיט דעם בוי פון זאַץ, מיט דעם וואָרט, מיט דעם בילד, מיט דער געשטאַלט, וועלכע איז שטענדיק דער סימבאָל פון אַ גאַנצן קלאַס פון מענטשן, פון אַ גאַנצן קלאַס פון אנשויאונגען, געדאַנקען, געפילן און סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע דערשיינונגען (אפילו דאָס אינדיווידועל־פּסיכאָלאָגישע, אויף וויפיל עס חזרט זיך איבער ביי אַ סך אינדיווידואומס, איז עס אַ סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישער פענאָמען).

דורך דער אָנשטרענגונג צו באַהערשן, ווערט אַלץ פאַרכאַפּנדיקער דער שפּיל, און דורך דעם פאַר־וויקלען זיך אין דעם אַלץ מער פאַר־

כ אַ פּ נ ד י ק ן ש פּ י ל , ווערן אַלץ מער באַהערשט די קינסטלערי־שע אָביעקטן און ס׳ווערן אַלץ סאָציאַל־ווערטפולער ד י ד ע ר־צ י ע ר י ש ע ד ע ר ג ר י י כ ו נ ג ע ן , וואָס קומען דאָן אינדי־רעקט הערפון אַרויס. און דאָס זעלבע, אויף אַן אַנדערן באָדן, קומט פאַר אויך מיט דעם עכטן וויסנשאַפטלער און מיט דעם שאַפערישן פילאָסאָף.

ווען מיר באַטראַכטן דיאַלעקטיש דעם מהות פון שפּיל, דערזעען מיר, אַז ער איז איינצייטיק א י מ ע ר , א י ו ו י י נ י ק ע ר באַדייטענדיק ווי ס׳זענען די באַזונדערע, אינדיווידועלע געשעענישן און ממשותדיקע פאַקטען אין לעבן. דאָס הייסט, אַז פון איין זייט זענען טאַקע פאַר דעם מענטשן, א ו י פ ׳ ן מ אָ מ ע נ ט , די איינצעלנע, רעאַלע איבערלעבונגען פיל שטאַרקער, ווי די בלויז שפּילעווודיק־פאַרגע־שטעלטע מעגליכקייטן פון אַ סך גרעסערע אימאַזשינערע איבערלעבונ־גען; פון דער אַנדערער זייט אָבער, איז אַזוי ווי אין דעם א מ ת ׳ ן ש אַ פ ע ר י ש ן ש פּ י ל קומט נישט פאַר קיין פאָטאָגראַפיש נאָכ־מאַכן פון אָפּגעזונדערטע געשעענישן, נאָר ס׳ווערן אין אים פאַרקער־פּערט מער אַ ל ג ע מ י י נ ע ג ע ז ע צ ן פ ו ן ל ע ב ן , ו ו י י ט ע ר ע ש ט ר ע ב ו נ ג ע ן א ו ן צ י ל ע ן ; א ו ן מ ע ן ט ר ע נ י ר ט ז י ך ד ו ר ך ד ע ם ש פּ י ל אָ ט ד י ש ט ר ע ב ו נ ג ע ן צ ו ב אַ ה ע ר ש ן , מ י ט ז י י צ ו פ אַ ר ו ו אַ ל ט ן א ו ן ז י י צ ו פ אָ ר מ ע ן , מאַכט דערפאַר דער שפּיל טיפער און מער דויערהאַפטיק די גייסטיקע עמאָציעס און דערציערישע ווערטען פון דעם מענטשנס איבערלעבונ־גען בכלל.

דער שפּיל, וועלכער איז, אַזוי אַרום, ברייטער און מער דערציעריש ווי די איבערלעבונגען פון די אינדיווידועלע פאַלן; דער שפּיל, וועלכער דערגענצט און מאַכט פיל־פאַרביקער און רייכער די פשוטע טאָג טעגלע־כע פאַסירונגען, פאַרמאָגט אָבער אין זיך קיינמאָל נישט מער ווי דאָס לעבן אַלס אַ גאַנצעס. ווייל כאָטשע אונזער פאָרשטעלונג קען אונז, דורך אַסאָציאַציעס, מאָלען זאַכן וועלכע מיר האָבן פערזענלעך נישט דער־גרייכט און אפילו נישט איבערגעלעבט, קענען מיר זיך אָבער קיינמאָל נישט פאָרשטעלן אַזעלכע זאַכן, וואָס זענען בכלל נישט פאַראַנען אין דעם לעבן אַלס גאַנצעס.

צווישן די האַלב־אינטעליגענטע שיכטן און קרייזן, וועלכע ווערן אויפ׳ן גרינגסטן אופן באַאיינפלוסט פון דעגענערירנדיקע אידעאָלאָגיעס און ריכטונגען, ווערט דער שפּיל אָפּט פאַרוואַנדלט אין אַ פולן ערזאַץ פון דעםווירקלעכן לעבן, פון לעבענס־קאַמף און פון דער דערציונג אין אָט דעם קאַמף, (אונזער גאַנצע דערציונגס אַרבעט, און דער שפּיל אַלס אַ טייל פון איר, וואָס פאַר אַ פאָרמען זיי זאָלען נישט אָננעמען, בלייבן זיי

שטענדיק בלויז מיטלען פון טרענירונג אינ׳ם סאָציאַלן און אינדיווידועלן קאַמף פאַר עגזיסטענץ) ער הערט אויף צו זיין אַ מיטל און ווערט אַ ציל פאַר זיך אַליין. אין אַזעלכע פאַלן ווערט דער שפיל אויסגעשעפט פון אינ־טערעס, ער ווערט קרענקלעך און באַנאַל. ס׳ווערן בלייך זיינע בילדער, בלוט־אָרעם זיינע געשטאַלטען און עס חזרן זיך איבער זיינע אינהאַלטן און פאָרמען. מיר זעען דערפאַר, אַז ווי אומבאַגרעניצט און לייכט ס׳זאָל דעם מענטשן נישט אָנקומען זיך פאָרצושטעלן אין זיין פאַנטאַזיע דאָס העכסטע גליק (פאָרשטעלונג איז אַ גייסטיקער שפיל, און שפיל איז אַ קאָנקרעט פאַר־קערפערטע פאָרשטעלונג) און ווי ער זאָל זיך און יענעם נישט פרווען אָפּנאַרען, אַז ער איז מיט דעם צופרידן, בלייבט ער דאָך שטענדיג דער בלייכער, מעלאַנכאָלישער טרוימער.

צוזאַמען מיט אָט דער פרוכטלאָזער שטרעבונג אין דער געזעלשאַפט און אין אַ טייל פון דער מיטלמעסיקער ליטעראַטור, איז געקומען די טענ־דענץ אַריינצוברענגען אויך אין דער קינדער דערציונג אַזאַ מין לאַקריצ־דיקע פאָרם פון שפיל אָן אַ פּלאַן, אָן אַ ריכטונג און אָן אַ ציל. ווי שוין געזאָגט, איז אַזאַ מין שטייגער שפיל נישט נאָר אי־ראַציאָנעל, נישט נאָר וואָס ער מאַכט טעמפּ, אנטשאָט אויסצופיינערן דעם קינדס סאָציאַלע וואָפּן פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ, דאָס הייסט: דעם קינדס פאַרשטאַנד, געפילען, פאָרשטעלונגען און לעבנס־דערקענטעניש, נאָר ער לאַנגווייליגט נאָך דאָס קינד, ער מאַכט אים גייסטיק פויל, טריב און באַנאַל.

צו דער זעלבער, אויבן דערמאָנטער ריכטונג, וועלכע שטעלט ארויס דעם מאָטיוו פון שפּילעוודיקייט אַלס דעם קעגנזאַץ פון דעם ערנסטן, דערציערישן און צילבאַוווסטן, מיט וועלכן דער קינסטלערישער און שאַ־פערישער שפּיל איז אין אַן אמת פול, געהערט אויך די מיינונג, אַז די גריכישע קולטור איז די פאַרקערפּערונג פון ריינעם שפּיל און עסטעטיק, און אַז די יידישע קולטור איז דאַקעגן דער פונדאַמענט פון בלויזער מאָראַל און דערציונג.

אין אַן אמת האָבן סיי די אַבסטראַקטע אידעאָלאָגיעס און פילאָסאָ־פיעס און סיי דער קאָנקרעטער לעבנס־שטייגער פון די גריכן, זייט ביי זייט מיט זייער עסטעטיק, פאַרמאָגט אויך אַ טיפע מאָראַל (עטיק און עס־טעטיק זענען שטענדיק צוויי זייטן פון איין מטבע. ס׳איז נישטאָ קיין אמתע עטיק אָן קיין עסטעטיק, און עס עגזיסטירט נישט קיין שום עסטעטיק, אין העכערן זין פון וואָרט, אָן קיין עטיק) און זייערע שפּילן זענען שטענ־דיק געווען פול מיט דערציערישע טענדענצן.

ווער ס׳קען די גריכישע לעגענדע, ווי אַזוי אַ בלינדער קינסטלער האָט מיט זיין גייסטיקער קראַפט באַווירקט אַ גאַנצן לעגיאָן פון סאָלדאַטן

און ווי אַזוי ער האָט אינספּירירט די קריגער, וועלכע זענען געווען די פאַרבינדעטע פון זיין פאָלק, צו קעמפן פאַר זייער פאָטערלאַנד, (די מאָראַל פון זייער צייט) קאָן בשום אופן נישט אָפּלייקענען דעם קוק פון די גריכן אויף קונסט, ווי אויף אַ דערציונגס־מיטל.

ביי די יידן, ווידער, זענען פול געווען מיט שפּיל די פאַרשידענע צערעמאָניעס אין בית המקדש, די טענץ פון די יונגפרויען אין "שמחת בית השואבה" ביים אויסזוכן זיך מענער, די טענץ אַנטקעגן די מלחמה העלדען א.אַ.וו.... די נביאים און דער חומש זענען פול מיט דעם פאַרביגסטן שפּיל פון געדאַנק, מיט קאָנקרעטע ערדישע בילדער, מיט געזונטע סימבאָלן, פּונקט ווי מיט די דערציערישע אויפגאַבן פון זייער צייט.

די גריכן און די יידן האָבן געלעבט אונטער פאַרשידענע היסטאָרישע אומשטענדן, אין פאַרשידענע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פאַרהעלטענישן; אי זייער מאָראַל און זייער עסטעטיק זענען דערפאַר אויך געווען פאַרשידען, אָבער סיי די גריכן, סיי די יידן, פּונקט ווי אַלע אַנדערע פעלקער, האָבן פאַרמאָגט זייער אייגענע עטיק און זייער אייגענע עסטעטיק, זייערע באַזונדערע פאָרמען פון קונסט, שפּיל און דערציונג.

אָט די באַזונדערע פאָרמען פון די פאַרשידענע פעלקער זענען אָבער נישט פאַרבליבן קיין סטאַטישע, זיי האָבן זיך אויך קעגנזייטיק באַאיינפלוסט, אַנטוויקלט און געענדערט, דערנענטערנדיק זיך, אַזוי אַרום, מיט זייערע שאַפונגען אַלץ מער און מער צו דעם, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אונזער מאָדערנע קולטור, אין אַלע אירע שאַטירונגען. מיט אַנדערע ווערטער, די קולטורען פון דער אַלטער וועלט האָבן בייגעטראָגן אויך צו אונזערע נייע אויסדרוקען פון עטיק און עסטעטיק, צו די קעגנווערטיקע פאָרמען פון קונסט, שפּיל און דערציונג.

קאַפּיטל 30

# דער דיאַלעקטישער פּראָצעס פון קינסטלערישן שאַפן

ריכטיק פאַרשטייען דעם פיזישן געזעץ, (וועלכער איז אויך אַ סאָציאַלער אמת) אַז אַלעס גייט אויף דעם וועג פון קלענסטן ווידערשטאַנד, קען מען נאָר דעמאָלט, ווען מען נעמט אָן אָט דעם געזעץ, אין אַ רעלאַטיוון, דיאַלעקטישן זין, ד.ה. ווען מען זעט איין, אַז דאָס וואָס איז אין איין פאַל אַ קליינער ווידערשטאַנד, קען אין אַ צווייטן פאַל זיין אַ גרויסער ווידערשטאַנד און פאַרקערט.

נאָר רעלאַטיוו צו די באַדינגונגען פון די אַרומיקע אָביעקטיווע אומשטענדן, און צו די רעאַלע אינערלעכע מעגלעכקייטן פון אַ דער־שיינונג, קען דערפאַר געמאַכט ווערן אַן אמת'ע אָפּשאַצונג פון די ווידערשטאַנדן, וואָס ווייזן זיך אַרויס אויף אַ געוויסן וועג.

דעמאָלט ווען די באַוועגונג פון אַ דערשיינונג האָט נישט קיין אויסוועג און מוז זיך דורכברעכן דורך גרויסע ווידערשטאַנדן, דעמאָלט וואַקסט די קראַפט פון דער דערשיינונג און פון איר באַוועגונג קעגן דעם ווידערשטאַנד, וואָס זי טרעפט אָן. די ענערגיע, וואָס האָט נישט קיין אויסוועג און קען נישט צעשטערענצלט ווערן, מוז זיך אַקומולירן און אָט דעם ווידערשטאַנד דורכברעכן.

אַזוי אַנטוויקלט זיך אויך די מענטשלעכע געזעלשאַפט, אין וועלכער יעדער קלאַס, וואָס געפונט זיך ביי דער מאַכט און וועלכן ס'זענען אָפן אַלע מעגלעכקייטן, ער קען גייען און גייט טאַקע אויף דעם וועג פון קלענסטן ווידערשטאַנד, — יעדער רעוואָלוציאָנערער קלאַס, וואָס דאַרף זיך ערשט אויסקעמפן אַ פּאָזיציע, מוז דאַקעגן גייען אויף דעם וועג פון גרעסטן ווידערשטאַנד, ווייל די אַנדערע וועגן זענען פאַרבונדן מיט זיין אונטערדריקונג און מיט דער פאַרניכטונג פון זיין איניציאַטיוו; און רעלאַטיוו צו דעם אונטערדריקן אַ פרישע און לעבנספולע קראַפט פון אַן אויפשטייגנדיקן קלאַס, מוז אפילו דער וועג פון גרעסטן ווידער־שטאַנד, אויך פאַרשטעלן מיט זיך בלויז דעם וועג פון קלענסטן ווידער־שטאַנד.

דער וועג פון גרעסטן ווידערשטאַנד ברענגט אָבער די גרעסטע דערפאַרונגען און לעבנס דערקענטעניש פאַר יענע, וואָס זענען אים בייגעקומען, ווייל אונזער גאַנץ וויסן און דערקענטעניש איבער זאַכן

קומט פון אונזער צוזאַמענשטויסן זיך מיט זיי, ד.ה. פון דעם אנטרעפן אויף זייער ווידערשטאַנד. (זאַכן וואָס זאָלן נישט אַרויסווייזן קיין שום ווידערשטאַנד עגזיסטירן איבערהויפּט נישט, אַזעלכע זאַכן וואָס ווייזן, ווידער, נישט אַרויס קיין באַדייטנדיקן ווידערשטאַנד עמפּפינדן מיר זער שוואַך און מיר דערקענען זיי כמעט אינגאַנצן נישט). וואָס קלענער דער ווידערשטאַנד, אַלץ קלענער די דערקענטעניש, און וואָס גרעסער דער בייגעקומענער ווידערשטאַנד, אַלץ גרעסער די געוווּנענע דערקענטעניש.

די אָביעקטיווע אומשטענדן, וועלכע שטויסן דעם פּראָלעטאַריאַט בייצושטייען גרויסע ווידערשטאַנדן אין זיין קאַמף פאַר עגזיסטענץ און צו באַקומען די גרויסע און טיפע דערפאַרונגען, וואָס זענען דערמיט פאַרבונדן, אָט די זעלבע אָביעקטיווע אומשטענדן שטויסן אים אויך צו דערקענען סיי די רעאַלע דערשיינונגען, וועלכע ער מוז באַקעמפן און באַהערשן און סיי זיין אינערלעכע קראַפט, וועלכע ער מוז אָנשטרענגען און באַנוצן, כדי אין אָט דעם קאַמף צו זיגן. מיט אַנדערע ווערטער, אָפּהענגיק פון די אָביעקטיווע אומשטענדן, אין וועלכע דער פּראָלעטאַריאַט געפינט זיך, מוז ער דערקענען דעם קאַמף און די מיטלען פון קאַמף, (צווישן וועלכע אויך די קונסט איז איינע פון די וויכטיקסטע פאַרמען) און אַזוי אַרום אויך די טיפסטע באַדייטונג פון די דיאַלעקטישע פּראָצעסן און די אָביעקטיווע ווערטן, וואָס דריגנען אַרויס פון דעם סוביעקטיוון, ד.ה. סאָציאַלן און אינדיווידועלן שאַפן:

ווייל דער קאַמף פאַר עגזיסטענץ איז די פאָרם פון אינדיווידועלן און סאָציאַלן מענטשלעכן לעבן, אין וועלכן ס׳דרוקט זיך אויס די אייביקע דינאַמיק און אירע דיאַלעקטישע געזעצן און דורך וועלכן ס׳ווערט פאַרקערפּערט אונזער מהות, ד.ה. אונזער באַוועגונג און ענדערונג אין פאַרבינדונג מיט דעם אַרום. (דער סאָציאַלער קאַמף אויסצונוצן די נאַטור כחות צום גונסטן פון מענטשן, סיי ווען אָט דער קאַמף ווערט אויסגעדרוקט אין דער פאָרם פון אַ קאָלעקטיווער אָנשטרענגונג, — ווי דאָס איז דער פאַל אין די פּרימיטיווע קאָמונעס און אין דער צוקונפטיקער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, סיי ווען ער ווערט אויסגע־דרוקט אין דער פאָרם פון קלאַסן קאַמף אין אַ קלאַסן געזעלשאַפט — אַ קאַמף וואָס ווערט, פון זיין זייט, ווידער, פאַראורזאַכט דורך דער אַנטוויקלונג פון די מיטלען פון פּראָדוקציע, ד.ה. דורך דער אָביעקטיווער מעגלעכקייט אויסצונוצן די נאַטור אויף אַ מער ווירקזאַמען אופן און צו שאַפן פאַר דער מענטשהייט בעסערע לעבנס־באַדינגונגען, ווי די־יעניקע וואָס זענען מעגלעך אונטער דער עגזיסטירנדיקער אָרדנונג — אָט די אַלע אופנים פון קאַמף זענען אין תוך נישט עפּעס אַנדערש

ווי דער סאָציאַלער קאַמף פאַר עגזיסטענץ, אין וועלכן די פאַרשידענע פאָרמען פון דעם אינדיווידואומס קאַמף פאַר זיין אייגענער עגזיסטענץ איז איינגעשלאָסן און ווערט אומאויפהערלעך געענדערט. עגזיסטענץ מיינט אָבער נישט, אין דעם פאַל, קיין סטאַטישע פאָרם פון זיין, נאָר אויך די שטרעבונג צו דערגרייכן אַ מעגלעכקייט פאַר ווייטערדיקער פיזישער און גייסטיקער עקספּאַנסיע, די שטרעבונג צו באַקומען אַלץ מער און אַלץ גינסטיגערע ווירקונגען פון דעם אָביעקטיוון אַרום און אויסצואיבן אַלץ אַ גרעסערן און ווייטערן איינפלוס אויף אים).

די מאַרקסיסטישע דעפיניציע איבער דער באַדייטונג פון קונסט אַלס אַ מיטל פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ, וועלכע דרוקט זיך אויס אין דער פאָרמולירונג, „קונסט איז אַ מיטל פון דערציונג", (דערציונג איז אַ טייל פון די מיטלען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ) נעמט דערפאַר אַרום יענעם טיפן, אָביעקטיוון ווערט פון דער קונסט, וואָס שליסט אין זיך איין אַלע אַנדערע דעפיניציעס; און ווי אומקלאָר און פאַרשידנאַרטיק מען זאָל אָט די דעפיניציעס נישט פרוון צו מאַכן, בלייבן זיי דאָך בלויז טיילן פון דער דאָזיקער אַרומנעמענדיקער אָפּשאַצונג.

אַזוי זענען די באַהויפּטונגען אַז די קונסט „פאַראיידלט", אַז זי „דערהויבט דעם מענטשן און זיין לעבן", אַז זי איז אַ „גייסטיק פאַר־געניגן", אָדער אַן „עסטעטיש שפּילצייג", נישט מער ווי בלויז דעטיילן פון דער שטרעבונג צו דערציען די מענטשן, זיי דערציען אַזוי, אַז זיי זאָלן זיך קענען דערהויבן איבער אַלע שטרויכלונגען און אומפאַלקאָמענ־קייטן, זיי זאָלן באַהערשן זיך און אַלע מעגלעכקייטן אין לעבן, כדי באַוווסטזיניק און סאָציאַל, ד.ה. טיפער, שענער, געזונטער און מער געניסן (די העכערע קוואַליטעט פון גענוס שטעלט מיט זיך פאָר אויך אַ גרעסערע קוואַנטיטעט פון געניסן).

און ווייל יעדער קאַמף פאַר עגזיסטענץ איז אַ קאַמף פאַר לוסט און קעגן אומלוסט, מוז יעדער מיטל פון קאַמף איינצייטיק זיין אַ מיטל צו דערגרייכן לוסט.

די דעבאַטעס אַרום דער קונסט, צי זי דאַרף ברענגען פאַרווײלונג, צי נייןֿ, (פאַרווײלונג איז אַ פאָרם פון לוסט) זענען פאָלגלעך פאַלש אַוועקגעשטעלט, ווייל אין דער אייגנשאַפט פון דער קונסט צו ברענגען לוסט, באַשטייט איר עצם דערשיינונג, אָן וועלכער זי וואָלט בכלל נישט עגזיסטירט.

די פראַגע איז בלויז, צי האָרף די קונסט ברענגען די מאָמענטאַנע קליינע לוסט, אויף דעם חשבון פון שפּעטערדיקע גרויסע אומלוסטן, צי דאַרף זי, פאַרקערט, ברענגען שפּעטערדיקע גרויסע לוסטן, אַמאָל אָפילו אויף דעם חשבון פון מאָמענטאַנע קליינע אומלוסטן, (וואָס קומען פון דער אנשטרענגונג, וועלכע פאָדערט זיך אָפּט אויף צו באַנעמען די

גוטע קונסט), צי דאַרף זי גאָר ברענגען אי מאָמענטאַנע, אי שפּעטער־דיקע לוסט; מיט אַנדערע ווערטער, די פראַגע איז וועגן דער קוואַנטיטעט און קוואַליטעט פון דער לוסט, וואָס די קונסט דאַרף ברענגען, אָדער בעסער געזאָגט, צו וועלכער זי דאַרף אונז דערציִען, כדי מיר זאָלן קענען פון איר אַליין און פון דעם לעבן בכלל באַקומען.

און אין אָט דעם אונטערשיד פון דער קוואַנטיטעט און קוואַליטעט פון לוסט, אין דעם אונטערשיד פון דער דערציִונג, וואָס מען באַקומט פון איר, שטעקט טאַקע דער אונטערשיד צווישן דעם שונד און דער עכטער קונסט. (דער אָפּגעהאַרעוועטער מענטש, וועלכן ס׳פעלט סיי דער גייסטיקער כח און סיי די נויטיקע צוגרייטונג אויפצונעמען די גוטע קונסט, פאַלט אָפּט אַריין צו דעם שונד, טאַקע דערפאַר, וואָס דער לעצ־טער שטעלט צו די ביליגערע, מאָמענטאַנע לוסט, וואָס איז לייכטער אויפצונעמען).

עכטע קונסט אַלס דער אידעאַלער פּעדאַגאָגישער מעטאָד.

די פאַרוואַנטשאַפט פון דער קונסט מיט דער פּעדאַגאָגיק באַשטייט נישט בלויז אין דער געמיינזאַמקייט פון זייערע צילן, נאָר אויך אין דער ענלעכקייט פון זייערע מעטאָדן.

די עכטע קונסט, פונקט ווי די גוטע פּעדאַגאָגיק, הענגט נישט אָן אירע אידעען אַזוי, אַז זיי זאָלן זיין פרעמד דעם אויפנעמער, זיי זאָלן זיך אים ווי נאָכשלעפּן, ווען ער נעמט זיי שוין אפילו אָן, און ער זאָל זיי דאַרפן מעכאַניש נאָכמאַכן, נאָר זי סטימולירט מען זאָל אַליין קומען צו די געוווּנטשענע אידעען, מען מוז במילא צו זיי קומען, אויב מען ווערט נאָר ריכטיק אנגערעגט אין דער נויטיקער דירעקציע זיי צו זוכן.

די קונסט האָט זיך ספּאָנטאַן באַנוצט מיט די מאָדערנע פאָרמען פון דעם געניאַלן מעטאָד פון דערציִונג, מיט דער דאַלטאָן סיסטעמע, מיט דער זעלבסטדערציִונג, אַזוי גיט קיינמאָל נישט די קונסט, פונקט ווי דער מאָדערנער מעטאָד פון דערציִונג, קיין צעקייעטע געדאַנקען דעם לייענער, נאָר זי לאָזט איבער די אַרבעט פאַר די ציין און מאָגן פון דעם אויפנעמער, זי ווייזט נאָר אָן דעם וועג, מערקט אָן די ליניע, וועקט דעם געדאַנק, דעם אויספיר דאַרף מען אַליין אַרויסבאַקומען, עס בלייבט פאַר אונז די זעלבסטשטענדיקע אַרבעט, די זעלבסט דער־ציִונג. נאָר אויף אַזאַ אופן קאָן פאָרקומען אַ ריכטיקער פּראָצעס פון פאַרדייאונג, נאָך וועלכן די באַקומענע גייסטיקע שפּייז, ווערט אָרגאַניש פאַרבונדן מיט דעם גאַנצן וועזן פון דעם באַווירקטן.

די קונסט רינגלט אונז אַרום מיט פאַרשידענע בילדער און גע־דאַנקען, זי וויקלט פאַר אונז אויף וויכטיקע פּראָבלעמען, און מיר מוזן זיך אַליין אַרויספּלאָנטערן.

וואָס מער אַרבעט ס'בלייבט אונז, וואָס מער מיר זענען געצוווּנגען צו פילן און צו דענקען, וואָס שטאַרקער דער סטימול, אַלץ שאַפּערישער ווערט מען אין גייסט, ווייל נישט דאָס דעמאָנסטרירן שען שרייבעריי, איז די ראָלע פון דער עכטער קונסט, איר אויפגאַבע איז צו דערהויבן דעם פּאַסיוון צושויער, דעם פּראָפאַן, צו דער מדרגה פון אַ קינסטלער אין לעבן און אין דער געזעלשאַפט.

זעלבסט דערציונג מיינט אָבער נישט קיין פרייע דערציונג, ווייל שוין דער באַגריף דערציונג אַליין, מיינט באַווירקן, גיבן אַ געוויסע ריכטונג, צו עפּעס דערציען, יעדע זאַך לאָזט איבער איר שטעמפּל, גיט אַ שטויס און באַוועגט אונזער גייסט אין דער, אָדער אין אַן אַנדערער זייט, אויב ס'זענען נישטאָ קיין באַוווּסטזיניקע און קאָנטראָלירטע איינפלוסן, קומען אויף זייער אָרט אַנאַרכישע ווירקונגען, איןביידע פאַלן ווערן מיר אָבער דערצויגן (גוט, צי שלעכט) אויף יעדן פאַל נישט אַבסאָלוט פריי.

פונקט ווי אויף דעם קינד האָט אַ ווירקונג אַלעס וואָס רינגלט עס אַרום, די לערער, די לעבעדיקע און טויטע אָביעקטן, די סביבה, אַזוי האָט אויך אויף דעם דערוואַקסענעם מענטשן אַלצדינג זיין השפּעה, און כאָטשע ס'איז ביי אים שווערער נאָכצופאָלגן אָט דעם פּראָצעס, ווייל ער קומט ביי אים פאָר אויף אַ זער פאַרצווייגטן אופן, ענדערט זיך אָבער דאָך אַ יעדער מענטש ביז דעם לעצטן טאָג פון זיין לעבן און ער ווערט דורך אַלעמען דערצויגן און אויך דורך דער קונסט, אַלס איינער פון די שטאַרקסטע לעבנס סטימולן, און יעדער בויג אין איר סטרוקטור, רופט אַרויס אַ אַנטשפּרעכנדיקע נייגונג אין זיין פּסיכאָ־לאָגיע.

די אויפגאַבע פון דער גוטער פּעדאַגאָגיק איז צו רעגולירן די ווירקונגען, וואָס דאָס קינד באַקומט און עס אָנצורעגן ס'זאָל באַוווּסט־זיניק רעאַגירן אויף זיי.

אַזוי סיסטעמאַטיזירט אויך די קונסט די פאַרשידענע ווירקונגען און גיט דעם מענטשן ד י ס ו פ ר ע מ ע  אָ נ ר ע ג ו נ ג אָפּצוקלויבן און צו באַהערשן אַלע איבעריקע דערוואַרבענע אָנרעגונגען; איניקע פון זיי צו אַקצעפּטירן און די אַנדערע צו פאַרניינען.

מיט אַנדערע ווערטער, יעדע קונסט האָט באַוווּסטערהייט, אָדער אומבאַוווּסטערהייט אַ געוויסע טענדענץ.

זי אַנטוויקלט און בילדעט אויס אין דעם מענטשן די פעאיקייט צו קריטיקירן די עגזיסטירנדיקע אומשטענדן, אָפּצושאַצן די אַרומיקע דער־שיינונגען און, אַזוי אַרום, צו בויען נייע ווערטן.

קריטיק פון לעבן אַלס די אויפגאַבע פון דער קונסט.

די פּראָזע, אַז די קונסט איז נישט די קריטיק פון לעבן, נאָר זי

איז „דאָס לעבן אַליין“, אָט די פראַזע, וואָס פרעטענדירט צו זיין „לע פען דע סיעקל“, ווי מען רופט דאָס, איז נישט מער ווי אַן איבער־פלעכלעכע טאַאוטאלאגיע.

ווי ס'איז אַלעמען באַוווסט, עגזיסטירט במילא נישט אַזאַ זאַך, וואָס זאָל נישט זיין קיין טייל פון לעבן, כדי אָבער די פאַרשידענע זייטן פון לעבן צו דערקענען, מוז מען אויסגעפונען די קאָנקרעטע ראָל, וואָס יעדער דערשיינונג שפילט אין דעם.

ווען מיר זאָגן אַז די קונסט קריטיקירט דאָס לעבן, האָבן מיר זי דערמיט נאָך נישט אויסגעשלאָסן פון לעבן, ווייל קריטיק איז דאָך אויך אַ טייל פון לעבן; אַלס קונסט, איז אָבער איר פּאָזיציע אין לעבן, דאָס לעבן צו קריטיקירן.

און פונקט ווי יעדע קריטיק וואָס פאַרהעלפט און דערמעגלעכט אונז צו בויען און צו שאַפן, ד.ה. צו פאַרווירקלעכן אונזערע שטרעבונגען און טענדענצן, איז נאָר אַ פאָלגע פון די דערפאַרונגען, וואָס זענען, דורך דער ווירקונג פון די אָביעקטיווע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע אומשטענדן פריער דערוואַרבן געוואָרן, — אַזוי ווערן אויך די באַזונדערע טענדענצן אין דער קונסט ב אַ ש ט י מ ט נאָר אָפּהענגיק פון די אָביעקטיווע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע סיבות.

## טענדענצן און קלאַסן.

די פאַרעלטערטע מיינונג, אַז דער קינסטלער שאַפט צוליב דעם פאַרגעניגן פון שאַפן אַליין, קונסט פאַר קונסט, אַז ער דאַרף נישט האָבן קיין שום ציל, און זינגט ווי דער פויגל אין וואַלד, אָט די דידאַקטישע מיינונג איז באַשיינפערלעך פאַלש, ווייל אפילו דאָס זינגען פון דעם פויגל פאַרמאָגט אין זיך אויך טענדענצן און שטרעבונגען און ווערט פאַראורזאַכט דורך באַשטימטע סיבות.

אין דער צייט ווען דער קינסטלער שאַפט, לעבט ער ווירקלעך איבער געוויסע אינדיווידועלע און עגאָאיסטישע עמאָציעס און שטרעבונגען, אָבער אַזאַ פאַראיידלטער און סובלימירטער עגאָאיזם איז דאָך פאַראַן אין יעדער מענטשלעכער טאַט און אפילו אין דער זעלבסט־אָפּפערונג אַליין. דאָרט ווו די שאַפונג דאַרף אָבער פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ ווערט, מוז זי אין זיך האָבן נוצלעכס פאַר דער געזעלשאַפט, (אָן וועלכער דער קינסטלער קען נישט שאַפן) ווייל די געזעלשאַפט וואַרפט אָפּ אַלעס, (בתוכם אויך די קונסט) וואָס ברענגט איר נישט קיין מאַטעריעלן, אָדער גייסטיקן נוצן. דער קינסטלער מעג דערבײַ זינגען ווי אַ פויגל, און ער מעג אפילו זינגען ווי אַ מענטש.

די געזעלשאַפט איז אָבער נישט קיין איינהייטלעכע, זי באַשטייט

פון קלאַסן מיט אַנטאַגאָניסטישע קלאַסן אינטערעסן; דער נוצן פון איין קלאַס, איז אָפט דער אומפאַרמיידלעכער שאָדן פון צווייטן. וועלכער קלאַס ס'איז נענטער דעם קינסטלער אין דעמס אינטערעסן שאַפט ער. אַזוי אַרום קען די טענדענץ דינען דעם בורזשואזן קלאַס, די אונטער־דריקער, אָדער זי קאָן זיין געווידמעט דעם פּראָלעטאַריאַט, די אונטער־דריקטע.

דעמאָלט ווען דאָס קונסט ווערק איז אין די אינטערעסן פון די אונטערדריקער, האָט עס דעם באַוווסטזיניקן, אָדער נישט באַוווסטזיניקן, דירעקטן אָדער אינדירעקטן ווילן גייסטיק צו פאַרשלעפערן סיי דעם אייגענעם, סיי דעם געגנערישן קלאַס; דעם ערשטן, כדי ער זאָל נישט זען דעם זעלבסט־אונטערגאַנג, דאָס אייגענע פאַלן, און דעם צווייטן, כדי יענער זאָל נישט אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם יאָך און זאָל נישט אָנהויבן באַקעמפן די הערשנדיקע אָרדנונג און זיך באַפרייען פון די אונטערדריקער, דערפאַר איז די טענדענץ פון דער בורזשואזער קונסט אָפּצושלעפן, אָפּצווענדן די אויפמערקזאַמקייט, זעלטן גרייפט זי דער־ביי אָן, ווייל ביים אָנגריף איז זי שטענדיק בליך, דערפאַר זענען אָבער אירע נאַרקאָטישע מיטלען שטאַרק: זיס, און פאַרשלעפערנדיק; זי פּרוווט אַרומצוּוויקלען דעם יונגן מוטיקן שונא מיט אַ געדיכטן שפּינ־געוועבס, צו פאַרטומלען זיין מח און אָפּצושוואַכן זיינע מוסקלען, דערצו דינען איר פאַרשידענע מיטלען, ווי זיסלעכע, פוילע ראָמאַנטיק, סענ־טימענטאַלע פילאָסאָפיע, מיסטיציזם, אינדיווידואַליזם און נאָך ענלעכע שיטות און מיטלען צו פאַרשיכורן און שכור צו ווערן.

## דאָסטאָיעווסקי דער בורזשואַזער אידעאָלאָג.

דאָסטאָיעווסקי'ס שאַפונגען קענען אונז דינען אַלס אַ העלער ביי־שפּיל פון בורזשואַזע טענדענצן אין דער קלאַסישער קונסט.

כאָטשע דאָסטאָיעווסקי האָט געלעבט אין די ערשטע ציטן פון דער בורזשואַזער אַנטוויקלונג אין רוסלאַנד, האָט ער אָבער רעאַגירט, נישט נאָר אויף די געשעענישן פון זיין עפּאָכע, נאָר ער האָט אויך אָפּגעשפּיגלט אַלע יענע פּראָבלעמען און געפּרוווט פאַרענפערן אַלע די ווידערשפּרוכן, וועלכע זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער העכסטער אַנטוויקלונג פון קאַ־פּיטאַליזם אין די פאַזן פון דער שפּעטערדיקער דעקאַדענץ.

דאָסטאָיעווסקי האָט געהאַט אין אויג דעם געזעלשאַפטלעכן צ י ל פון זיין קלאַס און איינצייטיק אויך נישט פאַרזעען די אינטערעסן פון דעם מ אָ מ ע נ ט, דאָס זענען די אייגנשאַפטן, וועלכע לענין האַלט פאַר אַ אומפאַרמיידלעכער באַדינגונג אין יעדן ווערטהאַפטיקן אידעאָלאָג און ריכטיקן פאָרשטייער פון זיין קלאַס.

דערפאַר איז דאָסטאָיעווסקי נאָך ביז אין היינטיקן טאָג באַליבט אין

די בורזשואַזע ספערן, ער דינט אַלס מוסטער פאַר אַ סך מאָדערנע בור־זשואַזע קינסטלער און די רעאַקציאָנערע אינטעליגענץ באַהאַלט זיך אַזוי גערן אונטער זיין באַקוועמער אידעאָלאָגיע.

דאָסטאָיעווסקי איז געווען אַ געניאַלער פסיכאָלאָג, אַן אויפריכטי־קער, פיינפילנדיקער און עכטער קינסטלער, ער האָט אָבער נישט גע־קאָנט אַרויסשפרונגען פון זיין אייגענער הויט און האָט געמוזט צאָלן צינזן זיין געזעלשאַפט. און דוקא דערפאַר, וואָס ער איז נישט געווען קיין דעמאַגאָג, דוקא ווייל ער האָט ריכטיק געזוכט אַ פאַרענפערונג פאַר די געזעלשאַפטלעכע ווידערשפרוכן און איז אויך געווען קאָנסעקווענט און געוויסנהאַפטיק, האָט ער זיך געמוזט שאַפן אַ טעאָריע, וואָס זאָל באַ־רעכטיקן אים און זיין קלאַס.

אין זיינע יוגענט יאָרן האָט זיך דאָסטאָיעווסקי צוזאַמענגעשטויסן מיט פראָלעטאַרישע אידעאָלאָגן און איז פון זיי צוערשט באַווירקט און מיטגעריסן געוואָרן, אָבער שפעטער האָט ער מיט דעם גרעסטן שוידער אָפּגעוואָרפן זייערע שטרעבונגען, ווייל ער האָט געמוזט לויט זיינע אי־נערלעכע גייסטיקע נייגונגען פאַרבלייבן דער אַפּאָלאָגעט פון אַן אַנדערן קלאַס (זע דאָס בוך שדים).

דעם אויסוועג פון אַלע ווידערשפרוכן וויזט ער אינדירעקט אָן אין דער רעליגיע, פאַר דעם קוואַל פון גוטן און שלעכטן האַלט ער דעם מענטשנס נשמה און אין דעם אינדיווידואום זעט ער די סיבה פון אַלע סיבות. די מענטשלעכע נאַטור און ווילן זענען לויט זיין מיינונג אינדע־טערמיניסטיש, ער האַלט אַז דעם מענטשנס טאַטן קען מען נישט דער־קלערן דורך דעם פאַרשטאַנד און דורך דער אויסגעפרוווטער לאָגיק, ווייל זיי ווערן פאַראורזאַכט דורך מיסטישע כחות, וואָס געפינען זיך אין דעם מענטשן גופא.

איבער דיביימער זעט דאָסטאָיעווסקי נישט דעם וואַלד און ער שטערט, אַזוי אַרום, אויך אונז צו געפונען דעם וועג, ער לאָזט אַבסאָלוט אַרויס פונם באַטראַכט די סאָציאַלע אומשטענדן, עס פאַלט אים גאָרנישט איין, אַז די געזעלשאַפטלעכע אָרדנונג איז שולדיק אין די אינדיווידועלע צרות און פאַרקריפּלטקייט.

לויט אים איז אין דעם מענטשן גופא די שולד און די דערלייזונג. די בורזשואַזיע שאַפט זיך נאַטירלעך אַ גוטע באַריקאַדע פון אַזעלכע אי־דעאָלאָגיעס.

אַזוי קומט בולט צום אויסדרוק דאָסטאָיעווסקיס פּאַרטיידיקן די בורזשואַזע אָרדנונג אין דעם בוך „פאַרברעכן און שטראָף“, וווּ אנשטאָט אָנצווייזן ראַסקאָלניקאָוון אויף דעם קאָלעקטיוון, אָרגאַניזירטן קאַמף, וועלכער קען נאָר אַליין דינען אַלס אַן אויסוועג פון די פאַלשע אַנאַרכיס־טישע אידעען, וואָס האָבן אים דערפירט צו הרגענען אומזיסט אַ מענטשן,

וויזט אים דאָסטאָיעווסקי אָן אויף דער קריסטלעכער הכנעה.

מיט אָט דער הכנעה וועט ער שוין, זעלבסטפאַרשטענדלעך, נישט טשעפּן די עגזיסטירנדיקע אָרדנונג.

נאָך בולטער איז אָט די טענדענץ אין דעם ביישפּיל מיט דעם גן עדן אין דעם בוך „די ברידער קאַראַמאַזאָוו", אין וועלכן איינער פון זיינע באַליבטע העלדן זאָגט, אַז ווען אויף דעם חשבון פון אַ קינדס טרער, קען איינגעשטעלט ווערן אַ אייביקע האַרמאָניע און אַלע מענטשן זאָלן גליקלעך צוזאַמענלעבן, וואָלט ער זיך אָפּגעזאָגט פון אָט דעם גן עדן, ווייל דאָס העכסטע גליק איז נישט ווערט קיין קינדס אַ טרער.

דורך דער אינדיווידואַליסטישער פּריזמע, פאַרזעט ער די מאַסן מאָרדן, די מלחמות, די עקספּלאָאַטאַציע, דאָס בלוט און די טרערן, וואָס ווערן אַזוי אָפּט פאַרגאָסן.

אַ פּראָלעטאַרישער קינסטלער קען בשום אופן אַזוי נישט פאַרענפערן די פראַגע, ווייל דאָס בלוט, די ליידן זענען זיינע און זיין קלאַס'ס, ער מוז שטרעבן, אַז זיי זאָלן אויפהערן, ס'זאָל קומען ענדלעך די אויסלעזונג און אפילו אויף דעם חשבון פון נישט נאָר איין קינדס טרער. די טייכן בלוט און טרערן, וואָס ווערן אַזוי אָפּט פאַרגאָסן, צוליב אַ הייפל פּאַראַזיטן, זאָלען געפונען זייער תיקון, זיי זאָלן (ווייל דאָס איז אַנדערש אוממעגלעך) פאַרגאָסן ווערן אין נאָמען פון אַ העכערן ציל, אין נאָמען פון דער אייגענער רעטונג און באַפרייאונג.

## דאָסטאָיעווסקי און דיקענס.

אין דער ענגלישער ליטעראַטור איז דער וויכטיקסטער פאָרשטייער פון דער בורזשואַזער ליטעראַטור, אָן שום צווייפל, דיקענס.

כאָטשע דיקענס האָט טיף מיטגעפילט די ליידן פון די אָרעמע און איז געווען אמת באַליבט ביי דעם פּשוטן פאָלק, האָט ער אָבער געזען די סאָציאַלע לעזונג אין דער צוזאַמענאַרבעט „פון די גוטע אינדיווידואומס" פון אַלע קלאַסן, ד. ה. אין אַ אידעאַלער בורזשואַזער אָרדנונג.

די מער פאָלקאָמענע כאַראַקטערן אין זיינע ביכער זענען מערסטענטייל מיטגלידער פון דעם מיטל און אויבער מיטל קלאַס (די אָרעמע זענען בלויז גוטמוטיקע, געטרייע און אונטערטעניקע, אָבער שוין גאָר נישט קיין באַזונדער אידעאַלע טיפּן). ער האָט ליב געהאַט די אָרעמע, אָבער געאַכטעט און געשעצט האָט ער די רייכע.

זייענדיק אַ רעפאָרמיסט, טראָגט זיין גייסטיקע שטיצע פאַר דעם בורזשואַזן קלאַס, (דער רעפאָרמיזם, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ ציל פאַר זיך אַליין און איז נישט קיין טייל פון אַ מער דויערהאַפטיקן סאָציאַלן קאַמף אין וועלכן ס'איז פאַראַן אַ רעוואָלוציאָנערע טענדענץ, איז אין אַן

אמת נישט מער ווי אַ מיטל צו דערהאַלטן די עגזיסטירנדיקע אָרדנונג) אַ מער דינאַמישן, שאַפערישן און געזונטן כאַראַקטער, ווי די אונטערשטי־צונג פון דאָסטאָיעווסקין (וועלכער איז פון דיקענסן געווען שטאַרק באַ־איינפלוסט און האָט אפשר פונקט אַזוי טיף מיטגעפילט מיט די אונטער־דריקטע, זוי דער לעצטער).

פאַרשידענע בורזשואַזע קלאַסיקער.

מיט די זעלבע בורזשואַזע טענדענצן ווי דאָסטאָיעווסקי און דיקענס, אָבער אויף אַ גאַנץ אַנדערן אופן, אין אַ פאַלקאָם קעגנגעזעצטער פאָרם, באַהאַנדלט ניטשע די געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען, זיין אינדיווידואַ־ליזם איז מוטיקער, אָבער רויבערישער (און אפשר איז דאָס דער מוט פון אַ זעלבסטמערדער, די געוואַגטקייט פון יאוש און אַ פאַרלוירנקייט ? דער אַנטי סאָציאַלער מאָמענט זאָגט אין אַ גרויסער מאָס עדות דערויף). זיין אידעאָלאָגיע איז ווי אַ פאַנצער געגן יעדן געפיל, וואָס קאָן אָפשוואַכן זיין קלאַס, ער שאַפט אַ באַרעכטיקונג פאַר דער אומגלייכקייט, פאַר דעם אונ־טערדריקן און הערשן פון די מער פיפיקע איבער יענע, וואָס האָבן נישט באַוויזן זיך אַרויסצורוקן, זיין קולט פון דעם אויבערמענטש איז די פאַר־געטערונג פון רויב, חוצפה און אונטערדריקונג, זיין לערער איז געווען שטירנער און זיין תלמיד דער גוט באַקאַנטער נאַצי טעאָרעטיקער שפענגלער. (דער פאַקט אַז שפענגלער איז שפעטער פערזענלעך אַריין אין אומחן, אָדער האָט געוואָרפן אַן אומחן, אויפן דריטן רייך, האָט גאָר־נישט צו דער זאַך און ענדערט נישט דעם כאַראַקטער פון זיין שאַפן).

גאַנץ פאַרשידנאַרטיק איז מעטערלינק, אין תוך אָבער די זעלבע טענדענץ. די וועלט איז ביי אים אַ געהיימניספולע, די ליבע אַ טעלעאָ־לאָגישע דערשיינונג, און דער מענטש אַ קינד, וואָס ער רינגלט אַרום מיט ראָזן חלום, מיט בלויעם טרוים, און פרוווט צו פאַרשפילן, פאַרוויגן, פאַרנאַרן. אויף אַזאַ געמיטלעכן אופן לעמט ער דעם באַוווסטזיין און ווי־דערשטאַנד פון די מאַסן, וואָס איז זער באַקוועם פאַר דער עגזיסטירנ־דיקער אָרדנונג.

אויך געטהע, דער דיכטער פון דעם געזונטן, רואיקן, זאַטן, ווילטע־טיקן און פראַקטישן בירגער, האָט מיט זיין גלענצנדיקער, גוטמוטיקער איראָניע און איבערלעגענעם אָפּטימיזם, מיט זיין דיכטערישער און פי־לאָסאָפישער באַציונג צום לעבן, באַפעסטיקט אין דער בורזשואַזיע יענע ניכטערנע קלאַסן מאָראַל, וואָס שאַפט פריימוטיקייט, לעבנס לוסט און אַ רואיקן געוויסן פאַר אירע מיטגלידער, ער האָט געגרונטפעסטיקט דעם פונדאַמענט, אויף וועלכן די בורזשואַזיע זאָל קענען בויען איר קלאַסן מאַכט.

אָבער שוין די כאַראַקטעריסטישע פראַזע:

„האַבע נון אַח פילאָזאָפי,
יוריסטעריי אונד מעדיצין,
אונד לײדער אַאוך טעאָלאָגי
דורכאַאוס שטודירט מיט הייסעם בעמיהן
דאַ שטע איך נון איך אַרמער טאָר!
אונד בין זאָ קלוג אַלס ווי צופאָר“;

מיט וועלכער ס׳הויבט זיך אָן דאָס באַרימטע ווערק „פאַאוסט“, אַנטהאַלט אין זיך שוין די איבערטריבענע גרינגשעצונג פאַר וויסן און דערקענטעניש, וואָס פאַרקערפערט מיט זיך, אין אַן אמת, די מורא פון דער בורזשואַזיע צו ווייט צו פאַרגייען אין דעם דערווערבן וויסן און דערקענטעניש (כאָטשע די מענטשלעכע דערקענטעניש איז טאַקע נישט אַבסאָלוט פאָלקאָמען, איז אָבער דאָס פאַרקוקן איר מעכטיקן סאָציאַלן ווערט, דאָך אַ בורזשואַזע קורצזיכטיקייט און באַגרעניצטקייט).

די גייסטיקע רעטונג פון דעם מענטשן געפינט געטהע ענדלעך אין דעם רעליגיעזן און נאַאיוון (גרעטכען), אָדער אין דעם בירגערלעך אַנשטענדיקן און ווילטעטיקן אויפפירן זיך, אין די ראַמען פון דער עגזיסטירנדיקער געזעלשאַפט (דער טרוים פון דר. פאַאוסט פאַר זיין טויט).

ווען מיר פּרוּווען נאָר אַ ביסל טיפער אַנאַליזירן, דערזען מיר גלייך דעם קלאַסן סובסטראַט, וואָס איז זער אָפט אַ פּראָדוקט פון דעם קינסטלערס אונטערבאַוווסטזיין, וועגן וועלכן ער אַליין ווייסט נישט; און דאָס וואָס ער האַלט פאַר זיין לעצטן ציל, ווי אַ שטייגער אינדיווידואַליזם, מיסטיציזם, אינזיכיזם, און אַזוי ווייטער, איז אָפט, אין אַן אמת, בלויז אַ מיטל צו דינען דעם אייגענעם קלאַס.

ס׳זענען דאָ אָן אַ שיעור קאַפּיעס, נאָכמאַכונגען און שולעס פון די אויבן דערמאָנטע קינסטלער, מיט זייערע בורזשואַזע אידעאָלאָגיעס און טענדענצן. און די עפּיגאָנען פון דער בורזשואַזער קונסט, סיי זיי זענען אָנהענגער, סיי זיי זענען נישט קיין אָנהענגער פון די געבראַכטע קינסטלער, באַנוצן זיי זיך אָבער תמיד, אָפן, אָדער פאַרשטעלט, מיט אָט די קלאַסן וואַפן, און נעמען אָן איינע פון אָט די הויפט ריכטונגען פון קאַמף (ס׳איז דערפאַר אָפט זער ווייטאָקלעך צו באַמערקן, ווי אַ סך פון די יונגע פּראָלעטאַרישע שרייבער וואָס וויסן שוין אַז דאָסטאָיעווסקי, מעטערלינק, ניטשע און אַנדערע, זענען בורזשואַזע פאַרשטייער, פרוּוון נאָכצומאַכן זייערע נאָכפאָלגער און זעען דערביי נישט איין, אַז די לעצטע זענען אַ סך ערגער פון די קלאַסיקער און אַז זיי מאַכן אַזוי אַרום נאָך גראָד די ערגסטע).

די בורזשואַזיע, וועלכע באַזיצט אַ סך מעגלעכקייטן און האָט אין

איר רשות אַ גרויסן טייל פון די קולטור אוצרות, וואָס זענען נישט צו־געגנגלעך פאַר איר קעגנער, דעם פּראָלעטאַריאַט, ווערט פון איר אייגענעם ווייַן נאָר לייכט באַרוישט און פאַרלירט נישט דערביי דעם באַוווסטזיין, אָבער פאַר איר קעגנער, וואָס ווייסט נישט ווי אַזוי זיך צו אָריענטירן, איז דער זיסלעכער געטראַנק פיל געפערלעכער, און נאָר זיין געזונטע קאָנ־סטיטוציע און יונגער מוט העלפן אים דערביי אָפּט אַרויס, אָבער דאָך מיט אַ געווויסן שאָדן.

## די הויפנאַרן פון דער בורזשואַזיע און די רעזערוון פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

צווישן די אויסגעשפּראָכן בורזשואַזע, און אויסגעשפּראָכן פּראָלע־טאַרישע ריכטונגען פון קונסט, געפינען זיך אַ סך צווישן שטופן. צו זיי געהערן יענע קינסטלער, וואָס האַלטן זיך פאַר פּראָלעטאַריש און זענען אין אַן אמת די הויפנאַרן פון דער בורזשואַזיע. זייער באַליבטע טעמע אין דער ליטעראַטור איז די פּעריפּעריע; און מיט אָט דעם אויסוואַל פון דער טעמע מיינען זיי אַרויסצווייזן זייער רעוואָלוציאָנערישקייט, שטענדיק דרייען זיי זיך אַרום די פּראָבלעמען פון פּראָסטיטוציע, בעטלער, פאַר־ברעכער, זיי פּרווון אָבער זער זעלטן אָנצווייזן, אפילו אינדירעקט, אַז די אָרדנונג מוז באַקעמפּט ווערן, וועלכע איז שולדיק אין דעם צושטאַנד פון זייערע העלדן, זיי האַלטן אויך נישט פון דעם ראַציאָנעלן איבערבויען די דאָזיגע געזעלשאַפטלעכע עלעמענטן, וואָס זענען אין אַן אמת די לאַ־טעס מיט וועלכע די בורזשואַזיע פּרווט אָפּט צו פאַרקלעבן די לעכער פון איר סיסטעמע.

די דאָזיקע קינסטלער זעען די לעזונג, נישט אין דעם שאַפן אַ גע־רעכטע געזעלשאַפט, נאָר אין דעם פאַרגיסן שכורע טרערן איבער דעם גורל פון דער פּראָסטיטוטקע, אין דעם פאַרגלייכן זי מיט דער מאַדאָנאַ, אין דעם באַזינגען די אָרעמקייט, אָנשטאָט צו פּראָטעסטירן קעגן איר, דערמיט סטימולירן זיי אָבער נאָר די סאַדיסטיש פילאַנטראָפּישע סענטי־מענטן פון די זאַטע.

די שטעכווערטלעך, וועלכע זיי זאָגן אָפּט אויף דעם חשבון פון דער בורזשואַזיע, זענען ענלעך צו די סאַטירעס, וואָס די הויפנאַרן פלעגן מאַכן איבער זייערע פעאָדאַלע הערשער.

דאָס אָנפאַלן אויף דער בורזשואַזיע פון אָט די קינסטלער דינט איר אַלס אַ פאַרוויילונג, פּונקט ווי די סאַטירעס פון די הויפנאַרן זענען עס געווען פאַר די פעאָדאַלן; ווי די הויפנאַרן פאַרבלייבן אויך אָט די קינסט־לער די געטרייסטע קנעכט פון די מאַכטהאָבער און ווערן בטל פאַר דעם רייכטום און פאַר דער אָנגעבלאָזענער פּראַכט פון די הערשנדיקע קלאַסן.

צום צווייטן לאַגער געהערן אַזעלכע בורזשואַזע קינסטלער, וועלכע האָבן זיך אַנטוישט אין דעם בורזשואַזן קלאַס, אָבער זיי זענען נאָך נישט צוגעשטאַנען צום צווייטן קלאַס. אַלס אַזעלכע קענען מיר באַצייכענען די סקעפּטיקער, וועמענס לעבנס קריטיק, וואָס דערגייט אָפט ביז ציניזם, איז באַשטימט אַ פּאָזיטיווער כח אין דער ליטעראַטור, זיי קענען אָבער נישט פון אָט דער קריטיק איבערגיין צו אַ געזונטער אויסגעלייטערטער און נייער לעבנס שאַפונג. אַזעלכע זענען געווען (אין פאַרשידענע וואַריאַציעס פון טאַלאַנט און קלאַסן צוגעהעריקייט) פראַנס, הײנע, בייראָן, פושקין, לערמאָנטאָוו, און אַנדערע.

ס׳זענען דאָ אויך אַזעלכע, וואָס קענען דינען אַלס פּראָלעטאַרישע רעזערוון, אָבער זיי קענען זיך דאָך נישט אינגאַנצן באַפרייען פון דער בורזשואַזער ירושה, זיי זענען דאָס אָפט די אידעאָלאָגן פון דעם קליינבירגערטום און זענען וואַקלדיק פונקט ווי זייער קלאַס, אַמאָל איז זייער אָריענטאַציע לינקס, אַמאָל רעכטס און זער אָפט זענען זיי עקלעקטיש.

צו די לינקע מער רעוואָלוציאָנערע פון צווישן זיי, וואָס ווערן אָנגערופן קליינבירגערלעכע רעוואָלוציאָנערן, קען מען צורעכענען (און נאָך אַמאָל לויט פאַרשידענע גראַדאַציעס פון טאַלאַנט און דערפאַר טאַקע אויך פון מער, און ווייניקער אומגעלומפּערטן עקלעקטיציזם) אופּטאָן סינקלער, רעמאַרק, ערנסט טאָלער, סעלין, איבסען און אַנדערע.

## פּראָלעטאַרישע קונסט.

די טענדענץ פון די פּראָלעטאַרישע קינסטלער איז צו וועקן און דערמוטיקן דעם אונטערדריקטן קלאַס, זיי שטרעבן צו צעשטערן דאָס צעפוילטע, צו העלפן אין דעם בויען פון אַ פרישער און געזונטער געזעלשאַפט מיט נייע ראַציאָנעלע ווערטן.

די פּראָלעטאַרישע קינסטלער שטיצן זיך באַוווסטזיניק אויף די דרייסטע און אומדערשראָקענע געדאַנקען פון דער פּראָלעטאַרישער טעאָריע און פילאָסאָפיע, ווי דער דאַרוויניזם*), דער מאַרקסיזם, דער לעני־

---

*) נישט געקוקט דערויף וואָס דאַרווין איז מיספאַרשטאַנען און איז מיסרעפּרעזענטירט און באַנאַליזירט געוואָרן דורך די פאַשיסטישע דעמאַגאָגן, (ווי דאָס ווערט, אגב, יעדע רעוואָלוציאָנערע און פּראָגרעסיווע טעאָריע) און איז אָפט אָפּגעפּאַרטיקט ביי כלומרשט „לינקע" פּראַזעאָלאָגן, אַלס אָפּגעלעבט און נישט דיאַלעקטיש, בלייבט דער דאַרוויניזם אין זיין הויפּט פּרינציפּ דאָך אַן אָביעקטיוו אמתע און איבערטראַגבאַרע וויסנשאַפטלעכע (און אַלס אַזעלכע אויך דיאַלעקטישע) טעאָריע, ווי זי איז עס געווען פאַר מאַרקסן און ענגעלסן. און כאָטשע דאַרווין איז נישט געגאַנגען אַזוי ווייט ווי מאַרקס, וואָס האָט אַנטדעקט אַז די אַנטוויקלונג פון די מיטלען פון פּראָדוקציע איז דער הויפּט פאַקטאָר אין דער עוואָלוציע פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט און

ניזם און אַזוי ווייטער, און זיי גייען סיסטעמאַטיש מיט מיט די נייע פאַרשונגען און וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונגען, אין קעגנזאַץ צו דער בורזשואזער קונסט, וואָס האָט זיך נאָר אומבאַוווסט און איבערפלעכלעך באַזירט אויף אירע בורזשואזע פילאָסאָפיעס, דערביי אָבער קיינמאָל נישט אַנערקענט אָט דעם פאַקט און זיך אָפט אפילו באַצויגן מיט גרינגשעצונג צום וויסנשאַפטלעכן פּראָגרעס.

די טענדענץ פון די פּראָלעטאַרישע קינסטלער איז צו באַרירן די פראַגן, וועלכע די בורזשואזיע וויל גערן פאַרבייגייען, פאַרשווייגן. זיי ווילן דערוויזן יענע אונטערשידן, וועלכע די בורזשואזיע זוכט צו פאַרטושן, זיי ווילן אויפמאַכן די אויגן מען זאָל זעען דאָס בלוט און די טרערן, פון וועלכע די דאָסטאָיעווסקיס רעדן נישט, וועלכע זיי ווילן נישט זעען און גיבן זייער שטילע הסכמה מען זאָל עס פאַרגיסן, (ווער ס׳זעט צו אַן אומרעכט און פאַרשוויגט עס, באַטייליגט זיך, אינדירעקט, אין אָט דער טאָט) אין דער צייט ווען אַ קינדס טרער רירט זיי אַזוי.

דער פּראָלעטאַריאַט אַלס אַ געזונטער קלאַס וועלכער איז פול מיט לעבנס לוסט, פרייד און עכטער ראָמאַנטיק, מוז אַקצעפּטירן אויך דאָס באַזינגען די שענקייט פון דער נאַטור, פון דער ליבע און לעבנס לוסט, נאָר דער אופן, דער צוגאַנג איז ביי אים אַ גאַנץ אַנדערער, ווי ביי דער בורזשואזיע.

ער קאָן נישט האַלטן פון די פאַלשע איבערטרייבונגען, פון דעם

---

אירע רעוואָלוציאָנערע איבערגאַנגען און אַז יענער קלאַס וואָס איז צו־געפּאַסט ווייטער צו פירן אָט די אַנטוויקלונג ווערט דער בויער פון דעם סאָציאַלן לעבן, שטימען אָבער אָט די מאַרקסיסטישע אַנטדעקונגען איין מיט די דאַרוויניסטישע געזעצן פון „קאַמף פאַר עגזיסטענץ" און „דער־האַל־טונג פון דעם שטאַרקן", אָדער בעסער געזאָגט, „פון דעם צוגעפּאַסטן" און די מאַרקסיסטישע אַנטדעקונגען קענען אין זיי אַריינגעפּאַסט ווערן ווי אין ברייטערע און מער אַרומנעמנדיקע געזעצן. פון דער אַנדערער זייט, ווידער, זע־נען אָט די דאַרוויניסטישע געזעצן שוין איינגעשלאָסן אין די נאָך ברייטערע און נאָך מער אַרומנעמנדיקע דיאַלעקטישע געזעצן פון דער אייביקער און אומענדלעכער דינאַמיק, וועלכע זענען, ווידער, באַגרינדעט געוואָרן דורך מאַרקס און ענגעלס.

אויסצושליסן דעם דאַרוויניזם פון די רעוואָלוציאָנערע טעאָריעס, וועל־כע קענען דינען דעם פּראָלעטאַריאַט אַלס מעטאָדן פאַר דעם ווייטערדיקן און טיפערן פאָרשן פון די געזעצן פון דער וועלט, פון דער עוואָלוציע פון לעבן, (אויב דאַרווין זאָל אפילו אויף אָט דעם ספּעציפישן געביט אָפּגעלייקנט ווערן פון די ווייטערדיקע פאָרשונגען) ווי אויך פון דער אַנטוויקלונג פון מענטשלעכן גייסט, וואָלט דערפאַר גע־הייסן, ווי שוין דערמאָנט, אַרויסצוואַרפן „דאָס קינד אינאיינעם מיט דער באָד".

קנעכטישן באַוווּנדערן די ליבע, אַלס אַ מיסטישע געטלעכע קראַפט, פון דעם קושן דעם זוים פון דער געליבטערס קלייד און לעקן דעם שטויב פון אירע פיס, ער מוז אויך זיין געגן דער לומפּנפּראָלעטאַרישער אַפּאָלאָגעטיק פאַר דעם ציגיינערישן נאַטור לעבן, וואָס פּושקין האָט אַזוי טיף (און דערביי מייסטערהאַפטיק) אידעאַליזירט. דער פּראָלע־טאַריאַט שטרעבט צו אַנטוויקלען די טעכניק און קולטור ביז אין דער העכסטער שטופע, אויסצונוצן די נאַטור צו גונסטן פון אַלע פעלקער, די ציגיינער איינגעשלאָסן, צו גונסטן פון אַ קלאַסנלאָזער געזעלשאַפט, דער נייער מענטשהייט; ראַציאָנעל צו באַהערשן די מענטשלעכע געפילן און די נאַטור שענקייט, כדי צו שאַפן אַ פרייע, גליקלעכע לעבנס אָרגאַניזאַציע.

די פּראָלעטאַרישע קינסטלער שטרעבן צו באַזירן די נייע ראָמאַנטיק אויף אַ געזונטער, מאַטעריאַליסטישער פילאָסאָפיע.

דעם אָנקום פון אַט דער נייער ראָמאַנטיק האָט זער פיין געמאָלן דער רוסישער דיכטער אַלעקסאַנדער בלאָק אין זיין פּאָעמע „צוועלף“, נישט קוקנדיק אויף זיין אַלטער טערמינאָלאָגיע, וועלכע ער האָט מיט־געבראַכט מיט זיך פון דער בורזשואזער סביבה, איז אָבער אין אָט דעם קינסטלער זער ווערטפול דער געזונטער און ראַפינירטער חוש, מיט וועלכן ער האָט דערפילט, ווי אַזוי דורך דער רעוואָלוציע, דורך דער צע־שטערונג און דעם אָראָפּשליידערן די אַלטע געצן, ווערט געבוירן די נייע פאַרקערפּערונג פון ליבע און שענקייט, נאָר עכטער, אמתדיקער, ריינער.

די ערשטע שפּראָצונגען פון אָט דער ראָמאַנטיק געפינען מיר שוין אין גאָרקיס שאַפונגען, אין וועלכע די העלדן מיט זייער גאַנצער ברו־טאַלקייט, ברענגען דאָך מיט מיט זיך אַ נייע, נישט פאַרויסגעזעענע צארטקייט און ליבע צום שענעם. מיר פילן ווי זייער שמוץ איז בלויז אַן אויסערלעכער און אַז ביי אַנדערע אומשטענדן, אין אַ גערעכטער געזעלשאַפט קענען זיי אַרויסווייזן אַ גרויסן זאַפּאַס פון טיפע געפילן און דערהויבענע שטרעבונגען.

די קונסט אַלס אַ „מיטל פון קלאַסן קאַמף“

מיר זעען אַז די קונסט איז אַ דערציונגס מיטל, אין וועלכן ס'שטעקט אַ באַשטימטע טענדענץ און אַז אין אַ קלאַסן געזעלשאַפט מוזן זיך די קעגנזעצלעכע קלאַסן טענדענצן צוזאַמענשטויסן, פון דעם ווערט לאָגיש אַרויסדרינגען, אַז די קונסט אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג איז אַ מיטל פון קלאַסן קאַמף, סיי ווען ס'ווערט אין איר אָנגעגריפן פּחדנות'־דיק פון אונטן, אין דער פלייצע און פאַרשטעלט, ווי ס'טוט די בור־זשואַזיע, מיט דעם וואָס זי פאַרבאַהאַלט איר אמתן מיין, און סיי ווען

ס׳וועדט אין איר אָנגעגריפן אָפּן, ווי דאָס מאַכט דער פּראָלעטאַריאַט; אין ביידע פאַלן איז דאָס אַ ל ע ב נ ס ק אַ מ ף.

ווי יעדער קאַמף שליסט ער אויס די טאָלעראַנץ, ער שליסט אָבער נישט אויס קיין לאָיאַליטעט, אין קעגנטייל, דער גרעסטער שאַנס צו געווונען און צו זיגן שטעקט אין דעם לאָיאַלן אָפּשאַצן דעם געגנערס כחות, ווי אויך אין דעם נישט איבערשאַצן די אייגענע, נאָר איינזען די אייגענע פעלערן, און דערביי טאַקע זיין באַוווסט אויך אויף די אייגענע מעגלעכקייטן. מיט אַנדערע ווערטער, זייענדיק נישט אומ־פּאַרטייאיש און דינענדיק אַלס אַ סוביעקטיוו מיטל פון קלאַסן געווער, מוז אָבער די קונסט דאָך אַנטשפּרעכן דער אָביעקטיווער רעאַליטעט; נאָך מער, וואָס טיפער און עכטער ס׳איז די סוביעקטיווע קלאַסן צוגע־העריקייט און שטאַרקער די קלאַסן טענדענץ פון דער קונסט, אַלץ ריכטיקער איז אין איר די אָפּשאַצונג פון די אָביעקטיווע (אפילו ווען אַנטאַגאָניסטישע) כחות און מער רעאַליסטיש דאָס שילדערן פון די אַרומיקע דערשיינונגען און געשעענישן.

אַלס אַ מוסטער פון אַ לאָיאַל פּראָלעטאַריש ווערק קען אונז דינען גלאַדקאָווס „צעמענט", די טיפּן וועלכע אַנטשפּרעכן נישט דעם פּראָ־לעטאַרישן אידעאַל, ווי פּאָליאַ מעכאָוואַ און סיערגיי ווערן דאָך אַזוי ריכטיק באַשריבן מיט אַלע זייערע פּאָרטיילן און אפילו דער געגנערישער ווייס־גוואַרדייאישער אָפיציר ווערט געגיבן אויף אַ זער לאָיאַלן אופן, גלאַדקאָוו קעמפט אָבער אויסגעהאַלטן קעגן זייער שעדלעכער אידעאָלאָ־גיע; די גוטע אייגנשאַפטן פון די קעגנער פאַרבלענדן נישט זיין ניכטערן אורטיילן איבער דער ריכטונג פון זייערע טאַטן; און געגן זייער פאַרבאַ־האַלטענער פיינטלעכקייט, אָדער שוואַכקייט, שטעלט ער אַרויס זיין קלאַסן באַוווסטזיין (דאַשאַ). און כאָטשע דאַשאַ, דער אידעאַל פון דעם ווערק, איז געגיבן מיט אַלע אירע חסרונות, מיט איר דערבקייט און האַרטקייט, רופט זי אָבער אַרויס די גרעסטע באַגייסטערונג און אַכטונג צו זיך, נישט נאָר מיט איר דרייסטקייט, אָפּפערפעאיקייט און ראָמאַנטישער זעלבסטפאַרניינונג, נאָר הויפּטזעכלעך דערמיט, וואָס זי איז די טרעגערן פון די געזעכטע סאָציאַלע אינטערעסן, פון דער באַפרייאונג פון דער פרוי און פון דעם אַרבעטער. די אידעאַלן, וועלכע זי פאַרקערפּערט זענען אַזוי גרויס, אַז אפילו די חסרונות, אויב זיי דינען נאָר צו דערגרייכן אָט די אידעאַלן, ווערן דערהויבן צו פּאָזיטיווע ווערטן.

רעאַליזם אין דער פּראָלעטאַרישער קונסט.

דער קוואַליטאַטיווער אונטערשיד צווישן דער עכטער קונסט, און צווישן דעם שונד שטאַמט פון דעם קוואַנטיטאַטיוון אונטערשיד פון זייער רעאַליזם, ד.ה. אין די אי־רעאַליסטישע שאַפונגען, אין דעם אַזוי גערופענעם שונד איז דער רעאַליזם נישט אימגאַנצן אָפּוועזנד, דאָס

איז בכלל אוממעגלעך, נאָר ער איז אויבערפלעכלעכער, און אין דער עכטער קונסט איז דער רעאַליזם אַ טיפערער.

אויבערפלעכלעך און טיף זענען אָבער רעלאַטיווע באַגריפן, דאָס וואָס איז אין אַ געוויסער צייט, ביי געוויסע אָביעקטיווע אומשטענדן טיף, איז אין אַנדערע אויבערפלעכלעך, און פאַרקערט.

דער שונד, וואָס באַהאַנדלט די זאַכן, וועלכע זענען אין אַ באַ־שטימטער סביבה שוין געוואָרן אַלגעמיין באַוווסט און באַנאַל, ער אָפּערירט מיט דעם אויבערפלעכלעכן רעאַליזם, (ער קען דערפאַר, ווי מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט, ברענגען בלויז אַ מאָמענטאַנע, ד.ה. בלויז אַ נידעריקע קוואנטיטעט און קוואליטעט פון לוסט).

(שונד ווערט אָפט פאַרמישט מיט פאָרנאָגראַפיע, כאָטשע וואָס אין דער רעאַליטעט ווערט די פאָרנאָגראַפיע פאַרוואַנדלט אין שונד נאָר דעמאָלט ווען זי ווערט אַ ציל פאַר זיך אַליין און הערט אויף צו דינען אַלס אַ סאָציאַל און דערפאַר אויך אַלס אַ עכט קינסטלעריש מיטל, ווען זי הויבט אָן צו באַפרידיקן דעם מענטשנס רויע אינסטינקטן, וועלכע זענען אין זייער תוך נישט עפּעס אַנדערש ווי די קרענקלעכע, דעגע־נערירטע און אַזוי אַרום אַנטיסאָציאַלע אייגנשאַפטן, אין וואָס פאַר אַ פאָרם זיי זאָלן נישט אויסגעדרוקט ווערן. אָבער אַחוץ דעם דאָזיקן מין פון פאָרנאָגראַפיע, שליסט דער שונד אין זיך איין אַ סך אַנדערע פאָרמען, ווי די סענטימענטאַלע, די פּריוואַל־מאָראַליסטישע און פאַר־שידענע אַנדערע סאָרטן און אופנים פון אויבערפלעכלעכע אונרעאַליס־טישע שאַפונגען).

די עכטע קונסט, וועלכע באַהאַנדלט די זאַכן, וואָס זענען אין איר סביבה נאָך ניי און נישט אימגאַנצן אויסגעפאָרשט, איר רעאַליזם איז דאַקעגן דער סאָציאַל נויטיקער און טיפערער (דערפאַר ברענגט זי אויך אַ העכערע קוואנטיטעט און קוואליטעט פון לוסט).

„ראָמאַנטיציזם" און אַנדערע ריכטונגען פון קונסט, וועלכע זעען אויס צו זיין דער פולער היפוך פון רעאַליסטישער קונסט, שטעלן מיט זיך, אין דער ווירקלעכקייט, פאַר בלויז אַן אַנדערן צוגאַנג צו זאַכן, די זאַכן אַליין ווערן אָבער, פון זייער זייט, אָפט זער רעאַליסטיש געשילדערט.

דער „אטעם" אַרום די באַשריבענע דערשיינונגען און געשעענישן, זייער „אונטערגרונט", די „וואַרעמקייט" און דער „קאָליר" פון דעם ווערק, זיין „דעך", „די נשמה" פון דער שאַפונג, די אַזוי גערופענע „קינסטלערישע אַטמאָספערע", וואָס זענען נישט עפּעס אַנדערש ווי די אינדירעקטע אידעאָלאָגישע אינטערפרעטאַציע און פילאָסאָפישע איינ־שטעלונג איז אין די אויבן דערמאָנטע קונסט־ריכטונגען באַזירט אויף אַן אידעאַליסטישער קאָנצעפציע פון לעבן, אין דער צייט וואָס אין דער

אויסגעשפּראָכן־רעאַליסטישער קונסט איז זי באַזירט אויף אַ פילאָסאָפיש־מאַטעריאַליסטישער וועלטאנשויאונג און אויף דער דיאַלעקטיש־מאַטעריאַליסטישער פילאָסאָפיע, אויב דאָס איז נאָר עכטע פּראָלעטאַרישע און סאָציאַלע קונסט. (דאָרט ווו דער אידעאָלאָגישער אונטערגרונט און פילאָסאָפישער שטאַנדפּונקט זענען נישט גענוג טיף, ווערט נישט גע־שאַפן קיין שום קינסטלערישע אַטמאָספערע, דאָס „ווערק" מעג דערביי זיין פול מיט לירישע אויסגוסן און סענטימענטאַלע רעדערייען און אָנגעשפּיקעוועט מיט אָן אַ סוף באמאלעכצער און פּונקטלעכע באַ־שרייבעכצער).

כאָטשע דער ענין, די טעמע, וואָס ווערט באַהאַנדלט אין דער ראָמאַנטישער און באַזונדערס אין די אימפּרעסיאָניסטישע און עקס־פּרעסיאָניסטישע פאָרמען פון קונסט באַציט זיך דערביי זער אָפט מער אויף די אויסנאַמס טיפּן, אויסנאַמס געביטן און די מער באַגרעניצטע אַספּעקטן פון לעבן, זענען אָבער אפילו דידאַזיקע אַספּעקטן אין אַ געוויסער מאָס זער כאַראַקטעריסטיש פאַר זייער ווירקונגס פעלד אין די באַציונגען, די רעלאַציעס פון די באַשריבענע אָביעקטן און כאַראַק־טערן, דערשיינונגען און געשעענישן אַנטשפּרעכן אויף אַ זער טרעפלעכן אופן צו זייער אָביעקטיווער רעאַליטעט.

נאָך מער, אַ עכט קונסט ווערק פון דעם ראָמאַנטישן, אָדער וואָס פאַר אַ נישט איז אַנדערן סטיל, איז אָפט אַ סך מער רעאַליסטיש ווי אַ באַנאַלע און שונדיסטישע שאַפונג, וואָס פּרעטענדירט צו געהערן צו דער רעאַליסטישער ריכטונג פון קונסט.

די גוטע קונסט טיילט זיך פון איר זייט, אין רעאַקציאָנערער און רעוואָלוציאָנערער, די ערשטע איז שטענדיק ווענינקער דרייסט און דערפאַר אויך, רעלאַטיוו ענגער אין איר רעאַליזם, און די אַנדערע איז שטענדיק דרייסטער און דערפאַר ווייטער און שטאַרקער אין איר רעאַליזם.

ביז אַ הויכער פאָלקאָמענקייט דערגרייכט דער רעוואָלוציאָנערער רעאַליזם אין די פּראָלעטאַרישע ווערק, אין וועלכע ער נעמט אָן אַ דיאַלעקטיש־מאַטעריאַליסטישע פאָרמעסטונג, לויט וועלכער די דער־שיינונגען ווערן באַנומען אין זייער באַוועגונג און די אינדיווידועלע איבערלעבונגען ווערן געשילדערט און געפאָרשט אין פאַרבינדונג מיט זייערע סאָציאַלע סיבות און אונטער דער באַלויכטונג פון די סאָציאַלע, דיאַלעקטיש מאַטעריאַליסטישע וויסנשאַפטן, ד.ה. אויף אַ גרונטלעכערן, ברייטערן און טיפערן אופן.

ביי די אמתע, פיינע קינסטלער און געניטע קונסט־מבינים שווימט אַלעמאָל אויף די נישט גאַנץ קלאָרע מיינונג און ס׳כאַפּט זיך אָפט אַרויס די נישט דרייסטע און אומזיכערע, אָבער אין תוך זער טרעפלעכע

מיינונג, אַז די קונסט  ד ע ר ט א ַ פּ ט ,  נישט די זאַכן אַליין, נאָר „עפּעס" וואָס ליגט „ערגיץ", „צווישן די זאַכן". אָט דאָס וואָס „געפונט זיך צווישן די זאַכן",  איז אין אַן אמת נישט  עפּעס אַנדערש  ווי די אומענדלעכע רעלאַציעס, די באַציונגען וואָס עגסיסטירן צווישן די פאַרשידענע אָביעקטן, צווישן די טויטע און לעבעדיקע דערשיינונגען. דאָס זענען די דינאַמישע פאַרבינדונגען און אויפלעזונגען, די טויזנט־פאַכיקע צוזאַמענשטויסן, דורך וועלכע אַלעס וואָס עגזיסטירט קומט צום אויסדרוק. אָדער ריכטיקער געזאָגט, מיט וועלכע אַלעס וואָס עגזיסטירט איז אין דער רעאַליטעט אידענטיש.

אונזער פיזיש און גייסטיק וועזן, אונזער עמפּפינדן, דענקען און פילן, אונזער עטיק און עסטעטיק, אַלעס איז בלויז אַ באַזונדערע פאָרם, אַן אייגנאַרטיקע פונקציע, אַ קאָמפּלעקס פון רעלאַציעס, און דורך רעלאַציעס קומט עס צום אויסדרוק און צום לעבן.

דער כלומרשטער קינסטלער וואָס פּרווט אונז צו גיבן די זאַכן „אַזוי ווי זיי זענען", גיט אונז נישט נאָר קיין סטאַטישע אָפּבילדונג, קיין טויטע פאָטאָגראַפיע און מעכאַנישע טאוטאלאגיע, ער גיט אונז אַ סך ווייניקער דערפון, ווייל ער פּרווט דערמיט צו פאַרשטעלן עפּעס וואָס איז אַ סך מער. און יעדע זאַך אין דעם ממשותדיקן לעבן איז מער דערפון.

די עכטע קינסטלער און גוטע קונסט מבינים האָבן, אַזוי אַרום, שטענדיק געאַנט אַז די זאַכן זענען נישט אין זייער זיין, נאָר אין דעם אומאונטערבראָכענעם ווערן; נישט אין זייער איזאָלירטער סטאַטישקייט, נאָר אין דער דינאַמישער פאַרבינדונג און אויפלעזונג, ד.ה.  א י ן  ז י י ע ר   ד י א ַ ל ע ק ט י ק .

דער הויפּט אונטערשיד צווישן די בירגערלעכע רעאַליסטן און צווישן די פּראָלעטאַרישע רעאַליסטן באַשטייט אָבער, צווישן אַנדערן, דער'עיקר'שט אין דעם, וואָס אַ  ד א ַ נ ק   ד ע ם   ב א ַ ו ו ו ס ט־ ז י נ י ק ן   מ ע ט א ָ ד   פ ו ן   א ָ נ ו ו ע נ ד ן   ד י ד י א ַ ל ע ק ט י ש ־ מ א ַ ט ע ר י א ַ ל י ס ט י ש ע   ב א ַ ל ו י כ ט ו נ ג , פאַרבייטן נישט די פּראָלעטאַרישע רעאַליסטן די סיבה מיט דער פאָלגע, ווי דאָס געשעעט זער אָפט מיט די בירגערלעכע רעאַליסטן.

אומענדלעך פאַרשידן זענען די פאָרמען און סטילן, די אָביעקטן און צילן פון עכטע קינסטלער, ווייל אומענדלעך און פאַרשידן זענען די טענער, פאַרבן, קלאַנגען, ניואַנסן און שאַטירונגען פון די גאַנצע ימים פון באַציונגען און רעלאַציעס. דער עכטער קינסטלער שטרעבט אָבער דערביי צו געפונען דאָס וועזנטלעכע און כאַראַקטעריסטישע פאַר גאַנצע רייען פון דערשייונגען און געשעענישן, ווייל אויך אין לעבן און אין דער גאַנצער נאַטור איז, נישט געקוקט אויף דער

פילפּאַכיקייט, פאַרהאַן אַ געוויסע געזעצמעסיקייט, לויט וועלכער די פאַרשידנאַרטיקסטע באַציונגען און רעלאַציעס מאַניפעסטירן זיך.

דורך דעם וואָס די רעאַליסטן דעקן אויף און באַמאָלן דאָס שעדלעכע, גיבן זיי די מעגלעכקייט עס לייכטער צו באַקעמפן, אַ חוץ דעם פאַרברייטערן זיי דערמיט אונזערע האָריזאָנטן און שאַפן אי אַ שטאַרקערע ווירקונג אויף אונז, אי אַ גרעסערן צוטרוי צו זייערע ווערק.

אָט דעם שאַרפן רעאַליזם באַמערקן מיר אין גלאדקאָווס ווערק, אין דעם אופן פון זיין שילדערן די אומנויטיקע ביוראָקראַטיע און די אומגעבונג, וועלכע איז פול מיט רואין און צעשטערונג. אָט דער רעאַליזם שאַפט אַ שטאַרקן צוטרוי צו דעם מחבר און מען גלויבט אָן שום באַוואָרענישן אין זיינע שפּעטערדיקע אויספירן און אין זיין דערוווייזן אַז דאָס אַלעס איז נאָר אַ צייטווייליקער איבערגאַנג און אַז עס בויעט זיך און עס ווערט געשאַפן אַ פאָלקאָמענע געזעלשאַפט. די אָפּשטויסונג וואָס די באַשריבענע אומשטענדן רופן אַרויס, ווערט פאַרניכטעט דורך די נייע פּערספּעקטיוון און מען ווערט אויפגעמונטערט צו באַקעמפן די עגזיסטירנדיקע אומפאָלקאָמנקייטן און צו פאַרהעלפן צו דעם זיג פון דעם אידעאַל.

פונקט אַזוי רעאַל ווי גלאדקאָווס, זענען אויך די שאַפונגען פון סייפולינאַ, באַזונדערס „דאָס פּנים פון דאָרף“, אין וועלכן זי באַשרייבט די גרויזאַמקייט און קולטורלאָזיקייט פון די פּויערעם, פון יענע פּויערעם, וואָס דאַרפן דינען אַלס די רעזערוון פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין זייער רעוואָלוציאָנערן קאַמף. אויך אין פאַנפעראָווס בוך „ברוסקי“ קומט צום אויסדרוק דער עקסטרעמער רעאַליזם. זער בולט טיילט זיך אויס דער דיאַלעקטיש־מאַטעריאַליסטישער רעאַליזם אין די דערציילונגען פון דעם יונגן שרייבער י. א. ליסקי, ווי מיר זעען דאָס אין זיינע שיל־דערונגען פון דער יידישער און פּויערישער אָרעמקייט אין דאָרף און שטעטל און אין זיין באַשרייבן דאָס שטאָטישע אַרבעטער לעבן. דאָס זעלבע זעען מיר ביי פורמאַנאָוו, ביי שאָלאָכאָוו און אַנדערע.

### דער ציל פון אַ ליטעראַרישער שאַפונג און איר קינסטלערישע קאָנסטרוקציע.

דער קינסטלערישער ציל און טענדענץ פון אַ ווערק באַשטימט שוין אויך אינדירעקט סיי זיין סאָציאַלן ווערט און סיי זיין קאָנסטרוקציע.

אָן קיין ציל און טענדענץ, וואָלט נישט געקאָנט עגזיסטירן קיין

שום קינסטלערישער אמת, ווייל אמת איז אַ רעלאַטיווער באַגריף, דאָס וואָס ס'איז אין איין פאַל אמת, איז אין אַ צווייטן פאַל ליגן, און פאַרקערט.

נאָר רעלאַטיוו צו אַ געוויסן אינהאַלט און ציל, צו וועלכן יעדער באַגריף מוז אַנטשפּרעכן, קענען מיר אים באַצייכענען אַלס דאָס איינע, אָדער דאָס אַנדערע; און נאָר אין שיכות צו דער טענדענץ, קענען מיר אָפּשאַצן צי אַ באַשטימטע שאַפונג פאַרמאָגט אין זיך דעם קינסטלערישן אמת, צי ניין.

דער אמת פון דעם טאָג טעגלעכן לעבן, וועלכער באַשטייט אָפּט אין דעם איבערגיבן מיט אַ פאָטאָגראַפישער פּונקטלעכקייט די שטריכן פון באַזונדערע דערשיינונגען, דער דאָזיקער אמת אַנטשפּרעכט שטענ־דיק זיינע אייגענע ענגע צילן, ער האָט אָבער גאָרנישט צו טאָן מיט דעם קינסטלערישן אמת, וועלכער פאַרמאָגט אין זיך די פעאיקייט איבערגעטראָגן צו ווערן אויף אַ גאַנצן קלאַס פון דערשיינונגען און פאַרקערפּערט מיט זיך אַ פּאַראַלגעמיינערונג, אַ כלל (דער קינסט־לערישער כלל, פּונקט ווי דער וויסנשאַפטלעכער, טאָר אָבער בשום אופן נישט באַשטייען אין דעם ציטירן די אַ ל ג ע מ י י נ ע א מ ת ן, וועלכע זענען שוין יעדן באַוווסט און וועלכע זענען שוין געוואָרן דער באַזיץ פון דער דורכשניטלעכער מערהייט, נאָר ער מוז באַשטייען אין דעם שאַפן נייע קינסטלערישע כללים, נייע פאַראַלגעמיינערונגען, וואָס דאַרפן ערשט דורך דער מערהייט מענטשן דערוואָרבן ווערן).

קינסטלעריש געשטאַלטן פאַרשידענע דערשיינונגען און געשעענישן, הייסט פאַרוואַנדלען זיי אין סימבאָלישע ווערטן (סימבאָליש מיינט, אין דעם פאַל, אַז די דערשיינונגען, געשעענישן, בילדער און כאַראַקטערן, וואָס ווערן באַשריבן אין אַ קונסט ווערק, פאַרטרעטן נישט נאָר זיך אַליין, נאָר גאַנצע קלאַסן פון מענטשן און זייערע פאָרמען פון לעבן, פּונקט ווי די מאַטעמאַטישע סימבאָלן און פיגורן פאַרטרעטן די פאַר־שידנסטע, אָבער אין דער לעצטער אינסטאַנץ, דאָך שטענדיק רעאַלע קעגנשטאַנדן. מ'דאַרף דערפאַר נישט אויסמישן דעם באַגריף ס י מ ב אָ ל י ש , מיט דער פאָרם פון ס י מ ב אָ ל י ז ם , וואָס שאַפט, אַזוי צו זאָגן, די סימבאָלן פון סימבאָלן).

א ו ן ו ו י י ל ד י ק י נ ס ט ל ע ר י ש ע ד ע ר ־ ש י י נ ו נ ג ע ן א ו ן ג ע ש ע ע נ י ש ן ט ר אָ ג ן אַ ס י מ ב אָ ל י ש ן כ אַ ר אַ ק ט ע ר , א י ן ד ע ם א ו י ב ן ד ע ר מ אָ נ ט ן ז י ן , ט אָ ר ן ז י י נ י ש ט ה אָ ב ן א י ן ז י ך ק י י ן צ ו פ ע ל י ק ע ש ט ר י כ ן , נ אָ ר ז י י מ ו ז ן ז י ך אַ נ ט ו ו י ק ל ע ן אַ ל ס ד י א י נ ע ר ל ע כ ע נ ו י ט װ ע נ ד י ק י י ט פ ו ן ד ע ר ג אַ נ צ ע ר ק י נ ס ט ל ע ר י ש ע ר ק אָ נ ־

ס ט ר ו ק צ י ע, און אָפּשפּיגלען אין זיך דאָס עסענציעלע, די הויפּט כאַראַקטעריסטיקעס פון דער סביבה, דעם לעבן און פון די מענטשן, וואָס ווערן אין דעם ווערק געשילדערט. (כאָטשע די קינסט־לערישע פּאַראַלגעמיינערונג איז אַ פּאַלקאָמענע גייסטיקע אויפשטעלונג, וואָס איז נענטער פאַרבונדן און שפּיגלט לעבעדיקער אָפּ די באַזונ־דערע דערשיינונגען און געשעענישן, ווי די אַבסטראַקטע ווינסשאַפט־לעכע פּאַראַלגעמיינערונג, זענען דאָך די כאַראַקטער שטריכן פון איין ליטעראַרישן טיפּ (ווי מיר האָבן שוין אין אַן אַנדער פאַל דערמאָנט) נישט גענוג אויף צו דערקלערן דעם כאַראַקטער פון אַ באַשטימטן לעבעדיקן אינדיווידואום און מיר מוזן צוליב דעם צוועק קאָמבינירן די אייגנשאַפטן פון פאַרשידענע טיפּן פון אַ סך ליטעראַרישע ווערק).

דעמאָלט ווען דער ציל פון אַ קונסט ווערק איז צו מאָלן אַן אויסנאַם טיפּ, אָדער אויסערגעוויינלעכע געשעענישן, (וועלכע מיר טרעפן אין לעבן גאָרנישט אַזוי זעלטן, ווי ס׳קאָן זיך אונז אַמאָל אויסווייזן) מוז די אַנטוויקלונג פון די דערשיינונגען און געשעענישן אונז פירן אויף אַ וועג, וואָס כאָטש ער קאָן זיין בלויז אַ צופעליקער, רעלאַטיוו צו דער טענדענץ פון אַנדערע שאַפונגען, מוז ער אָבער אין דעם געגיבענעם פאַל פאָרשטעלן מיט זיך אַ אינערלעכע נויטווענדיקייט (ווי אין דאָסטאָיעווסקיס און טאָלסטאָיס ווערק) און פאַרמאָגן אין זיך אַן אַלגעמיינעם, ד.ה. קינסטלערישן אמת.

אָן אַ קינסטלערישער טענדענץ איז אוממעגלעך צו אונטערשיידן צווישן די איינצלהייטן, וועלכע זענען כאַראַקטעריסטיש און דערפאַר אויך וויכטיק פאַר דער באַשרייבונג, און צווישן אַזעלכע, וואָס זענען פאַר דעם קונסט ווערק אַן איבעריקער באַלאַסט.

נאָר דער ציל און טענדענץ וואָס זענען פאַראַן אין דער קינסטלערישער שאַפונג מאַכן מעגלעך און נויטווענדיק דאָס אָפּקלייבן די פאַקטן און דאָס אונטערשטרייכן געוויסע טיילן, פּונקט ווי די וואַריאַציעס פון ליכט און שאָטן, דורך וועלכע דער געגיבענער קינסטלערישער ציל זאָל בולט אַרויס־טרעטן ווי אין אַ רעליעף.

קיין שום קינסטלערישע אָרדנונג, פון וועלכער ס׳איז אָפּהענגיק די האַרמאָניע און שענקייט פון דער קינסטלערישער קאָנסטרוקציע, קען נישט עגזיסטירן אָן קיין קינסטלערישן צוועק און טענדענץ.

קינסטלערישער אמת, שענקייט און צוועקמעסיקייט קענען נישט

אָפּגעטיילט ווערן איינס פון צוויטן און נאָר אין זייער דיאַלעקטישער איינהייט באַשטייט די אינערלעכע מהות פון עכטער קונסט.

אָבער פונקט ווי דאָס קינד האָט נישט ליב די דיקטאַטור פון דעם לערער, אַזוי האָבן די דערוואַקסענע נישט ליב די דיקטאַטור פון דעם קינסטלער, דערפאַר איז פון אַ סך אַ העכערער קוואַליטעט די ווירקונג און דער רעזולטאַט, וואָס דער אויפנעמער באַקומט פון אַ קונסט ווערק, אין וועלכן די טענדענץ ווערט נישט דירעקט אַרויפגעלעגט אויף אונז, נאָר זי קומט אויף אַ סובטעלן און אינדירעקטן אופן, ווען זי אַנטוויקלט זיך פיל מער דורך אונז אַליין, ווען מיר ווערן געשטויסן און גייסטיק אָנגערעגט צו זוכן, ווען מיר זעגען אינערלעך געצוווּנגען צו קומען צו דעם ציל, וועלכער איז אין דער שאַפונג בלויז אָנגעמערקט.

אין אָט דער ריכטונג גייט איצטערט די סאָוויעטישע קונסט. אַ גרויסן דערפאָלג אויף דעם געביט האָט געהאַט שאָלאָכאָווס „שטיל פליסט דער דאָן“.

ביי די פּראָלעטאַרישע קינסטלער, ווי ביי מיטגלידער פון אַ יונגן קלאַס, שפּראָצט אָבער אָפט אַרויס די איבערמוטיקייט, דאָס שטאַרקע, יונגע געפיל, וואָס לאָזט זיך שווער צוימען.

וואָס רייפער די פּראָלעטאַרישע קונסט ווערט אָבער, אַלץ טאַקטישער הויבט זי אָן צו באַהערשן איר ענערגיע און געפילן. *)

---

*) אין קעגנזאַץ צו דעם אימפּרעסיאָניסטישן אופן פון שרייבן, איז אין אַן עכטער פּראָלעטאַרישער שאַפונג בלויז די טענדענץ אַ אינדירעקטע, אָבער די סטימולן, די אַרטיסטישע מיטלען זענען דירעקטע און קלאָרע, ווייל כדי צו קענען אָנרעגן דעם לייענער ער זאָל זוכן דעם געוואונטשטן, אומבאַקאַנטן ציל, מוז ער באַקומען דאָס טיילווייז באַקאַנטע, ד. ה. סיטואַציעס, באַשרייבונגען און אַמאָל אפילו אַ זייטיקע דערקלערונג, אין קעגנפאַל איז דאָס קינסטלערישע ווערק ענלעך צו אַן אַרמענישן רעטזל, אין וועלכן אַ זאַך וואָס ווערט געמאָלט אַלס גרין (ווייל מען האָט זי אָפּגעפאַרבט), אַלס הענגנדיק אויף אַ בוים (ווייל מען האָט זי דאָרט אויפגעהאָנגען), און אַלס סווישטשענדיק (כדי צו מאַכן דאָס רעטזל שווערער), מוז אַרויסרופן אין אונזער פאָרשטעלונג אַן הערינג. אַזעלכע איבערטריבענע שוועריקייטן, אין דער זעלבער מאָס ווי זעלבסטפאַרשטענדלעכע פלאַכקייטן קענען נישט אָנרעגן נישט די פאָרשטעלונגס קראַפט און נישט די שאַפערישע אַקטיוויטעט פון מענטשן.

די פאָרם און אינהאַלט פון דער קונסט אַלס עטאפן אין דער
דיאַלעקטישער אַנטוויקלונג פון באַוווסטזיין און אומבאַוווסטזיין.

די קראַפט פון די אָנרעגונגען, וואָס דער באַווירקטער באַקומט פון אַ קינסטלערישער שאַפונג, איז אין אַ גרויסער מאָס אָפּהענגיק פון דער טעכניק סטיל און פאָרם, מיט וועלכער דאָס ווערק דיספּאָנירט.

טעכניק סטיל און פאָרם ווערן אָבער דערוואָרבן און אויסגעבילדעט נאָר דורך דער אינערלעכער דיאַלעקטישער אַנטוויקלונג, וואָס אַ געוויסער אינהאַלט, ד.ה. אַ געוויסע קוואַנטיטעט פון דערפאַרונגען, האָט דורכגעמאַכט אין דעם קינסטלערס פּסיכאָלאָגיע.

ווען די דערפאַרונגען זענען נאָך פריש, ווען דער אינהאַלט איז נאָך ביי פאַר די מענטשן, וואָס נעמען אים אויף, דעמאָלט איז ער נאָך צעשוווּמען און אונרעגלמעסיק אין זיין פאָרם, אָבער מיט דעם איבער־גייען פון אינסטינקט אין געדאַנק, און פון געדאַנק אין געפיל און טאַט, האַלטן זיך די דערפאַרונגען אין איין אויספאָרמען און פאַרפאלקאָמענען אין געשטאַלט און ליניע.

ווען דער מענטש האָט שוין די דערפאַרונגען אַסימילירט, ווען דער אינהאַלט איז שוין רייף און הויבט זיך שוין אָן צו פאַראייניקן מיט דעם מענטשנס נאַטור, ווען ער ווערט שוין אַ מעכאַנישע געוווינהייט, דעמאָלט הויבט אָן אָט דער, שוין איצט פאַרעלטערטער אינהאַלט, אָפּצוטרעטן פון דעם מענטשלעכן באַוווסטזיין און ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן אומבאַ־וווסטן, ספּאָנטאַנעם רעפלעקס, וואָס שטעלט מיט זיך, פון זיין זייט, פאַר די פאָרם, אין וועלכער די ווייטערדיקע דערפאַרונגען ווערן אויפגענומען.

פּונקט ווי די אַלטע שפּייז לאָזט איבער (דורך דעם בלוט, וואָס פליסט אַלעמאָל פונסניי צום מאָגן) אַ געוויסן איינפלוס אויף דער טעטיקייט פון דעם מאָגן און פון דעם פאַרדייאונגס פּראָצעס, אויך נאָך דעם וואָס אויף אַ דירעקטן אופן הויבט זי שוין אָן פון אים צו פאַר־שווונדן און מוז דערביי טיילוויז איבערגייען אין אָפּפאַל און טיילוויז ווידער פאַרענדערן דעם בלוט צוזאַמענשטעל און אַבסאָרבירט ווערן פון דעם מענטשלעכן קערפּער, (פון וועלכן זי ווערט אויך פאַמעלעך אויסגעטיילט אין דער פאָרם פון ענרעגיע) אַזוי לייגן אויך אַרויף די אַלטע דערפאַרונגען, וואָס מוזן שוין מאַכן פּלאַץ פאַר די נייע, זייער שטעמפּל אויף דעם ווייטערדיקן אויפנעמען און אַסימילירן די פרישע גייסטיקע שפּייז און אויף דעם טעמפּאָ, מיט וועלכן אָט די נייע דערפאַרונגען וועלן זיי אַליין אַרויסשטויסן.

ווען די דערפאַרונגען זענען שוין פון דעם באַוווסטזיין איבער־געגאַנגען אין אומבאַוווסטזיין, דעמאָלט העלפן זיי מיט דער שנעלערער אַנטוויקלונג פון דער טעכניק, סטיל און פאָרם, מיט וועלכע דער

באַוווסטזיין נעמט אויף די נייע דערפאַרונגען, ווערט אומבאַוווסט איבער די אַלטע און הערט זיי אויף צו פילן (דער אומבאַוווסטזיין איז אַן אָרגאַנישער טייל פון, און האָט אַ גרויסע ווירקונג אויף דעם פּראָצעס פון קינסטלערישן שאַפן, פּונקט ווי אויף דעם גאַנצן פּראָצעס פון אונזער לעבן און אַנטוויקלונג, ער איז אָבער נישט קיין סטאַטישע קראַפט און איבט זיין ווירקונג אויס נישט אויף דעם מעכאַנישן אופן, ווי דאָס פּרווון די סור־רעאַליסטן צו דערקלערן).

לויט אָט דעם אינערלעכן פּראָצעס פון אַנטוויקלונג שווימט, ווי פון זיך אַליין, אויף דאָס טרעפלעכע, בילדערישע וואָרט, ס'געשטאַלטעט זיך די געלונגענע פאָרם, דער פיינער סטיל, דאָס אייגענאַרטיקע קינסטלערישע דערזעען, דאָס באַזונדערע דערפילן, וואָס שטעלט מיט זיך אויך פאָר אַ געוויסע טעכניק, וועלכע אַ סך מענטשן דערקלערן אַלס די אייגעבוירענע אייגנשאַפטן פון דעם טאַלאַנט. מיט אַנדערע ווערטער, יעדע נייע פאָרם איז אַ פּראָדוקט פון אַ פריערדיקן אינהאַלט, און יעדער נייער אינהאַלט ווערט אויפגענומען אין אַ פריערדיקער פאָרם.

דערמיט וואָס מיר באַהויפּטן אַז אַלע אינהאַלטן, ד. ה. אַלע דערפאַרונגען, וואָס פאַרנעמען דעם מענטשנס באַוווסטיין, טרעגנירן אין אים אויס אַ טעכניק, וועלכע דרינגט אַריין אין אומבאַוווסטזיין און ווערט ביי אים אַן אָרגאַנישער רעפלעקס, מיט וועלכן ער נעמט שפּעטער אויף אַ באַזונדערן אופן אויף די ווייטערדיקע אינהאַלטן, מיינט דאָס נישט, אַז ס'איז איבערהויפּט פאַראַן אינהאַלט אָן פאָרם, אָדער פאָרם אָן אינהאַלט. יעדע אָביעקטיווע דערשיינונג האָט זיך איר פאָרם, זי פאַרענדערט זיך אָבער טיילווייז אין אונז דורך אונזערע סוביעקטיווע, ד. ה. פריער דערוואָרבענע פאָרמען, און זי פאַרענדערט דערנאָך פון איר זייט אָט די פאָרמען ווייטער.

אפילו דער זער פּרימיטיווער און רויער אופן פון אויפנעמען אַן אינהאַלט אַנטהאַלט שוין אין זיך אַ געוויסע טעכניק, אָבער די קוואַליטעט פון טעכניק און פאָרם קומט ערשט נאָר מיט דער קוואַנטיטאַטיווער אַנטוויקלונג פון די אינהאַלטן.

אָט דער פּראָצעס קומט פאָר אין דעם קינסטלער, פּונקט ווי אין יעדן מענטשן; און דער אונטערשיד אין דער קוואַליטעט פון דעם שאַפן כון דעם ערשטן און פון דעם צווייטן באַשטייט, פון זיין זייט, בלויז אין דעם קוואַנטיטאַטיוון אונטערשיד פון אָט די פּראָצעסן.

די קוואַנטיטעט פון אָט די פּראָצעסן, ווידער, ווערט פאַרגרעסערט און פאַרשנעלערט דורך דער קולטור, וואָס יעדער קינסטלער, אָן אויסנאַם, מוז באַזיצן און באַזיצט טאַקע.

די מיינונגען, אַז דער טאַלאַנט, וואָס אַ קינסטלער פאַרמאָגט, איז נישט אָפּהענגיק פון זיין קולטורעלן ניוואָ, שטאַמט אָפּט דערפון, וואָס

מען פאַרשטייט נישט, אַז קולטור הייסט נישט נאָר קלאַסישע בילדונג, נאָר אויך דערפאַרונגען און אויטאָדידאַקטיק, וואָס די מערהייט קינסט־לער באַזיצן, גאָרקי איז אין דעם פאַל דער בולטסטער ביישפיל. יענע קינסטלער, וואָס באַזיצן, ווידער, בלויז אַ באַשרענקטע און אויבערפלעכ־לעכע מאָס פון קולטור, זענען טאַקע נאָר באַנאַלע און אויבערעפלעכלעכע נאָכמאַכער, ד. ה. זיי זענען קיין קינסטלער נישט (דער נאָך וועניקער קולטורעלע ליינער קען זיי דערביי אפילו האַלטן פאַר געניאַל און זער אָריגינעל).

ווען דער קינסטלער באַזיצט אויף אַ געוויסן געביט גרויסע קולטור, ד. ה. רייכע און גוט אַסימילירטע אינהאַלטן, דעמאָלט בויגט זיך ביי אים די שפּראַך, פונקט ווי ס'לייגן זיך די פינגער ביי אַ גוטן אַרבעטער און פּינקט ווי מען זעט נישט די שטעך אויף אַ פיין אויפגעניייטן מלבוש, אַזוי פילט מען נישט די טענדענץ פון דעם עכטן קונסט ווערק. דאָס מיינט אָבער נישט, אַז דער עכטער קינסטלער איז נישט טענדענציעז, אָדער אַז ער האָט נישט פאַר'ן אויג דעם ליינער, פאַר וועלכן ער שאַפט און אַז נאָר די ביליקע קונסט ריכטעט זיך לויט דעם געשמאַק פונ'ם קאָנסומענט, ער דערגרייכט בלויז אַ בעסערן רעזולטאַט דורך דעם, וואָס ער קען די נויטן פון דעם ליינער טיפער, וואָס ער נעמט זיך זיי נענטער צום האַרצן און ער מאַכט דערפאַר זיין ווירקונג, נישט מיט דער הילף פון געשמאַק־לאָזע פליטערלעך, ווי דער פאַרטאַטש מאַכט דאָס, נאָר דורך דעם „פיינעם שניט“.

די קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג, פון וועלכער ס'וואַקסט אַרויס דער פּראָלעטאַריאַט, דינט אין דעם פּראָצעס פון דער דיאַלעקטישער אַנטוויק־לונג אין דער געשיכטע, אַלס אַ סיבה צו אַ פאָלגע. די פאָלגע ווערט אָבער פאַרווירקלעכט, נאָר דורך דעם, וואָס זי פאַרניינט די סיבה. די פּראָלעטאַרישע אָרדנונג קען זיך אַנטוויקלען נאָר דורך דעם באַקעמפן די בורזשואַזיע.

אויך די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור אַנטוויקלט זיך אויף דער באַזע פון דער בורזשואַזער ליטעראַטור, אָבער נאָר דעמאָלט ווען זי באַקעמפט די לעצטע.

דער קלאַס וואָס זיגט קען אָבער נישט נאָר אין דער צייט פון קאַמף, נאָר אפילו נאָך דעם וואָס ער האָט אים געוווּנען נישט באַהערשן די סי־טואַציע, ביז ער לערנט זיך נישט אויס דעם קעגנערס בעסטע מיטלען פון קאַמף און ביז ער נעמט נישט איבער דעם לעצטנס ווירקזאַמסטע געווער.

פונקט ווי מיר באַנוצן דערפאַר אין דער מאַטעריעלער פּראָדוקציע די בורזשואַזע דערגרייכונגען, וואָס זענען קעגן אונז מיסברויכט געוואָרן און מיר פירן ווייטער זייער אַנטוויקלונג אויף אַ גערעכטער באַזע, אַזוי

דאַרפן מיר אויסנוצן די מעגלעכקייטן פון דער קינסטלערישער טעכניק, סטיל און פאָרם, וועלכע זענען דורך דער בורזשואַזיע און די פריערדיקע קלאַסן דערוואָרבן געוואָרן, און אויף וויפיל זיי קענען נאָר דינען דעם ג׳יעם, זיי ברענגען צו דער אידעאַלער פאָלקאָמענהייט פון שענקייט און העכסטער נוצלעכקייט.

„לערנט אייך פון די בורזשואַזע מייסטער שרייבן״, האָט לענין געזאָגט.

די פאַרשטענדלעכקייט פון דער קונסט.

פאַר דעם פעריאָד פון דעקאַדענץ אין דער בורזשואַזער ליטעראַטור איז זער כאַראַקטעריסטיש די שטרעבונג פון די קינסטלער צו מאַכן וואָס מער אומפאַרשטענדלעך דעם מאַטעריאַל, וואָס זיי באַהאַנדלען און צו פאַרדעקן זייער אינהאַלט, אָדער אינהאַלטלאָזיקייט, מיט די קאָמפּליצירטע פאָרמען פון סימבאָליסטישע, עקספּרעסיאָניסטישע, סור־רעאַליסטישע און פאַרשידענע אַנדערע פאָרמאַליסטישע טריקס.

די טענדענץ, וועלכע איז פונקט אַזוי ענג פאַרבונדן מיט דער באַשטימטער פאָרם, ווי מיט דעם כאַראַקטער און אינהאַלט פון דעם ווערק, פאַרטרעט שטענדיק די אינדיווידועלע שטרעבונגען פונ׳ם קינסטלער; אָט די שטרעבונגען קענען אָבער פאַרווירקלעכט ווערן, נאָר דעמאָלט ווען זיי האַרמאָנירן מיט די אינטערעסן פון אַ קלאַס.

די שווער פאַרשטענדלעכע און גישט צוגענגלעכע שאַפונגען פון די דעקאַדענטישע קינסטלער, וועלכע ווילן פּראָדוצירן אַזעלכע ווערק, וואָס זענען נישט מער ווי בלויז קאָסטשפּיליקע לוקסוס אַרטיקלען, מוזן דערפאַר, צוליב אָט דעם צוועק, אינדירעקט, פאַרוואַנדלט ווערן אין בורזשואַזע קלאַס פּרעראָגאַטיוון, כאָטשע די פאַרשטייער פון אַזעלכע שולן קענען פערזענלעך אָפט אפילו סימפּאַטיזירן מיט דעם פּראָלעטאַריאַט.

פאַר דעם אמתן סאָציאַלן און קינסטלערישן פּראָגרעס פון דער ליטעראַטור, וועלכע איז (ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אין די פריערדיקע אָפּהאַנדלונגען) אַן אידעאַל־געזעלשאַפטלעך מיטל פון דערציונג, זענען אַזעלכע שטרעמונגען זער נישט געוואונטשן, ווייל דער עצם מהות און דער ציל פון דער קונסט, פונקט ווי פון יעדער עכטער דערקענטעניש, איז צו ווערן אויב נישט באַלד, איז דורך דער דויער פון צייט, דאָס אייגנטום פון די ברייטע מאַסן.

אָבער אויך דאָס איבערטרייבן אין אַ צווייטער זייט און דאָס שטעלן די איינפאַכקייט, די פאַרשטענדלעכקייט און לייכט צוגענגלעכקייט אַלס די פאָרויסבאַדינגונגען און די הויפּט צוועקן פון יעדן שאַפן, מוז פירן צו דעם פאַרפלאַכן די אויפגאַבעס און צו דעם אונטערדריקן דעם אונטערנעמונגס גייסט פון דעם קינסטלער און פון די נייע, דרייסטע פּרו־

ווען, וועלכע זענען צוליב זייער נישט אויסגעפאָרשטקייט און קאָמפּלי־צירטקייט אָפט שווער פאַרשטענדלעך.

פּשוטקייט איז דער אויסגאַנגס פּונקט, ווי אויך דער קולמינאַציע פּונקט פון קונסט און דערקענטעניש. (פון דעם דאָזיקן קולמינאַציע פּונקט איז שוין בלויז איין שריט צו באַנאַליטעט, וועלכע דער עכטער קינסטלער און וויסנשאַפטלער מוזן אויסמיידן). אָבער דער גרעסטער טייל פון דעם פּראָצעס פון דערקענען, אַסימילירן גייסטיקע ווערטן, זיי פאָרמולירן און זיי גיבן אַ קינסטלערישן אויסדרוק געפינט זיך אין די איבערגאַנגס שטופן, אַנטוויקלט זיך און ווערט געשאַפן אין דער מיט צווישן דעם אויסגאַנגס־פּונקט און צווישן דעם פּונקט פון קולמינאַציע. יעדע שאַפונג מוז דערפאַר וואַריאירן אין איר פּשוטקייט, צוגענגלעכקייט און פאַרשטענדלעכקייט רעלאַטיוו צו דער פּאָזיציע, וואָס זי פאַרנעמט אין אָט דעם פּראָצעס און נאָר רעלאַטיוו צו דעם באַהאַנדלטן אָביעקט קענען מיר דערפאַר באַשליסן אויף ווי ווייט די נישט צוגענגלעכקייט איז באַרעכטיקט, ד. ה. אויף ווי ווייט זי איז נוצלעך און טראָגט ביי צום אַל־געמיינעם גייסטיקן פאַרמעגן אַזעלכע ווערטן, וואָס קענען שפּעטער פאַר־לייכטערט און אַסימילירט ווערן, אָדער אויף ווי ווייט זי איז שעדלעך און פאַרמינערט דעם ווערט פון דער שאַפונג דורך דעם וואָס זי פאַרנעפּלט דעם אינהאַלט פון אָט דער שאַפונג.

## דער אויסוואַל פון דער טעמע.

אין דער זעלבער מאָס ווי די פאַרשטענדלעכקייט, אָדער די נישט צוגענגלעכקייט פון דער קונסט און פּונקט ווי דאָס שפּעטערדיקע באַ־האַנדלען דעם אינהאַלט און זיין פאָרם, באַשטימט אויך דער אויסוואַל פון דער טעמע דעם קלאָסן כאַראַקטער פון אַ ווערק און די גרויס פון זיין סאָציאַלן ווערט.

וואָס מער אומפּאַסנדיק און וויכטיק ס'זענען פאַר דער געזעלשאַפט די פראַגן, וועלכע דער קינסטלער באַהאַנדלט, אַלץ ווערטפולער, סאָ־ציאַלער און דערפאַר אויך עכטער און מער קינסטלעריש איז די שאַפונג.

כאָטשע יעדע טעמע קען באַהאַנדלט ווערן פון פאַרשידענע שטאַנד־פּונקטן, ד. ה. אַז נישט געקוקט דערויף וואָס דאָס לעבן פון די ברייטע מאַסן קען באַשריבן ווערן אין ליכט פון אַן אויבערפלעכלעכן און דע־קאַדענטישן צוגאַנג צו זאַכן, און פאַרשידענע דעקאַדענטישע דערשיינונ־גען קענען, פאַרקערט, באַהאַנדלט ווערן אויף אַ סאָציאַלן אופן; מען קען אַ קאַפּיטאַליסט באַשרייבן פון אַ פּראָלעטאַרישן שטאַנדפּונקט, און אַ פּראָלעטאַריער פון אַ בורזשואַזן שטאַנדפּונקט, כאָטש אַזוי, איז די פּרוכט־לאָזע מיינונג, „אַז אַלעס אין לעבן איז אַלץ איינס אינטערעסאַנט און אַז

פאַר דעם קינסטלערישן שאַפן איז נישט וויכטיק די טעמע", דאָך אין תוך דעקאַדענטיש און נישט סאָציאַל.

אויף דעם געביט פון קונסט טעאָריע איז אָט די מיינונג נישט ווייניקער אומזיניק, ווי ס'איז אין די ספערן פון מאַטעריעלער פּראָדוקציע די באַהויפּטונג, אַז שאַפן אַרטיקלען פון דריט־ראַנגיקער נוצלעכקייט איז פונקט אַזוי וויכטיק, ווי דאָס פּראָדוצירן די נויטיקסטע עגזיסטענץ מיטלען.

די קינסטלערישע פעיִקייט אָפּצוקלויבן די טעמע באַשטייט אָבער בשום אופן נישט אין דעם זוכן אויסטערלישע סיוזשעטן, וואָס האָבן נישט קיין אַלגעמיינעם ווערט, נאָר זי באַשטייט אין דעם אַרומנעמען אַזעלכע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען, וועלכע האָבן אַ ווייטן פאַרנעם, שליסן אין זייער פּראָבלעמאַטיק איין ברייטע שיכטן פון מענטשן און פאַרקערפּערן מיט זיך טיפע אָנגעווייטאָקטע פראַגן, וועלכע זענען אָבער, דערביי, נאָך נישט קיין אויסגעפאָרשטע און נאָך נישט קיין איינגענומענע געביטן. מיט אַנדערע ווערטער, דער עכט קינסטלערישער און סאָציאַלער ווערט פון אַ ווערק באַשטייט אין דעם שילדערן זאַכן, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער מערהייט פון מענטשן, וועמענס זין איז אָבער נאָך נישט אינגאַנצן באַהערשט אפילו פון דער אינטעלעקטועלער און קינסטלערישער מינדערהייט און וואָס זענען, איינצייטיק, וויכטיק און ווערטפול פאַר דער מערהייט.

אָט די איבנדערמאָנטע אייגנשאַפטן באַשטימען אויך דעם אונטערשיד צווישן דעם עכט קינסטלערישן און סאָציאַלן ווערט פון אַ ווערק, וואָס ווערט שפּעטער אין דער געשיכטע קוואַליפיצירט אַלס איינס פון יענע עפּאָכע מאַכנדיקע שאַפונגען, פון וועלכע ס'באַשטייט די גרויסע און עכטע קלאַסישע קונסט, און צווישן אַ דורכשניטלעך דרוקבאַרער שאַפונג, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ מין קינסטלערישע סטיליזאַציע און פּאָפּולאַריזאַציע (אויב דאָס איז נישט קיין דעקאַדענטישע באַנאַליזירונג) פון דער קלאַסישער קונסט.

### פרייהייט און פילזייטיקייט אין דער קונסט.

די בורזשואַזע קינסטלער האַלטן זיך פאַר פריי און פילזייטיק און וואַרפן פאָר די פּראָלעטאַרישע שרייבער, אַז זיי זענען „איינזייטיק", „נישט פריי" און אַז זיי „שאַפן אויף באַשטעלונג".

כדי צו דערווייזן די אַבסורדישקייט פון זער קאָמפּליצירטע פּילאָ־סאָפיעס איז נויטיק, און אָפט אפילו גענוג צו דערמאָ־נען אַלגעמיין באַוווסטע אמתן.

ווען מיר הויבן אָן אַנאַליזירן דעם באַגריף פרייהייט, מוזן מיר אָנ־הויבן דערקלערן דעם כמעט שוין אַלגעמיין באַוווסטן און אין אונזער אַרבעט אַזוי פיל מאָל איבערגעחזרטן אמת, אַז קיין אַבסאָלוטע פרייהייט איז נישטאָ און פרייהייט אין רעלאַטיוון זין פאַרקערפּערט מיט זיך אויך בלויז אַ באַגריף פון אַ באַשטימטער נעגאַציע.

דער מענטש וואָס שרייט אויס מיט גרויס אימפּעט, „איך בין פריי", האָט מיט דעם גאַנצן פּאַטאָס, וואָס שטעקט אין אָט די ווערטער נאָך גאָר נישט בייגעטראָגן צו זייער רעאַליזירונג, מיט די דעקלאַמאַציעס העלפט ער נישט דעם קאַמף פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון אַזאַ ווונטש, ער פאַרגרינגערט אויך נישט דערמיט דעם טיילווייז דערגרייכבאַרן זיג פון דער פרייהייט אין סאָציאַלן זין. אַזעלכע מעלאָדראַמאַטישע פראַ־זעס ווייזן אָן, אַז די מענטשן פון וועמענס קעהל זיי רייסן זיך ארויס מיט דער אייביק נאַאיווער און נאַרישער פאַריסנקייט, (נאַראָנעם און נאַרישקייטן עלטערן זיך נישט) אַז אָט די מענטשן האָבן שלום געמאַכט מיט זייער לאַגע, נישט נאָר ווייל זיי האָבן נישט קיין אַנדער אויסוועג, נאָר ווייל ס׳איז זיי באַקוועם און זיי זענען צוגעוווינט צו דער קנעכטשאַפט; און סיי די אויסערלעכע באַווייזן, סיי זייערע אייגענע קליינע מוח׳לעך שטערן זיי נישט אָנצורופן זייער קנעכטשאַפט פרייהייט.

אָט די „פרייע שאַפער", די „כוהנים פון ריינער קונסט", פילן נישט די אייגענע פאַרשקלאַפטקייט און זייער פאַרקנעכטעט זיין צו קליינלעכע אינדיווידואַליסטישע ליידנשאַפטן און ענגע שטרעבונגען.

אַזוי פילן זיך אויך די אונטערדריקער אין דער בורזשואַזער אָרד־נונג אַלס פרייע הערשער, כאָטשע אין אַן אמת זענען זיי פונקט אַזעלכע קנעכט ווי די אונטערדריקטע.

די אונטערדריקטע זענען פאַרקנעכטעט דורך זייערע בעלי־בתים, דורך זייער מאַטעריעלער נויט און פּאָליטישן אומרעכט. די אונטערדריי־קער, ווידער, דורך דער אייגענער צעבאַלעווטקייט, דורך זייער אָפּהענ־גיק זיין פון יענעמס באַדינען, אָן וועלכן זיי קענען זיך נישט באַגייען און דורך די קליינלעכע ליידנשאַפטן און באַגערן, וועלכע באַהערשן זייער מאַרך און זייער גאַנץ וועזן.

זייערע פּאָעטן „פון גאָטס גנאָד", די בורזשואַזע אַפּאָלאָגעטן, „פרייע קינסטלער", דעקאַדענטישע און אַנאַרכיסטישע באַהעמע לייט, רעפלעק־טירן זייער אָפּשיין, זיי שפּיגלען אָפּ אין זייערע ווערק און אין זייער לעבן די זעלבע פאַרשקלאַפטקייט צו קליינלעכע ליידנשאַפטן, צו קערפּערלע־כער צעלאָזנקייט און רויע אינסטינקטן.

זייער קניען פאַר די בורזשואַזע געצן און אינדיווידועלע הערשזוכע־רישע קאַפּריזן, פּראָקלאַמירן זיי אַלס פרייהייט...

דער ערשטער שריט זיך צו באַפרייען פון אַ געוויסער קנעכטשאַפט און די וויכטיקסטע באַדינגונג דערצו, איז צו אַנערקענען און אָפּצושאַצן די רעאַלע לאַגע און אויסמיידן זעלבסט נאַרעריי.

דער ערשטער שריט זיך צו באַפרייען פון אַט דער קנעכטשאַפט איז געווען דאָס קאָנסטאַטירן און אַנערקענען, אַז מיר זענען נישט פריי, אַז קיין אַבסאָלוטע פרייהייט איז נישטאָ און אַז דורך דער אַנאַרכיע איז מען נאָך מער פאַרקנעכטעט, ווי דורך אַ וועלכער ס'איז נישט איז מאַכט, ווייל דער אַנאַרכיזם איז דאָס אַרונטערפאַלן אונטער אַ סך הערשאַפטן, מערסטנטייל די שעדלעכסטע און אומזיניקסטע.

דאָס באַוווסט ווערן איבער אַט די פאַקטן האָט געמוזט פירן צו זוכן די איינציק מעגלעכע רעלאַטיווע פרייהייט, וועלכע באַשטייט אין דעם געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן, ווו יעדער אבר ווערט פאַרזאָרגט מיט בלוט און עס ווערן באַקעמפט בלויז „די באַצילן“ און סאָציאַלע שע־דיגער.

דער מח איז דער איינציקער אָרגאַן, וואָס דאַרף באַהערשן דעם ווירקלעך פרייעם (אין דעם רעלאַטיוון זין נאַטירלעך) מענטשן, ווייל אין דער אַנטוויקלונג פון מח איז די האַרמאָניע פון אַלע טיילן פונם מענטשן, ווייל פון אים איז אייגנטלעך אָפּהענגיק דאָס גאַנצע גייסטיקע און פיזי־שע איינאָרדנען דאָס מענטשלעכע לעבן, און דורך אים ווערט באַשטימט דער גאַנצער מענטש און זיין לוסט.

אויף דעם צווייטן פאָרוווּרף, אַז די פּראָלעטאַרישע קינסטלער זענען איינזייטיק, אין דער צייט ווען „די ריינע קינסטלער“ דאַרפן „נאַטירלעך“ זיין „פילזייטיק“, מוז מען נאָך אַמאָל דערמאָנען אַן אמת, וואָס אַלע וויסן אים, אַז אַלעס וואָס איז גרויס, געניאַל און שאַפעריש איז אָפט איינזייטיק אין זיין שטעלונג און אין זיין גייסטיקן פּרצוף און די „פילזייטיקע“ בלייבן מערסטנטייל מיטלמעסיק און שאַפן נאַר קליינס, נישטיקס און די־לעטאַנטישס.

דוקא דער פּראָלעטאַריאַט שטרעבט צו פּאָפּולאַריזירן און צו מאַכן פאַר דעם אַלגעמיינעם גייסטיקן אייגנטום אַלעס וואָס איז גרויס און גע־ניאַל, ד. ה. ווי מעגלעך פילזייטיקער אַרומצונעמען דאָס וויסן, די דער־קענטעניש, און געזעלשאַפטלעך און האַרמאָניש אויסנוצן די לוסט, וואָס זיי ברענגען.

דאָרט ווו ס'האַנדלט זיך אָבער אין אויסקלויבן דעם וועג און אָננע־מען אַ ריכטונג, וואָס זאָל פירן צום פּראָלעטאַרישן אידעאַל, דאָרט מוזן זיך די אָנקלאָגער דערמאָנען אין דעם געזעץ פון דער לאָגיק, אַז מען קען נישט אויסקלויבן מיט אַמאָל צוויי ווידערשפּרוכן, וואָס פאַרניכטן

איינער דעם אַנדערן (דער ווידערשפרוך עגזיסטירט שוין אין די דערשיי־
נונגען אַליין, ווען מיר פאַרשטייען זיי דיאַלעקטיש. דער פּראָצעס פון
באַוועגונג און ענדערונג מאַכט שוין די דערשיינונגען, און אונז בתוכם,
פאַר דעם וואָס זיי זענען, און פאַר דעם קעגנזאַץ פון דעם וואָס זיי זענען.
מיר קענען עס אָבער נישט זיין אויסער דער נויטוועגדיקער אָביעקטיווער,
סיבהדיקער אַנטוויקלונג און בלויז לויט אונזער קאַפּריז. זוען מיר פאַר־
שטייען די אָביעקטיווע נויטוועגדיקייט אויף אַ ווידערשפּרוכפולן אופן,
שאַפן מיר אין אונזער געדאַנק, ווי עס איז שוין אין דעם קאַפּיטל איבער
טעאָריע און פּראַקטיק דערוויזן געוואָרן, ווידערשפּרוכן פון ווידער־
שפּרוכן, די נעגאַציע פון אַ נעגאַציע, דאָס הייסט סטאַטישע באַגריפן,
אָדער בעסער געזאָגט, באַגרעניצטע, איבערפלעכלעכע און אומלאָגישע
פאַרשטעלונגען וועגן זאַכן).

יענע וואָס ס׳גלוסט זיך זיי אַזאַ עקסטראַוואַגאַנץ בלייבן שטייען
אויף איין אָרט און גייען נישט אין ערגיץ (און אפילו דעמאָלט, אפילו
אין אָט דעם פאַסיוון צושטאַנד, נעמט זייער שטעלונג אויך אָן אַן
א י י נ ז י י ט י ק ע ריכטונג).

י ע ד ע  ב אַ ו ו ע ג ו נ ג  פ אָ ד ע ר ט  אַ  ר י כ ט ו נ ג,
י ע ד ע ר  ש ט ר ע ב ן  אַ  ג ע װ י ס ע  א י י נ ז י י ט י ק י י ט.
די פּילזייטיקייט, וואָס מען שטעלט קעגנאיבער דער פּראָלעטאַרישער
איינזייטיקייט, עגזיסטירט בכלל נישט, מיט אָט דעם באַגריף פאַרמאַס־
קירט מען צווייפנימדיקייט, ציללאָזיקייט און דילעטאַנטישע צעבראָכנ־
קייט.

קונסט אויף באַשטעלונג.

פון די צוויי פריערדיקע פאָרווורפן דרינגט שוין אַרויס דער באַ־
שלוס פון די בורזשואַזע קינסטלער און זייערע קריטיקער, אַז די פּראָלע־
טאַרישע קונסט איז „אויף באַשטעלונג“.

די בורזשואַזע קינסטלער, וועלכע טאַנצן אַרום דער „געטלעכער
אינטואיציע“, זעען נישט, אַז זיי ווידערשפּרעכן זיך אַליין דורך זייערע
באַהויפּטונגען אַז מ׳קען שאַפן קונסט אויף אַזאַ פּראָזאַאישן אופן.

די ליגנערישע אידעאַליזאַציע און דאָס איבערטריבענע לויבן די
אינטואיציע, וואָס איז טיילוויז אַ פּראָדוקט פון שוואַכע נערוון, וועלכע
זענען געענויגט צו אויטאָ־סוגעסטיע, און טיילוויז פון דעם ווילן צו
שאַפן פאַר זיך אַ נעאָ־רעליגיעזן קולט, די זעלבע פּוסטע פּראַזעאָלאָגי־
שע געזאַנגען פאַר דער מוזע, פירן זיי אויך צו דער איבערטריבענער,
וווּלגאַר־מאַטעריאַליסטישער קריטיק פאַר זייערע געגנער.

די אינטואיציע באַגלייט אין אַן אמת יעדע מענטשלעכע טאַט, גע־
פיל, געדאַנק און שטימונג.

ס'איז בלויז אַ קוואַנטעטאַטיווער אונטערשיד צווישן דער אינטו־איציע און שאַפונגס־שטימונג, וואָס יעדער אַרבייטער, וועלכער איז איבערגעגעבן צו זיין פאַך, לעבט איבער אין דער צייט ווען ער פּראָ־דוצירט עפּעס — און צווישן דער אינטואיציע און שאַפונגס־שטימונגביים קינסטלער.

ביי דעם עכטן קינסטלער זענען די אַסאָציאַציעס, די געפילן, גע־דאַנקען, עמאָציעס און שטרעבונגען בלויז ברייטער און קאָמפּליצירטער.

אינטואיציע און טענדענץ.

דער שאַפונגס פּראָצעס ווערט אַרויסגערופן דורך סאָציאַלע און דורך פּערזענלעכע מאָטיוון און סיבות, אַמאָל וועגן איבער די פּערזענ־לעכע און אַמאָל די סאָציאַלע מאָטיוון. די קינסטלערישע אינטואיציע, וואָס ווערט ביים בורזשואַזן קינסטלער מערסטנטייל אַרויסגערופן דורך פּערזענלעכע מאָטיוון, איז גאַנץ פאַרשידן פון דער טענדענץ, וועלכע קומט שוין אינדירעקט. די אינטואיציע איז אינדיווידואַליסטיש, די טענדענץ (אויב די שאַפונג איז נישט אינגאַנצן ביליק און וווּלגאַר), מוז שוין זיין געזעלשאַפטלעך. ביים פּראָלעטאַרישן קינסטלער איז די טענדענץ איינצייטיק אויך די אינטואיציע, די „מוזע", דאָס איז דער־פאַר, ווייל ביים פּראָלעטאַרישן קינסטלער איז דער סאָציאַלער מאָמענט שטאַרקער, די אינטואיציע קומט אָבער דורך אַן אינערלעכן פּראָצעס און איז נישט מעכאַניש אַרויפגעצוווּנגען פון דרויסן.

אַ סך קינסטלער, וועלכע זענען געווען אָפּגעטיילט פון דער גע־זעלשאַפט, פון אירע לײדן, ווייען און ראַנגלענישן און האָבן געשאַפן ראַפינירטע, אַנעמישע ווערק, וואָס פאַרשאַפן גענוס פאַר איינצעלנע פיינשמעקער, האָבן אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע דערפילט זייער אָננוציטיקייט. זיי זענען געוואָרן אויפגעבראַכט קעגן די נייע פאָדערונגען פון דער צייט, צו וועלכע זיי זענען נאָך נישט געווען צוגעוווינט, און ווייל זיי האָבן נאָך נישט געהאַט אַסימילירט די נייע לעבנס פאָדערונ־גען, איז פאַר זיי געווען פרעמד די נייע שאַפונג און זי האָט אויף זיי געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ פרעמדן אויפטראַג און אויסערלעכער באַשטעלונג. די מער טאַלענטירטע קינסטלער מיט טיפערע געפילן, אַ לעבעדיקערער פאָרשטעלונג, האָבן אָנגעהויבן פאַרגלייכן זייער שאַפונג מיט דעם קאַמף, די ליידן, האָפנונגען און שאַפונג פון די מיליאָנען און זיי האָבן פאַמעלעך אָנגעהויבן צו קריטיקירן און איינזען די אומווער־טיקייט פון זייער ביז איצטיקן שאַפן.

זיי האָבן אָנגעהויבן איבערלעבן נייע עמאָציעס, די עמאָציעס פון „קנעכט, וואָס ווילן שוין מער קיין קנעכט נישט זיין". און דער פריי־הייט קאַמף, דער ליידנס קאַמף, די קאָרטשן און ווייען פון אַ ניי גע־

בוירן, זענען געוואָרן די קאָרטשן און ווייען פון זייער נייעם שאַפן. אַזעלכע זענען געווען זשול ראָמען, היינריך מאַן, מאַלראָ, אַראַגאָן, בער־געלסאָן, ערנבורג און אַנדערע. (איניקע פון זיי שטייען אַמאָל ווידער אָפּ, אַנדערע דאַקעגן, ווערן אַלץ מער אָרגאַניש פאַרבונדן מיט דעם פראָלעטאַריאַט). זיי האָבן דערפילט אַ שטאַרקן ווילן בייצוטראָגן צו דעם קאַמף און שאַפונג פון די מאַסן, אָט די טענדענץ איז געווען זייער אינטואיציע, וועלכע האָט זיי באַגייסטערט און געפירט אויף דעם וועג פון דער פראָלעטאַרישער קונסט.

די האַרמאָניע צווישן דער אינטואיציע און דער טענדענץ איז די ערשטע שטופּע וועלכע פירט צו דער אידעאַלער צוועקמעסיקייט אין דער קונסט, ווען דער קינסטלער וועט קענען שאַפן מיט זיין אייגענעם פולן באַוווסטזיין אויף דער באַשטעלונג פון די סאָציאַלע אינטערעסן, דורך דעם באַהערשן די אייגענע פעאיקייטן, דורך דעם נישט אונטער־געוואָרפן זיין צו די נישט אויסגעפאָרשטע אינערלעכע כחות, מיט דעם צופּאַסן זיין טאַלאַנט צו דעם אויסוואַל פון דעם געזונטן פאַרשטאַנד און סאָציאַלער נויטווענדיקייט, וועט ער קענען בייטראָגן צו דער מענטשלע־כער פרייהייט און ווערן דער אינזשיניער פון זיינעם און דעם אַלגעמיין מענטשלעכן גייסט אין דער צוקונפטיקער געזעלשאַפט.

קאַפּיטל 31

# א ליטעראטור פאר דעם פראלעטאריאט אדער פראלעטארישע ליטעראטור

די צוויי אויפפאַסונגען, „אַ ליטעראַטור פאַר דעם פראָלעטאַריאַט" און „פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור", פּונקט ווי די פאַרשידענע שטעלונ־גען, וואָס זיי פאַרקערפּערן סיי אין באַצוג צום פראָלעטאַריאַט, און סיי צו דער ליטעראַטור, ווערן זער אָפט צענויפגעמישט און פאַרביטן דורך אַ סך קונסט טעאָרעטיקער און דורך אָן אַ צאָל לייענער.

אין אַן אמת שטעלן זיי מיט זיך פאָר אַ טיפן קאָנטראַסט.

די ריכטונג וואָס פאַרטרעט די אויפפאַסונג פון „אַ קונסט פאַר דעם פראָלעטאַריאַט" האַלט אַז מ'דאַרף פאַר דעם אַרבעטער קלאַס שאַפן אַ ספּעציעלן סאָרט פון קונסט, וואָס זאָל צו אים רעדן „מיט זיין אייגענער שפּראַך" און וועגן זיין לעבן, זי זאָל אים זיין צוגענגלעך און ער זאָל זי פאַרשטיין.

לויט אָט דער אָנשויונג דאַרף מען ביים שילדערן דאָס אַרבעטער לעבן נישט אָנווענדן קיין שום נייע פאָרמען, קיין באַזונדערע אייגענאַר־טיקע בילדער, אָדער אויסערגעוויינטלעכע קינסטלערישע פאַרגלייכן און מעטאַפאָרן.

נאָך דער אויבן געבראַכטער מיינונג נאָך, איז אויך נישט ריכטיק

צוצוגייען מיט דעם מאַסשטאַב פון דער אינטעלעקטועלער וועלט מיט אירע ראַפינירטע און איבערגעזעטיקטע געשמאַקן, צו די אויפגאַבן, וואָס ס׳האָט פאַר זיך דער קינסטלער ביים שאַפן און צו די פאָדערונגען, וואָס ס׳שטעלט דער קריטיקער ביים אַנאַליזירן „אַ ווערק פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט“.

לויט דעם ערשטן אויגנבליק און לויט דעם ניכטערנעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד איז אָט דער צוגאַנג אפשר טאַקע אַ גאַנץ לאָגישער; אין דעם סאָציאַלן און קולטורעלן לעבען און שאַפן איז אָבער דער שמאָלער און פּראַקטישער שכל הישר אָפט צו ווייניק (כאָטשע ער איז איינצייטיק אין אַ געוויסן זין אויך אומפאַרמיידלעך).

אַ ליטעראַטור וואָס איז באַזירט אויף אַזעלכע פאַרשריפטן מוז זיין סענטימענטאַל, ווייל דאָס אַפּעלירט פאַר אַלעמען צום פאָלקס לייענער. זי מוז זיין טעכניש אומבאַהאָלפן, פּרימיטיוו; און וואָס ס׳איז נאָך ערגער פון אַלעמען, זי מוז זיך זער שנעל אויסשעפּן. און אַזוי ווי יעדער נייער באַגריף קומט דעם לייענער אָן שווער צו פאַרשטייען, מוז זי אָנהויבן איבערחזרן אַלעמאָל די זעלבע פלאַכע, אַלגעמיין באַוווסטע אמתן און דערפאַר אויך ווערן נודנע, באַנאַל און פּרוכטלאָז.

אַזאַ קונסט איז שוין במילא אי־ראַציאָנעל, ווייל די ענערגיע ווערט אין איר פאַרשווענדעט אויף אַ מין גייסטיקן איבערגיסן דאָס פּוסטע אין ליידיקן אַריין, אָנשטאָט צו דערגרייכן דעם זעלבן רעזולטאַט אויף אַ סך אַ גרינגערן אופן, ווי אַ שטייגער צו רעקאָמענדירן צו די נישט דערוואַקסענע לייענער אַזעלכע „ווערק“ ווי אופּטאָן סינקלערס „שמיד“, „דער זוכער פון אמת“, „דאָס בוך פון לעבן“, („דזשימי היגינס“ און „זומפּ“) זענען אין דעם פאַל אויסגעשלאָסן, ווייל זיי דערגרייכן שוין אַ געוויסע קינסטלערישע הויך און זענען טאַקע דערפאַר אויך קאָמפּליצירטער אין זייער פאָרם און טעכניק) עדעלשטאַטס ביכער און אַנדערע „שאַפונגען“, פון וועלכע אַ סך קליינבירגער און אומאַנטוויקלטע אַרבעטער לעקן די פינגער, וועלכע אַנטשפּרעכן אָבער נישט די פאָדערונגען פון קונסט בכלל און פון פּראָלעטאַרישער קונסט בפרט. נאָך מער וואָלט די אויבן דערמאָנטע שיטה געקענט אויפטאָן, ווען אָנשטאָט איבערצוחזרן די אלף בית פון קלאַסן קאַמף אויף אַן אומבאַהאָלפענעם ליטעראַרישן אופן, פאַרווענדן זיי זייער צייט און ענערגיע אויף צו לערנען מיט די מאַסן, אויף צו פאַרשפּרייטן צווישן די מאַסן פאַרשידענע מאַרקסיסטישע פּאָפּולאַריזאַציעס, פּאַמפלעטן, מאַניפעסטן, פּראָקלאַמאַציעס און אַזוי ווייטער, אָדער די שוין פאַראַנענע ליטעראַטור, וועלכע זיי פרווען נאָכצומאַכן.

די צווייטע אויפפאַסונג, וואָס האַלט פון פּ ר אָ ל ע ט אַ ר י ש ע ר   ל י ט ע ר אַ ט ו ר, זי, ווידער, דערקלערט די קונסט אַלס

אַן אויסדרוקס פאָרם פון די אַלגעמיינע שטרעבונגען און אינטערעסן פון אַ קלאַס. (נישט געקוקט דערויף וואָס די באַזונדערע, קולטורעל ניט דערוואַקסענע און פּאָליטיש נישט רייפע מיטגלידער פון דעם קלאַס קענען דערביי נישט שטענדיק זיין באַוווסט איבער אָט די אינטערעסן, אָדער זיי נעמען זיי אָפּט אויף אויף אַ צו שמאָלן און פלאַכן אופן).

מיר מוזן דאָ באַמערקן דעם אונטערשיד וואָס עגזיסטירט צווישן דער פּראָדוקציע און צווישן דער קאָנסומציע פון קונסט.

בשעת אין דעם פּראָצעס פון קאָנסומציע דאַרף דער פּראָלעטאַרי־שער קינסטלער און דער פּראָלעטאַרישער קלאַס אַלס אַ גאַנצער, דער־קענען די בעסטע שאַפונגען סיי פון דער בורזשואַזער און סיי פון דער פּראָלעטאַרישער קונסט, סיי קלאַסישער און סיי מאָדערנער; — קען אָבער אין דעם פּראָצעס פון פּראָדוקציע, דער פּראָלעטאַריאַט נישט דורכגייען אומבאַמערקט, און די ליטעראַטור קען נישט אַריבערשפּרינ־גען פון איר בורזשואַזער סטאַדיע דירעקט צום סאָציאַליזם (ווי טראָצקי מיינט דאָס), נאָר ער מוז, פּונקט ווי אַלע אַנדערע קלאַסן, (און באַשטימט אויף אַ נאָך שטאַרקערן און מער פּרוכטבאַרן אופן) איבערלאָזן אין דער געשיכטע פון דער ליטעראַטור זיין אייגנאַרטיקן איינדרוק, זיין באַזונ־דערן קאָלאָריט, זיין ריין פּראָלעטאַרישן בייטראַג צו דעם אינהאַלט, פאָרם און טעכניק פון דער שענער ליטעראַטור און אַלע אַנדערע קונסטן.

מען מוז דאָ נאָך צוגיבן, אַז ביי דעם פּראָצעס פון קאָנסומציע טאָר דעם פּראָלעטאַרישן ליינער אויך נישט פעלן קיין באַשטימטע מאָס פון קריטיק איבער דעם קלאַסן כאַראַקטער און איבער דעם קינסטלערישן און סאָציאַלן ווערט פון דעם געליינטן ווערק; און כאָטשע דאָס שאַפן פון אַזאַ מעטאָד פון קריטיק געהער שוין מער צו די אויפגאַבעס פון דער מאַרקסיסטישער קונסט־טעאָריע, קונסט־געשיכטע און קונסט־קריטיק, איז אָבער די אַנטוויקלונג און פאַרפיינערונג פון אָט דעם מע־טאָד, אין אַ גרויסער מאָס, אָפּהענגיק אויך פון דער אַנטוויקלונג פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

אַלס דער העכסטער גייסטיקער אויסדרוק, איז קונסט אויך דאָס העכסטע און פיינסטע מיטל פון סאָציאַלער דערציונג. ס'איז אָבער נישט קיין דירעקט מיטל, וואָס זאָל גלייך ווירקן, נישט קיין לייכט מיטל, וואָס זאָל יעדן זיין גרינג צוגענגלעך. דער ליינער מוז זיך גייסטיק אָנ־שטרענגען, כדי צו פאַרשטיין. (דאָס איז נאַטירלעך באַרעכטיקט, נאָר דעמאָלט, ווען דער שרייבער ברענגט דערביי עפּיס נייעס, אומיסטנע פאַרדרייען דעם אינהאַלט, כדי אים צו מאַכן אומפאַרשטענדלעך, איז אי־ראַציאָנעל און דערפאַר אויך אַ־קינסטלעריש) דורך אָט דער אָנ־שטרענגונג הויבט זיך אָן דער ליינער צו אַנטוויקלען און גייסטיק אויס־

צווואַקסן, דורך דער אָנשטרענגונג דערפילט ער דעם גייסטיקן פאַרגע־ניגן און דערזעט די שענקייט פון דער שאַפונג.

„דאָרט ווו ס'פעלט אָנשטרענגונג קומט באַנאַליטעט", האָט דער פיינער פראַנצויזישער שרייבער ראָמען ראָלאַן געזאָגט וועגן דעם פראָ־צעס פון קינסטלערישן שאַפן, דאָס זעלבע איז ריכטיק אויך בנוגע דעם פּראָצעס פון קאָנסומירן די קונסט.

ווען מיר רעדן וועגן קונסט אַלס אַ מיטל פון סאָציאַלער דערציונג, שליסט דאָס שוין איין אויך דעם באַגריף פון קונסט אַלס פּראָפּאַגאַנדע.

די קאָנצעפּציע פּ ר אָ פּ אַ ג אַ נ ד אַ טיילט זיך אָבער אי ן אַ ג י ט אַ צ י ע און פּ ר אָ פּ אַ ג אַ נ ד אַ (דער דורכשניט אינטעליגענט זעט גאַטירלעך זייער זעלטן אָט דעם לייכטן אונטערשיד צווישן די דאָזיקע צוויי פּאַזעס פון איין סינאָנים).

אַגיטאַציע איז אַ מער פּאָפּולערע און פלאַכע פאָרם. פּראָפּאַגאַנדע איז אַ טיפערע און מער וויסנשאַפטלעכע פאָרם פון דערציונג.

„אויגוסט בעבעל איז אַן אַגיטאַטאָר, פּלעכאַנאָוו איז אַ פּראָפּאַגאַנ־דיסט", האָט מאַרקס געזאָגט.

אין ענגלאַנד פון אונזער צייט קען מען באַצייכענען טאָם מען אַלס אַן אַגיטאַטאָר, פּאַלם דאַט אַלס אַ פּראָפּאַגאַנדיסט. און אין יעדן לאַנד קען מען אַזוי פונאַנדערטיילן די ראָלן.

קונסט, ווידער, איז דער אַפּאָגיי פון פּראָפּאַגאַנדע, און דער אַפּאָגיי קען נישט דערגרייכט ווערן דורך קיין דעמאַגאָגיע, דורך דעם אַראָפּ־לאָזן זיך צום פּאָלק, דורך „אַ ספּעציעלער קונסט פאַר דעם פּראָלע־טאַריאַט" (אַגיטאַציע איז אין אַ געוויסער מאָס דעמאַגאָגיע פון אַ בע־סערן, אָדער פון אַן ערגערן מין. די ריכטונג פון „אַ קונסט פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט", וועלכע וויל באַגרעניצן די קונסט צו הוילער אַגיטאַ־ציע, וויל זי דערמיט אויך פאַרוואַנדלען אין בלויזער דעמאַגאָגיע).

יענע וואָס פּרעדיקן „אַ קונסט פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט" שליסן אויך נישט איין אין זייערע מעכאַנישע קאָנצעפּציעס איבער דעם פּראָ־לעטאַריאַט, דעם פאַקט, אַז ס'זענען פאַראַן פאַרשידענע שיכטן פון מער און פון ווייניקער באַוווסטזיניקע אַרבעטער, וואָס בויטיקן זיך אין פאַר־שידענע סאָרטן פון מער און פון ווייניקער קאָמפּליצירטע אינהאַלטן און פאָרמען, זיי זעען אויך נישט איין, אַז דער פּראָלעטאַריאַט אַלס אַ גאַנ־צער איז נישט שטענדיק דערזעלבער, נאָר ער אַנטוויקלט זיך און ענ־דערט זיך און אַז מיט אים צוזאַמען מוז וואַקסן און זיך אַנטוויקלען אויך די פּראָלעטאַרישע קונסט.

נאָר ווען מען אַסימילירט טיף און פּילזייטיק די פּראָלעטאַרישע אידעאַלן און שטרעבונגען, ווען מען איז דורכגענומען מיט די פּראָלע־טאַרישע אינטערעסן און מען דערהויבט זיך צו אַזאַ מדרגה, אַז מ'זאָל

קענען גיבן דעם קרעפטיקסטן און פולסטן אויסדרוק פון די דאַזיקע אי־דעאַלן, נאָר דעמאָלט קען מען שאַפן פּראָלעטאַרישע קונסט און אַנט־וויקלען דעם באַוווסטזיין, דעם געשמאַק און די געפילן פון דעם פּראָ־לעטאַריאַט, מען מעג אפילו, דערביי, פערזענלעך שטאַמען פון אַן אַנ־דערן קלאַס.

די אייגנשאַפט פון דער עכטער קונסט צו דערגרייכן דעם אַפּאָגיי פון פּראָפּאַגאַנדא און דערפאַר אויך צו ווערן צוגענגלעך און פאַרשטאַ־נען (באַזונדערס אין דער צייט ווען זי ווערט ערשט געשאַפן) נאָר נאָך אַ געוויסער אָנשטרענגונג, איז די סיבה פאַרוואָס די קונסט ווערט פון איין זייט, מיט רעכט, אָנגענומען אַלס דער אויסדרוק פון דער צוקונפט, און עקספּערטן דערקלערן זי, פון דער אַנדערער זייט, און אויך מיט רעכט, אַלס דעם אויסדרוק פון איר צייט.

(כאָטשע די מיסטיפיקאַציעס, מיט וועלכע דער פילאָסאָפישער אי־דעאַליזם האָט אַרומגערינגלט די ערשטע מיינונג, זענען נישט לעבנס פעאיק, זענען זיי אָבער אויך נישט אינגאַנצן אַרויסגעזויגן פון פינגער און ס'איז טאַקע דערפאַר שטענדיק וויכטיק און אינטערעסאַנט נישט נאָר צו דערקלערן דעם טעות, נאָר אויך פון וואַנען דער טעות האָט זיך גענומען).

די פאַרטרעטער פון פּראָלעטאַרישער קונסט, פונקט ווי די יעני־קע, וואָס פּראָפּאַגאַנדירן „אַ קונסט פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט", האַלטן אַז דאָס באַנוצן אויסטערלישע פאַרמען, וועלכע זאָלן פאַרדעקן דעם אינהאַלט און ווערן אַ צוועק פאַר זיך אַליין, איז אַ סימן פון דעקאַדענץ און איז פרעמד און אומגעוווּנטשן פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט.

זיי האַלטן, אַז לערנען דאַרף מען פון די געזונטע בורזשואַזע מייס־טער און נישט פון די צווייט ראַנגיקע און דעקאַדענטישע דילעטאַנטן. אָבער צו די לעצטע מוז מען צורעכענען נישט נאָר די פאַרשידענע פאָרמאַליסטן, נאָר אויך יענע אַלע וואָס באַנאַליזירן און מאַכן אויבער־פלעכלעך נאָך די קלאַסיקער.

אויף וויפיל דאָס נוצט דעם אינהאַלט און שטרייכט אונטער די טענ־דענץ, דאַרף דער פּראָלעטאַרישער קינסטלער אַסימילירן אויך נייע פאָרמען און שאַפן אייגענע פאַרגלייכן און קינסטלערישע בילדער, כדי די פאָרשטעלונגס קראַפט פון דעם לייענער זאָל נישט אָפּגעטעמפּט ווערן דורך דעם מעכאַנישן איבערחזרן זיך פון די קינסטלערישע מיטלען, (דאָס איבערחזרן זיך איז אויך איינער פון די הויפט שטריכן פון שונד) נאָר זי זאָל ווערן פאַרביקער, דינאַמישער און לעבעדיקער. (אָפּגעלעב־טע, אויסגעדראָשענע און באַנאַליזירטע פאַרגלייכן, בילדער און אַנדע־רע קינסטלערישע מיטלען, קענען אין אַ צייט אַרום, נאָך דעם וואָס מען האָט זיי שוין אויפגעהערט צו באַנוצן, (אָבער נישט פריער פאַר דעם)

צוריק אויפלעבן אין אַ נייער קאָמבינאַציע און אין פאַרבינדונג מיט אַ נייעם אינהאַלט ווערן נאָכאַמאָל פריש, לעבעדיק און דערפאַר טאַקע אויך עכט קינסטלעריש).

קאַפּיטל 32

## געשיכטע און פאָליטיק אלס פאזן פון קונסט

ווען מיר רעדן וועגן געשיכטע האָבן מיר אין זינען אַ וויסנשאַפט, וועלכע איז ווייט פון די צייטווייליקע מאָמענטאַנע געשעענישן און נעמט אַרום ברייטע, אַלמענטשלעכע און ריין קולטורעלע ווערטן.

ווען מיר רעדן וועגן פאָליטיק, שטעלן מיר זיך פאָר די טאָג טעגלעכע ראַנגלענישן און שמאָלע אינטערעסן פון באַזונדערע גרופּעס און קלאַסן.

אין דער דיאַלעקטישער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט ווערט אָבער די פאַרגאַנגענע פּאָליטיק פאַרוואַנדלט אין קעגנוואַרטיקער געשיכטע, און די קעגנוואַרטיקע פּאָליטיק שטעלט מיט זיך פאָר די צוקונפטיקע געשיכטע.

אָט די פילאָסאָפישע פאָרמולע מיינט אָבער נישט אַז די געשיכטלעכע וויסנשאַפט באַשטייט פשוט אין דעם כראָנאָלאָגישן פאַרנאָטירן פּאָליטישע געשעענישן, ווייל זאַכן וואָס זעען אונז אַמאָל אויס צו פאַרמאָגן אַ גרויסע באַדייטונג פאַר די געשעענישן פון טאָג, קענען האָבן אַ קליינע ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פון די צוקונפטיקע געשעענישן און דערפאַר אויך באַזיצן אַ קליינעם ווערט פאַר דער וויסנשאַפט; דערשיינונגען וואָס זעען אויס זער וויכטיק אין דער פּאָליטיק פון דעם היינט קענען האָבן אַ קליינע באַדייטונג פאַר דער געשיכטע פון מאָרגן. דאָס מיינט, אַז נאָר יענע פּאָליטישע געשעענישן, וואָס האָבן אַן אַלגעמיינעם ווערט און פון וועלכע עס ווערט מיט דער צייט אָפּגעשיילט דאָס צופעליקע און דאָס נישט וויכטיקע, אָט די געשעענישן מוזן געווינען אַ סאָציאַלן געוויכט און באַאײַנפלוסן דעם ווייטערדיקן גאַנג און כאַראַקטער פון דעם פּערמאַנענטן קלאַסן קאַמף און דערפאַר אויך איבערגייען פון מאָמענטאַנע שמאָלע אינטערעסן, וועלכע פאַרטרעטן בלויז באַזונדערע גרופּעס, אין אַלגעמיין מענטשלעכע, היסטאָרישע ווערטן.

דער זעלבער פּראָצעס קומט פאָר אויך אין דער ליטעראַטור. יעדע ליטעראַטור שפּיגלט אָפּ געוויסע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע געשעענישן און אינטערעסן, ווי אויך דעם אופן ווי אַזוי די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע געשעענישן ווירקן אויף דעם כאַראַקטער און לעבן פון די באַזונדערע אינדיווידואומס, ווייל ס'איז נישטאָ קיין מענטש, וואָס זאָל עגזיסטירן

אָן אַן עקאָנאָמישער באַזע און זאָל דערפאַר קענען, סיי אין זיין ממשות־דיקן לעבן און סיי אין זיין ליטעראַרישער אָפּבילדונג בלייבן נישט באַ־ווירקט פון קיין באַשטימטע פּאָליטישע געשעענישן.

דאָס קונסט ווערק קען זיך אָבער באַציען צו אַזעלכע דערשיינונגען און געשעענישן, וועלכע זענען שוין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין געשיכט־לעכע ווערטן, ד. ה. ס׳קען באַשרייבן אַזעלכע זאַכן, אין וועלכע מיר פילן שוין מער נישט זייער פּאָליטישן אונטערשלאַג, ווייל מיר האָבן שוין אָט די ווערטן אַסימילירט און זיי שטעלן מיט זיך שוין פאָר פאַרגאַנגענע פּאָליטיק.

אַזעלכע שרייבער באַזיצן אָפט אַ פיינע פאָרם און אַנטשפּרעכן אין זייער שאַפן אַלע טעכנישע געזעצן פון קונסט, זייערע ווערק דינען אָבער די אינטערעסן פון דעם הערשנדיקן קלאַס, וועלכער איז שטענדיק קאָנ־סערוואַטיוו און רעאַקציאָנער, ווייל אָט דער קלאַס האָט געווינען דעם איבערגעוויכט אין די פריערדיקע פּאָליטישע ראַנגלענישן.

די ווערטן פון וועלכע ער איז דער טרעגער, די באַגריפן וואָס ער האָט געבראַכט צו דער אַוואַנסצענע, צו דעם פאָרשיין, האָבן מיט דער צייט באַהערשט די מחות פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, דערפאַר האַלט מען אָט די שרייבער פאַר יענע, וואָס שאַפן „ריינע קונסט“ און „אַל־מענטשלעכע“, „אייביקע“ ווערטן, אָבער אין אַן אמת פאַרקערפּערן אָט די ווערטן בלויז פאַרגאַנגענע פּאָליטיק.

די אויבן דערמאָנטע שאַפונגען קענען נישט האָבן קיין גרויסן סאָ־ציאַלן ווערט, ס׳פעלט אין זיי דער קאַמף, ס׳איז נישטאָ אין זיי קיין אינ־טערעס און זיי זענען באַנאַל.

צו אָט דעם מין ליטעראַטור דאַרף נישט צוגערעכנט ווערן די היס־טאָרישע נאָוועלע, וועלכע קען ווערן געשילדערט פון אַ נייעם שטאַנד־פּונקט, אַנטהאַלטן אַ געוויסן צוגאַנג און אפילו אַ נייע פּאָליטישע שטע־לונג צו די היסטאָרישע פאַקטן, ווייל אין דעם פאַל ווערט די געשיכטע אויפגעלעבט און באַלויכטן.

די קינסטלער, ווידער, וואָס שפּיגלען אָפּ אין זייערע ווערק קעגנ־ווערטיקע, סאָציאַלע איבערלעבונגען און פּאָליטישע געשעענישן, טיילן זיך פון זייער זייט אויך אין צוויי סאָרטן, אין אַזעלכע וואָס דינען די־רעקט, אָדער אינדירעקט דעם הערשנדיקן קלאַס, און אין אַזעלכע וואָס דינען דעם אונטערדריקטן קלאַס.

די ערשטע רעדן אָפט וועגן ריינער קונסט, וועגן אַפּאָליטישקייט און אומפּאַרטייאישקייט אין שאַפן, אָבער דערמיט ווערן זיי אין אַן אמת נישט אומפּאָליטיש, נאָר זיי ווענדן בלויז אָפּ די אויפמערקזאַמקייט פון דעם סאָציאַלן קאַמף, וואָס מוז געפירט ווערן קעגן די אונטערדריקער.

די שרייבער וועלכע פאַרטרעטן, ווידער, דעם אונטערדריקטן

קלאַס, זיי וועקן צום קאַמף, דערמוטיקן און קלערן אויף.

כדי אָט די פּאָליטישע און סאָציאַלע טענדענצן זאָלן אָבער פאַר־וואַנדלט ווערן אין אַן אמת קינסטלערישן ווערט, מוזן די געשעענישן פון דעם פּאָליטישן און עקאָנאָמישן קאַמף אַנגעוויזן ווערן אין דעם קונסט ווערק, נישט אין קיין טויטער כראָנאָלאָגישער פאָרם, נישט אין דעם מעכאַנישן פאַרנאָטירן די פאַקטן, נאָר ס'מוז פאַר אַלעמען אָפּגע־קליבן ווערן דאָס כאַראַקטעריסטישע, דאָס וואָס האָט אַן אַלגעמיינעם ווערט, דאָס וואָס איז רעאַליסטיש אין דעם קינסטלערישן זין פון דעם וואָרט. און אָט די אָפּגעקליבענע וויכטיקסטע שטריכן, מוזן געוויזן ווערן אין זייער אמתער, סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישער ווירקונג, אַזוי ווי זיי באַ־איינפלוסן אונז, דורך אונזער בלוט און פלייש, דורך די אינערלעכע אינדיווידועלע איבערלעבונגען.

די טענדענצן, וואָס ווערן געבראַכט אין אַזאַ לעבעדיקער פאָרם, אַזוי טיף דורכגעפלאָכטן מיט די געפילן און מיט דער פּסיכאָלאָגיע פון דעם מענטשן, ווערן מיט דער צייט, דעמאָלט ווען די פּאָליטישע גע־שעענישן זענען שוין דורך אונז אַסימילירט געוואָרן, פאַרוואַנדלט אין דעם וואָס מיר עמפּפינדן אַלס די עכטע, ריינע קונסט, אַלס די אַל־מענטשלעכע, גייסטיקע ווערטן.

**אָט די טענדענצן זענען דאָס דער טייל פון דער פּאָליטיק, וואָס שטעלט מיט זיך שוין פאָר די קלאַסישע קונסט — די צוקונפטיקע געשיכטע.**

אין קעגנזאַץ צו דעם ערשטן מין שרייבער, וואָס אָפּערירן מיט פאַרטיקע ווערטן, ד. ה. מיט קעגנווערטיקער געשיכטע, וועלכע שטעלט מיט זיך פאָר, ווי שוין געזאָגט, פאַרגאַנגענע פּאָליטיק און מאַכן דער־פאַר בלויז אויבערפלעכלעך דעם איינדרוק, אַז זיי שאַפן ריינע קונסט, דעמאָלט ווען אין אַן אמת איז דאָס נישט מער ווי באַנאַלע ליטעראַטור, שאַפט דער צווייטער סאָרט שרייבער נייע ווערטן, וועלכע ווערן ערשט אויסגעקעמפּט, וואָס זענען פריש און צאַפּלדיק.

דער באַגריף ריינע קונסט מיינט אין דעם פאַל נישט קיין אויסגע־לײדיקטע און אויסגעדראָשענע אינהאַלטן, נאָר פרוכטבאַרע שאַפערישע ווערטן.

אַזוי, צום ביישפּיל, האַלטן מיר אַלע טאָלסטאָי'ס שאַפונגען פאַר ריינער קונסט, אָבער גראָד טאָלסטאָי איז, אין זיין צייט, געווען דער אמת טענדענציעזער שרייבער, וואָס האָט אָפּגעשפּיגלט פּאָליטישע גע־שעענישן און באַהאַנדלט פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פּראָבלעמען אין זיינע ווערק.

דאָס זעלבע קענען מיר זאָגן וועגן גאָרקיס ווערק, וועגן די יונגע

טאַלענטירטע רוסישע שרייבער, ווי שאַלאַכאָוו, גלאַדקאָוו, פּאַנפעראָוו און אַנדערע, וועגן דעם יונגן יידישן שרייבער י. א. ליסקי און זיינע דערצעלונגען: „אין מאַרש מיט די הונגעריקע", „פּראָדוקטיוויזאַציע", „פּאַשיסטישע רעקרוטן", „נאַציאָנאַלע געפילן און קלאַסן אינטערעסן" א. אַ. וו.

קאַפּיטל 33

## די קינסטלערישע אטמאספערע פון א ליטעראַרישער שאפונג און איר אידעאלאגישע באלויכטונג

ס׳קומט אָפט אויס אומפאַרשטענדלעך ווי אַזוי פּאַראַלעל מיט דער געזונטער דערקענטעניש איבער פונדאַמענטאַלע וויסענשאַפטלעכע פאַקטן און גרונטלעכע אמתן, וואָס זעען אונז שוין אויס צו זיין גענוג פאַרשפּרייט און אַלגעמיין באַוווסט און וואָס זענען באַזירט אויף טיפע טעאָרעטישע און פּראַקטישע דערפאַרונגען, (טעאָריע איז די קווינט עסענץ פון די דערפאַרונגען, וואָס זענען אויף אַ געוויסן געביט דורך יאָר־הונדערטער אַקומולירט געוואָרן) לעבן און אַנטוויקלען זיך אין דעם מח פון מענטשן זער קאָמפּליצירטע, אָבער פאַלשע, אומבאַגרינדעטע און אומגעלומפּערטע באַגריפן, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר אַ פאָלקאָמענעם קעגנזאַץ צו אָט די, אויבן דערמאָנטע, וויסענשאַפטלעכע און סאָציאַלע פאַקטן און אמתן.

די סיבה דערפון שטעקט אין דעם, וואָס די דאָזיקע אמתן זענען פאַרבליבן בלויז אַלס אַ קלאַנג פון ווערטער אין דעם מענטשנס אוירן און ער האָט זיי נאָך בשום און אין אופן נישט דורכאויס אַסימילירט, ווייל נאָר דורך טיף־אַסימילירטע ווערטן, וועלכע זענען שוין געוואָרן אַן אינערלעכער טייל פון אונז, קענען מיר געווינען די גייסטיקע מעג־לעכקייט און די כמעט ווי אָרגאַנישע פעאיקייט אָפּצוקלויבן פון די פאַר־שידענע מיינונגען, וואָס הערשן אַרום אונז, די יעניקע, וועלכע מיר דערקענען אַלס ריכטיקע, און אָפּצוואַרפן יענע, וואָס מיר געפונען פאַר פאַלש, און נאָר אַזוי אַרום שאַפן מיר זיך קלאָרע און באַשטימטע באַ־גריפן איבער זאַכן.

מיר זעען דערפאַר ווי מענטשן וואָס באַזיצן אַ פּילזייטיק וויסן, טיף־אַסימילירטע קולטור און רייכע דערפאַרונגען (וויסנשאַפטלער, פּי־לאָסאָפן און קינסטלער איינגעשלאָסן), זיי פאַרמאָגן אויך פעסטע, אויס־געהאַלטענע מיינונגען און אַ מער קריסטאַליזירטן און גאַנצן וועלט־באַנעם, וועלכער קוקט אָפט אפילו אויס אין די אויגן פון דעם פּראָפאַן און לייע אַלס „איינזייטיק"; — אין דער צייט וואָס מענטשן מיט אַ זער גרינגען באַגאַזש פון וויסן, מיט אויבערפלעכלעכע דערפאַרונגען און אַ נישט פאַרדייעטער קולטור, האָבן מערסטנטייל אַן עקלעקטישן צוגאַנג

צו זאַכן און, דוקא זיי, די דילעטאַנטן, פּרעטענדירן שטענדיק צו זיין „פּילזייטיק" אין זייערע אָנשויאונגען.

כדי צו דערווייזן די פאַלשקייט פון זער קאָמפּליצירטע, אָבער אין גרונט גענומען עם־הארצישע און פּוסטע דאָקטרינעס, איז דערפאַר אָפּט נויטיק און אַמאָל איז עס שוין אפילו גענוג, בלויז אויף אַ ריכטיקן אופן אַנטקעגנצושטעלן די ווידערשפּרוכן און אונטערצושטרייכן די קעגנזאַצן, וואָס עגזיסטירן צווישן אָט די פּוסטע דאָקטרינעס, און צווישן די וויסנשאַפטלעך אויסגעפאָרשטע פּרינציפּן פון לעבן און געזעצן פון אַנטוויקלונג, וועלכע מיר האַלטן אָפּט פאַר כלומרשט אַלגעמיין באַקאַנט.

די עכטקייט פון די וויסנשאַפטלעך באַגרינדעטע אַנטראָפּאָלאָגישע, סאָציאַלע און פּסיכאָלאָגישע טעאָריעס, ווי אויך פון די אמת קינסטלערישע שאַפונגען, באַשטייט טאָקע מערסטנטייל גיכער אין דער טרעפלעכקייט פון ס'מעטאָד פון באַלויכטן אָט די דאָזיקע קעגנזאַצן און אין דער גרונטלעכקייט פון דעם אופן פון אַנטקעגנשטעלן (אין דער ווי־סנשאַפט אויף אַ דירעקטן, און אין דער קונסט אויף אַן אינדירעקטן שטייגער) קעגן דעם עקלעקטישן מישמאַש פון ווידערשפּרעכלעכע באַגריפן און אויבערפלעכלעכע פאָרשטעלונגען, אַ גאַנצן, אויסגעהאַלטענעם וועלט־באַנעם, איידער אין דער „פונקל נייקייט" פון דער פאַר־טראַכטער אידעע (ווי דאָס מיינט אָפּט דער פּראָפאַן), ווייל אונזער וויסן און דערקענטעניש אַנטוויקלען זיך זער פּאַמעלעך, אַחוץ מיט גאַנץ דינע שטריכן און לייכטע אונטערשיידן זענען קיין אַבסאָלוטע נייע אידעען, דערפאַר בכלל נישטאָ, און אָריגינאַליטעט אין דעם זין פון אַבסאָלוטער נייקייט איז נישט מער ווי אַ פּוסטע און באַנאַלע פראַזע.

דאָס ווירקזאַמסטע מיטל, דער וויכטיקסטער סטימול, וואָס שטויסט און פאַרהעלפט אין דעם פּראָצעס פון אַסימילירן די וויסנשאַפטלעכע און סאָציאַלע אמתן און פון שאַפן פאַר זיך אַ געזונטן, טיפן און גאַנצן וועלט־באַנעם, איז די קונסט.

די פלינקקייט און ראַפינירטקייט, מיט וועלכער דער קינסטלער (וואָס באַזיצט אַ פּערפעקטע טעכניק און וואָס קען אין אָט דער טעכניק זיינער אָפּט דערגרייכן ביז ווירטואָזיטעט) דרינגט אַרויס פון די גע־שעענישן, וועלכע ער באַשרייבט, אַ גאַנצן וועלט באַנעם; די פלינק־קייט און ראַפינירטקייט, מיט וועלכער ער שטעלט אָט דעם וועלט באַ־נעם אַנטקעגן די טויזענט־פאַכיקע ניואַנסן פון מיספאַרשטייענישן, פאַלשע באַלויכטונגען, מיסאינטערפּרעטאַציעס, פאַרקריפּלונגען, פאַר־פלאַכטקייטן, אָן אַ שיעור פאַרפלאָנטערטקייטן און קרענקלעכע גייסטיקע

קאָמפּליקאַציעס, וואָס שווימען אַלעמאָל אויף אין דעם פּראָצעס פון׳ם לעבן פון די פאַרשידענע שיכטן און קלאַסן פון מענטשן, אָט דער, אַזוי געשיקט קינסטלעריש אָנגעוועגדעטער וועלט־באַנעם, איז דאָס יע־נער עלעמענט, וואָס שאַפט אין דער קונסט דעם לעבעדיקן אָטעם, דעם טיפן אונטערגרונט, דעם וואַרעמען קאָליר, די נשמה פון דער שאַפונג. דאָס איז די אַזוי גערופענע קינסטלערישע אַטמאָספערע, וועלכע באַ־שטייט בשום און אין אופן נישט אין דעם בלויזן שילדערן די סביבה מיט אַלע נויטיקע און אומנויטיקע איינצלהייטן, און נישט אין דעם פונקטלעכן באַמאָלן די מענטשן און זאַכן (ווי גראַב מ׳זאָל דערביי נישט אָנלייגן די פאַרביטשנע פאַרבן); די קינסטלערישע אַטמאָספערע ווערט אויך נישט געשאַפן דורך די לירישע אויסגוסן, אָדער דורך דער סענ־טימענטאַלער באַרייזדעוודיקייט און פראַזעאָלאָגישע מיסטיפיקאַציעס, ווי מען מיינט אין געוויסע נישט דערוואַקסענע ליטעראַרישע קרייזן.

אויב ס׳פעלט אין דער שאַפונג אַ טיפער אידעאָלאָגישער אונטער־גרונט, אַ פונדאַמענטאַלע פילאָסאָפישע איינשטעלונג, העלפן נישט די רייכסטע „דעקאָראַמס" (איבער וועלכע די „קונסט מבינים" חקרנען זיך, צי דאָס איז „פּאָעזיע", צי „מיסטיק") ס׳נוצט נישט אפילו דאָס גע־נויסטע איבערגעבן די פאַרשידענע לאָקאַלע און פאָלקסטימלעכע אויפ־פירונגען און דאָס געטרייסטע באַמאָלן די מנהגים און אויסערלעכע לעבנס שטייגערס פון דער אומה, קלאַס, אָדער שיכט, צו וועלכע די באַשריבענע העלדן געהערן, די שילדערונגען פאַרבלייבן נאָך אַלץ בלויז מעכאַנישע אָפּשפיגלונגען און די שאַפונג באַקומט נישט אין זיך קיין לעבעדיקן אָטעם, זי פאַרבלייבט טויטע פאָטאָגראַפיע.

דאָרט ווו פאָטאָגראַפיע ווערט אָבער, פאַרקערט, באַהויכט מיט דעם לעבעדיקן אָטעם פון אַ טיפן און גאַנצן וועלט־באַנעם, ווערט זי אויך פאַרוואַנדלט אין עכטער קונסט, ווי דאָס איז אַ שטייגער די רוסי־שע פילם קונסט א. אַ. וו.

פון דעם אויבן געזאָגטן דאַרף מען ניט ציען דעם פאַלשן שלוס, אַז די העלדן אין אַ קינסטלערישער שאַפונג דאַרפן האַלטן אין איין פי־לאָסאָפירן, (דאָס איז באַרעכטיקט בלויז אין פאַל ווען ס׳איז זער כאַ־ראַקטעריסטיש פאַר זיי) אָדער אַז ס׳איז גענוג איבערצוגיבן די אָנגע־נומענע פילאָסאָפיע פון די באַשריבענע שיכטן און קלאַסן פון מענטשן, נאָר מען מוז פאַרשטייען, אַז דער קינסטלער אַליין דאַרף האָבן אַ גאַנצן וועלט־באַנעם, אין ליכט פון וועלכן די אָביעקטיווע געשעענישן און זייערע אומענדלעכע רעלאַציעס און פאַרשידנאַרטיקסטע באַציונגען ווערן פון אַ גאַנץ באַזונדערער זייט, אויף אַ גאַנץ נייעם אופן קלאָר, ווייל קיין סטאַטישע אָביעקטיוויטעט עגזיסטירט דאָך נישט און ווי גע־טריי דער קינסטלער זאָל ניט זיין צו די געשילדערטע פאַקטן און אמתן,

מוז ער דאָך פאַרבלייבן סוביעקטיוו. גראָד אָט די אינערלעכע דיאַלעק־טישע פאַרבינדונג צווישן דעם קינסטלערס זוכן דעם אָביעקטיוון אמת און צווישן זיין זעען און שילדערן אָט דעם אמת אין זיין סוביעקטיוון ליכט, אָדער מיט אַנדערע ווערטער, אין דער פערספּעקטיוו פון דער, דורך אים פריער דערוואָרבענער און אַסימילירטער קולטור, שאַפט טאַקע די עכטע קונסט און די קינסטלערישע אַטמאָספערע.

דאָס ווערט אונז קלאָר ווען מיר פאַרטיפן זיך ניט נאָר אין די גוטע פראָלעטאַרישע שאַפונגען, נאָר אויך ווען מיר באַקענען זיך מיט די ווערק פון אַ טאָלסטאָי, געטע, פושקין, לערמאָנטאָוו א. אַ. וו. און ווען מיר דערזעען ווי טיף אָט די ווערק אָטעמען מיט דעם לעבעדיקן גייסט פון זייערע שאַפערס וועלט אָנשויאונגען און וועלט־באַנעמן.

אין די קרייזן פון פּסעוודאָ קונסט מבינים האַלט מען, אַז ראַפּי־נירטקייט, פלינקקייט און געשיקטקייט האָט מער צו טאָן מיט ביליקער שאַפונג, ווי מיט עכטער קונסט, דאָס איז אָבער גרונט פאַלש, ווייל אָנגעהויבן פון דעם זאַץ בוי, פון דער קינסטלערישער קאָנסטרוקציע, פון דעם קינסטלערס אַרויסבאַקומען די גרונט שטריכן פון די געשיל־דערטע מענטשן און לעבנס, ביז צו זיין אַרויסברענגען די פאַרשידענע קאָנפליקטן און אינערלעכע קאָנטראַסטן; דאָס דערהערן און אַרויסקריגן דעם אייגנאַרטיקן קלאַנג, ביז זיינע צאַרטעסטע טענער, דאָס דערזעען און אַרויפכאַפּן דעם באַזונדערן קאָליר, ביז די פיינסטע און דינסטע ניואַנסן און שאַטירונגען, איז אין אַן אמת נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ געשליפנקייט, געשיקטקייט און ראַפינירטקייט, וואָס ווערט דערוואָרבן נאָר דורך טיף איבערגעלעבטער און פאַרדייעטער קולטור.

דער שונדיסט און גראַפאָמאַן זעען העכסטנס געוויס פלינק אָפּצו־נאַרן דעם נישט באַוווסטזיניקן פאָלקס מענטש מיט באַנאַלע און אויס־געדראָשענע אידעען, שילדערונגען און בילדער, וואָס טרעפן אָפט פונקט צו צו דעם אומאַנטוויקלטן לייענערס פאָרשטעלונג וועגן זאַכן, זיי באַהערשן אָבער נישט דעם מאַטעריאַל, וועלכן זיי שילדערן און נישט די קינסטלערישע מיטלען, וועלכע דאַרפן זיי דינען אָט דעם מאַטעריאַל טיף אַרומצונעמען און גרונטלעך צו באַהאַנדלען און באַלויכטן. און גראָד אין דעם קינסטלערישן באַהערשן דעם מאַטעריאַל שטעקט דאָס די אמתע פלינקקייט, ראַפינירטקייט און געשיקטקייט פון דעם קינסט־לער׳ס שאַפן און די קינסטלערישע טעכניק, וואָס דערגרייכט אָפט ביז ווירטואָזיטעט. די טעכניק מוז זיך אָבער דערביי לחלוטין ניט וואַרפן אין די אויגן אַריין.

די באַוווסטע קינסטלערין מאַריאַ טעמפּעסט דערצעלט ווי אַ טע־אַטער קריטיקער האָט איר אַמאָל געהאַלטן אין איין לויבן די טעכניק פון אַ געוויסער שוישפּילערין, ווען זי איז געוואָרן נייגעריק און האָט דעם

קריטיקער געפרעגט פון וואַנען ער ווייסט דאָס, אַז די שוישפּילערין באַזיצט אַזאַ פּערפעקטע טעכניק, האָט ער זי אָנגעהויבן פאַרזיכערן אַז ער האָט עס אַליין געזען. דערויף האָט זי אים געענטפערט, אַז אויב ער האָט די טעכניק געזען, איז עס קיין טעכניק נישט, אָדער בעסער געזאָגט, דאָס איז שלעכטע, דילעטאַנטישע טעכניק, ווייל די עכטע טעכניק באַשטייט אין דעם, מען זאָל די טעכניק נישט זען.

קינסטלערישע פלינקקייט און ראַפינירטקייט איז טעכניק, טעכניק, ווידער, איז קולטור, און קולטור איז אַ זער קאָמפּליצירטע, אָבער נישט קיין פאָרמלאָזע דערשיינונג און זי דרוקט זיך אויס ביי דעם קינסטלער און מענטשן אין די קלאָרע און באַשטימטע (כאָטשע אויך אייביק זיך ענדערנדיקע) פאָרמען פון אַ באַשטימטן און קלאָרן וועלט־באַנעם.

כדי צו מאָלן „דעם פרימיטיוו" און געשטאַלטן „די סטיכיע" (דאָס הייסט כדי צו געפונען דאָס געזעצמעסיקע אין זיי), מוז מען האָבן פּונקט אַזוי פיל קולטור, ווי מען מוז האָבן אויף אויסצוגעפינען יענע סטיכישע מאַכט און פרימיטיווע כוחות, וואָס זענען פאַרקערפערט אין דער געזעצמעסיקייט און אָרדנונג פון זאַכן און וואָס שטעקן אין דער רעגולמעסיקער אַנטוויקלונג פון דער־שיינונגען און געשעענישן. און פּונקט אַזויפיל קולטור מוז מען אויך האָבן כדי צו קענען אַנטדעקן יענע ווילדע מאַכט, וואָס איז פאַראַן אין אונזער אייגענעם פאַרצווייפלטן ראַנגלען זיך מיט די אָביעקטיווע נאַטור כוחות, אין אונזער פאַרביטערטן און פאַרביסענעם קאַמף און שטרעבונג צו דערקענען און באַוואוסטזיניק צו באַהערשן די אַרומיקע נאַטור דערשיינונגען און די אָביעקטיווע נאַטור געזעצן. גרויסע קולטור איז אויך נויטיק אויף צו דערקענען און צו שילדערן יענע פּרימיטיווע סטיכישע קראַפט אין, און אַרום, אונז, וואָס האָט אונז געטריבן און האַלט אונז אין איין טרייבן זיך צו דראַפּען אַלץ העכער, אַלץ עקשנות׳דיקער און פעסטער אויף די גלאַטע ווענט פון באַרג, צו דעם גראַנדיעזן טריאומף, וואָס הייסט קולטור.

אין דער פאַרשידנקייט פון דעם וועלט־באַנעם באַשטייט אויך דער אונטערשייד צווישן דעם ראָמאַנטיציזם, מיסטיציזם, נאַטוראַליזם, רעאַליזם און אַנדערע ריכטונגען פון קונסט.

די קינסטלערישע אָביעקטן, סיי ווען זיי זענען די באַשטאַנד־טיילן פון אַ ראָמאַנטישער שאַפונג און סיי זיי זענען די באַשטאַנד־טיילן פון אַ מיסטיש ווערק, מוזן זיי שטענדיק זיין רעאַליסטיש. און וואָס עכטער די קונסט איז, (צו וואָס פאַר אַ ריכטונג זי זאָל נישט געהערן) אַלץ רעאַליסטישער מוז זי זיין.

יעדער מעטאַפאָר, יעדעס בילד, יעדע אַבסטראַקציע מוז זיין געבויעט אויף רעאַלע געשעענישן און דערשיינונגען און מוז זיך באַציען

אויף קאָנקרעטע קעגנשטאַנדן. ראָמאַנטיציזם און אפילו מיסטיציזם מוזן דערפֿאַר אויך אָנקומען צו מאַטעריעלע אָביעקטן און באַהאַנדלען רעאַלע דערשיינונגען און געשעענישן פון לעבן. נאָך מער, אַן עכט קינסטלע־ריש ראָמאַנטיש, אָדער מיסטיש ווערק איז רעאַליסטישער, ווי דאָס ווערק פון אַ גראַפאָמאַן און דילעטאַנט, וואָס פּרעטענדירט כלומרשט צו געהערן צו דער רעאַליסטישער ריכטונג פון קונסט.

דער אמתער אונטערשיד צווישן באַשטימטע קונסט ריכטונגען באַשטייט, ווי שוין געזאָגט, טאַקע דער׳עיקר׳שט אין דער פאַרשידנקייט פון דעם פילאָזאָפישן אונטערגרונט, פון דער אידעאָלאָגישער באַלויכ־טונג, פון דעם וועלט־באַנעם.

דאָס מיינט נישט אַז די קינסטלערישע אָביעקטן און מיטלען (ווי אַ שטייגער די בילדער, פאַרגלייכן, דער אויסוואַל פון דער טעמע א.אַ.וו.) ווערן נישט באַאיינפלוסט פון דעם קינסטלערס איינשטעלונג, נאָר דאָס מיינט בלויז, אַז די מיטלען און אָביעקטן קענען אַ סך לייכטער און שנעלער איבערגענומען און איבערגעטראָגן ווערן פון איין קינסט־לערישער שולע צו דער צווייטער, בעת דער איינפלוס פון איין קינסט־לערישער אינטערפּרעטאַציע אויף דער צווייטער, פון איין באַשטימטן וועלט־באַנעם און אינערלעכער באַלויכטונג אויף אַן אַנדערער, איז אַ סך קאָמפּליצירטער און אַ סך אַ לאַנגזאַמערער פּראָצעס פון באַאיינ־פלוסט ווערן. אָט דער פּראָצעס מוז ס׳ערשטע דורכמאַכן אַ טיפע אי־נערלעכע דיאַלעקטישע אַנטוויקלונג, ער מוז זיך פריער אָרגאַניש פאַר־אייניקן מיט דעם קינסטלערס נאַטור, מיט זיין דענקען, פילן און לעבן, ביז די אידעאָלאָגיע הויבט אָן אַרויסשטראַלן פון דעם געשילדערטן און קען שאַפן די אייגנאַרטיקע קינסטלערישע אַטמאָספערע פון דעם קונסט־ווערק.

קאַפּיטל 34

## אריגינעלע און באנאלע ליטעראטור

ווען מיר פאָלגן קאָנסעקווענט נאָך די קונסט היסטאָרישע פאַר־שונגען און דער אויפריכטיקער קונסט קריטיק, מוזן מיר קומען צום באַשלוס, אַז אין דער קונסט, פונקט ווי אין אַלע אַנדערע געביטן פון לעבן, זענען נישטאָ קיין אָריגינעלע שאַפונגען, אין בוכשטעבלעכן זין פונם וואָרט.

מיר זעען ווי די ריכטונגען אין דער מאָלעריי ווערן קלאַסיפיצירט לויט דעם יאָר־הונדערט און נישט לויט די איינצלנע מאָלער, און אפילו יענע איינצלנע, וואָס ווערן יאָ אַרויסגעהויבן פונם כלל, אונטער־שיידן זיך אויך נישט וועזנטלעך פון די איבעריקע מיט זייער אויפפאַ־סונג איבער דעם לעבן און איבער דער קונסט, וואָס שפּיגלט אָט דאָס לעבן אָפּ.

זיי קענען בלויז אין קוואַליטעט איבערשטייגן די איבעריקע, אָבער אויך זייערע שאַפונגען, פונקט ווי די בילדער פון די איבעריקע, ווערן באַשטימט דורך די געשעענישן פון זייער עפּאָכע. ס׳איז אין זיי פאַראַן דער זעלבער איינפלוס, סיי פון די קינסטלער, וועלכע זענען געווען זייערע פאָרגענגער און סיי פון יענע, וואָס זענען זייערע צייטגענאָסן.

די גרויסע קינסטלער זענען נישט פריי פון פרעמדן איינפלוס, נאָר פאַרקערט, זיי אונטערשיידן זיך פון די איבעריקע דורך דעם, וואָס זיי ווערן טיפער באַאיינפלוסט.

ווען די געניטע פאָרשער געפונען אַ בילד, אָדער אַ סקולפּטור פון אַן אומבאַוווסטן קינסטלער, דערקענען זיי לויט דעם אינהאַלט און לויט דער טעכניק צו וועלכן יאָר־הונדערט דאָס ווערק געהערט. פון אָט דעם פאַקט קען מען זעען וויפל געמיינזאַמס און ענלעכס ס׳איז דאָ אין שאַפונגען פון איין עפּאָכע און וויפל קעגנזייטיקער איינפלוס צווישן די קינסטלער.

שעקספּיר, וועלכן מען האָט געהאַלטן פאַר אַ פענאָמען מיט זיין טעכניק, בילדערישקייט, שאַרפזין און מענטשן־קענטעניש, דוקא ער, וואָס האָט געדינט אַלס אַ לעבעדיקער באַווייז, אַז אין דער קונסט עג־זיסטירן וווּנדער, איז, ווי די ליטעראַטור פאָרשער שטעלן דאָס פעסט, געווען אָממיינסטן באַאיינפלוסט פון אַנדערע שרייבער אין יענער צייט.

בייראָן, לערמאָנטאָוו און אַנדערע, וואָס געהערן צו דער ראָמאַנ־טישער עפּאָכע, אָפּערירן אַלע מיט די זעלבע אידעען און מיט דער אייגענער טעכניק, נאָך מער זייערע בעסטע שאַפונגען זענען באַהערשט מיט דעם זעלבן סקעפּטיציזם, וואָס זיי האָבן צוזאַמען געירשנט פון קהלת און פון שעקספּירס האַמלעט; און ביי אַלע חזרן זיך איבער די אייגענע טערמינען, בילדער און קינסטלערישע מיטלען.ביי בייראָנען אין „קין" און אין „מאַנפרעד" איז פאַראַן דער זעלבער בונט, ווי אין לערמאָנ־טאָווס דעמאָן.

אַלע האָבן זיי בלויז וואַריאַציעס פון דער זעלבער באַציונג צו דער פרוי׳ס סאָציאַלער שטעלונג ,צו דער ליבע, צו דער געזעלשאַפט, צום לעבן און צו דער קונסט.

געטהע, וועלכער האָט באַלאַנגט צו דער שפּעטערדיקער, בורזשו־אַזער עפּאָכע פון קונסט, איז אויך געווען באַאיינפלוסט פון די ראָמאַנ־טיקער און אין זיין ווערק פאַאוסט איז בלויז די געזעלשאַפטלעכע לע־זונג אַן אַנדערע, ווי אין די דערמאָנטע שאַפונגען.

דער פאָלקלאָר און די ליטעראַטור, די דיכטונג און די מוזיק, די בילדער און סקולפּטורן פון איין נאַציע האָבן אַ סך געמיינזאַמעס מיט די פון אַנדערע נאַציעס, איין לאַנד באַאיינפלוסט און ווערט באַאיינ־פלוסט פון די מיינונגען, באַגריפן, מידות און געשמאַקן פון די אַנדערע

לענדער (ס׳איז דערביי, נאַטירלעך, דאָ אַ גרויסער אונטערשיד צווישן די קעגנזייטיקעווירקונגען וואָס ווערן אויסגעאיבט אין אַ סאָציאַליס־טישן שטאַט, ווי יענע וואָס די פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן אין סאָוויעטן פאַרבאַנד האָבן איינע אויף דער צווייטער, און די ווירקונגען וואָס ווערן מעכאַניש נאָכגעמאַכט, קנעכטיש נאָכגעקרימט און דירעקט, אָדער אינ־דירעקט אַרויפגעצוווּנגען אונטער די אימפּעריאַליסטישע אָרדנונגען).

אפילו די פאַרשידענע קלאַסן ווערן באַאיינפלוסט און באַווירקט איינער פון צווייטן. דערפאַר, ווי לענין האָט געזאָגט, איז טאַקע אומ־מעגלעך אונטער אַ קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, אויף אַ ווירקזאַמען אופן צו דערציען דעם פּראָלעטאַריאַט אין סאָציאַליסטישן גייסט.

מענטשן וואָס באַזיצן אַ סך וויסן און וואָס קענען פאַרגלייכן, קרי־טיקירן און אויסגעפונען דעם קערן פון יעדער ווערק, מוזן צוגיבן, אַז אַ חוץ מיט ריין טעכנישע ניואַנסן, און גאַנץ קליינע אייגנאַרטיקע שטריכן (אָט די קליינע אונטערשידן, לייכטע ניואַנסן און פיינע, קוים באַמערק־באַרע, אייגנאַרטיקע שטריכן קאָסטן אָפּ דעם קינסטלער אַ לעבן לאַנג פון דערפאַרונג און געוואַלדיקע אָנשטרענגונג, ס׳איז נויטיק אַ גרויסע קולטור און אַ מעכטיקער טאַלאַנט זיי צו דערגרייכן; און כדי אָט די אייגנאַרטיקייט אָפּצושאַצן, דאַרף מען זיין אַ זער גוטער און ראַפינירטער לייענער) איז נישטאָ קיין שום קונסט ווערק, וואָס זאָל זיך אונטער־שיידן פון די אַנדערע און וואָס זאָל זיין שפּאָגל ניי.

יעדער ריכטונג שאַפט זיך איר ליטעראַרישע שולע; און כאָטשע אין דער קונסט, פּונקט ווי אין אַלע לעבנס דערשיינונגען, אַנטוויקלט זיך אינאיינעם מיט דער טעזע אויך איר אַנטיטעזע און יענע וואָס זענען אַנטאַגאָניסטיש צו די פאָרגענגער און צו די אָנגענומענע פאָרמען, טרעטן געגן זיי אַרויס און זענען רעוואָלוציאָנער, בלייבן אָבער די רע־וואָלוציאָנערע ריכטונגען, פון זייער זייט, אויך נישט אומבאַאיינפלוסט און איזאָלירט. ווייל ערשטנס ווערט מען באַאיינפלוסט אפילו פון דעם קעגנער און קעמפנדיקע צדדים לערנען אָפּ איינער פון דעם אַנדערן די טעכניק און מיטלען פון קאַמף, ד. ה. אַז יעדע אַנטיטעזע אַנטשפּרעכט אין אַ געוויסן זין דער טעזע; און צווייטנס ווירקן אייגנצייטיק אין פאַר־שידענע ערטער און אויף פאַרשידענע קינסטלער די זעלבע עקאָנאָמישע אומשטענדן, וואָס רופן אַרויס די געפילן פון רעוואָלט.

די געמיינזאַמקייט ווערט נאָך פאַרגרעסערט דורך דעם, וואָס איי־נער שטודירט דעם צווייטן און אַלע אינאיינעם שטודירן די זעלבע, באַ־וווּסטע און אָנגענומענע פאָרגענגער.

אויסער דעם אַנטשטייען רעוואָלוציעס אין דער ליטעראַטור, פּונקט ווי די רעוואָלוציעס אויף אַנדערע לעבנס געביטן, דורך אַ שטופּנווייזער

אַנטוויקלונג. אויב מיר ווערן דערשיטערט און דערשטוינט פון די נייע געדאַנקען און אידעען, דעמאָלט ווען מיר פילן דעם צוזאַמענשטויס און נעמען אַנטייל אין אים, זעען זיי אונז אָבער אויס אַלס אַ בהדרגהדיקער אויפשטייג און אַלס אַ פאַרשטענדלעכע, סיבהדיקע (במילא שוין נישט אָריגינעלע) אַנטוויקלונג, ווען מיר שטייען פון דער ווייטנס און באַטראַכטן פאַרגאַנגענע עפּאָכעס; ווען די קאַמעראַ פון אונזער גייסטיק אויג נעמט אַרום דעם גאַנצן אַנטוויקלונגס פּראָצעס.

אונזער אורטייל אַז די גאַנצע קונסט באַשטייט פון קעגנזייטיקער ווירקונג ווערט באַזונדערס פאַרשטאַרקט ווען מען געפונט זיך אין גרויסע בילדער גאַלעריען, אָדער גרויסע ביבליאָטעקן מיט מיליאָנען ליטעראַרישע ווערק, ווען מיר שטודירן גרונטלעך די מוזיק פון פאַרשידענע מייסטער, דאָס זעלבע איז אויך אין דער אַרכיטעקטור, אין דער טעאַטער קונסט און אַזוי ווייטער.

נאָר אַ נאַאיווער ליינער, אָדער אַ נישט אַנטוויקלטער פּראָווינציעלער קונסט ליבהאָבער, (דער נישט מבין) קען טראַכטן וועגן איין קינסטלער, אַז ער איז אָריגינעל און באַזירן אָט דעם אורטייל אויף דעם, וואָס ער אַליין האָט גראָד נישט באַגעגנט קיין קונסטווערק מיט ענלעכע געדאַנקען, פאָרמען, טעכניק און בילדער, אַ צווייטן קינסטלער קען ער האַלטן פאַר באַנאַל, ווייל אַזעלכע געדאַנקען (מערסטנטייל זענען דאָס בלויז ענלעכע טערמינען, אָדער טעכנישע באַצייכנונגען) האָט ער ערגיץ שוין געהערט.

דאָך זענען פאַראַן (איך וויל נישט זאָגן אָריגינעלע, ווייל דאָס וואָרט אַליין איז אַ פּוסטער שאַבלאָן) אייגנאַרטיקע, און באַנאַלע קינסטלער, אָבער נישט דער אָקערשט דערמאָנטער, אויבערפלעכלעכער צוגאַנג איז דער ריכטיקער מאָסשטאַב דערצו.

די קינסטלער ווערן באַנאַל, ווען זיי זענען טעמפּעראַמענטלאָז, נישט אויפריכטיק, אויבערפלעכלעך און קריטיקלאָז, סיי צו זיך און סיי צו יענעם.

אַזעלכע קינסטלער רעדן זער אָפט וועגן אָריגינאַליטעט, זיי ווילן אומבאַדינגט זיין, אָדער, בעסער געזאָגט, אויסזען אָריגינעל, ווייל ווי־באַלד זיי פּרווון דאָס אויפריכטיק צו זיין, אַזוי מוזן זיי גלייך דערזען די אוממעגלעכקייט און אומזיניקייט פון אַזאַ פאַרלאַנג. (אפילו דער קלענסטער פּרווו צו ווערן אמת אָריגינעל און זיך צו איזאָלירן פון יעדער זייטיקער ווירקונג, הייסט שוין פאַרנאַכלעסיקן און פאַרערגערן דעם אופן פון שאַפן, מאַכן אָרימער און אויסלייזדיקן פון יעדן אינהאַלט די קונסט פאָרמען, אָנשטאָט זיי צו אַנטוויקלען).

דער ווילן צו זיין אָריגינעל איז, ווי מיר זעען, נישט רעאַליסטיש און באַנאַל און ער פאָרמולירט זיך אין שאַבלאָנע פראַזעס, וואָס שטאַמען

פון אַ געוויסער דעקאַדענטישער ריכטונג, אין אַ באַשטימטער ליטעראַ־רישער שולע.

ווען אַלע מענטשן זאָלן זיין אָריגינעל און נישט אָפּלערנען פון די פאַרגענגער און פון זייער סביבה, וואָלטן זיי געבליבן שטייען אויף דער פרימיטיוויסטער שטופע פון אַנטוויקלונג און אפילו דעמאָלט וואָלט זייער אָריגינאַליטעט נישט געווען עכט, ווייל אויך די ווילדע מענטשן ווערן באַווירקט און מאַכן נאָך דער נאַטור און איינער דעם צווייטן.

אונזער גאַנצע קולטור איז באַזירט אויף נאָכמאַכן, ס'ערשטע דער נאַטור מיט די אַרומיקע אָביעקטן, און דערנאָך אויף דעם פאַרשטאַרקן און אַנטוויקלען דאָס דערוואָרבענע, דורך נאָכמאַכן און אָפּלערנען איינער פון צווייטן.

אויך די קונסט אַלס אַ טייל פון דער גאַנצער קולטור שטאַמט פון נאָכמאַכן דעם אַרום, זי אַנטוויקלט און באַרייכערט זיך דורך דעם, וואָס די קינסטלער צווישן זיך ווערן באַווירקט איינער פון דעם צווייטן. און נאָר אין די פאַרשידענע אופנים פון נאָכמאַכן, שטעקט דער אונטער־שייד צווישן באַנאַלער, און צווישן אייגנאַרטיקער ליטעראַטור.

דאָס נאָכמאַכן וואָס קען ווירקלעך באַצייכנט ווערן אַלס באַנאַל קומט זער אָפּט פאָר אויף אַ גאַנץ פּאַסיוון אופן, דער דורכשניט מענטש, אָדער דער קינסטלער, פילט אפילו נישט, ווי אַזוי ער האָט איבערגע־נומען יענעמס באַוועגונגען, רעדנס אַרט און אופן פון רעאַגירן; אַמאָל, ווידער, קומט אָט דאָס נאָכמאַכן דוקא פאָר אַקטיוו, מען ווייסט דערפון, מען נעמט דאָס אָבער אָן צו איבערפלעכלעך, מען דרינגט נישט אַריין אין דעם זין און אינהאַלט פון קאָפּירטן און מען קריטיקירט עס נישט, ס'קומט דערפאַר נישט פאָר קיין שום אָפּקליב פון דעם גוטן און מען טיילט נישט אויס דאָס שלעכטע.

אין די געהאַנקען, אין די אויסדרוקן און טאַטן פון דעם באַנאַלן מענטשן, פּונקט ווי פון דעם באַנאַלן קינסטלער, איז דערפאַר נישטאָ קיין שום זעלבסטשטענדיקס און אייגנס, קיין שום פרישער און נייער שטריך, זיי מעגן דערביי פלאַפּלען וועגן אָריגינאַליטעט וויפל זייער האַרץ גלוסט, ווייל נאָר אין דעם אָפּקליבן און אַסימילירן, אין דעם אַסימילירן און פאַרוועטן, דרוקט זיך אויס די מענטש־לעכע אייגנאַרט.

דער זעלבער פּראָצעס קומט פאָר, סיי ווען מען שטויסט זיך צע־נויף דירעקט מיט די רויע לעבנס דערשיינונגען, סיי ווען מען שטויסט זיך אָן אויף די לעבנס דערשיינונגען אין דער קונסט. איינער נעמט איבערפלעכלעך אויף די קונסט, און איינער נעמט איבערפלעכלעך אויף דאָס לעבן.

די פּסעוודאָ ליטעראַרישע מיינונגען, אַז די אָריגינעלע קינסטלער דאַרפן נישט באַזיצן קיין וויסן, אַז ס׳איז גענוג פאַר זייער שאַפן אויפ־צונעמען דאָס לעבן אַזוי ווי ס׳איז, זענען ענלעך צו דער מענטאַליטעט פון דעם אומגעבילדעטן און נאַאיוון מענטשן, וואָס טראַכט אַז ווען ער האָט נאָר צייט און קען דעם אויסלעג, וואָלט ער אָנגעשריבן אַ באַ־שרייבונג וועגן זיין לעבן, וואָס וואָלט געקענט זיין דאָס אינטערע־סאַנטסטע בוך.

פונקט אַזוי ווי דער דאָזיקער פּראָפּאַן, פאַרשטייען אויך נישט די אויבנדערמאָנטע ליטעראַטן, אַז נישט אין דעם איבערקייען די דער־שיינונגען פונ׳ם לעבן, אַזוי ווי זיי זענען און ווי יעדער זעט זיי, נאָר אין דעם קריטיקירן און באַלייכטן די וויכטיקסטע שטריכן, אין דעם אָנווייזן דאָס שעדלעכע און דערמיט אינדירעקט סטימולירן די אַנטוויקלונג און פאַרבעסערונג פון די סאָציאַלע מיטלען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ, באַ־שטייט די קונסט.

און אָן אַ געהעריקן באַגאַזש פון וויסן איז דער קינסטלער פונקט אַזוי אומבאַהאָלפן אין זיין קריטיקירן דאָס לעבן, ווי די טעאָריע און קריטיק פון קונסט איז אומבאַהאָלפן, באַנאַל און איבערפלעכלעך, אויב זי באַזיצט נישט אַ חוץ אַבסטראַקטן וויסן אויך קיין דערפאַרונגען פונ׳ם לעבן.

אָן אייגנאַרטיקער קינסטלער מוז פאַרמאָגן אַ סך טעאָרעטיש וויסן און אַ סך לעבנס דערפאַרונגען (איינס אָן דעם צווייטן טויג נישט), ער קריטיקירט די טעאָריעס פון קונסט און די קונסט ווערק, דורך דעם וואָס ער פאַרגלייכט זיי מיט דעם לעבן און מיט די אייגענע באַאָבאַכ־טונגען, דערביי קלויבט ער אָפּ דאָס גוטע און דרינגט אַזוי טיף אַריין אין דעם, קאָכט דאָס אַזוי טיף איבער, אַז עס ווערט אַ טייל פון אים (אַזוי אַרום דערווערבט ער זיך דורכקאָנטראָלירטע דערפאַרונגען פון יאָר־הונדערטער, וועלכע ער וואָלט אין אַן אַנדערן פאַל, קיינמאָל אין זיין לעבן נישט געקאָנט דערגרייכן) און דערנאָך, מיט דער הילף פון אָט דעם דערוואָרבענעם וויסן, קען ער טיפער שטודירן, בעסער באַ־אָבאַכטן און קריטיקירן יענע דערשיינונגען אין לעבן, מיט וועלכע ער שטויסט זיך צענויף פּונסניי.

די סוביעקטיווע אָפּשאַצונגען פון די אינדיווידועלע אייגנשאַפטן זע־נען אין אַ דירעקטער פּראָפּאָרץ צו דעם סאָציאַלן נוצן וואָס זיי קענען ברענ־גען און, דערפאַר אויך, צו זייער סאָ־ציאַלן ווערט, וועלכער איז, ווי מיר וועלן שפּעטער זען, אין יעדער גע־זעלשאַפט, רעלאַטיוו צו איר סטרוקטור,

די איבעריקע מאָס פון קונסט און פון שאַפן.

אַלעס וואָס איז איינגאַרטיק, איז לעבנס פּעאיק און זאַפּטיק, יעדע באַנאַליטעט איז, פאַרקערט, אויסגעוועפּט, פּרוכטלאָז און ברענגט גאָר־נישט אונזער גייסט.

אַזוי ווי אונזער גייסט איז דער קאָמפּלעקס פון אונזערע מיטלען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ, קען פאַלגלעך יעדער קונסט ווערק, וואָס איז באַנאַל און וואָס ברענגט גאָרנישט אונזער גייסט, אַזוי אַרום, אויך גאָר־נישט בייטראָגן צו דער אַנטוויקלונג פון אונזערע מיטלען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ.

די סאָציאַלע ווערטן, אין וועלכע עס ווערן פאַרקערפּערט די פאַר־שידענע פאָרמען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ, זענען דערפאַר דער אָב־יעקטיווער מאָסשטאַב, וואָס באַשטימט די באַנאַליטעט, אָדער איינגאַר־טיקייט פון אַ ווערק.

ביי יעדן קלאַס בייט זיך מיט יעדער עפּאָכע דער אינהאַלט פון די סאָציאַלע ווערטן. שטענדיק עגזיסטירט אָבער אין אונזער אורטיילן די קונסט, באַוווסט, אָדער אומבאַוווסט פאַר אונז, אַן אַנטשפּרעכנדיקער סאָציאַלער מאָסשטאַב (ביי די בורזשואַזע און דעקאַדענטישע פאַר־שטייער איז אָט דער מאָסשטאַב, ווי די גאַנצע אָרדנונג, אַ אינדיוויזואַ־ליסטישער, און ביי די פּראָלעטאַריער אַ סאָציאַליסטישער).

אַזוי ווי די געזעלשאַפטלעכע פאָרמען, וואָס האַלטן זיך אין איין באַוועגן און ענדערן, פאַרמאָגן אין זיך רעשטלעך פון דער פאַרגאַנגענ־הייט און קנאָספּען פון דער צוקונפט, מוז אויך די קונסט, וועלכע באַ־וועגט זיך און ענדערט זיך אינאיינעם מיט דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, האָבן אין זיך, סיי אַזעלכע ווערק וואָס זענען די איבער־בלייבעכצער פון פריער, און סיי אַזעלכע וואָס פאַרקערפּערן די פּערס־פּעקטיוון פון שפּעטער.

די ערשטע ווערן וואָס אַמאָל מער פאַלקאָמען אין זייער פאָרם, דערביי אָבער אַלץ מער אָפּגעלעבט און אויסגעליידיקט פון זייער אינ־האַלט. די אַנדערע, ווידער, זענען נאָך אומגעשליפן און צעשויבערט, אָבער ניי אין זייערע פאָרמען און רייך אין אינהאַלט.

ווען די פאָרמען פון דער קונסט, וואָס איז פול מיט די פריערדיקע אינהאַלטן (ווי די שטרעמונג פון קונסט פאַר קונסט, די פאַרשידענע פאָרמאַליסטישע ריכטונגען א.אַ.וו.) דערגרייכן זייער אַפּאָגיי, הויבט אָן די קונסט צו ווערן באַנאַל.

די נייע אינהאַלטן פון קונסט הויבן, פון זייער זייט, אָן זיך צו פאַרפאָלקאָמען אין זייער פאָרם.

און וואָס מער ס'וואַקסט דער קוואַנטיטאַטיווער ווערט פון אָט דער

נייער ריכטונג, וואָס מער אַלגעמיין דער פאַרנעם פון אירע פראַגן, וואָס מער סאָציאַל זי איז און וואָס לעבעדיקער און ברייטער ס'ווערן אירע פערספעקטיוון, אַלץ מער שטייגט די קוואַליטעט און פאָרם פון אָט דער קונסט.

אַזוי זעען מיר, ווי דאָס באַשרייבן די אָרעמקייט און נויט, וואָס איז געווען דער ערשטער רעוואָלוציאָנערער שריט געגן די הערשנדיקע קלאַסן, וועלכע האָבן די נויט פאַרשוויגן, אָט דער אינהאַלט ווערט באַנאַל, ווען מען חזרט אים איבער אין אַ שפּעטערדיקער עפּאָכע, אויב מען ווייזט דערביי נישט אָן אויף די באַציונגען צווישן דער נויט און דער עגזיסטירנדיקער אָרדנונג און אויב מען סטימולירט נישט איינציטיק די שטרעבונג אָט די אָרדנונג צו באַקעמפן און אויפצובויען אַ נייע, סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט; ווייל דאָס בלויזע באַשרייבן איז שוין אַלגעמיין באַוווסט, ס'האָט שוין געבראַכט דעם נוצן (דאָס ציען די אויפמערקזאַמקייט) וואָס ס'איז מעגלעך געווען צו ברענגען אויף אַזאַ אופן און די אָביעקטיווע אומשטענדן זענען שוין רייף געוואָרן פאַר מער אַנטשלאָסענע אַקטן.

דער אינהאַלט פון נויט און אָרעמקייט קען נאָך אָבער, אין געוויסע גרעניצן, אויפגעהאַלטן ווערן ביי זיין קראַפט און פרישקייט, אויב מען זאָל זיך דערביי באַנוצן מיט אַזעלכע פאָרמען, וואָס דערמעגלעכן אָט דעם אינהאַלט אַריינצודרינגען אין אַזעלכע ספערן, ווו ער איז נאָך נישט באַקאַנט, כדי ער זאָל דאָרט ברענגען אַ געוויסן נוצן (ווייל כאָטש ס'איז נישטאָ קיין אינהאַלט אָן קיין פאָרם, און קיין פאָרם אָן אַן אינהאַלט, קען אָבער יעדער אינהאַלט האָבן פאַרשידענע פאָרמען, און יעדער פאָרם פאַרשידענע אינהאַלטן). דער אינהאַלט פון נויט און אָרעמקייט קען, אַזוי אַרום, האָבן אין דער פּראָלעטאַרישער קונסט אַ צייטווייליקע עגזיסטענץ־באַרעכטיקונג אין פאַל ווען ער ווערט באַנוצט אין אַ נייער פאָרם, וואָס העלפט מיט צו פאַרטיפן, צו פאַרשפּרייטן און פאַרברייטערן דעם סאָציאַלן קאַמף.

ווען אָט דער אינהאַלט ווערט, ווידער, פאַרוואַנדלט אין אַ עסטעטישן און, אַזוי גערופענעם, טענדענצלאָזן, ראָמאַנטישן סטיל, אָדער אין אַ פאָרם פון באַוווּנדערן און אַ פאַרשענערט קינסטלעריש שילדערן די נויט, קען אָט דער אינהאַלט לעבן און בליִען אין דער בורזשואַזער געזעלשאַפט, דינענדיק דער אָרדנונג, אין וועלכער ס'בליט די נויט.

אין דער פּראָלעטאַרישער קונסט מוזן זיך דערביי, נויטווענדיקערווייזע, אַנטוויקלען נייע, מער אייגנאַרטיקע אינהאַלטן. ס'איז שוין מער נישט גענוג (באַזונדערס אין סאָוויעטן פאַרבאַנד) אויך דאָס בלויזע פעסטשטעלן, אַז די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט איז אַ לעזונג, ווייל דאָס איז שוין אי באַקאַנט, אי רעלאַטיוו צו די נייע קאָנקרעטע אומ־

שטענדן, צו ווייניק; ס'אַנטשפּרעכט שוין מער נישט די פאַרגרעסערטע סאָציאַלע פאָדערונגען און איז שוין דערפאַר באַנאַל. מען מוז איצטערט שוין אויסגעפונען אַלעמאָל נייע, גייסטיקע מיטלען פון קאַמף און אויפבוי און אָט די מיטלען פאַרפאָלקאָמען, ווי אויך באַקעמפן די פאַרשידענע, און אַלעמאָל נייע, שטערונגען אין דער פּסיכאָלאָגיע פון די קעמפער און בויער, מיט וועלכע מען שטויסט זיך צענויף... „ס'איז נישט גענוג צו דערקלערן אַלע געזעלשאַפטליכע דערשיינונגען בלויז מיט דער באַהויפּטונג, אַז זיי זענען אַ פּראָדוקט פון די עקאָנאָמישע אומשטענדן, מען מוז שטודירן די פאַרשידענע אַנטפּלעקונגען, אין וועלכע די ווירקונג פון אָט די אומשטענדן דרוקט זיך אויס", האָט מאַרקס געשריבן. אָט די אָריענטאַציע איז, באַזונדערס אין דער איצטיקער צייט, די וויכטיקסטע באַדינגונג פאַר דער אייגנאַרטיקייט פון אַ פּראָלעטאַרישן קונסטווערק.

דער באַנאַלער קינסטלער ווערט באַהערשט דורך דער שטרעבונג צו עמפּפינדן די מאָמענטאַנע לוסט, וועלכע ער באַקומט זער לייכט, סיי דורך דעם, וואָס ער מוז זיך נישט באַזונדער אָנשטרענגען, כדי צו דערווערבן די שוין אָנגענומענע, אויסגעדראָשענע אינהאַלטן און פאָרמען, און סיי דורך דעם, וואָס ער ווערט זער שנעל אַנערקענט, ווען ער ברענגט צו די מאַסן, אַזעלכע גייסטיקע ווערטן, צו וועלכע זיי זענען צוגעווינט, ער פאַרטעמפּט אָבער דערמיט זייערע מחות, ציכטעט דערמיט די פוילקייט פון זייער דענקען, שוואַכט אָפּ זייערע מיטלען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ און ברענגט זיי שוין, אַזוי אַרום, במילא, שפּעטערדיקע אומלוסט.

דער עכטער קינסטלער, וואָס טראָגט אחריות פאַר זיין שאַפן, שטרעבט שטענדיק עפּיס בייצוטראָגן פאַר די מיטמענטשן אין זייער קאַמף. ער זוכט דערפאַר שטענדיק צו באַלויכטן יענע זייטן פון לעבן, וועלכע זענען נאָך נישט אַלגעמיין באַוווּסט. ער וויל ברענגען יענע אמתן, וואָס ווערן נאָך דערווייל איגנאָרירט. ער קען דערפאַר נישט באַלד אַנערקענט ווערן פון די ברייטע מאַסן, און מוז עמפּפינדן אַ סך אומלוסט, ער אַנטוויקלט אָבער די סאָציאַלע מיטלען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ; און דורך דעם פּראָצעס פון זיין גייסטיקער אָנשטרענגונג, עמפּפינדעט ער אין זיין פאַרשטעלונג, די גרויסע שפּעטערדיקע לוסט, וועלכע זיינע מיטמענטשן וועלן אַ דאַנק אים באַקומען.

דעמאָלט ווען די קינסטלער גייען צו מיט אַ פאָרויסגענומענער טעאָריע, (ווי דאָס האָבן די עקספּרעסיאָניסטן און אַנדערע סוביעקטיוויסטישע שולן געמאַכט) אין וועלכער זיי ווילן אומבאַדינגט אַריינפּאַסן אַלע דערשיינונגען פון לעבן, און אפילו יענע, וואָס שטימען לויט די באַאָבאַכטונגען פון דעם געזונטן און קריטיקירנדיקן פאַרשטאַנד און

די וויסנשאַפטלעכע דערפאַרונגען, בשום אופן נישט איין מיט אָט דער טעאָריע, דעמאָלט ווערט די קונסט שמאָל, דאָגמאַטיש, און זער שנעל באַנאַל. דאָס איז דער פאַל אפילו מיט די ״לינקע״ עקספּרעסיאָניסטן אין רוסלאַנד און מיט די סור־רעאַליסטן פון אַנדערע לענדער. לויט די מאַרקסיסטישע פּרינציפּן, מוזן די קונסט טעאָריעס, פּונקט ווי אַלע אַנ־דערע גייסטיקע ווערטן, געשאַפן ווערן נאָר דורך דעם אינדוקטיוון דיאַלעקטישן מעטאָד, וואָס באַזירט זיך שטענדיק אויף דעם באָאַבאַכטן און דערקענען די אָביעקטיווע אַנטוויקלונג פון די קאָנקרעטע לעבנס דערשיינונגען.

ווען מען גייט אָבער צו צום אָביעקט פון שילדערונג, אָן יעטווע־דער אידעע און מאָסשטאַב, דעמאָלט, ווידער, פאַרוואַנדלט זיך די קונסט אין אַ נודנער און באַנאַלער פאָטאָגראַפיע, אונטער וועלכער ס׳באַהאַלט זיך טעמפּעראַמענטלאָזע פּאַסיוויטעט. אין דער עכטער, אייגנאַרטיקער קונסט מוז זיין אַן ענגע צוזאַמענאַרבעט פון וויסן, לעבנס באָאָבאַכטונג און אידעאָלאָגישער באַלויכטונג.

אין אַ ראַציאָנעלער געזעלשאַפט, ווו אַלע מיסטישע פּאַראורטיילן ווערן באַזייטיקט, ווו ס׳איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר מענטשלעכער אומ־באַהאָלפענקייט און גייסטיקער אָפּהענטיקייט און די קינסטלער שטיצן זיך נישט אויף אומוויסן און געטלעכער אינטואיציע, נאָר פאָרשן אויס סיי די אינערלעכע אַנטוויקלונג פון שאַפן, סיי די קעגנזייטיקע ווירקונגען, וואָס עגזיסטירן צווישן דער קונסט און דער געזעלשאַפט, דע־מאָלט איז מעגלעך צו דערוואַרבן און באַנוצן די פּאָלקאָמסטע און ראַ־פינירטעסטע פאָרמען און אייגנצייטיק צו אַנטוויקלען אַלעמאָל נייע אינ־האַלטן, וועלכע זאָלן זיך באַוועגן און ענדערן אין איינקלאַנג מיט די געזעלשאַפטלעכע נויטן און שטרעבונגען און זיי זאָלן נישט ווערן אויס־געוועפּט און באַנאַל, נאָר זיין אמת סאָציאַל און, דערפאַר טאַקע, אויך אייגנאַרטיק, זאַפטיק און לעבנס פּעאיק.

## קאַפּיטל 35

# וויסנשאַפט און בעלעטריסטיק

(די דיאַלעקטישע איינהייט פון וויסן און שאַפן)

די בורזשואַזע קולטור געשיכטע האַלט אַז די מענטשן שאַפן צום ערשטן די דיכטונג און לעגענדעס, פון וועלכע ס׳שטאַמט אונזער בעלע־טריסטיק, און ערשט שפּעטער אַנטוויקלען זיי די פילאָזאָפיעס, טעאָריעס און וויסנשאַפטן, אָבער אין אַן אמת׳ן איז אפילו דאָס באַנוצן די אומ־אַנטוויקלטע שפּראַך, אויף וועלכער די פּרימיטיווע דיכטונג איז געשאַפן,

שוין אַליין געווען אַ פאָרם פון פרימיטיווער וויסנשאַפט, ווייל די שפּראַך אַליין איז אַ געוויסע (כאָטש אפשר איבערפלעכלעכע) אויספאָרשונג און דערקלערונג פון דעם קעגנשטאַנד, וועלכן מען רופט אָן מיט אַ נאָמען.

די קולטור היסטאָריקער וואָס מיינען אַז די בעלעטריסטיק איז אַן אויסדרוק פון געפיל און האָט דערפאַר עגזיסטירט פאַר דער וויסנשאַפט, וועלכע איז, לויט זייער מיינונג, אַן אויסדרוק פון דעם געדאַנק (די גרע־ניצן פון געפיל און געדאַנק זענען אין אַן אמת נישט אַזוי שאַרף פונאַנ־דערגעטיילט, אין ממשות׳דיקן לעבן טרעפן זיי זיך מערסטנטייל צענויף) האָבן גרונט פאַלש פאַרשטאַנען דעם פּראָצעס, ווייל נישט נאָר האָט זיך דאָס געפיל אַנטוויקלט נאָך דעם געדאַנק, נאָר ס׳איז אויך אַ דירעקטער רעזולטאַט פון דעם געדאַנק.

דער איבערגאַנג פון חיה׳שען צושטאַנד צו דער מדרגה פון אַ מענטש, איז (ווי מיר האָבן דערוויזן אין דעם קאַפּיטל איבער געפיל און געדאַנק) באַשטאַנען אין דער אַנטוויקלונג פון דעם אינסטינקט צו דעם געדאַנק (דער געדאַנק איז פון זיין זייט דער רעזולטאַט פון יענע דערפאַ־רונגען, וואָס די אינסטינקטן האָבן דורכגעמאַכט אין דעם פּראָצעס פון מענטשנס קאַמף פאַר עגזיסטענץ, ער שטעלט מיט זיך דערפאַר פאָר דעם קאָמפּלעקס פון די מיטלען פון קאַמף פאַר עקזיסטענץ) און ערשט דער געדאַנק האָט קולטיווירט און צוגעגעבן אַ נייע פאָרם דעם אינ־סטינקט, וואָס האָט אַזוי אַרום באַקומען די אייגנשאַפט פון געפיל.

דאָס געפיל (וואָס איז גאַנץ פאַרשידן פון פרימיטיוון חיה׳שען אינ־סטינקט) איז אַ פאָרם פון די פריערדיקע אינסטינקטן, וועלכע זענען דורך די נייע אומשטענדן צוגעפּאַסט געוואָרן צו די פּאָזיציעס, וואָס דער מענטש האָט מיט זיין געדאַנק דערגרייכט.

און פּונקט ווי דאָס געפיל אַנטוויקלט זיך, נישט נאָר נאָך דעם גע־דאַנק, נאָר אויך פון דעם געדאַנק, אַזוי קומט די בעלעטריסטיק, נישט נאָר נאָך דער וויסנשאַפט, נאָר אויך פון דער וויסנשאַפט, און זי דינט דעם מענטשן אַלס אַ מיטל פון דעם פאַרפולקאָמטן צופּאַסן זיך צו יע־דער נייער פאַזע פון דער וויסנשאַפט און פון די ניי געשאַפענע לעבנס באַדינגונגען.

די ערשטע פרימיטיווע כלים (דער ערשטער שטעקן, שטיין א.אַ.וו.) וואָס דער אורמענטש האָט באַנוצט, זענען געווען דאָס איינציקע מיטל, דורך וועלכן ער האָט געוואונען די נויטוועגדיקע פּאָזיציעס אינ׳ם קאַמף פאַר עגזיסטענץ און אין זיין שטופנווייזן דערנעענטערן זיך צו דער מדרגה פון קולטור, קונסט, וויסן און די אַנדערע דערגרייכונגען, וואָס זענען ביז צו אונזער צייט געמאַכט געוואָרן, ווייל אין תוך איז סיי די קונסט, סיי אונזער וויסן און קולטור, אין אַן אמת בלויז אַ פאָרטזעצונג פון דעם לעבן קאַמף, וואָס ווערט געפירט מיט דער הילף פון די מכשירים, מיט

וועלכע דער מענטש באַנוצט זיך (די מכשירים, ד. ה. די מיטלען פון פּראָדוקציע, זענען אַזוי אַרום איינצייטיק אויך די מיטלען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ און אַנטוויקלונג פון קולטור).

די פאַרשידענע פּרימיטיווע כלים (דער ערשטער אויסדרוק פון געדאַנק) וואָס זענען געווען דער פּאַרמיטלער צווישן דעם מענטשן און דער נאַטור, זיי האָבן געהאָלפן דעם ווילדן צוצופּאַסן די רויע נאַטור קרעפטן צו זיך, און האָבן פאַרלייכטערט זיין צופּאַסן זיך צו דער נאַטור, אַזוי אַרום האָט ער געוואונען די מעגלעכקייט זיך צו ווערן געגן איר, זי צו באַהערשן און אויסצונוצן. אָבער פּונקט ווי אין דעם קאַמף צווישן פעלקער און קלאַסן קען די זעלבסט טרענירונג און אויסריסטונג, ווי אויך דאָס אָנפאַלן אויף דעם שונא נישט פאַרקומען, ביז מען פאָרשט נישט אויס דעם געגנערס פּאָזיציעס און כחות (דורך געאָגראַפישן וויסן, סטראַטעגיע און טאַקטיק) און ביז מען דערקענט נישט די אייגענע כחות (דורך מיליטערישע רעוויזיעס, מאַטעריעלע באַלאַנסן און אַזוי ווייטער), פּונקט אַזוי מוז דעם מענטשס קאַמף פאַר עגזיסטענץ זיין באַזירט אויף וויסנשאַפטן, וואָס פאָרשן אויס די נאַטור, און אויך איינצייטיק אויף וויסנשאַפטן, וואָס פאָרשן אויס דעם מענטשן אַליין, כדי דער קאַמף זאָל קענען זיין זיגרייך, כדי די אומבאַהאָלפענע ראַנגלענישן זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ סיסטעמאַטישער און פּלאַנמעסיקער אַטאַקע, און דער קנעכט פון דער נאַטור זאָל ווערן דער שטאָלצער זיגער און באַוווסטזיניקער פאַרוואַלטער.

די פאַרשידענע קעגנשטאַנדן און אָביעקטן הויבט מען צוערשט אָן דערקענען, ווען מען שטויסט זיך, דורך די אָביעקטיווע אומשטענדן, מיט זיי צונויף.

דאָס דערקענען און אויספאָרשן אַ קעגנשטאַנד ביז צו אַ געוויסער מאָס, מוז דאַן אומפאַרמײדלעך פירן צום באַנוצן אָט דעם זעלבן קעגנשטאַנד, מיט וועלכן מען האָט זיך צוזאַמענגעשטויסן, צוליב די אייגענע צוועקן. דער פּראָצעס פון באַנוצן די קעגנשטאַנדן ברענגט, פון זיין זייט, צו אַ ווייטערדיקער דערקענטעניש איבער אָט די אָביעקטן און צו דער אַנטוויקלונג פון אַ וויסנשאַפט איבער זיי.

דאָס דערקענען און אויספאָרשן אַ באַשטימטן וויסנשאַפטלעכן צווייג ביז צו אַ געוויסער שטופע מוז, פּונקט אַזוי אומפאַרמײדלעך, פירן צו דעם טעכנישן פאַרווערטן אָט די וויסנשאַפט, אַזוי אַז זי זאָל אונז קענען דינען צו באַפרידיקן אונזערע באַדערפענישן.

די טעכנישע פאַרווערטונג פון די נאַטור וויסנשאַפטן באַשטייט אין דעם בויען מאַשינען, אויסגעפונען כעמישע שטאָפן און אַנדערע טעכנישע מיטלען, וועלכע דינען צוצופּאַסן די נאַטור צו אונז, אַז זי זאָל אונז

ברענגען נוצן,— די טעכנישע פּאָרווערטונגען פון די אַנטראָפּאָלאָגישע וויסנשאַפטן באַשטייען אין דער דיכטונג און אין דער בעלעטריסטיק (דער מענטש, מיט זיין גאַנצער אַנטוויקלונג, איז בלויז אַ טייל, אַ פּראָדוקט און פאָלגע פון דער נאַטור, און קען פון איר נישט אָפּגעטיילט ווערן, כאָטש ער איז אויך איינצייטיק, פּונקט ווי יעדער פּראָדוקט און פאָלגע, סיי די סינטעזע און סיי די אַנטיטעזע פון די סיבות וואָס האָבן אים געשאַפן, אַזוי זענען די אַנטראָפּאָלאָגישע וויסנשאַפטן בלויז אַ טייל פון דער נאַטור וויסנשאַפט, און ווען מיר שליסן זיי אויס, אין אַבסטראַקטן זין, פון דער נאַטור וויסנשאַפט און שטעלן זיי — אַלס די אַנטיטעזען פון דער לעצטער — איר אַנטקעגן, איז דאָס נאָר כדי דייטלעכער אָנצווייזן די אינערלעכע דיאַלעקטישע באַציונגען און פאַרבינדונגען צווישן אַט די צוויי טיילן פון איין איינהייט).

די דיכטונג און די בעלעטריסטיק זענען אַ טעכניש מיטל (ווי אויסטערליש דאָס זאָל נישט קלינגען) צוצופּאַסן די פאָרם פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט צו די עגזיסטירנדיקע נאַטור און פּראָדוקציע באַדינגונגען, און זיי פּאַסן צו דעם אינדיווידואום צו דער געגעבענער געזעלשאַפט, ווייל נאָר אויף אַזאַ אופן קען פאָרקומען דער ריכטיקער פּראָצעס פון אונזער אויסנוצן די נאַטור.

יעדע ניי אַנטדעקטע כלי, אָדער געצייג, וואָס האָט אַלץ מער צוגעפּאַסט די נאַטור צום מענטשן, האָט געפאָדערט אויך אַ נייע צופּאַסונג פון דעם מענטשן צו דער געשאַפענער לאַגע, דאָס הייסט, אַז יעדע נייע וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונג און אירע טעכנישע מיטלען, וואָס רופן אַרויס נייע פאָרמען פון געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן, מאַכן אויך אַ נייעם שפּאַן אין דער אַנטראָפּאָלאָגישער וויסנשאַפט, אין דער פּסיכאָלאָגיע און סאָציאַלע טעאָריעס און בייטן, איינצייטיק דערמיט, אויך דעם אינהאַלט פון די לידער, דערציילונגען און אַנדערע קונסט שאַפונגען, וועלכע זענען דירעקט באַאיינפלוסט פון דער פילאָסאָפיע און אומדירעקט פון דער וויסנשאַפט.

אין אירע ערשטע אומקלאָרע און נעפּלהאַפטיקע פאָרמען, איז די וויסנשאַפט באַשטאַנען אין דאָגמעס און רעליגיעס; אין דעם רעליגיעזן דינסט פון דעם ווילדן, האָט אָבער שוין געשטעקט דער פּלאַן צוצופּאַסן

און אויסנוצן, פאַר זיינע אייגענע צוועקן, יענע קרעפטן, וועלכע ער האָט פאַרגעטערט.

די פרימיטיווע וויסנשאַפטן, טעאָריעס און פילאָסאָפיעס, פונקט ווי די פרימיטיווע בעלעטריסטיק, די פאַרשידענע לעגענדן און משלים, וואָס זענען דורכגעוועבט מיט רעליגיעזע מאָטיוון, טראָגן דעם קאָלאָריט פון די ספּעציפישע באַדינגונגען פון פּראָדוקציע.

די אַמאָליגע פאַסטוכער פעלקער האָבן געזונגען און געבעטען צו גאָט וועגן זייערע טשערעדעס, נישט וויל זיי האָבן באַוווּנדערט די שענקייט פון די שאָף, אָדער זייער הייליקייט, נאָר ווייל די שאָף זענען דער אויסדרוק פון זייער פּראָדוקציע; די פאַרשטעלונגען און די דערקענטעניש איבער זיי, שטעלט מיט זיך פאָר די שטופע פון זייער וויסנשאַפט, און דאָס באַנוצן זיך מיט זיי, איז די טעכניק אין זייער קאַמף פאַר עגזיסטענץ.

און פונקט ווי דאָס פאַשן די שאָף, מיט דעם צוועק זיי דערנאָך אויסצונוצן, איז ביי דעם פאַסטוך דאָס מיטל און דער אויסדרוק פון זיין דערוואָרבענער נאַטור דערקענטעניש, אַזוי זענען די לידער און דערציילונגען וועגן די שאָף, דאָס מיטל און דער אויסדרוק פון דעם צוגעווינען און צ ו פ אַ ס ן ז י ך צו די שאָף, און איז באַזירט אויף עקספּערימענטן, פעסטשטעלונגען און קאָנסעקווענצן, וואָס מען האָט געצויגן פון אָט דעם שטייגער לעבן, דאָס הייסט, אויף דער פילאָסאָפיע פון די פאַסטוכער.

אַזוי איז אויך די בעלעטריסטיק פון די ערד אַרבעטער, באַזירט אויף דער פויערישער פילאָסאָפיע, אַלע פאָלקס שאַפונגען ביי די ציווי־ליזירטע פעלקער זענען געבויעט אויף אַ פאָלקס פילאָסאָפיע, וועלכע אַנטשפּרעכט דער וויסנשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון דעם פאָלק און דער טעכניק, ביי וועלכער ס׳לעבט.

און אפילו די מער ראַפינירטע שאַפונגען פון אונזער צייט, מיט זייער פאַרפיינערטער פאָרם פון באַזינגען, באַוווּנדערן, באַמאָלן פאַרשי־דענע דערשיינונגען, איז אויך אַן אויסדרוק פון אַ לאַנג יאָריקן באַ־אָבאַכטן אָט די דערשיינונגען, דאָס הייסט, פון דעם שטודירן זיי און זיך צופאַסן צו זיי; מיט אַנדערע ווערטער, ס׳איז אויך אַ טעכניק אין דעם קאַמף פאַר עגזיסטענץ און איז באַזירט אויף וויסנשאַפט.

אויב אָט די שאַפונגס פאָרם טיילט זיך אָבער אָפּ (צוליב פאַרשידע־נע סיבות פון דעקאַדענץ) אַלס אַ באַזונדערער טייל און פאַרלירט דעם קאָנטאַקט מיט די וויטערדיקע פאָרמען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ, הויבט זי אָן צו דעגענערירן און זיך איבערצו׳חזר׳ן, ווי דאָס איז דער פאַל אין אַ טייל פון אונזער היינטיקער דיכטונג און בעלעטריסטיק, וואָס דרייט זיך די גאַנצע צייט אַרום אויף איין אָרט, ווי אַ שטומפּיקער

שטיפט אויף אַן אָפּגעריבענער גראַמאַפאָן פּליטע, און די פּראָפּאַגאַן נעמען נאָך אַלץ אָן דאָס קריצן, פאַר טרעלן פון אַ געטלעכער קאָלאָראַ־טור.

ביי אַן אויבנאויפיקער פאָרשונג איז שווער נאָכצופאָלגן נאָך די פאַרבינדונגען פון דער וויסנשאַפט מיט דער בעלעטריסטיק, דאָס איז דערפאַר, וואָס כאָטש זייערע צילן זענען די זעלבע, זענען אָבער זייערע פונקציעס פאַרשידענע.

אין דער צייט ווען די וויסנשאַפט איז ביים פאָרשן ברייטער, אַל־געמיינער און אַבסטראַקטער, און דער נוצן וואָס זי ברענגט איז גראָד קאָנקרעטער, איז ביי דער בעלעטריסטיק פאַרקערט, אירע מיטלען זע־נען קאָנקרעטע, אָבער דער נוצן און ווירקונג זענען אַבסטראַקטער, ווייל זיי זענען אין אונז און מיר קענען זיי נישט דירעקט וועגן און מעסטן.

דערפאַר איז דאָס שטיצן זיך פון דער בעלעטריסטיק אויף דער וויסנשאַפט, און אפילו איר באַציונג צו טעאָריע און פילאָסאָפיע, אָפט אומבאַוווסט אפילו פאַר דעם קינסטלער אַליין, דאָס שטיצן זיך איז אָבער אַ פאַקט, וואָס עגזיסטירט שטענדיק.

אַזוי האָט די אידעאַליסטישע פילאָסאָפיע, וועלכע איז געווען אַ פּראָדוקט פון אַ געוויסער סאָציאַלער אָרדנונג און באַזונדערע באַדינ־גונגען פון פּראָדוקציע, דאָס הייסט פון אַ באַשטימטער שטופע פון וויסנשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, געגרינדעט די אידעאַליסטישע (ראָמאַנ־טישע) ריכטונג אין דער קונסט, די סענטימענטאַלע פילאָסאָפיע, האָט געשאַפן אַ סענטימענטאַלע ריכטונג אין דער קונסט (די קליינבירגער־לעכע עפּאָכע), און די מאַטעריאַליסטישע פילאָסאָפיע האָט אַנטוויקלט אַ מאַטעריאַליסטישע אָריענטאַציע אין דער קונסט.

ווען די מאַרקסיסטישע אידעאָלאָגיע האָט אָנגעהויבן אַריינדרינגען קיין רוסלאַנד, איז געשאַפן געוואָרן טשערנישעווסקיס עפּאָכע־מאַכנדיק, מאַטעריאַליסטיש קונסט ווערק „וואָס זאָל מען טאָן", די אַנטוויקלונג פון „עקאָנאָמיזם" אין רוסלאַנד האָט געפונען איר קינסטלערישן אויס־דרוק אין טשעכאָווס שאַפונגען, וועלכע זענען געווען די בעלעטריסטי־שע פאַרקערפערונג פון דער טעאָריע פון „קליינע מעשים".

פּשעבישעווסקיס „האָמאָ סאַפּיענס", ווינטשענקאָס „ערלעכקייט מיט זיך" און אַרציבאַשעווס „סאַנין", פאַרטרעטן אַלע אין דער ליטע־ראַטור די זעלבע שפּיז־בירגערלעכע אידעאָלאָגיע, וואָס ניטשעס אוי־בער מענטשן אין דער פילאָסאָפיע.

בייראָן, שילער, לערמאָנטאָוו און, נאָך פאַר זיי, שעקספּיר, האָבן זיך אַלע געשטיצט אויף דער פילאָסאָפיע פון דעקאַרטן, געטהע איז

טיילוויז געווען באַאיינפלוסט פון שפּינאָזאַן, טיילוויז קען מען ביי איִם געפינען איינפלוסן פון קאַנטן.

טאָלסטאָיס בעלעטריסטישע ווערק זענען געבויעט אויף דער טאָלסטאָיאַנישער פילאָסאָפיע, וועלכע איז פון איר זייט באַאיינפלוסט פון רוסאָ׳ן, אָבער נאָך מער און טיפער, פון דעם אינדישן בודיזם און פון דער כינעזישער פילאָסאָפיע, און אַנטשפּרעכט דער עקאָנאָמישער און וויסנשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון זיין קלאַס, אין זיין צייט.

פונקט ווי די עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און טעכנישע באַדינגונגען איילן צו און מאַכן מעגלעך דעם פּראָגרעס פון דער וויסנשאַפט, אַזוי ענדערט די וויסנשאַפט פון איר זייט די געזעלשאַפטלעכע פאָרמען פון לעבן און איילט דאַן אינדירעקט צו זייער פּראָגרעס.

אויב דער פּראָגרעס דראָט אָבער צו צעשטערן די מאַכט פון די הערשנדיקע סאָציאַלע שיכטן, באַקעמפן זיי אָט דעם פּראָגרעס, כל זמן זיי זענען נאָר ביים רודער.

אויף וויפיל ס׳פאַרשאַרפן זיך די באַציונגען צווישן די רעאַקציאָנע־רע געזעלשאַפטלעכע שיכטן, און צווישן די פּערספּעקטיוון פון דער וויסנשאַפט מיט אירע טעכנישע מעגלעכקייטן, אויף אַזוי פיל פאַר־שטאַרקן זיך אויך די אַנטאַגאָניזמען צווישען דער רעאַקציאָנערער פי־לאָסאָפיע, און צווישן דער וויסנשאַפט, וועלכע איז שטענדיק פּראָגרע־סיוו (כאָטש זי קען טיילוויז אָנגעווענדעט ווערן אויף אַ צעשטערערישן אופן), אפילו ווען די וויסנשאַפטלער אַליין זענען רעאַקציאָנער.

דעמאָלט דערפילן יענע בעלעטריסטן, וועלכע זענען אָפּהענגיק פון די מאַכטהאָבער און פילן מיט זייערע אינטערעסן, אַז זיי זענען מיט אַמאָל געוואָרן די איינציקע און די הויפּט שטיצע פון דער געזעל־שאַפט.

אין אַזעלכע פאַלן רעדט די פילאָסאָפיע קעגן דער טעכניק, באַ־קעמפט די עגזאַקטע וויסנשאַפטן און זעט די רעטונג פון דער מענטש־הייט אין דעם אומקערן זיך צו דער נאַטור, אין דעם קולט פון פּרימי־טיווקייט, ווי דאָס האָט געפּרעדיקט טאָלסטאָי, וועלכער איז געווען אַ זון פון פעאָדאַלן קלאַס און האָט געקוקט מיט שרעק אויף דעם פאָר־שריט פון דער טעכניק און דער יונגער בורזשואַזיע, וואָס האָט אָט די טעכניק פּראָקלאַמירט געגן די אינטערעסן פון דעם פעאָדאַליזם.

אין אַנדערע פאָרמען, אויף אַ סך אַ גרויזאַמערן און מער צעשטע־רערישן אופן, קומט איצט פאָר דער זעלבער קאַמף מיט דער וויסנשאַפט אין נאַצי דייטשלאַנד, ווו געגן דעם „יידישן“ אינטעלעקטואַליזם, פּראָ־פּאַגאַנדירן די היטלעריסטן ס׳זאָל אַרויסגערוקט ווערן דער קולט פון „געפיל“.

אַזעלכע אַנטי־וויסנשאַפטלעכע פילאָסאָפיעס ברענגען אַרויס אַ נאָך מער עקסטרעמע אַנטי־וויסנשאַפטלעכע, אַנטי־פילאָסאָפישע בע־לעטריסטיק.

אָט די בעלעטריסטיק, פון איר זייט, ווערט נאַטירלעך זער אָרעם אין איר אינהאַלט און אין דער שרייבערישער טעכניק, אָדער בעסער געזאָגט, זי ווערט פאַרוואַנדלט אין שונד און איז באַזירט אויף דער באַ־נאַלסטער פסעוודאָ פילאָסאָפיע, ווי מיר זעען דאָס אין דער בעלעט־ריסטיק פון נאַצי דייטשלאַנד.

פונקט ווי פאַר דעם געזעלשאַפטלעכן פּראָגרעס איז שעדלעך די גרינגשעצונג פון דער בעלעטריסטיק צו דער וויסנשאַפט, אַזוי איז פאַר דער פּאָפּולאַריזירונג און אויפקלערונגס אַרבעט שעדלעך די איראָני־שע באַציונג פון דער וויסנשאַפט צו דער בעלעטריסטיק.

באַזונדער אומזיניק איז די פיינטלעכע שטעלונג, סיי פון דער וויסנשאַפט און סיי פון דער בעלעטריסטיק צו דער פילאָסאָפיע, ווייל די עכטע פילאָסאָפיע שטייט נישט „איבער אַלע וויסנשאַפטן“, (ווי דאָס איז די מיינונג פון די פאַרשידענע אַלטע און מאָדערנע „דירינגס“) נאָר זי איז די וויסנשאַפט איבער די געזעצן פון סאָציאַלן לעבן און מענטשלעכן דענקען און פילן, (ווי ענגעלס באַצייכנט זי) זי דינט אַלס אַן איבערגאַנגס שטופע פון דער וויסנשאַפט צו דער בעלעטריסטיק— און פאַרקערט. זי פאַרמאָגט אין זיך עלעמענטן פון אָט די ביידע אָפּ־צווייגונגען און צירקולירט ווי אַ לעבעדיקער שטראָם צווישן זיי.

אין דער צייט ווען די אומפאָלקאָמענע פילאָסאָפיע און בעלעטריס־טיק שטיצן זיך אומבאַוווּסטזיניק און איבערפלעכלעך אויף דער וויסנשאַפט, איז די אויפגאַבע פון דער עכטער פילאָ־סאָפיע, זיך באַוווּסטזיניק צו שטיצן אויף דער קונסט און וויסנשאַפט — און פון דער גוטער בעלעטריסטיק צו דער־קענען און באַהערשן די פילאָסאָפישע און וויסנשאַפטלעכע אידעען, אמתן און אַנטדעקונגען, אויף וועלכע זי שטיצט זיך, ווייל אונזער קונסט און וויסן קענען נאָר דעמאָלט דערגרייכן צו אַ אידעאַלער גייס־טיקער הויך, ווען די בעלעטריסטיק, וויסנשאַפט און פילאָסאָפיע, וועלן זיך באַוווּסטזיניק שטיצן איינע אויף דער אַנדערער, אין אַ פאַר־שטאַרקטער קראַפט פון שאַפן.

שפּראָצונגען (ווען אפילו נאָך נישט קיין דרייסטע) זענען שוין פאַראַן אין דער יונגער סאָוויעטישער און אַלגעמיין פּראָלעטאַרישע לי־טעראַטורן.

קאַפּיטל 36

## אייביקייט אין דער קונסט

צווישן שרייבער און אין דער קריטיק רעדט מען אָפט וועגן צוויי־ערליי מדרגות פון קונסט.

איינערליי קונסט שאַצט מען אָפּ פאַר אייביק און העכער פון צייט און רוים, דעם צווייטן סאָרט קונסט האַלט מען פאַר באַגרעניצט דורך די אינטערעסן פון סביבה און אומשטענדן און, דערפאַר אויך, פאַר צייטווייליק.

יענע שרייבער, וואָס רעדן אַ סך וועגן דער אייביקייט פון קונסט, פון דעם קינסטלערס נאָמען און פון זיין שאַפן, און רייסן זיך דערביי אָפּ פון די קאָנקרעטע לעבנס פראַגן, כדי צו דערגרייכן דעם אידעאַל פון אָט די גערעדערייען, אָט אַזעלכע שרייבער, איז נישט נאָר וואָס זיי שאַפן נישט קיין אייביקע ווערטן, און נישט נאָר וואָס זיי פאַרשטייען נישט דעם באַטייט פון קונסט, פון שאַפן און פון אייביקייט, נאָר זייער גאַנץ רעדן און שרייבן ווערט סוף כל סוף אויסגעליידיקט פון יעדן אינ־האַלט און זיי בלייבן בלויז ביי דעם פוסטן און אָנגעבלאָזענעם וואָרט, אייביקייט, דורך וועלכן מען קען נישט נאָר נישט ווערן אייביק, (ווייל דאָס איז בכלל אוממעגלעך) נאָר מ׳קען אין אַלגעמיין נישט שאַפן קיין קינסטלערישע ווערטן, וואָס זאָלן זיין לעבנס פעאיק, אפילו אין די רעאַל עגזיסטירנדיקע, רעלאַטיווע פאַרהעלטענישן.

לויט אַלע השערות, איז אייביק בלויז דאָס בייטן זיך פון דער מאַ־טעריע, דאָס הייסט די באַוועגונג, וואָס עגזיסטירט אין די פאַרשידנסטע פאָרמען פון שטאָף.

אונזער ערד קוגל, ווי מיר זעען אים איצט, איז נישט אייביק, דאָס הייסט, אַז לויט אַלע וויסנשאַפטלעכע באַווייזן, האָט ער זיך אַמאָל אָנ־געהויבן און וועט זיך אַמאָל אויסלאָזן, נאָך וועניקער אייביק איז די מענטשהייט, און וועניקער פון וועניקער די קונסט, און דאָס נישטיקסטע אָרט אין דעם גאַנצן פראָצעס פאַרנעמט דער איינצלנער קינסטלער.

אויב מען זאָל פּרובירן אויפריכטיק אָפּשאַצן דעם ליטעראַרישן ווערט פון דער רעליגיעזער, היסטאָרישער און קלאַסישער ליטעראַטור, וועלכע זענען אַרומגערינגלט מיט אַ גרעניץ פון דאָגמאַטישע ריטואַלן און זענען אָפּגעצוימט פון יעדער דרייסטער קריטיק, וועט מען קומען צום באַשלוס, אַז אפילו די ווערק פון האָמער און שעקספּיר קענען נישט באַפרידיקן די פאָדערונגען, וואָס ווערן הייגט צו טאָג געשטעלט צו אַן עכט קונסט ווערק, זיי זענען גרויס, נאָר ווען מיר באַטראַכטן זיי אין פאַרבינדונג מיט זייער צייט, סביבה און אומשטענדן, אָבער דעמאָלט ווען מיר ווילן זיי אַוועקשטעלן אויסגעשיילט פון צייט און רוים, צע־

רינט זייער קינסטלערישער ווערט און, במילא שוין אויך, זייער איבערקייט. נאָך ווייניקער אַנטשפּרעכן אונזער געשמאַק און אונזערע באַגריפן וועגן קונסט, יענע פּאַרצייטיקע קינסטלער, וועלכע ווערן שטודירט בלויז פון ספּעציאַליסטן, שוין אָבגערעדט פון די הונדערטער און טויזנטער, וואָס זענען לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן געווען גרויס, אין זייער צייט, און זענען אונז אינגאַנצן אומבאַקאַנט.

ביי אַ נידעריקער שטופע פון קולטור איז נישטאָ קיין גרויסער אונטערשיד צווישן די מיטגלידער פון שטאַם; און די קינסטלערישע שאַפונגען, פונקט ווי אַלע אַנדערע צווייגן פון אַרבעט, ווערן פּראָדוצירט און קאָנסומירט געמיינשאַפטלעך.

מיט דער אַנטוויקלונג פון די מיטלען פון פּראָדוקציע און מיט דער צעטיילונג פון קלאַסן, הויבן אָן די פּאָדערונגען פאַר די קוואַליפיציעס, וואָס ווערן געשטעלט צו די איינצלנע קינסטלער, וואַקסן אויף דעם חשבון פון זייער קוואַנטיטעט. אין די ערשטע פּעריאָדן פון דער קלאַסן געזעלשאַפט זענען דערפאַר דאָ בלויז געציילטע קינסטלער, וואָס ווערן פאַרגעטערט, סיי דערפאַר ווייל זיי טיילן זיך צו שאַרף אויס פון די אַרומיקע מענטשן, סיי דערפאַר וואָס די געזעצן פון קונסט זענען נאָך פאַר יענער אומגעבונג אַ פאַרזיגלטער סוד, איבער וועלכן מען איז אַבסאָלוט אומווּיסנדיק. אָט די קינסטלער מאַכן דערפאַר טיפערע און מער דויערהאַפטיקע איינדרוקן אין דער געשיכטע פון די פּרימיטיווע פעלקער און מען טראָגט זיך לענגער אַרום מיט זייערע שאַפונגען.

די צאָל פון די קינסטלער וואַקסט אָבער, מיט דער אַנטוויקלונג פון דער קולטור, און אָט די לעצטע קינסטלער קומט שוין אָן שווערער זיך אַרומצורינגלען מיט אַזעלכע דאָגמעס, ווי זייערע פאַרגענגער. מען גלויבט שוין מער נישט אַזוי שטאַרק און מיט אַזאַ פּיעטעט, ווי פריער, נישט אין זייער אימאַטעריעלער, געטלעכער נאַטור, נישט אין זייער „משוגעת". די בלומרשטע משוגעת, וועלכע האָט זיי פריער אויך אָפט געדינט אַלס אַ מין אַטריבוט פון געטלעכקייט. די שרייבער אַליין קומט אָבער אָן זער שווער אָפּצוגיבן אָט די באַזונדערע פּריווילעגיעס, כל זמן זיי זענען נאָך עקאָנאָמיש אַזוי אומזיכער און נישט פאַרזאָרגט.

די טעכניק, אינהאַלט און פאַרנעם פון די קונסט ווערק, בייט זיך און פאַרפאָלקאָמט זיך אַזוי שנעל, אַז נאָך איידער איין נייע שיטה דערשלאָגט זיך צו דער דערקענטעניש פון דעם עולם, איז זי שוין אַלטמאָדיש, ס׳זענען שוין פאַראַן נייע אויף איר פּלאַץ.

די נישט פאַסיקע אומשטענדן און די אַלטע קאָנסערוואַטיווע אָרגאַניזאַציע שטערן דער אַנטוויקלונג פון דער קונסט, פונקט ווי פון דער פּראָדוקציע אין אַלגעמיין, אָבער ס׳העלפט נישט, די סודות פון דער קונסט ווערן אַלגעמיין באַוווּסט און אויף דעם אָרט פון איין פויפסט קו־

מען הונדערטער טויזנטער, און דאָס מיינט, אַז די פּריסטער מאַכט גייט אונטער; און אויב די קונסט איז טאַקע אומעטום, איז דאָך דאָס פעלד פון קונסט די ממשותדיקע ערד, צו וועלכער מען דאַרף נישט דינען, נאָר זי באַאַרבעטען.

יעדער פּראָווינציעלער דיכטערל, וואָס שרייבט אַ לידל, ווי מיליאָנען אַנדערע לידלעך, מיט דעם זעלבן בלויעם הימל, מיט דער זעלבער שטאָלצער געליבטער, וואָס כשופט און קאַפּריזעוועט, מיט די זעלבע בלימעלעך און שטעגעלעך, וויל אומבאַדינגט זיין אייביק, דאָס מיינט, אַז ער וואָלט געוואָלט זיין פּלאַפּלעריי זאָל זיין דאָס לעצטע וואָרט פון קונסט און דערביי זאָל די מענטשהייט בלייבען שטיין און אין טויזנטער יאָרן אַרום זאָל זי זיך אומקערן און דאָס איבערקייען. ווייל ווען ער גיט צו, אַז די מענטשהייט קאָן גייען פּאָראויס, וואָלט ער דאָך ביי אַ מינימום קאָנסעקווענץ געמוזט וויסן, אַז מען וועט אים סוף כל סוף פאַרגעסן, ווי גרויס ער זאָל נישט זיין.

און דוקא דילעטאַנטן, גראַפאָמאַנען און טאַלאַנטלאָזיקייטען, וואָס פאַרגעטערן די קונסט, זענען ווי יעדער לאַקיי, נאָך פאַרריסענער ווי זייער פּריץ אַליין, זיי פאַרהלירן יעדער מאָס אין זייער איבערטרייבן דעם ווערט פון דער קונסט און הנפּהנען דער אייגן־ליבע פון די קינסטלער.

דער עכטער קינסטלער, אויב ער איז אפילו נישט גענוג באַוווסט איבער אַט דער פּראָבלעמע, פאַרמאָגט ער אָבער דאָך אַ געפיל פון טאַקט און מאָס, און אויב ער באַקעמפט מיט דעם נויטיקן שטאָלץ די קליינלעכע און נעבעכדיקע בירגער, וואָס איגנאָרירן די קונסט און די קינסטלער, נעמט ער אָבער אָן אַ פאַרקערטע שטעלונג, ווען ער קומט זיך צונויף מיט די פאַרכלינעטע באַוווּנדערער.

צו זיך אַליין נעמען די עכטע קינסטלער אָן די שטרענגסטע שטעלונג, באַזונדערס ווען זיי באַמערקן ביי זיך די שוואַכקייט צו אַ געוויסער איבערשאַצונג פון דעם אייגענעם ווערט.

ס'זענען נישטאָ קיין אייביקע קונסט ווערק, ס'זענען דאָ בלויז שאַפונגען וואָס זענען מער אָדער ווייניקער אויסגעשפּראָכענע אויסדרוקן פון מער אָדער ווייניקער דויערהאַפטיקע קונסט עטאַפּן, און זייער דויערהאַפטיקייט איז אָפּהענגיק פון צוויי סיבות: פון דער קוואַליטעט פון שרייבן, און פון דעם טעמפּאָ פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, (קוואַליטעט ווערט פון איר זייט אויך באַשטימט דורך געזעלשאַפטלעכע סיבות און זי וואַקסט אינאיינעם מיט דער אַנטוויקלונג פון די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פאַרהעלטענישן).

רעלאַטיוו צו דער קוואַליטעט איז די דויערהאַפטיקייט פון דער קונסט אין אַ גלייכער פּראָפּאָרץ, און רעלאַטיוו צו דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג אין אַ פאַרקערטער פּראָפּאָרציע, דאָס הייסט, אַז

וואָס מער די קינסטלער האָבן געלערנט פון זייערע פאָרגענגער, וואָס טיפער זיי האָבן שטודירט דאָס לעבן, וואָס מער זיי האָבן דורכגעפילט און דורכגעטראַכט די אידעען, וועלכע זיי ברענגען אַרויס אין זייערע ווערק, און וואָס מער און אויפריכטיקער זיי האָבן איבער זיי געאַרבעט, (ווייל נאָר אויבערפלעכלעכע קינסטלער, מיט טעמפּע געפילן, שאַפן פון דער האַנט, און האָבן נאָך די העזה, דערמיט זיך צו באַרימען) אַלץ מער וועט מען פון זיי לערנען, אַלץ לענגער וועלן זייערע ווערק לעבן און דינען דער געזעלשאַפט.

רעלאַטיוו צו דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, איז אָבער פּונקט פאַרקערט, וואָס שנעלער די געזעלשאַפט אַנטוויקלט זיך, וואָס ווייטער ס'פאַרבעסערט זיך די טעכניק, וואָס ווייניקער די געזעלשאַפט ווערט אָפּגעהאַלטן אין אירע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע שטרעבונגען, אַלץ מער און שנעלער בייטן זיך די קונסט פאָרמען, אַלץ מער אַנטוויקלט זיך די קוואַליטעט פון שרייבן און אַלץ ווייניקער דויערהאַפטיק זענען איינצלנע קונסט ווערק און באַזונדערע קינסטלער.

די קינסטלער וואָס ריכטן זיך דערביי אויף דער אייביקייט און נעמען אָן זייער אָריענטאַציע אויף קונסט ווערק, וואָס זענען כלומרשט אינדיווידואַליסטישע, אָריגינעלע און, לויט זייער מיינונג, איבער די ענגע ראַמען פון צייט און סביבה, אָט די קינסטלער האַלטן אין איין איבערחזרן זיך, אָדער בעסער געזאָגט, די אַלטע אַלגעמיין באַוווסטע און אָפּגעלעבטע פראַזעס.

זיי טראָגן גאָרנישט ביי צו דער אַנטוויקלונג פון די סאָציאַלע מיטלען פון קאַמף פאַר עגזיסטענץ (פון וועלכע קונסט איז איינס פון די וויכטיקסטע) און בלייבן דערפאַר באַנאַל און ברענגען אויך גאָרנישט אַריין אין די עסטעטישע און קינסטלערישע פאָרמען פון שאַפן.

יענע קינסטלער, וואָס זענען דאַקעגן פאַרבונדן מיט די נויטן און שטרעבונגען פון די מאַסן און רופן זיך אָפּ אויף די פאָדערונגען פון זייער צייט, זיי מוזן פאַרפאַלקאָמען די קינסטלערישע פאָרמען און אַנטדעקן נייע פּערספּעקטיוון, ווייל אין די אומאויפהערלעכע באַוועגונגען און ענדערונגען פון די רעאַלע אָביעקטיווע דערשיינונגען און סאָציאַלע געשעענישן, אַנטפּלעקן זיך פאַר אונז אַלע מאָל נייע, אומבאַקאַנטע האָריזאָנטן, דורך וועלכע מיר ווערן אויפגעפאָדערט און אָנגערעגט זיך אומאויפהערלעך צו אַנטוויקלען און ענדערן.

אַזוי אַרום טראָגן די סאָציאַלע קינסטלער אונדירעקט ביי נישט נאָר צו זייער צייט, נאָר אויך פאַר די קומנדיקע דורות און פּיר די קינסטלער זייערע נאָכפאָלגער, וואָס וועלן אויף דעם חשבון און מיט דער הילף פון די אַנטדעקטע קאָנקרעטע קונסט ווערטן, קענען ווייטער שאַפן און אַנטדעקן.

די עכטע קינסטלער און זייער קונסט זענען ענג פאַרבונדן מיט די געזעלשאַפטלעכע נויטן, קאַמף און שטרעבונגען, און וואָס מער זיי טראָגן ביי צו אָט דעם קאַמף, וואָס בעסער זיי פאָרמולירן די שטרע־בונגען פון די מאַסן און וואָס ברייטער און לעבעדיקער זיי נעמען אַרום און פאַרבונדן די נאָענטע און טאָג טעגלעכע ראַנגלענישן, (דאָס מיינט בשום אופן נישט אַז זשורנאַליזם, רעפּאָרטאַזש אָדער אפילו קינסטלע־רישער רעפּאָרטאַזש קען, אין אַזאַ פאַל, פאַרנעמען דאָס פּלאַץ פון עכ־טער סאָציאַלער קונסט, ווי געוויסע איינגעבילדעטע זשורנאַליסטן פון איין זייט, און דעגענערירטע, שוואַכזיניקע און קרענקלעכע עסטעטן, פון אַ צווייטער זייט, פּרוּווען זיך דאָס איינצורעדן) מיט די ווייטסטע און איינצייטיק רעאַלע פּערספּעקטיוון, אַלץ מער פאַרגרעסערט זיך נישט נאָר זייער דירעקטע און אינדירעקטע דורכהאַפטיקייט, נאָר אויך דאָס צוזאַמענגיסן זיך מיט דער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט, אַלס אַ טייל פון דער אַלגעמיינער באַוועגונג, וועלכע איז דער איינציקער פּראָ־צעס פון אייביקן שאַפן.

קאַפּיטל 37

## ציניזם אין לעבן און אין דער קונסט

די פילאָסאָפן פון דער אַלט גריכישער שול, צו וועלכער ס'האָט געהערט דער גוט באַקאַנטער פילאָסאָף דיאָגען, האָבן זיך גערופן ציני־קער, ווייל אין זייער אויפריכטיקער ליבע צום אמת, האָבן זיי געמוזט דערגעען ביז צו ציניזם.

אָט די שולע איז אין דעם אַלטן גריכנלאַנד געווען באַוווּסט מיט אירע מאָראַלישע אויפפירונגען.

אין דער בורזשואַזער איירָאָפּאַ ווערט אָבער ציניזם נאָך אַלץ אויס־געמישט מיט די באַגריפן פּאָרנאָגראַפיע און פּראָפּאַגאַציע.

די דריי באַגריפן רופן אַרויס פּראָטעסט און מאַכן רויט די סענ־טימענטאַלע אינגלעך, צאַרטע פרויען און שעמעוודיקע מיידלעך. אָט די דריי טיפּן פון מענטשן, וואָס זענען אין דער כלומרשט קולטורעלער געזעלשאַפט מאָסגיבנדיק פאַר יעדער אָפּשאַצונג פון מאָראַל.

אַזוי ווי זיי קומען אין פאַרלעגנקייט און פאַרשטאָפּן זיך די אוירן, ווען זיי הערן בלויז דעם נאָמען פון ציניזם, אַלצאיינס ווי פון פּראָפּאַ־גאַציע, אָדער פּאָרנאָגראַפיע, האַלט פאַלגלעך די קאָנווענציאָנעלע גע־זעלשאַפט, אַז אַלע דריי איינשטעלונגען טויגן אַלץ איינס נישט.

אין אַן אמת האָבן אָבער די דאָזיקע דריי קאָנצעפּציעס גאַנץ פאַר־שידענאַרטיקע אייגנשאַפטן און שפּילן אינגאַנצן קעגנגעזעצטע ראָלן אין דער געזעלשאַפט.

די פּראָפּאַגאַציע ווערט תמיד באַנוצט פון קליינלעכע, נעבעכדיקע טיפן, וואָס האָבן אַ קרענקלעכע סאַדיסטישע תאווה אַראָפּצודרוקן און באַשמוצן אַלעס. די אויסערלעכע פאָרם, מיט וועלכער זיי אָפּערירן איז דערביי זער פאַרשידענאַרטיק און פילפאַרביק, זי הויבט זיך אָן פון דעם לומפּן פּראָלעטאַריש צעלאָזענעם, דעקאַדענטישן און באַהעמיש חוצפּה׳־דיקן באַזינגען דעם שמוץ, די זנות און שכרות, און ענדיגט זיך ביי דעם פאַלשן, היפּאָקריטישן פּאַטאָס, ביי דעם זיסלעכן לאַקריץ און קליינבירגערלעכן, געוויסנלאָזן איבערטרייבן, וואָס איז שוין במילא אַ באַליי־דיקונג און צעטרעטונג פון דעם קליינעם קערנדל אמת, וואָס פאַלט צו זיי אַריין, אונטער אַ וואָס פאַר אַ נישט איז פאָרם.

זייער טענדענץ איז אַזוי אַרום צו באַזיגן דעם אייגענעם אינערלעכן מינדערוואַרטיקייטס געפיל און זיך אויפצוהויבן אויף דעם רואין פון דעם עכטן, שענעם און הויכן.

אָט די מענטשן זענען אַמאָל כלומרשט ציניש, אַמאָל פּאָרנאָגראַפיש און מערסטנטיילס גאָר סענטימענטאַל, אָבער קיינמאָל נישט דערהויבנדיק, קיינמאָל נישט געזעלשאַפטלעך, תמיד פאַררעטעריש, עגאָאיסטיש, פּראָפּאַגאַנירנדיק און צווייִדייטיק. די פּאָרנאָגראַפיע, דאַקעגן, ווערט מערסטנטייל באַנוצט פון רויע, אָבער קרעפטיקע, פויערים־אַרטיקע מענטשן, זי איז זאַפטיק און ברייט, אָבער אָפטמאָל אומגעלומפּערט און נישט געשליפן, צייטנווייז קען זי נישט באַהערשן דעם אייגענעם קערפּער און גליטשט זיך אַריין אין די אָרעמס פון נידעריקער פּראָפּאַגאַציע, (דעמאָלט ווען דער קינסטלער, וואָס באַנוצט זיך מיט פּאָרנאָגראַפישע בילדער און אויסדרוקן אין זיין ווערק, האָט נישט דערביי קיין שום סאָציאַלע טענדענץ, אַ טענדענץ וואָס זאָל דורך דעם באַזונדערס בולט אונטערשטראָכן ווערן, אַנטדעקנדיק, אויף אַזאַ אופן, דעם נאַקעטן רעאַליזם פון באַשטימטע דערשיינונגען און געשעענישן, וועלכע זענען זער וויכטיק פאַר דער דערקענטעניש פון דער געזעלשאַפט; דעמאָלט ווען פּאָרנאָגראַפיע הערט אויף צו זיין אַן עכט קינסטלעריש און, אַזוי אַרום, אויך אַן אמת סאָציאַל מיטל, און ווערט אַ ציל פאַר זיך אַליין, דעמאָלט דינט זי צו באַפרידיקן די, אַזוי גערופענע, נידעריקסטע אינסטינקטן. אָט די אינסטינקטן זענען אָבער, אין תוך, קיינמאָל נישט עפּיס אַנדערש, ווי די אַנטי־סאָציאַלע געפילן פון דעם מענטשן, אין וואָס פאַר אַ פאָרם זיי זאָלן זיך נישט אויסדריקן. דעמאָלט ווערט די פּאָרנאָגראַפיע פאַרוואַנדלט אין שונד און פּראָפּאַגאַציע. דערפון נעמט זיך טאַקע דער טעות, וואָס מען פאַרשטייט אָפט פּאָרנאָגראַפיע אַלס אַ סינאָנים פון שונד, כאָטשע אין אַן אמת איז זי בלויז, אין דעם אויבן דערמאָנטן פאַל, אַ טייל פון דעם שונד, וועלכער פאַרמאָגט אויך אַ סך אַנדערע געשטאַלטן, ווי די סענטימענטאַלע, באַנאַל מאָראַליסטישע און איבערפלעכלעך אי־

רעאַליסטישע פאָרמען, וואָס זענען נאָך אַ סך אַ ערגערער סאָרט פון שונד).

אין אַלגעמיין איז אָבער די פּאָרנאָגראַפּיע שוואַרץ ערד, וואָס דאַרף און קען באַאַרבעט ווערן, אַזוי אַז זי זאָל דינען די סאָציאַלע און קינסט־לערישע צילן.

מען דאַרף זי טאַקטיש קולטיווירן אַזוי, אַז זי זאָל ווערן פעסט, זי זאָל זיך קענען האַלטן אויף די אייגענע פיס, צוועקמעסיק אויסנוצן די אייגענע כחות, שטאָלץ אַרויסשטעלנדיק דעם יאָדערדיקן גוף, די ברייִ־טע אָפענע ברוסט. (אַלס אַזעלכע ווערט זי אויך באַנוצט אין די ווערק פון טאָלסטאָי, זאָלאַ, גאָרקי, שאָלאָכאָוו א. אַ.)

גאַנץ אייגנאַרטיק איז דער ציניזם, ער איז פיין און געשליפן, ראַ־פינירט און שטאַרק ביים פאַרניכטן דאָס פאַלשע, גייסטיק נעבעכדיקע און מאָראַליש פאַרקריפּעלטע.

דער ציניזם איז דאָס געווער געגן אַלע גייסטיקע פאַרשקלאַפונ־גען, ער ריגלט אויף און צעפראַלט די טירן, רייסט אַראָפּ די זיגלען און טרעט אַרויס מיט זיין דרייסטן געלעכטער און אידעלער איראָניע. ער איז קעמפעריש און רעוואָלוציאָנער ביים צעשטערן דאָס אָפּגעשטאַנע־נע, דאָס טראַדיציאָנעל־עפּושדיקע און קאָנסערוואַטיווע, ער איז אומ־ברוזמנותדיק און האַרט, אָבער דורך און דורך סאָציאַל. ער רייניקט אָפּ דעם שמוץ, דורך דעם, וואָס ער דעקט אים צוערשט אויף, און ראַמט אים דערנאָך לאַכנדיק אָפּ, ער איז דער שמעלץ אויוון, פון וועלכן יע־דער מעטאַל קומט אַרויס עכט, דער שטראָם וואָס שווענקט אָפּ דאָס אומפאַרלעסלעכע, די שוויץ באָד, וואָס ציט אַרויס די אומריינקייט.

אויב די פּאָרנאָגראַפּיע איז אומגעוואַשן, איז דער ציניזם דווקא ריין, אָבער נאַקעט, ער באַגנוגנט זיך אָבער נישט מיט דער אייגענער נאַקעטקייט, נאָר רייסט אַראָפּ אויך פון דער גאַנצער געזעלשאַפט די שלייערן, אונטער וועלכע מען דערזעט פלוצעם פאַרבאַהאַלטענע גנבות, פאַרדעקטן שמוץ, פאַרפודערטע צרעת, און ס׳פאַרכאַפּט אַזש דער אָטעם, אונטער דעם צינישן דוש, אין דער קאַלטער באָד.

אויב די פּאָרנאָגראַפּיע רופט אָן די ווערטער ביי זייערע נעמען, רופט דער ציניזם אָן ביי זיין נאָמען דעם אינהאַלט. ער גראָבט טיפער, ער דעקט אויף די אָפּגרונטן, די פאַרשטעקטסטע ערטער, אינ׳ם מענטש־לעכן מח.

דער ציניזם קאָן זיך באַנוצן סיי מיט דער פּאָרנאָגראַפישער פאָרם, און סיי מיט די געצירטע ווערטער פון אַן עסטעטישן סטיל, אַלץ איינס ווערט דערביי אַרונטערגעריסן די מאַסקע און עס ווייזט זיך אַרויס דאָס ריכטיקע פנים.

די מענטשלעכע געפילן און טאַטן, דאָס מענטשלעכע צוזאַמענ־

לעבן, וואָס פאַרדינט ווירקלעך אַכטונג, האָט נישט מורא פאַר קיין ציני־ניזם, זיי לאָזן זיך אָפּשוועקן און גייען אַרויס גאַנץ און עכט, (אויב זיי זענען נאָר עכט) שטאָלץ אויסגעטיילט פון דעם גאַנצן אָפּפאַל, וואָס האָט זיך אַרום זיי אָנגעזאַמלט און האָט זיך געמוזט אין זיין פוילונג צע־קריכן.

אין אַ געזונטער געזעלשאַפט מוז דער ציניזם זיין דער פּרוביר שטיין, דער רייניקער, און שטענדיק וועט ער שוין אַוועקשווענקען דאָס אומנויטיקע, אויפשטעלן דעם גלייכגעוויכט, קעגנשטעלן דער איבער־טרייבונג דאָס אָפענע לייב, [illegible] ריינע נאַקעטע טאַטזאַך, מעג זי דערביי אויסזען נאָך אַזוי דערשראָקן.

אין אַ געזונטער געזעלשאַפט מוז די פּרוי, פּונקט ווי דער מאַן, זיך נישט פאַרשטאָפּן די אוירן, נישט רויט ווערן און אפילו נישט פּראָטעס־טירן. זי מוז זיך צוהערן מיט פאַרשטאַרקטער אויפמערקזאַמקייט צום אמת, אַרויסשטעלן דרייסט די ברוסט אַנטקעגן דעם האָגל פון ציניזם און אים אַנטקעגנשטעלן בלויז די זעלבע ציניש אָפענע פראַגע, צי ער איז אמת.

נישט דערשרעקנדיק זיך פאַר דעם אמת, מיט דעם גרעסטן עקעל דערביי אַוועקשליידערן די פּראָפּאַגאַנדע, וואָס וועט זיך ווי געוועהנלעך פּרוּוון צוצושלענגלען מיט עזות, חנופה און צביעות.

אין דער ליטעראַטור פון דער סענטימענטאַלער עפּאָכע האָט מען דעם זאַטן, זעלבסטצופרידענעם און איינגעבילדעטן בירגער אומזיסט און אומנישט געקרוינט מיט דעם נאָמען ציניקער, אין דער אמתן איז ער אָבער פּונקט דער היפוך דערפון (פון דער פּאָרנאָגראַפיע און ציני־ניזם, מיט וועלכע ס׳האָט אין יעדער עפּאָכע אָפּגערירט די אַנטשפּרעכנ־דיקע רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור, האָט זיך דער קליינבירגער בלויז די פּ ר אָ פּ אַ נ אַ צ י ע געשאַפן אַלס אַ ביליקן און באַקוועמען סורא־גאַט).

אין דער צייט ווען דער ציניקער קריטיקירט אַלעס, ווייל זעען אויף דעם אונטערשלאַג פון יעדער דערשיינונג און נעמט גאָרנישט אָן, ביז וואַנען ער פּרוּווט עס נישט אויס, האָט דער בירגער אויף אַלעמען אַ פאַרטיקן רעצעפּט.

דער בירגער ווייזט זיך גאָרנישט אַזוי גערן אין אַזאַ „פּראָזאַאישער" פאָרם, ווי דער ציניזם פאָדערט, ער פאַרשטייט גאַנץ גוט, אַז צו זיין סענטימענטאַל, צו רעדן מיט נביאישע, פּאַטעטישע און צוגעפּוצטע ווערטער, קאָסט אויך נישט טייערער, און ווערט (פון פּערזענלעכן שמאָלן שטאַנדפּונקט אויס) בעסער אָפּגעשאַצט.

אָט דער טיפ קאָן אַלעס אויף דער וועלט פּראָפּאַגירן און זיך איינ־
צייטיק דערמיט מאַכן קינדעריש, נאַאיוו און צניעותדיק.

דער ציניקער איז אַ געוואַקטער און דרייסטער, ער דערקלערט אַ
קאַמף אַלע פאָראורטיילן און דעמאַסקירט סיי זיך, סיי יענעם, און טאַקע
דערפאַר וואָס ער איז אויפריכטיק און אַמביציעז אין זיין זוכן דעם
אמת, מוז ער דערגיין ביז צום ציניזם, ווייל ווער איז נאָך אַזוי ציניש,
ווי דער אמת אַליין.

ציניזם איז אַ דרייסטע, טיפע און רעוואָלוציאָנערע פאָרם פון קרי־
טיק און פון דענקען, די ציניקער קענען דערפאַר נישט זיין קיין קליינ־
בירגער, לויט דער קלאַסן צוגעהעריקייט פון זייער כאַראַקטער, זיי זע־
נען מערסטנטייל קינסטלער, פאָרשער און קעמפער.

דער קליינבירגער איז פויל, דאַקעגן איז יעדער ציניקער דינאַמיש,
פול מיט לעבן; ער קריטיקירט דאָס לעבן און שעפּט, דאָך, אָדער אפשר,
טאַקע דערפאַר, דירעקט אַלעס פון דעם לעבנס קוואַל, ווייל ווער איז
נאָך אַזוי ציניש, ווי דאָס לעבן אַליין.

דאָרט ווו ציניזם איז נישט פאַרבונדן מיט קיין סאָציאַלישקייט, רע־
וואָלוציאָנערישקייט און אַקטיוויטעט, איז דאָס נישט קיין ציניזם, נאָר
ביליקע, קליינבירגערלעכע פּראָפּאַגאַציע.

אַן אויסגעשפּראָכענער ציניקער אין דער ליטעראַטור איז געווען
היינריך היינע, פון וועמען קאַרל מאַרקס האָט אַזוי פיל געהאַלטן און
אים אַזוי אָפט ציטירט.

ביי אַלע גרויסע און עכטע קינסטלער טרעפן מיר אַ געוויסע מאָס
ציניזם. אַזוי ביי געטהען, ביי די גרויסע מאָראַליסטן טאָלסטאָי, זאָלאַ
און אַנדערע, ביי דעם איטאַליענישן שרייבער דזשיאָוואַני ווערגאַ, ביי
דעם כינעזישן שרייבער טשאַנג טיען יהה, ביי דעם בראַזיליאַנישן שריי־
בער לאָבאַטאָ א.אַ. (די קינסטלער, וועלכע מען האַלט פאַר „אויסגעשפּראָ־
כענע ציניקער" זענען עס אָפט, אין אַן אמת, בלויז לויט די אויסערלעכע
שטריכן פון זייער שאַפן, וואָס וואַרפן זיך אין די אויגן אַריין; די ריכ־
טיקע ציניקער זענען אָבער דוקא אַזעלכע קינסטלער ווי טאָלסטאָי, ביי
וועלכן מען באַמערקט דאָס ערשט דעמאָלט, ווען מען דרינגט אַריין אין
דער טיף פון די דיקע בענדער, וואָס ער האָט געשאַפן).

אויך די פּראָלעטאַרישע קינסטלער דאַרפן זיך פריי באַנוצן מיט די
צינישע פאָרמען, (אָט דאָס ראַפינירטע מיטל פון סאָציאַלן קאַמף פאַר
עגזיסטענץ, טאָר אָבער אויך נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין קיין זעלבסט
צוועק) כדי צו פאַרבלייבן אַזוי רעוואָלוציאָנער, ווי דאָס איז נויטיק פאַר
דער שטענדיק יונגער און פּראָגרעסיווער סאָציאַליסטישער אָרדנונג.

קאַפּיטל 38

## ראמאנטיק אין צאלן

די אָנהענגער פון דעם היסטאָרישן און פילאָסאָפישן מאַטעריאַליזם האַלטן, אַז אַלעס אויף דער וועלט קומט פאָר געזעצמעסיק, לויט אַ באַשטימטער אָרדנונג; און געוויסע סיבות רופן שטענדיק אַרויס די אַנטשפּרעכנדיקע פאָלגן, דערפאַר קען אַלעס פּאָטענציעל אויסגערעכנט און באַשטימט ווערן, ד. ה. אַז אַלעס אויף דער וועלט איז דעטערמיניסטיש.

דורך די פאָרשונגען אין דער סאָציאָלאָגיע, קולטור געשיכטע און היסטאָריע, און דורך דעם מאַרקסיסטישן מעטאָד פון אַנאַליז, איז אַנטדעקט געוואָרן די געזעצמעסיקייט, מיט וועלכער די עקאָנאָמישע אומשטענדן און די אַנטוויקלונג פון דער פּראָדוקציע באַאיינפלוסן אַלע סאָציאַלע דערשיינונגען; און טאַקע לויט אָט דעם וויסנשאַפטלעכן מאָסשטאַב, קען מען ביי אַ געוויסער שטופע פון קולטור, געוווּנען די מעגלעכקייט פאָרויסצוזאָגן די גייסטיקע און מאַטעריעלע געשעענישן אין דער געזעלשאַפט, ווי אויך פיזישע און פסיכישע עריגענישן אין׳ם אינדיווידועלן לעבן (פונקט ווי מען קען דאָס טאָן בנוגע געוויסע נאַטור דערשיינונגען).

די נאָכפאָלגער פון דעם פילאָסאָפישן אידעאַליזם, וועלכע זענען געגן די דעטערמיניסטישע טעאָריעס, רוקן שטענדיק אַרויס די באַהויפּטונג, אַז מען קען נישט מאַכן קיין וויסנשאַפטלעכע פּראָגנאָזן איבער מענטשלעכע געפילן, איבער דער ליבע צו שענקייט, איבער קונסט און עסטעטיק, און אַז ראָמאַנטיק קען מען קיינמאָל נישט אויסרעכענען, ווייל אויסרעכנונג און מאַטעמאַטיק זענען דער פולער היפוך פון ראָמאַנטיק.

אויב די מער פּראָגרעסיווע צווישן זיי גיבן שוין אפילו יאָ צו, אַז אויף דעם געביט פון עקאָנאָמישע און מאַטעריעלע אינטערעסן קען זיך קוואַליטעט אַנטוויקלען פון קוואַנטיטעט און אַז רעוואָלוציאָנערע איבערקערענישן זענען אַ פועל יוצא פון עוואָלוטיווע ענדערונגען, וואָס האָבן דערגרייכט אַ געוויסן הויך־פּונקט; אויב זיי נעמען אפילו אָן, אַז אויך דער מענטשלעכער גייסט, זיינע געדאַנקען און געפילן, זיין ווילן, שטעלן מיט זיך פאָר אַ קוואַליטעט, וועלכע האָט זיך אַנטוויקלט פון קוואַנטיטאַטיווע ענדערונגען אין די מאַטעריעלע און עקאָנאָמישע דערשיינונגען, ד. ה. אַז אויך די פסיכיק שטעלט מיט זיך פאָר אַ מין רעוואָלוציאָנערן איבערגאַנג פון מאַטעריע צו גייסט, ווילן אָבער אָט די געגנער אין קיין שום פאַל נישט צוגיבן, אַז דעם מענטשן קען געלונגען דורך וויסנשאַפטלעכע עקספּערימענטן, טעאָרעטיש צוריקצופירן די קוואַליטעט צו קוואַנטיטעט און זי אַזוי אַרום אויסצורעכענען.

זייער מיינונג איז, אַז אויב אָרדנונג, דיסציפּלין און זעלבסט באַהערשונג, באַוווּסטזיניקע פאַרוואַלטונג, פּראָפּאָרץ און האַרמאָניע, אויס־

גערעכנטע איינטיילונג און קאָמבינאַציע פון לעבן, דענקען, טאָן; אויב אפילו דאָס אַלעס קען, פונקט ווי קראַפט, ענערגיע און מאַטעריע, אויס־געדרוקט ווערן אין צאָלן און אָרגאַניזירט ווערן אין מאַטעמאַטישע פאָרמולן; און וואָס מער דער מענטש דערגרייכט אין זיין וויסן, אַלץ עקזאַקטער זענען זיינע וויסנשאַפטן און אַלץ מער מאַטעמאַטיש ווערן די לאָגיק און די געשיכטע, פונקט ווי די פיזיק און כימיע, „וואָס קען אָבער", פרעגן זיי, „נאָך דעם אַלעמען, געפיל, פאַנטאַזיע, קונסט און ראָמאַנטיק, דאָך האָבן צו טאָן מיט מאַטעמאַטיק?"

לויט דער מיינונג פון געוויסע אָפּגעשטאַנענע ראָמאַנטיקער, דילע־טאַנטן און פסעוודאָ קינסטלער האָט נישט די פאַנטאַזיע קיין שום שייכות צו אָרדנונג, און ראָמאַנטיק איז דער פולער היפוך פון פאַר־נונפט. די קינסטלערישע עמאָציעס זענען, לויט זייער מיינונג, אומבאַ־שרענקט און די געפילן לאָזן זיך בכלל נישט פאַרוואַלטן. זיי האַלטן, אַז די קונסט און אירע אָביעקטן, די פאַנטאַזיע, ראָמאַנטיק און געפילן, זע־נען געגן יעדער אויסגערעכנטקייט און קענען נישט פאַרטראָגן קיין מאַ־טעמאַטיק און קיין צאָלן. זיי האַלט אויך, אַז יעדער קינסטלער איז כאַ־אָטיש און ער קען נישט און דאַרף נישט זיין דיסציפּלינירט, ער טאָר נישט אָרגאַניזירן די צעשויבערטע אינסטינקטן און גלוסטונגען. „די קינסטלערישע אומאָרדנונג" רוקן זיי הערביי אַרויס אַלס אַ באַווייז, אַז די „העכערע שענקייט" האָט נישט צו טאָן מיט קיין אויסגערעכנטער פאַרוואַלטונג און דיסציפּלין.

אין אַן אמת איז די מאַלערישע אומאָרדנונג, (אויב זי איז נאָר ווירקלעך מאַלעריש און קינסטלעריש) בלויז אַ צעשטערונג פון דער מאָנאָטאָנער און אָרעמער האַרמאָניע, צוליב אַ מער קאָמפּליצירטער און רייכערער אָרדנונג, אָבער דאָרט ווו ס׳פעלט אינגאַנצן אַ באַוווסט־זיניקע אָרדנונג, דאָרט איז אומבאַהאָלפנקייט, מיאוסקייט און דיסהאַר־מאָניע.

פון אָביעקטיוון שטאַנדפּונקט איז אָרדנונג, ווי אַלעס אויף דער וועלט, אַ רעלאַטיווער באַגריף, און דאָס, וואָס קאָן ביי געוויסע אומ־שטענדן אָנגערופן ווערן אָרדנונג, איז ביי אַנדערע אומשטענדן אַן אומ־אָרדנונג, אָבער אין באַשטימטע ראַמען, שטעלט די אָרגאַנישע פּראָ־פאָרץ און דאָס לעבעדיקע פונקציאָנירן פון אַלע טיילן אין אַ האַרמאָני־שער באַוועגונג, שטענדיק מיט זיך פאָר די סוביעקטיווע אָרדנונג פון אַ געוויסן וועזן, אָדער ווען מיר שליסן דאָ אויס די באַגריפן לעבן און אָר־גאַנישקייט, פון יעדער אָנטשפּרעכנדיקער דערשיינונג.

יעדע נעגאַטיווע צעשטערערישע באַוועגונג, וועלכע איז פרעמד דער געגעבענער דערשיינונג, אַלס אַזעלכער, שאַפט אין איר אַן אומאָרד־

נונג, ד. ה. זי ברענגט אין איר אַריין אַ פרעמדע, קעגנגעזעצטע אָרדנונג. ווען אַ מענטש שטאַרבט און זיין קערפער ווערט צעפוילט, קומט, אויך דעמאָלט, אויף דעם פּלאַץ פון דער פריערדיקער אָרגאַנישער אָרד־נונג אין דעם מענטשנס קערפער, אַ נייע אָרדנונג פון מינעראַלן און אינ־סעקטן או. אַ. וו. ווען מיר באַטראַכטן אָבער די דערשיינונג, וואָס הייסט מענטש, אַלס אַזעלכע, דעמאָלט מוז דער טויט, רעלאַטיוו צו איר, באַ־צייכנט ווערן אַלס אַן אומאָרדנונג.

די אויסגערעכנטקייט, פאַרנונפט און אָרדנונג פונ׳ם פיליסטער זע־נען אָפּשטויסנדיק בלויז דערפאַר, ווייל זיי זענען ביי אים קליינלעך, נעבעכדיק און אויבערפלעכלעך, אָבער ביי אַ ריכטיקער אַנטוויקלונג, קענען אָט די אייגנשאַפטן ווערן די באַזע פון עכטער קונסט און געזונ־טער ראָמאַנטיק.

אָרדנונג אין ברייטסטן און אַבסטראַקטסטן זין פון וואָרט איז אַ גע־וויסע קאָמבינאַציע פון פאַרבינדונגען און האַרמאָנישע באַוועגונגען.

ווען מען פרווט זיך צו פאַרטיפן אין דעם זין פון די דערשיינונגען דערזעט מען, אַז אַלע באַשטייען זיי פון אַ געוויסער אָרדנונג.

פון אַ באַשטימטער אָרדנונג אין פאַרבן ווערט געשאַפן דאָס מאָ־לערישע בילד, פון אַ געוויסער אָרדנונג אין ווערטער ווערט געשאַפן די פּאָעזיע (אָט די אָרדנונג איז, פון איר זייט, נאַטירלעך, אָפּהענגיק פון אַ סך אַנדערע, אינערלעכע און אויסערלעכע אָרדנונגען), פון אַ געווי־סער אָרדנונג אין דענקען שאַפן זיך פילאָסאָפישע סיסטעמען, און די מענטשלעכע וויסנשאַפטן ווערן אויסגעדרוקט אין צאָלן, און זייער העכסטע דערגרייכונג איז, ווען ס׳ווערט אין זיי איינגעשטעלט אַ שטרענגע און קלאָרע (כאָטש אָפט זער קאָמפּליצירטע) אָרדנונג.

פון אַ געוויסער אָרדנונג אין קלאַנ־גען און קולית שאַפט זיך די מוזיק, און איר העכסטע, רייכסטע האַרמאָניע, ווערט אויסגעדרוקט מאַטעמאַטיש אין צאָלן. און די מוזיק האָט דאָך אַ די־רעקטע שייכות צום געפיל און איז די העכסטע ראָמאַנטישסטע פאָרם פון קונסט.

אפילו דער אָפּגעשטאַנענסטער מענטש וואָלט זיך געמוזט אַמאָל פאַרטראַכטן איבער דעם עצם דערשיינונגען און סוף כל סוף איבער־פרווען זיינע אָנגענומענע ווערטן, אונטער די פאַלש קלינגענדיקע פראַזן, אַז געפיל, ראָמאַנטיק און קונסט זענען אַ ווידערשפּרוך צו „קאַלטער לאָגיק", „האַרטער וויסנשאַפט", „טרוקענע צאָלן".

אָבער פונקט ווי ס׳איז שווער דעם געוויינלעכן פיליסטער צו צע־שטערן זיין מאָנאָטאָנע אויבערפלעכלעכע אָרדנונג און ער האָט מורא פאַר דער צו־קאָמפּליצירטער און נייער האַרמאָניע, פונקט אַזוי האָבן

די גייסטיקע פיליסטער מורא צו צעשטערן זייערע אָנגענומענע, שמאָלע השגות און צו מאַכן אַ רעמאַנד אין זייערע ענגע מחות, כדי צו געווי־נען ברייטערע, טיפערע פאַרשטעלונגען און דערקענען די מעכטיקע־רע און רייכערע האַרמאָניע פון די לעבנס געזעצן.

זיי קענען דערפאַר נישט איינזען, אַז פונקט ווי די פאָלקאָמסטע אָרדנונג, פון וועלכער ס'איז אָפּהענגיק דאָס בליען פון אַ מענטשלעכער געזעלשאַפט, באַשטייט אין דער דינאַמישער האַרמאָניע פון אָט דער געזעלשאַפט מיט די נאַטור געזעצן, מיט דעם טעמפּאָ פון די אַרומיקע לעבנס דערשיינונגען און מיט די נויטן פון אירע מיטגלידער, אַזוי באַ־שטייט די עכטע ראָמאַנטיק און גייסטיקע שענקייט פון דעם אינדיווי־דוּאום, נישט אין דער באַהעמישער אומאָרדנונג, וועלכע צעשטערט די שאַפערישע כחות, נאָר אין דער האַרמאָניע און פראָפּאָרץ צו דער גע־זעלשאַפט און אין דעם אוניסאָן מיט אירע אידעאַלן און פאָדערונגען, ד. ה. אין דער געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג פון יעדן אינדיווידואום. אָבער פונקט ווי צוליב דער עכטער סאָציאַלער האַרמאָניע מוז מען פערמאַנענט צעשטערן די מינדערוווּרטיקערע אָרדנונגען, כדי איינצו־שטעלן העכערע פאָרמען פון אָרדנונג, (ווי דאָס ווערט דורכגעפירט אין די סיסטעמען פון דער סאָוויעטישער מאַכט און ווירטשאַפט) אַזוי דאַרף דער אינדיווידואום אומאויפהערלעך ענדערן זיין אינערלעכע אָרדנונג, רעלאַטיוו צו דער באַוועגונג פון די אַלגעמיינע צילן און שטרעבונגען.

די פיליסטער, וואָס באַוואונדערן טאַלאַנטן, קליין קעפּלדיקע מייד־לעך, וואָס לויפן נאָך די ליטעראַטן, און די אַלע נאַרישע אומפּאַראַנט־וואָרטלעכע שווערמער, וואָס רינגלען אַרום און פאַרערן די קינסטלער, זיי זענען די יעניקע, וואָס אונטערשטיצן די כאַאָטישקייט און אומפאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פון דעם קינסטלער און שאַפן אַ גינסטיק פעלד פאַר זיין דעגענעראַציע.

אַזעלכע טאַלאַנטן, וואָס האָבן זיך געלאָזט אַרומרינגלען מיט אַזאַ מין שווערמענדיקער מחנה, זענען שטענדיק געוואָרן עקלהאַפטיק אין זייער פּריוואַטן לעבן און מיטלמעסיק אין זייער שאַפן.

אַלס אַ בולטער ביישפּיל קאָן דינען אָסקאַר ווייַלד און בייראָן (דער לעצטער, וואָס איז געווען פיל פיינער און טאַלענטירטער, האָט שוין טיילוויַיז אָפּגעשטויסן די אַלע פאַרערער). בעטהאָווען האָט כמעט נישט געהאַט קיין פריינד, דערפאַר וואָס ער פלעג מיט פאַראַכטונג אויס־זידלען און אָפּשטויסן יעדע קנעכטישע פאַרגעטערונג פאַר זיך.

דער ריכטיקער קינסטלער לעבט אין אַ שטרענגער אינערלעכער אָרדנונג און אין אַ באַהערשטער, טיפער האַרמאָניע, און אַזוי איז אויך זיין שאַפן.

אויף דער וויסנשאַפטלעכער באַהויפּטונג, אַז אַלעס וואָס עגזיסטירט

קען, פּאָטענציעל, מאַטעמאַטיש אויסגערעכנט ווערן, (אויב נישט איצט ביי אונזער אָרעמער שטופּע פון וויסן, איז אין דער מעגלעכקייט פון דער צוקונפט) ווערט נאָך אַלץ אָפּגעגיבן דער שאַבלאָנער ענטפער, אַז איינס פלוס איינס איז אַמאָל דריי, אַז נשמה, געפיל, דער מענטשלעכער גייסט קענען נישט אויסגערעכנט ווערן. אָט די מענטשן ווייסן נישט, אַז ס'איז דאָ העכערע מאַטעמאַטיק, (און אויב דאָס זענען מאַטעמאַטיקער, זענען זיי מערסטנטייל, לײַדער אינגאַנצן איגנאָראַנט איבער די סאָציאַלע און קונסט־וויסנשאַפטן) אַז נשמה, געפיל, גייסט, זענען פאָר־מען פון ענערגיע, און אַז ענערגיע קען מען מעסטן און אויסרעכע־נען.

מענטשן וואָס מיינען, אַז דאָס דערקענען זיך אַליין איז אוממעג־לעך, פאַרשטייען נישט, אַז מיט אַזאַ באַהויפּטונג שרייבן זיי אונטער זייער אייגענעם באַנקראָט און פאַראורטיילן זיך צו אַן אַבסאָלוטער און אומזיניקער קנעכטשאַפט.

ווי אַזוי קען מען באַהערשן די נידעריקסטע עמפּפינדונגען, ווי אַזוי קען מען פאַרוואַלטן מיט די שווידערלעכסטע אויפרעגונגען, אויב מען זאָגט זיך אָפּ זיי צו פאָרשן; און ווי אַזוי קען מען שאַפן שענס, מעכטיקס און פיינס, אויב מען שטרעבט עס נישט צו שטודירן און דער־גרונטעווען, אויב מען איז נישט באַוווסט איבער די אייגענע כחות צו דערגרייכן און אויף דער מעגלעכקייט צו דערקענען?...

די מיינונג, אַז אַ קינסטלער קען נישט זיין אויסגערעכנט און באַ־טראַכט, אַז ער טוט אַלעס לויט דעם אינסטינקט און סטיכיש און דאַרף זיך נישט באַזירן אויף קיין וויסנשאַפט, אָט די מיינונג איז אַליין פיליס־טעריש און שלעפּט דעם קינסטלער אין פיליסטערישן וועלטל אַריין.

דער עכטער קינסטלער איז, לויט זיין נאַטור, אומברחמנותדיק צו זיך, ער קריטיקירט זיך אַליין שאַרפער, ווי דאָס טאָען זיינע קריטיקער און ער לאָזט זיך דערפאַר נישט פאַרטויבן מיט קיין אומקאָנטראָלירטע ווערטער.

דער אונטערשיד צווישן דער מיטלמעסיקער אויסגערעכנטקייט פון מענטשן, און צווישן דער באַטראַכטקייט און אויסגערעכנטקייט פון דעם קינסטלער, איז נאָר אַן אונטערשיד אין'ם מאס־שטאַב און אין דעם פאַרנעם, ווייל אַלעס, אפילו די פאַנטאַזיע, מוז זיין דיסציפּלינירט, אויסגערעכנט און באַזיצן אַ שטרענגע אָרדנונג, אין קעגנפאַל גייט זי איבער אין שגעון.

כדי צו מאַכן אויף דעם לייענער דעם נויטיקן איינדרוק, קומט, צום ביישפּיל, אָפּט אויס צו אונטערשטרייכן געוויסע פונקטן און איבערצו־חזרן געוויסע אידעען, אָבער די קלענסטע אומפּונקטלעכקייט, איין פראַזע מער, איין וואָרט וועניקער, אַן איבעריקע שורה, אַן אומנויטיקער

אויסדרוק, אָדער עפּיס וואָס פעלט, מאַכט קאַליע דעם גאַנצן עפעקט.

די אַטמאָספערע מוז אָפט געהעכערט ווערן, די כאַראַקטערן אַביסל איבערטריבן, די אייגנשאַפטן שטאַרקער אַקצענטירט, כדי אַרויסצורופן די פאַרשטעלונגס קראַפט פון דעם מענטש, אָבער פונקט ווי אין אַ מאַטעמאַטישער פּראָבלעמע, דאַרפן דערביי די פאַרשידענע טיילן פון דער פּראָפּאָרץ פאַרגרעסערט, אָדער פאַרקלענערט ווערן אין פונקטלעך דער זעלבער מאָס, אויב די פּראָפּאָרץ איז אַ דירעקטע, אָדער אין פונקטלעך אַ פאַרקערטער מאָס, אויב די פּראָפּאָרץ איז אַ פאַרקערטע, אַזוי אַז דער רעזולטאַט זאָל בלייבן דערזעלבער ווי די זאַכן זענען אין דער רעאַליטעט און ווי עס איז אַממערסטן כאַראַקטעריסטיש אין לעבן. אויך אין דער קאָנסטרוקציע פון אַ קונסט־ווערק, פּונקט ווי פון אַ מאַטעמאַטישער פּראָבלעמע, מוז שטענדיק די לעזונג בלייבן אָפן פאַר׳ן ליינער. דערביי מוז אָבער שטענדיק, אויף פאַרשידענע אופנים, עפּעס דירעקט באַקאַנט געמאַכט ווערן; עפּעס, מיט דער הילף פון וועלכן מען זאָל געווענדעט ווערן אין דער ריכטיקער דירעקציע צו זוכן. דאָס אומבאַקאַנטע, ווידער, מוז אָנרעגן אַז מ׳זאָל זיך אָנשטרענגען צו געפונען די דירעקטע, אָדער אינדירעקטע לעזונג. וואָס גרעסער די אָרדנונג, וואָס שטאַרקער די זעלבסט באַהערשונג און שטרענגער די פאַראַנטוואָרטלעכקייט, אַלץ גרעסער די האַרמאָניע, אַלץ קאָמפּליצירטער, אָבער אויך קלאָרער, די מאַטעמאַטישע פאָרמולע, און דאָס מיינט, אַלץ טיפער די שאַפונג, אַלץ רייכער די סימפּאָניע, אַלץ פאַרביקער און שענער די קונסט.

קאַפּיטל 39

## עטיק און עסטעטיק

דער העכערער לעבעדיקער אָרגאַניזם, וואָס איז אַליין, אפשר מיט מיליאָנען יאָרן צוריק, אינדירעקט אַנטשטאַנען דורך אַ קאָמפּליצירטן פּראָצעס פון טראַנספאָרמירונגען און קאָמבינאַציעס אין דער נאַטור־מאַטעריע און דורך דער פאַראייניקונג און ענדערונג פון פאַרשידענע פיזישע און כעמישע סובסטאַנצן, זיינע הויפּט אייגנשאַפטן, מיט וועלכע ער אונטערשיידט זיך פון אַט די אַרומיקע סובסטאַנצן, זענען די עמפּפינדונגען פון לוסט און אומלוסט.

די מאַטעריעלע שטאָפן, וואָס שטעלן צו די נויטיקע עלעמענטן פאַר זיין עגזיסטענץ און באַנייען אַזוי אַרום אַלעמאָל זיין ענערגיע, זיין לעבנס־פעאיקייט און דאָס פונקציאָנירן פון לוסט און אומלוסט, שאַפן ביי דעם מענטשן דעם באַגריף איבער דער קוואַנטיטעט און קוואַליטעט פון וווילטאָג, וועלכער וואַריאירט לויט דער אַנטוויקלונג און ענדערונג פון די אָביעקטיווע עקאָנאָמישע אומשטענדן און די מיטלען פון פּראָדוקציע אין אַ באַשטימטער צייט־פּעריאָדע. אָט דער וווילטאָג פאַראור־

זאַכט דירעקט און אינדירעקט די פיזישע און גייסטיקע מאַכט אין אַט דעם פּעריאָד, און דער דאָזיקער פּראָדוקט פון ווילטאָג, די מאַכט, דינט, ווידער, אַלס אַ מיטל צו פאַרזיכערן דעם עגזיסטירנדיקן און צו דער־ווערבן נייעם ווילטאָג. דאָן באַשטימט די מאַכט פונקט ווי דער נייער ווילטאָג ווידער אַמאָל די באַזונדערע פאָרמען פון לוסט און אומלוסט. די געשאַפענע לוסט און אומלוסט עמפּפינדונגען זענען די יעניקע, וועל־כע באַדינגען, פון זייער זייט, דעם ווערט סיי פון ווילטאָג, סיי פון מאַכט, ד. ה. אַז אָן דער עמפּפינדונג פון לוסט און אומלוסט וואָלטן ווילטאָג און מאַכט פאַר אונז פונקט אַזויפיל באַטייט, ווי זיי באַטייטן פאַר אַלע טויטע אָביעקטן. אַט די לוסט און אומלוסט וואָס ווערן דורך די מאַ־טעריעלע שטאָפן — מיט וועלכע ס׳ווערט באַצייכנט דער באַגריף וויל־טאָג — געשאַפן און דורך מאַכט באַפעסטיקט, אַט די זעלבע עמפּפינ־דונגען פאַרלייען דעם ווילטאָג און דער מאַכט זייער געוויכט.

אַזוי אַנטוויקלט זיך די אינערלעכע דיאַלעקטיק: דורך די אָביעק־טיווע שטאָפן צו דער סוביעקטיווער עמפּפינדונג,— און פון דער סוב־יעקטיווער עמפּפינדונג, וועלכע אַנטוויקלט זיך צו דעם גייסטיקן פאַר־ווערטן, צום פיזישן און גייסטיקן באַהערשן (דורך מאַכט), גייט דער מענטש איבער צו דעם דערווערבן פון ווייטערדיקע אָביעקטיווע מעג־לעכקייטן;— פון די דערוואָרבענע אָביעקטיווע מאַטעריעלע אומ־שטענדן און פון דער מאַכט (וועלכע ווערט פון אַ סוביעקטיווער עמפּ־פינדונג פאַרוואַנדלט אין אַ זעלבסטשטענדיקן אָביעקטיוון ווערט) אַנט־וויקלען זיך ווידער נייע עמפּפינדונגען פון לוסט און אומלוסט.

אַט דער אָנגעוויזענער פּראָצעס פון פיזיאָלאָגישער און פּסיכאָלאָ־גישער דינאַמיק קען אויסגעדרוקט ווערן אין דער פאָלגנדיקער דיאַ־לעקטישער פאָרמולע:

טעזע — דער ווילטאָג פון אַ געוויסער צייט פּעריאָדע (די סומע פון די לעבנס־שטאָפן, דורך וועלכע עס ווערט אויפגעשטעלט דעם מענטשנס עגזיסטענץ אין דעם געגעבענעם צייט־אָפּשניט און וואָס איז אין דעם אַנטשפּרעכנדיקן פּעריאָד, לויט זיין קוואַנטיטעט און קוואַלי־טעט, רעלאַטיוו צו די אָביעקטיווע עקאָנאָמישע באַדינגונגען). אַט די טעזע רופט אַרויס אין די עמפּפינדונגען פון די מענטשלעכע אינדיווי־דואומס (וועלכע שטרעבן אויסצומיידן די אומלוסט, וואָס דראָט צו קו־מען ביים פאַרברויכן, אָדער ביים פאַרלירן, דעם געגיבענעם ווילטאָג, און ווילן דערביי פאַרגרעסערן די לוסט, דורך שאַפן זיכערקייט פאַר זיך און דורך אַ רייכערער וואַריאַציע פון זייער שטאָפן פאַרברויך) אַ אומצופרידנקייט און אַ ווידערשפּרוך צום עגזיסטירנדיקן ווילטאָגס־צושטאַנד,— דאָס איז די אַנטיטעזע. כדי צו פאַרזיכערן און פאַרגרעסערן דעם ווילטאָג, אַנטוויקלען די מענטשן מאַכט־אינסטאַנצן. און אַט די

מאַכט, וואָס שטעלט מיט זיך שוין פאַר אויך נייע וועלטאַגס־מעגלעכ־קייטן, איז די סינטעזע, וואָס שאַפט ווייטערדיקע לוסט און אומלוסט עמפפינדונגען און לוסט און אומלוסט שטרעבונגען, ד. ה. נייע אַנטי־טעזעס א.אַ.וו.

מאַכט, לוסט און ווילטאָג, וועלכע זענען, אַזוי אַרום, דער אינהאַלט פון אונזער לעבן, זענען אויך דער אייגנציקער יסוד פון דער עטיק און עסטעטיק*). זייער פאָרם בייט זיך אָבער מיט דער היסטאָרישער אַנט־וויקלונג פון די מענטשן און ווערט אין יעדער עפּאָכע, ווי שוין דער־וויזן, אינדירעקט באַשטימט לויט אירע מיטלען פון פּראָדוקציע.

נאָך אין די אוראַלטע צייטן, ווען די מענטשן האָבן זיך דערנערט פון דעם געיעג נאָך חיות, פלעג דער ווילדער זיך אויסשמירן מיט דעם שמאַלץ און בלוט פון דעם באַשעפעניש, וואָס ער האָט געהרג׳עט; ער פלעג זיך באַשטעקן מיט די פעדערן פון ווילדע פייגל און זיך באַהענגען מיט די ציין פון בייזע חיות, כדי צו דערמאָנען אין זיין זאַטקייט און ווילשטאַנד און צו וואַרפן אַ מורא אויף די אַרומיקע. אָט די מורא האָט אין די אַרומיקע געוועקט אַכטונג צו אים. זיי האָבן זיך געפלייסט אים נאָכצומאַכן, כדי צו געווינען די זעלבע מאַכט, לוסט און ווילטאָג. זיינע גענג זענען ביי זיי געוואָרן דער מוסטער פון דער מאָראַל. דאָס שמאַלץ, וואָס וויזט אָן אויף פעטער זיכערקייט, איז געווען דער ערשטער אויס־דרוק פון פראַכט און גלאַנץ. דער רויטער קאָליר, וואָס האָט אויסגע־דרוקט די לוסט פון פאַנגען און פאַרצערן, איז געווען ביי דעם ווילדן דער אויסדרוק פון עסטעטיק.

אויף וויפל עסטעטיק איז אידענטיפיצירט געוואָרן מיט מאַכט און ווילטאָג קענען מיר זען פון דעם היסטאָרישן פאַקט, וואָס די באַרבאַרן (דער פּראָטאָטיפּ פון דער ציוויליזירטער געזעלשאַפט) פלעגן ביי זיך לאָזן לעבן נאָר יענע קינדער, וועלכע זענען מיט זייער אויסערלעכקייט געווען ענלעך צו דער קאַסטע וואָס האָט איבער זיי געהערשט, די קינ־דער מיט אַן אַנדערן אויסזען האָבן זיי איינפאַך געהרג׳עט. דאָרט ווו די הערשער האָבן געהאַט לאַנגע העלדזער, האָבן די אָרימערע און אונטער־

* מאַכט, לוסט און ווילטאג זענען די טיפסטע אינערלעכע ציל ען, וואָס ווערן פאַרקערפּערט אין דער עטיק און עסטעטיק. אָבער די מיטלען די עטיק און די עסטעטיק צו שאַפן, די מיטלען צו דערגרייכן די אידעאַלן, וואָס די עטיק און עסטעטיק פאַרקערפּערן מיט זיך, מוזן שטענדיק אָנגע־הויבן פון די קלענסטע, טאָג טעגלעכע באַציונגען ביז צו די וויכטיקסטע און ווייטסטע מענטשלעכע רעלאַציעס, שטענדיק זיין געבויעט אויף זעלבסט־באַהערשונג, אָפּפּעפּעאיקייט און געזעלשאַפטלעכקייט. וואָס פאַר אַ געשטאַלט זיי זאָלן נישט אָננעמען און אין וואָס פאַר אַ פאָרם זיי זאָלן, אין פאַר־בינדונג מיט די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אומשטענדן, זיך נישט אויסדרוקן.

טיניקע גע׳הרג׳עט די קינדער מיט די קורצע העלדזער, און יענע מיט די הויכע העלדזער געלאָזט לעבן, ווייל אַלעס וואָס האָט דערמאָנט אין די מאַכט־האָבער האָט ביי זיי געהייסן שען. אין אַנדערע געגענדן ווו די מאַכט־האָבער האָבן געהאַט נידעריקע העלדזער, האָט מען פאַר עסטע־טיש דוקא געהאַלטן די מענטשן מיט נידעריקע העלדזער און מ׳האָט גע׳הרג׳עט די קינדער מיט הויכע העלדזער. לויט אַלע וואַרשיינלעכ־קייטן פון דער פאָרשונג, האָט מען עס געטאָן פרייוויליק, לויט דעם איי־גענעם ווילן, און ניט לויט דעם באַפעל פון די מאַכט־האָבער.

די פאַרפאָלקאָמונג פון די מיטלען פון פראָדוקציע האָבן געבראַכט צו דער דיפערענצירונג פון קלאַסן; אין יעדער קלאַס און שיכט אונ־טערשיידעט זיך דער עסטעטישער געשמאַק און די פאָרשטעלונג אי־בער מאָראַל, לויט די עקאָנאָמישע באַדינגונגען און מאַטעריעלע און גייסטיקע אומשטענדן, אין וועלכע די דאָזיקע קלאַסן לעבן.

אַזוי זעען מיר ביי דעם פויער, וועמענס עגזיסטענץ ס׳איז געבויט אויף זיין פיזישער קראַפט און אַרבעט, איז דער אַרבעטזאַמער מענטש דער אידעאַל פון מאָראַל, און דער פעסטער, האַמעטנער קערפער דער אידעאַל פון שיינקייט. די פאַרקערפערונג פון זיינע עסטעטישע און מאָ־ראַלישע אידעאַלן זעט ער אין דעם רייכסטן פויער פון דאָרף, וועלכער איז אין זיין קרייז דער באַזיצער פון לוסט, מאַכט און ווילטאָג.

די מיליטער־לייט האַלטן דעם בויגעוודיקן, פלינקן קערפער פאַר דעם אידעאַל פון שיינקייט, און דעם חוצפה׳דיקן, געוואַקטן מענטשן פאַר דעם טרעגער פון דער מאָראַל, ווייל לויט זייערע אומשטענדן זע־נען נאָר די דאָזיקע אייגנשאַפטן פעאיק זיי צו ברענגען מאַכט, לוסט און ווילטאָג.

די אַריסטאָקראַטישע אינטעליגענץ, וואָס ווייסט נישט פון קיין פי־זישער אַרבעט און איז מערסטנטייל געהאַדעוועט אויף דעם גרייטן, ביי איר ווערן אַטראָפירט די חושים, ווייל זי ווענדעט זיי נישט אָן אין דעם קאַמף פאַר עגזיסטענץ, זי ווערט מערסטנטייל בלוט־אָרעם און אויס־געבלייכט; און אַזוי אַרום בילדעט זיך ביי איר אויס דער כלומרשט „ראַפינירטער" עסטעטישער געשמאַק, די ליבע צו בלייכע קרענקליכע נאַטורן, צו מעלאַנכאָלישער פאַר׳חלום׳טקייט און פאַרצערטלטער ראָ־מאַנטישקייט. מענטשן מיט אַזעלכע אויסערלעכע און אינערלעכע אייגנ־שאַפטן זענען ביי איר די טרעגער פון מאָראַל און דער אויסדרוק פון עסטעטיק.

שיכטן וועלכע זעען אויסערלעך אויס אפילו גאַנץ פאַרשידן אין זייער שטייגער פון לעבן, ווי דאָס זענען, צום ביישפיל, דער לומפּן־פּראָלעטאַריאַט און דאָס קליינבירגערטום, קענען אָבער צוליב דער אַל־געמיינקייט פון זייער סאָציאַלער לאַגע און די אומנאָרמאַלע באַדינגונ־

גען, אין וועלכע זיי געפונען זיך, האָבן ענלעכע באַגריפן איבער מאָראַל און אַן ענלעכן געשמאַק פאַר עסטעטיק. דער אידעאַל פון שיינקייט איז געווינטלעך סיי ביי דעם לומפן־פּראָלעטאַריאַט, סיי ביי דעם קליינביר־גערטום, דער גראָבער, פעטער קערפּער, און דער מאָראַלישער מענטש איז ביי ביידע קלאַסן דער כיטרער, פיפיקער, באַשרענקטער און איינ־געבילדעטער פאַרשוין. ענלעך צו די דאָזיקע צוויי שיכטן זענען אויך די באַגריפן און דער געשמאַק פון דעם נישט באַוווסטזיניקן פּראָלעטאַ־ריער. זיינע פאַרשטעלונגען וועגן עסטעטיק און מאָראַל בייטן זיך אָבער זער שנעל און ראַדיקאַל צוזאַמען מיט דער אַנטוויקלונג פון זיין באַ־וווסטזיין. אָבער דאָס פאָלקאָמענע פונאַנדערוואַקסן זיך פון דער פּראָ־לעטאַרישער מאָראַל און עסטעטיק סיי אין איר אינהאַלט, סיי אין דער ברייט פון די מאַסן וואָס זי נעמט אַרום, קומט ערשט דעמאָלט, ווען דער פּראָלעטאַריאַט נעמט איבער די מאַכט.

דער באַוווסטזיניקער פּראָלעטאַריער האַלט דעם שטאַרקן, געזונטן, מוסקעלערן קערפּער פאַר דעם אידעאַל פון שיינקייט, און דעם מוטיקן, אָפּפערפעאיקן, דיסציפּלינירטן און באַוווסטזיניקן מענטשן פאַר דעם אידעאַל פון מאָראַל, ווייל נאָר אַזעלכע אייגנשאַפטן קענען ברענגען *דעם געזעלשאַפטלעכן וווילשטאַנד* און די *סאָציאַלע זיכערקייט*, פון וועלכע זיין אינדיווידועלע לוסט איז אָפּהענגיק.

(אַט די דאָזיקע אויבן געבראַכטע איינטיילונג איז בלויז אַ סכעמאַ־טישע און נישט קיין פיקסע; שפורן פון די באַגריפן פון איין קלאַס גע־פונען זיך צווישן די מיטגלידער פון דעם אַנדערן קלאַס, און פאַרקערט. די באַגריפן פון יעדן קלאַס, ווידער, ענדערן זיך און אַנטוויקלען זיך אויך אין די גרעניצן פון דער עגזיסטירנדיקער אָרדנונג אין פאַרבינדונג מיט די אַלגעמיינע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע געשעענישן, אויך איידער די אָרדנונג אַלס אַ גאַנצע ווערט געשטירצט. זיי וואַריאירן אויך רעלאַ־טיוו צו די באַדינגונגען פון אַ באַשטימטן פאָלק, און די אומשטענדן אין וועלכע דאָס פאָלק געפונט זיך, רעלאַטיוו צו דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע, צו דער וועלט פּאָליטיק — ווי די אינטערעסן פון דעם וועלט אימפּעריאַליזם — א.אַ.וו.)

די קעגנוווערטיקע קאַפּיטאַליסטישע סיסטעמע פון פּראָדוקציע איז געבויט נישט נאָר אויף קלאַסן דיפערענצירונגען, נאָר אויף אַ צעטיילונג פון שטופן אויך אין די ראַמען פון די דאָזיקע קלאַסן. יענער וואָס שטייט מיט איין שטופע נידעריקער, האַלט דעם העכערן פאַר זיין אידעאַל און דער שטאַרקערער פון אים דינט אים אַלס דער העלד פון זיין פאַנטאַזיע. אַזוי לאַנג ער פילט נאָך אין זיך דעם כח צו דערגרייכן ביי אַ געוויסער אָנשטרענגונג דעם ווילטאָג, וואָס דער שטאַרקערער פון אים באַזיצט,

גייט האַנט אין האַנט מיט אַכטונג אויך אַ קנאה און שנאה צום גליקלעכן קאָנקורענט. ווען ער פאַרלירט שוין אָבער אינגאַנצן די האָפנונג, ווען ער פילט אַז ס׳איז נישט אין זיין כח צו קאָנקורירן און ס׳איז אים אוממעגלעך דעם ווילשטאַנד צו דערגרייכן, פאַרשווינדעט די שנאה, ער אונטערדריקט און פאַרדרענגט זיינע שטרעבונגען, כדי איינצושטעלן זיין אינערלעכן גלייכגעוויכט, כדי זיך צוריקצוציען פון דעם נישט גלייכן קאַמף.

און וואָס שטאַרקער דער מענטש באַקעמפט זיין שטרעבונג, אַלץ מער אונטערטעניק און באַשיידן ווערט ער, אַלץ פלאַטאָנישער און אַבסטראַקטער זיין באַגער און אַלץ גרעסער די באַווונדערונג און אַכטונג צו דעם, וואָס באַזיצט דאָס אַלעס. דער מענטש הויבט זיך אָן צו באַגנוגן דערמיט, וואָס יענער, וועלכער פאַרקערפּערט זיינע פאַרדרענגטע באַגערן וועקט אין אים אַנגענעמע, דערביי אָבער אפילו פאַר אים אַליין אומבאַוווסטע, אַסאָציאַציעס. אַזוי אַנטוויקלט זיך אַ מאָראַל, וואָס באַשטייט פון אַ בלייך קאָפּירן דעם שטאַרקערנס אויפפירונג, אַ טיילווייז נאָכמאַכן יענעמס טאַטן און אַן אילוזאָרישן דערנענטערן זיך צו דעם, וואָס באַזיצט דאָס געוווּנטשענע.

אין אָט דער ריכטונג אַנטוויקלט זיך דער געדאַנקען־גאַנג פון דעם שוואַכערן, און דער געדאַנק גייט לאַנגזאַם איבער אין אַ געפיל פון ליבע און באַווונדערונג פאַר אַלצדינג וואָס רינגלט אַרום דעם שטאַרקן, און אַלעס וואָס דערמאָנט אין זיין מאַכט רופט אַרויס אַן עסטעטישן גענוס.

דער דערפאָלג וואָס די „בולוואַר“ ראָמאַנען, ביליקע מעלאָדראַמעס, סענזאַציאָנעלע קינאָ פאַרשטעלונגען און פאַרשיידענע אַנדערע מינים פון שונד האָבן צווישן די ברייטע שיכטן פון דעם מיטל־קלאַס, ווי אויך אין די רייען פון די לומפּנפּראָלעטאַרישע און די נישט באַוווסטזיניקע פּראָלעטאַרישע עלעמענטן; דאָס פאַרגיסן פון בויך טרערן איבער דער ליידנדיקער „האַמע“ און איר אָרעמען, אָדער רייכן געליבטן, די באַווונדערונג און מיטגעפיל צו העם נישט רעאַליסטיש בראַוון און שענעם העלד א.אַ.וו. אָט דער דערפאָלג און אָט די געפילן זענען אין אַ גרויסער מאָס אָפּהענגיק פון דעם קנעכטישן ווילן פון די שונד קאָנסומענטן זיך צו דערנענטערן אין זייער פאַנטאַזיע צו די שונד־העלדן און פון זייער אילוזאָרישן אידענטיפיצירן זיך מיט די פּערסאָנאַזשן, וואָס ווערן אין אַזעלכע „שאַפונגען“ אַזוי פאַלש באַפּוצט און באַזינגען, און וואָס באַזיצן די ספּעציפישע לוסט, מאַכט און ווילטאָג, צו וועלכע די אויבן דערמאָנטע קאָנסומענטן שטרעבן.

דאָס עסטעטישע געפיל איז דער אַפּאָגיי פון אַן אַנערקענטער און אָנגענומענער מאָראַל. פּונקט ווי די מאָראַל, אַזוי באַשטייט אויך דאָס עסטעטישע געפיל אין דער באַוווסטער, אָדער אומבאַוווסטער (ד. ה.

אונטערדריקטער און סובלימירטער) שטרעבונג צו דעם אַלעמען, וואָס פּאַרקערפּערט אין זיך דירעקט, אָדער אינדירעקט ווילטאָג, מאַכט און לוסט.

אויב די עטיק איז אָבער נאָך פאַרבונדן מער מיט דעם פּראָצעס פון שטרעבן, איז די עסטעטיק שוין דער אויסדרוק פון דעם גייסטיקן גענוסן דאָס דערגרייכטע, סיי ווען דאָס איז רעאַל, סיי ווען דאָס איז בלויז אין דער פאַנטאַזיע דערגרייכט.

און פּונקט ווי די מאָראַל באַשטייט פון דער באַוווסטער, אָדער אומבאַוווסטער (ד. ה. סובלימירטער און פאַרדרענגטער) שטרעבונג צו דערגרייכן דאָס, וואָס פאַרקערפּערט דירעקט, אָדער אינדירעקט לוסט, מאַכט און ווילטאָג,— אַזוי שטעלט מיט זיך דאָס געפיל פון עסטעטיק פאַר די שוין מער אויסדרוקלעכע שטרעבונג צו באַנוצן און צו גענוסן די ספּעציפישע לוסט, מאַכט און ווילטאָג, וועלכע ווערן דורך דער לעבעדיקער געהאַנקלעכער פאַרקעגנווערטיקונג און פאָרשטעלונג פון דעם מענטשן, אַזוי אינטים און טייער פאַר אים, אַז ער פילט באַגלייך ווי ער וואָלט געהאַט אין זיין אייגענעם באַזיץ דעם באַשטימטן אינהאַלט פון אָט די שטרעבונגען, וואָס פאַר אַ פאָרם זיי זאָלן נישט אָננעמען: אַ פאַרדרענגטע, אָדער נישט פאַרדרענגטע, אַ שטאָלצע, צי אַ קנעכטישע.

וואָס שוואַכער דער מענטש האָלט זיך קעגנאיבער זיי, וואָס ווייניקער צוגענגלעך, וואָס ווייטער און אומדערגרייכבאַרער זיי זעען אויס, אַלץ קנעכטישער איז די פאַרגעטערונג, אַלץ מיסטישער דער אונטערדריקטער ווונטש.

ווען דער מענטש דערפילט אָבער די קראַפט צו דערגרייכן און באַקומען דאָס געווונטשענע, ווערט זיין באַגער ערדישער, זיין שטרעבן פיזישער; ער זעט קלאָרער דעם אינהאַלט פון מאַכט, לוסט און ווילטאָג (וועלכע זענען ביים שוואַכן פאַרדרענגט אין זיין אונטערבאַוווסטזיין) און ס'ווערט שטאָלצער און באַוווסטזיניקער זיין ערדיש גענוסן.

די אַנטוויקלונג פון די מיטלען פון פּראָדוקציע, וועלכע שאַפן די אָביעקטיווע מעגלעכקייט פאַר אַ קלאַס צו דערגרייכן אַ געוויסע מאָס פון לוסט, מאַכט און ווילטאָג, וועקט, אַזוי אַרום, איינציייטיק דערמיט אין דעם באַוווסטזיין פון דעם געגעבענעם קלאַס אַ רעאַליסטישע פאָרשטעלונג וועגן דעם דאָזיקן ציל און אַ פאַרשטאַרקטע שטרעבונג אים צו געווינען.

די דעקאַדענטישע אידעאָלאָגיע צעטיילט די מאָראַל און די עסטעטיק אין פאַרשידענע לאַגערן, זי שרייבט זיי צו אַנטאַגאָניסטישע אייגנשאַפטן און באַצייכנט יעדן פון אָט די באַגריפן מיט אַן אַנדערן נאָציאָ־

נאַלן כאַראַקטער. אַלס סימבאָל פון עסטעטיק ווערט געהאַלטן העלעניזם (די גריכישע קולטור), אַלס סימבאָל פון מאָראַל רעכנט מען דאָס יידנטום און דאָס אַלטע קריסטנטום. אין אַן אמת זענען מאָראַל און עסטעטיק ענג פאַרבונדן צווישן זיך. נאָר אין אַ צייט פון עקאָנאָמישע, געזעלשאַפטלעכע און אינדיווידועלע קריזיסן קומט פאָר אַן אַנטאַגאָניזם צווישן דעם געפיל פון ליבע צום צוגעווינטן, און צווישן דעם געדאַנק, וועלכער באַפרייט זיך פון דעם אָנגענומענעם אופן פון דענקן, זוכט נייע פאָרמען און קריטיקירט די אָנגענומענע לעבנס באַדינגונגען און מאָראַל. ווען די אויפגעוואַכטע גייסטיקע קראַפט זוכט צו באַזיגן אַלע אַלטע שטרויכלונגען, דעמאָלט איז אין דעם טיף פאַרוואָרצלטן געפיל נאָך דאָ די אינערטישע, שקלאַפישע באַוווּנדערונג פאַר דעם אַלטן, פאַר דער אָבגעלעבטער עסטעטיק.

דער זעלבער אינערלעך גייסטיקער פראָצעס קומט פאָר אין דער פסיכאָלאָגיע פון אַ סך רעוואָלוציאָנערע קינסטלער, וועלכע האַלטן אַז די פראָלעטאַרישע קונסט איז נישט גענוג „קינסטלעריש“ (ד. ה. אַז כאָטשע זי האָט אַ געזונטן קערן און רייכע אידעאַלן, קען זי אָבער, לויט זייער מיינונג, נישט אַרויסרופן קיין גענוג שטאַרקע עסטעטישע עמאָציעס). מיט אַנדערע ווערטער, די דאָזיקע קינסטלער שטרעבן צו דער נייער מאָראַל וואָס איז פאַרקערפּערט אין דער פראָלעטאַרישער קונסט, אָבער זיי עמפּפינדען זי נאָך נישט גענוג טיף און זיי זענען נאָך נישט פעאיק אַזוי פאָלקאָם צו אַסימילירן די דאָזיקע מאָראַל, אַז זי זאָל אין זיי וועקן געפילן, און שאַפן די נייע עסטעטישע אָנרעגונגען, אָבער פונקט ווי די גאַנצע פראָלעטאַרישע אידעאָלאָגיע אַזוי שאַפט און אַנטוויקלט אויך די פראָלעטאַרישע קונסט אַן אייגענע נייע עסטעטיק, וואָס האַרמאָנירט מיט דעם נייעם לעבן.

וואָס געזונטער און גייסטיק שטאַרקער דער מענטש ווערט, אַלץ מער נעמט דער געדאַנק די אויבערהאַנט, און ס׳שאַפט זיך אַ ניי געפיל פון ליבע צו אַ נייער שענקייט, וואָס איז אין איינקלאַנג מיט דער נייער מאָראַל.

וואָס מאָראַלישער די עסטעטיק, (ד. ה. וואָס פרישער און בולטער ס׳איז די מאָראַל אין דער עסטעטיק) אַלץ גאַנצער, שטאַרקער און פאָלקאָמענער איז זי.

וואָס באַוווּסטזיניקער דער מענטש איז, אַלץ ערדישער, שטאָלצער און האַרמאָנישער זענען ביי אים די צוויי איינגשאַפטן, צווישן וועלכע די פיזישע און גייסטיקע שוואַכליגען ווערן געריסן אַהין און אַהער, אין אומאויפהערלעכע אינערלעכע מאַטערנישן.

יעדע ריכטיקע מאָראַל איז עסטעטיש, יעדע געזונטע און עכטע עסטטיק איז מאָראַליש. בידע זענען זיי בלויז די מענטשלעכע שטרעבונג צו פרייד.

# א י נ ה א ל ט



## ערשטער טייל

## מעטאָדען

קאַפּיטל



## צווייטער טייל

## די דיאַלעקטיק פון געפיל און געדאַנק

## דריטער טייל

## די דיאַלעקטיק פון דערציונגס פּראָבלעמען



## פערטער טייל

## דער דיאַלעקטישער פּראָצעס פון קינסטלערישן שאַפן

# טעות פאריכט

| זייט | אַנשטאַט | דאַרף זיך לייענען: |
|---|---|---|
| 16 | שורה 8: | |
| | פאַלשע מאַרקסיסטישע | פאַלשע; מאַ[illegible]סטישע, |
| 24 | די שורות | |
| | פון 34 ביז 36 | נאָר אויך זייער באַוועגונג און ענדערונג, וועלכע איז אומגעגלעך אָן די פילאָסאָפישע פאַרבינדונגען און אויפלעזונגען. |
| 25 | שורה 1 און 2 | נאָר זיי שטעלען מיט זיך פאָר פאַרשידענע פאָזן פון מענטשלעכן טוען און ווירקן און זענען איינע אַ פראָדוקט פון דער צווייטער אין דעם דיאַלעקטישן פראָצעס פון אַנטוויקלונג. |
| 39 | שורה 23: פאַר גרענצנעט | פאַרגרעזנעט. |
| 134 | שורה 14: ציין | צייט. |
| 136 | שורה 18: אַקט | אַקס |
| " | שורה 31: קאָנסטיטוטיע | קאָנסטיטוציע. |